יוסף ראָטנבערג

# פון וואַרשע ביז שאַנכײַ

(געטיצן פון אַ פּליט)



אַרויסגעגעבן דורך דעם
שלמה מענדעלסאָן - פאָנד
בײַ דער געזעלשאַפט פאַר קולטור און הילף

מעקסיקע, ד. פ. 1948

*JOSE ROTENBERG*

# DE VARSOVIA HASTA CHANGHAI

*(Recuerdos de un Refugiado)*



*Edición del Fondo "S. Mendelson"*
*de la Sociedad "Cultura y Ayuda".*

México, D. F.
*1948*

## עטלעכע באַמערקונגען וועגן י. ראַטנבערגס בוך

י. ראַטנבערג, דער מחבר פון בוך, איז געווען יאָרן־לאַנג אַ לע־דער און פּאַרוואַלטער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין וואַרשע. גלייכצייטיק איז ער אויך געווען שעפעריש אויפן ליטעראַרישן געביט: געשריבן אַרטיקלען אין פּעדאַגאָגישן זשורנאַל פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע, אַליין רעדאַגירט אַ זשורנאַל פאַר עלטערן, געפירט סיסטעמאַטישע פאָרשונגס־אַרבעט אין שול, און אַרויסגעגעבן עטלעכע לערנביכער פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול.

דאָ, אין דעם בוך, דערשיינט פאַר אונדז י. ראַטנבערג מיט אַלע זיינע ליטעראַריש־זשורנאַליסטישע מעלות. ער איז דאָ אַ דערציילער און אָבסערוואַטאָר פון אַ גאָר הויכער מדרגה. זיין אויג באַמערקט יעדע קליייניקייט, זיין זכרון האַלט איין אייגענע און פרעמדע איבער־לעבונגען, באַגעגענישן און שמועסן מיט מענטשן, זיין געפיל נעמט אויף דעם פאַרלויף פון די פּאַסירונגען מיט אויסערגעוויינלעכער שאַרפקייט, הגם ביים דערציילן עס האַלט ער איין פולע רואיקייט און שטילקייט. י. ראַטנבערג באַשרייבט דעם טראַגישן וועג פון אַ יידישן פּליט, פון וואַרשע ביז שאַנכיי, מיט פולער קראַפט פון אָב־סערווירונג, מיט דער פעאיקייט צו דערזען און דערפילן די אינדי־ווידועלע האַנדלונגען און איבערלעבונגען פון די אַרומיקע מיט־פּלי־טים. דערצו האָט דער מחבר אַן אָפן אויג פאַר דער נאַטור, פאַר פאַרב, פאַר ליכט און שאָטן, און דער מחבר האָט אויך אַן אָפן האַרץ פאַר יענעמס קרעכץ, פאַר יענעמס שעפטשען און שטילע געבעטן.

**דער וועג פון אַ פּליט...** אַן פּאַטעטיק, אַן סענטימענטן, רעאַ־

ליסטיש — ברענגט דער מחבר אַרויס די טיפע נשמה־וויטאָקן און די ביטערע סיטואַציעס, אָפט אויפן גרענעץ פון יאוש און האָפנונגס־לאָזיקייט. און הינטער די יחידים זעט ער שטענדיק דעם יידישן כלל, די יידישע קאָלעקטיווע קאַטאַסטראָפע. ער קען גוט דעם יידישן מענטשן, און ער פאַרשטייט און דערפילט פון די ערשטע מינוטן, וואָס פאַר אַ גרויסע טראַגעדיע עס רוקט זיך אָן אויפן פּוילישן יידנטום און אויף זיינע פאַרוואָגלטע קינדער, וואָס האָבן זיך כלומרשט „געראַטעוועט".

אויף זיין 5־יאָריקער וואָגלעניש האָט י. ראָטנבערג זיך געפונען די גאַנצע צייט אין דער סביבה פון זיינע בונדישע חברים, און די דאָזיקע סביבה באַשרייבט ער עס אין בוך. ער איז דאָ נישט פאַרטייאיש, ער פאַרמאָגט גענוג אָביעקטיווקייט אויף אָפּצושאַצן זיינע אייגענע חברים.

אָבער אין אָט דער בונדישער סביבה איז אַ געוויסע צייט אין דער וואַנדערונג געווען איינער, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון אַלעמען — מיט זיין גאַנצער האַלטונג, מיט זיין מאָראַל, מיט זיין גייסט. דאָס איז געווען — **הענריק ערליך.**

י. ראָטנבערג מאָלט פאַר אונדז די געשטאַלט פונעם דאָזיקן פירער און לערער פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין פּוילן — במשך פון די פאַר וואָכן, פונעם פאַרלאָזן וואַרשע ביז זיין טראַגישן אַרעסט אין בריסק. **הענריק ערליך — אין וועג אויף זיין גאָלגאָטאַ־וועג.** אַ גרויסע פערזענלעכקייט, וואָס האָט אין יענע אומשטענדן פון קליינלעכן קאַמף פאַר פיזישער עקסיסטענץ, אין דער אַרומיקער אַלגעמיינער פאַרלוירנקייט און צעשטויבטקייט, פנים אל פנים מיט די טראַגישע רעטענישן וואָס די נייע מלחמה־סיטואַציע האָט אַרויסגעבראַכט, איינגעהאַלטן זיין ריינקייט און שיינקייט, זיין גאַנצע הומאַנישקייט און חברישקייט, זיין אידעאישע זיכערקייט, זיין ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש פאַר נאָענטע און ווייטע. י. ראָטנבערגס קאַפּיטלעך וועגן **הענריק ערליך אין וועג** — דאָס איז אַ וויכטיקער צושטייער צו דער ביאָגראַפיע פון דעם בונדישן פירער. עס איז אַ גרויסער פאַרדינסט פון י. ראָטנבערגן, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל פּרטים און מיט אַזוי פיל יראת הכבוד — פאַראייביקט אָט די לעצטע טעג פון ה. ערליכן, איידער ער איז פאַרשוווּנדן אין דער סאָוויעטישער תפיסה, כדי שפּע־

טער דאַרט אומגעבראַכט צו ווערן צוזאַמען מיט זיין חבר און פריינד ויקטאָר אַלטער.

און נאָך איין פּערזאָן איז אויסגעטיילט אין בוך — דאָס איז דער חי שלמה מענדעלסאָן...

די דאָזיקע שורות ווערן געשריבן עטלעכע טעג נאָך דעם, ווי עס האָט זיך באַקומען די שוידערלעכע ידיעה וועגן פּלוצלומדיקן און פריצייטיקן טויט פון חי שלמה מענדעלסאָן (דעם 9־טן פעברואַר), און עס איז אוודאי נישט דאָ דאָס אָרט צו רעדן וועגן דעם פאַרשטאָרבע־נעם געניער...

אין י. ראָטנבערגס בוך איז פּאַראייביקט אַ וווּנדערבאַרער פאַר־טרעט פון חי ש. מענדעלסאָן, געמאָלן דורך איינעם וואָס האָט געהאַט צו איט זי' אינטימסטע און וואַרעמסטע באַציאונג, און אים פאַרערט מיט טיפן דרך ארץ. זוי שלמה מענדעלסאָן האָט נישט דערלעבט צו דערזען, וואָס י. ראָטנבערג דערציילט וועגן אים אין בוך. איך האָב נאָר ביי אַ געלעגנהייט דערציילט אים — אַז אָט חי ראָטנבערג שרייבט וועגן אים אַזוי און אַזוי... ער האָט גוטמוטיק געשמייכלט, צופרידן פון דעם, און געוואָלט נייגעריק צו זען דעם מאַנוסקריפּט פון י. ראָטנ־בערג. איך האָב אָבער נישט געהאַט די מעגלעכקייט דאָס אים צו ווייזן.

י. ראָטנבערגס בוך שילדערט ש. מענדעלסאָנען — אויף דעם טראַגישן וועג פון וואַרשע. און ווער אַפילו עס האָט אים נישט געקענט פּערזענלעך, דערפילט פון דער שילדערונג די שיינקייט, האַרציקייט, גרויסקייט און פייערלעכקייט פון דער פּערזאָן פון שלמה מענדעלסאָן, דאָס זענען ריינדיקע און זייער כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער געשטאַלט — ש. מענדעלסאָן. אַלע פריינד און פאַרערער פונעם פאַר־שטאָרבענעם וועלן לייענען די דאָזיקע בלעטלעך — מיט גרעסטן אינטערעס און דאַנקבאַרקייט צום מחבר.

י. ראָטנבערגן איז באַשערט געווען צו שטעלן דעם ערשטן שטיין אין מאָנומענט פאַרן אַזוי יונג פאַרשניטענעם ש. מענדעלסאָן...

י. ראָטנבערג דערציילט אונדז די עפּאָפּייע פון יידישן פּליט בעתן צווייטן וועלט־קריג אין בולטע, דורכדרינגנדיקע ווערטער. ער דער־ציילט מיט טאַלאַנט, מיט פאַרשטענדעניש.

עס איז דאָ געגעבן אַן ערנסטער אַנאַליז פון די געשעענישן,

זייערע סיבות און פאָלגן, פאַרביקע בילדער, און פאַרשטענדעניש פאַר דער פסיכאָלאָגיע פון יחיד. אַ קוויל פון געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע פּראָבלעמען אין וועלכע דער מחבר קלייבט זיך פונאַנדער מיט פולער באַוווסטזיניקייט.

אינטימע געבונדנקייט מיטן פוילישן יידנטום און זיין לעבנשטייגער. מאָראַלישע אחריות פאַר נאָענטע, און מענטשישע פאַרשטענדעניש פאַר ווייטע, אַפילו פאַרן פרעמדן אומבאַקאַנטן יאַפּאַנישן פאָלק.

אָן שום יאָגעניש נאָך סענסאַציע, אין באַוווסטזיין פון דער וויכטיקייט פון אָט דער כראָניק.

אַ קלאָרע און פאָלקסטימלעכע יידישע שפּראַך, מיט ליטעראַרישע אַפּגעהיטקייט אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ יידישן לערער.

אין בוך איז דאָ סטיל, כאַראַקטער, אייגנאַרטיקייט, און אַ סך אויפריכטיקייט, פשטות.

אַן אויסגעצייכנטער ביישטייער צו דער ליטעראַטור וועגן טראַגישן פעריאָד פון 1939 — 1945. עס איז דער חוב פון י. ראָטנבערג צו געבן אונדז די ווייטערדיקע באַשרייבונג פונעם לעבן פון יידישן פּליט אין שאנכיי.

**ח. ש. קאַזדאַן**

## װאַרשע, דעם 6־טן סעפּטעמבער 1939

עס האָט זיך געשטעלט אַ העלער זוניקער טאָג. אויף די גאַסן איז א לעבהאפטע באוועגונג, דאַכט זיך ווי שטענדיק, ווען מענטשן גייען, געוויינלעך, צו זייער טאָג־טעגלעכער אַרבעט און באַשעפטי־קונג; מען דערפילט אָבער באַלד די דענערווירונג, אויפרעגונג און אומגעהייערע געשפאנטקייט. אָט איילן זיך מענטשן פאָרויס, פּלוצ־לונג שטעלן זיי זיך אָפּ, ווי זיי וואָלטן אין עפּעס פאַרגעסן, אַ ווײַלע ישובן זיי זיך מיט זיך אַליין און לויפן האַסטיק ווייטער אָדער גאָר צוריק. אָט לויפן אָן צוויי מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען, זיי שטעלן זיך אָפּ, מען רעדט צווישן זיך שטיל, ווי מען וואָלט זיך וועגן עפּעס געעצהט און מען לויפט ווייטער. אַ פרוי שרייט נאָך דעם מאַן, אַז אין אַ שעה אַרום וועט זי אים קומען פאַרטרעטן אין דער ריי. לויט דער ריכטונג, אין וועלכער דער מאַן לאָזט זיך מיט שנעלע טריט, איז צו דרינגען, אַז דאָס מיינט זי די ריי נאָך דערלויבענישן צו עוואַ־קואירן זיך מיטן באַן אין די מזרח־געביטן.

פּלוצלונג איז דאָס געשען. פּלוצלונג און אומגעריכט האָט אַ קלאַפּ געטאָן איבערן קאָפּ די שרעקלעכע ידיעה, אַז דער שונא גייט, אַז ער איז שוין גאָר נאָענט. ערשט נעכטן בין איך געווען אין שול אויף מילע 51, דער רעמאָנט איז שוין געווען פאַרענדיקט, די קלאַסן צוגעגרייט, עלטערן זענען געקומען נאָך פאַרשידענע אינפאָרמאַציעס, מיט אויפריכטיקער פרייד באַטראַכט די אויפגעפרישטע קלאַסן. אויך די קינדער זענען געקומען, זיי האָבן שוין קיין געדולד נישט געהאַט זיך צו דערוואַרטן; געקומען זען אויף אַ נאָווינע דעם נייעם

קלאַס, אין וועלכן עס וועט אויסקומען צו לערנען אין נייעם שול־יאָר.

יאָ, פּלוצלונג איז עס געשען. ביז דער לעצטער מינוט האָט מען איינגעוויגט די באַפעלקערונג מיט געשיכטעס וועגן העלדישע קאַמפן, וועגן גרויסע פאַרלוסטן פון שונא, אַז אָט דאָ, אָט דאָרטן וועט מען אים שוין איינהאַלטן, נישט לאָזן מאַכן קיין טריט ווייטער, ביז... מען האָט דעם שונאס טויט־אָטעם פּלוצלונג דערפילט שוין הינטער זיך...

וואָס טוט מען, ווו לויפט מען, ווי אַזוי לויפט מען מיט קליינע קינדער? אין דער נאַכט פון 5־טן אויפן 6־טן סעפּטעמבער איז מען שוין אין טויזנטער יידישע הייזער נישט געשלאָפן, מען האָט שוין פאַרגעפילט און געזען דעם טויט־שונא פאַר די אויגן. די פאַרשידענע קלאַנגען און שמועסן זענען צוליב זייער אומגעריכטקייט געווען גרוילעכער איינע פון דער צווייטער: „די רעגירונג מיט אַלע אַמטן האָבן זיך שוין עוואַקואירט, אויך די פּאָליציי עוואַקואירט זיך; פאַר די באַאַמטן־פאַמיליעס, פאַר זשורנאַליסטן זענען באַשטימט געוואָרן ספּעציעלע עוואַקואַציע־צוגן. די שטאָט וואַרשע ווערט איבערגעלאָזט אויף הפקר, אַ ליאַדע מאָמענט וועט איבערגעריסן ווערן די עלעקטרישע באַלייכטונג, די וואַסער־לייטונג; די דייטשע טאַנקן לויפן פאַרויס און שניידן אָפּ אַלע קאָמוניקאַציע־וועגן. די יאָר־גענג, וועלכע מען האָט גערופן צום מיליטער, האָט מען געהייסן זיך לאָזן אין די מזרח־געביטן. אויף די גאַסן האָבן זיך באַוויזן צעשלאָגענע מי־ליטער־אָפּטיילונגען, אויך זיי האָט מען געהייסן גיין אויף מזרח."

איז טאַקע דאָס גרויסע אומגליק געשען, און אין אַזאַ קורצער צייט? אָט דאָס איז דער רעזולטאַט פון צענדליקער יאָרן גרייטן זיך, פון אויסצאַפּן דעם לעצטן גראָשן פון דער באַפעלקערונג? מיט אַזאַ כּוח האָט מען עס כסדר געפּאַכעט מיטן שווערדל און געפּראַוועט גרויס־פּאָליטיק? קיינער האָט בשום אופן נישט געקאָנט באַנעמען די בליצשנעלקייט פון טויט־קלאַפּ. מען איז דעריבער געווען איבער־ראַשט, דערשטוינט און פאַרצווייפלט... גרויס, אומגעהייער גרויס איז

געווען די פאַרצווייפלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג. האָט דאָך אַפילו אַ יידיש קינד אין וויגל געוווסט וואָסערע טויט־געפאַר עס רוקט זיך אָן...

אזייגער צען אין דער פרי בין איך אַוועקגעפאָרן צו מיין ברו־דער אין פּראַגע צו באַראַטן זיך וואָס ווייטער צו טאָן. די אַנפליען האָבן כמעט נישט אויפגעהערט, מען האָט אַלע מאָל געמוזט אויסשטייגן פון טראַמוואַי און אַריינלויפן אין אַ פּראָוויזאָרישן שוצקעלער. דעם טאָג האָט מען די „אנגענעמע פליכט" פון באַהאַלטן זיך פאַר אַן אַנ־פלי אויסגעפירט מיט גרויס אומגעדולד, מען האָט זיך געדאַרפט ראַ־טעווען פון אַ גרעסערער געפאַר. די שוצקעלערס זענען געווען פאַר־שטאָפּט מיט מענטשן. „אַט וואָס איז געוואָרן פון מענטש — באַקלאָגט זיך ביטער אַן עלטערער פּאָליאַק — אַ שרעקעוודיקער הונט, וואָס ווערט פאַרפאָלגט פון בייזע הינט־שלעגער; מיר זענען שוצלאָז און הילפלאָז, מען זעט נישט, מען הערט שוין נישט קיין אַפּוועך. ווו איז דער „לאָפּ" (פאַרן קריג נאָך איז געשאַפן געוואָרן אַ לופט־שוץ־אָרגאַ־ניזאַציע אין וועלכער עס זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אַלע בירגער, זי האָט זיך אין פאַרקירצונג גערופן „לאָפּ"), וואָס איז געוואָרן פון די אַלע זאַמלונגען? — „דאָס איז דאָך אונדזער נאַציאָנאַלע טראַגעדיע — ענטפערט אים אָפּ דער שכן זיינער — פאַר דער געפאַר איז מען אַזוי זיכער ביי זיך, אונדזערע פירער רעדן איין זיך און אַנדערע, אַז אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג, און דערנאָך ווייזט זיך אַרויס, אַז די געפאַר איז טאַקע דאָ, נאָר די איינרעדערס זענען פאַרשוווּנדן; מיר זענען צו קיין שום נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע נישט צוגעגרייט גע־וואָרן ווי געהעריק, דערפאַר האָבן זיי אַזוי לאַנג געדויערט און מיר האָבן זיי אַזוי טראַגיש איבערגעלעבט". אַרויסגייענדיק פון שוצקע־לער האָב איך זיך געטראַכט, אַז זעלטן, צום באַדויערן, זייער זעלטן, וואָגן פּוילישע אינטעליגענטן, אַפילו ליבעראַלע, צו זאָגן אַזעלכע אמתן וועגן די פירער, וועגן נאַציאָנאַלער געפאַר, אין צייטן ווען זיי אַליין, פּערזענלעך, זענען אויסער געפאַר...

אין פּראָגע איז די אויפרעגונג און מהומה פיל גרעסער. אויף די גאַסן זעט מען פּלאַטפאָרמעס, פורן און האַנט־װעגעלעך אָנגעלאָדעװעטע מיט זאַכן. זעט אויס, אַז װער ס׳האָט אַ מעגלעכקייט ציט זיך איבער קיין װאַרשע. עס גייען אַרום מאָוימדיקע קלאַנגען װעגן טעראָר־אָנגריפן ספּעציעל אַרום פּראָגע צוליב דער גרויסער צאָל אַמוניציע־פאַבריקן, װאָס געפינען זיך דאָרט. אויך דאָ איז באַזונדערס שטאַרק די פאַרצװייפלונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג. „מען לויפט קיין װאַרשע — זאָגט מיר מיט ביטערער איראָניע אַן אַלטער ייד, אַנװייזנדיק אויף די װעגעלעך — װאָס איז דען װאַרשע, אַ טריט װייטער פון טויט...״ מיין ברודער איז, װי געװיינלעך אין דער לעצטער צייט, זינט די יונגע פרוי איז אים אָפּגעשטאָרבן אַזוי פּלוצלונג און אומגעריכט, געװען אַפּאַטיש און רעזיגנירט. ער טראַכט נאָר אַריבערצופירן דאָס איינציקע טעכטערל קיין װאַרשע צו קרובים, ער אַליין קלערט נישט װעגן אַװעקגיין פון פּראָגע. „װו װעל איך גיין, צו װעמען װעל איך לויפן, מען קאָן דען װיסן, װו ס׳װעט זיין בעסער; שליסלעך, װאָס ס׳װעט זיין מיט אַלע יידן, װעט זיין מיט מיר אויך. װעט דאָך אַ פערטל מיליאָן יידן פון װאַרשע נישט נעמען לויפן. און װאָס װעט זיין מיט זקנים, קראַנקע און קליינע קינדער? דו געהערסט צו אַ סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, צום „בונד״, דו מוזט אַװעק״.

די דאָזיקע אַרגומענטאַציע קעגן פאַרלאָזן װאַרשע איז אייגנטלעך אויסגעקומען צו הערן פון ס׳רוב אומפּאַרטייאישע יידן, איבערהויפּט פאַמיליע־מענטשן. דאָס געפיל פון פאַראַנטװאָרטלעכקייט פאַר די נאָענטע און די מורא פאַר נע־ונד צו זיין און אומקומען אין דער פרעמד ערגעץ, האָבן אָפּגעהאַלטן פון לויפן. מיט אַ שװער האַרץ און ביטער געמיט בין איך צוריקגעפאָרן אין שטאָט אַריין. איך אַליין בין נאָך נישט געװען אַנטשלאָסן אַװעקצוגיין פון װאַרשע, דער שמועס מיטן ברודער האָט מיך נאָך מער צעמישט.

אַרויסגייענדיק פון ברודערס געשעפט און פאַרקירעװענדיק אין דער ריכטונג צום טראַמװאַי, האָב איך אויסדריקלעך געפילט, אַז מען

קוקט מיר נאָך. און װירקלעך — דער ברודער איז געשטאַנען פֿאַר דער טיר, דער קאָפּ אַנגעבױגן פֿאָרױס, און מיר נאָכגעקוקט. אַזױ פֿיל אומעט און צער איז געװען אין אױסדרוק פֿון פּנים, אַז עס האָט מיר אַ ריס געטאָן אין הארצן. איך האָב זיך גלײך אומגעקערט, און שװײגנדיק זענען מיר צוריק אַרײַן אינעװײניק. אַ װײַלע האָט געהערשט אַ פּײַנלעכע שטילקײט, דאָס האַרץ איז געװען איבערפֿילט מיט צער, ליבשאַפֿט און אנגסט פֿאַרן צעשײדן זיך. צי האָבן מיר בײדע שױן דאַן געהאַט דאָס פֿאַרגעפֿיל, אַז מיר צעשײדן זיך אױף אַ לענגערער צײַט און פֿילײַכט אױף שטענדיק? ענדלעך האָט דער ברודער שטיל אָנגעהױבן: „איך פֿיל זיך אַזױ אײנזאַם זײַט יענטעלעס טראַגישן טױט, אַז אַפֿילו די גאָרע מלחמה־שרעקן רירן מיך נישט אָן. איך טרײסט זיך מיט מײַנע געדאַנקען און געפֿילן צו די נאָענטע, מיט װעלכע איך האָב געלעבט צוזאַמען ביז איר אומגליקלעכן טױט. עס איז מיר שװער, זײער שװער צו שײדן זיך מיט דיר, אָבער דײַן לעבן איז װיכטיקער. מיר איז מערנישט געבליבן װי דערינערונגען, דערינערונגען װאַרעמע, אָבער פּײַנפֿולע. אמת מיט דערינערונגען אַלײן קען מען קײן לעבן נישט אױספֿילן, אָבער פֿאַר מיר איז עס גענוג... זײ פֿאַרצערן מיך, די בענקשאַפֿט הערט קײן אײן מינוט נישט אױף צו נאָגן דאָס בלוט פֿון מײַן האַרץ, אָבער איך לעב מיט זײ װי מיט אָפּיום". — „און חנהלע? — באַמערק איך שטיל — זי איז דאָך אַזױ ענלעך צו יענטעלען?" — „אמת, חנהלע, דו װײסט דאָך, װי ליב איך האָב זי..."

דער דאָזיקער שמועס מיטן ברודער האָט נאָך מער אַ װאַקל געטאָן מײַן באַשלוס. איך בין צוריקגעפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן מיטן געדאַנק דערװײַל נאָך צוצװואַרטן.

— װאָס, איר בלײַבט דאָ? — מיט די װערטער האָט מיך אָפּגעשטעלט אַ באַקאַנטער גלײַך בײַ מײַן אַרױסשטײַגן פֿון טראַמװאַי.
— װאָס איז געשען? פֿרעג איך אים. אַרױסגעװיזן האָט זיך, אַז 10 אַזײגער אין דער פֿרי האָבן אַלע אַנגעזעענע פּאַרטײ־טוער, די טוער

פון דער פּראָפּ׳ באַוועגונג א״א זיך אָנגעהויבן גרייטן אין וועג אַריין. איך בין געווען איבעראַשט. ווען איז געפאַלן דער באַשלוס? און פאַרוואָס האָט מען נישט אינפאָרמירט?

אָן ענטפער אויף די פראַגן האָט געוואַרט ביי מיר אין צימער. אַרויפגעקומען אין שטוב, האָט מיר מיין קליינער גאבריש איבערגעגעבן אַ צעטעלע, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט פאַר מיר באַלד נאָך מיין אַוועקגיין. אין צעטעלע האָט מען געשריבן: „צוליב וואָגיקע סיבות איז נעכטן שפּעט ביינאַכט געפאַלן דער באַשלוס צו פאַרלאָזן וואַרשע. ערשטער זאַמל־פּונקט היינט 10 אַזייגער אין דער פרי אין לאָקאַל פון נאַדל־פאַראיין, צווייטער זאַמל־פּונקט 2 נ״מ אין גראָכאָוו, לעבן דער חלוצים־פערמע.״ הייסט עס, די ערשטע דאַטע האָב איך שוין פאַרשפּעטיקט, צו דער צווייטער איז מיר געבליבן נישט מער ווי צוויי שעה. אַוועקגיין אָדער נישט? אויב יאָ, ווי גרייט מען זיך צו אין אַזאַ קורצער צייט, און מען דאַרף זיך דאָך געזעגענען לכל הפּחות מיט די סאַמע נאָענטסטע. איך בין געשטאַנען אַ צעמישטער, אַ דערשלאָגענער. דער קליינער גאבריש האָט מיך פיינלעך־ערנסט אָבסערווירט. זיין קינדיש הערצל האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז עס דאַרף געשען עפּעס גאָר וויכטיקס און ערנסטעס.

איך האָב אָנגעהויבן צונויפקלייבן אַ ביסל נייטיקע אין וועג אַריין זאַכן און אַריינגעלייגט זיי אין טעקע. דער קליינער גאבריש האָט מיר דערביי צוגעהאָלפן. זייענדיק פאַרנומען מיט די אייגענע געדאַנקען, האָב איך נישט באַמערקט, וואָס דאָס קינד לעבט איבער אין דאָזיקן מאָמענט. ערשט ווען איך האָב פאַרמאַכנדיק די טעקע, געוואָלט אים עפּעס זאָגן, האָב איך דערזען דעם אויסדרוק פון קינדישן פּנימל. אַזוי פיל צער, אַזאַ אומעט אין די קינדערישע אויגן. די טעקע איז מיר אַרויסגעפאַלן פון האַנט, אַוועק איז די אויפרעגונג. צוטוליענדיק צו זיך דעם קליינעם, האָב איך ווידעראַמאָל גענומען טראַכטן, צי מעג איך אַוועקגיין? צי מעג איך אַוועקגיין און איבערלאָזן דאָ אָט דעם קליינעם גאבריש און נאָך אַזעלכע טויזנטער גאברישעס און די אלע

הונדערטער טויזנטער וואס קענען נישט לויפן, די אלע הילפלאזע און שוצלאזע? און עס האט אויפגעטויכט אין מיין זכרון דאס געשטאלט פון מיין אומגליקלעכן ברודער, זיין איינציק טעכטערל חנהלע, מיין שוועסטער רחל... קען איך זיי אלע דא איבערלאזן? און ווי אזוי וועל איך לעבן אן זיי?... א שארף־נאגנדיקע בענקשאפט האט מיר געדריקט ביים הארצן, און איין איינציקער געדאנק, נישט מער ווי איין עקשנותדיקער געדאנק האט געפלאטערט אין דער פוסטקייט פון מיין מוח — בלייבן, נישט אוועקגיין.

— דו גייסט נישט אוועק? — דאס האט מיך גאבריש אויפגעוועקט פון מיין פארטראכטקייט.

— דערווייל נישט... איך בין ארויס אויפזוכן די פרוי מיינע, וואס איז נאך באלד אין דער פרי אוועק נאך א דערלויבעניש צו עוואקואירן זיך מיט דער באן. דער דאזיקער אמט האט זיך גראד געפונען אויף דער זעלביקער גאס, וווּ עס איז געווען באשטימט דער ערשטער זאמל־פונקט (אין לאקל פון נאדל־פאראיין). איך בין אריין א קוק טאן. די גרויסע זאלן זענען געווען פוסט, די טירן פון אלע ארומיקע צימערן אויפגעפראלט. אויף דער פאדלאגע האבן זיך געוואלגערט שטיקלעך פאפיר, א זכר פון צעריסענע דאקומענטן, אפגעריסענע מעלדונגען, אלטע צייטונגען. ארויסגייענדיק, האב איך זיך אנגעשלאגן אויף ח׳ ג־ם, וועלכער איז אן אויפגערעגטער פשוט ארייןגעפאלן און אויסגעשריען: אוי, אלע זענען אוועק... וואס טוט מען?

— מען גייט אויך אוועק, — האב איך אים רואיק געענטפערט. דער רואיקער טאן מיינער האט אים, זעט אויס, א ביסל אפגעקילט. יא, איך גיי אוועק, איך וועל לויפן זיך געזעגענען מיט דער פרוי.

איך בין אריין אויפן הויף, וווּ עס האט זיך געפונען דער עוואקואציע־אמט. מיין פרוי איז נאך געשטאנען גאנץ ווייטלעך אין דער ריי. צווישן די ווארטנדיקע האט מען שוין געמורמלט, אז מען וועט אט אט אפשטעלן דאס ארויסגעבן דערלויבענישן. איך האב איבערגעגעבן מיין פרוי אלץ וואס עס איז פארגעקומען במשך פון די לעצטע

עטלעכע שעהן. מיט אַ פיינלעכער רואיקייט האָט זי אויסגעהערט מיין מיטטיילונג. זי איז נאָר שטאַרק בלייך געוואָרן, אַ נערוועזער ציטער האָט אַ צוק געטאָן איבערן בלאַסן פּנים. זי האָט אַנטשלאָסן געזאָגט: „דו מוזט אַוועק! אויב אַלע זענען אַוועק, איז די לאַגע, מסתמא, זייער ערנסט; דו דאַרפסט זיך ראַטעווען, דאָ וועסטו אונדז סיי ווי סיי נישט קענען העלפן... און אפשר וועט זיך מיר איינגעבן צו באַקומען אַ דערלויבעניש פאַר מיר מיטן קינד, וועלן מיר זיך טרעפן אין קאַר־טוז־בערעזע." *)

פרויען זענען אין ערנסטע סיטואַציעס אָפטמאָל פּראַקטישער, לאָגישער און זאַכלעכער, ווי מענער. זייער לעבנס־אינסטינקט אַר־בעט אויך אַ סך אינטענסיווער און אוממיטלבאַרער. איר אַנטשלאָסנ־קייט האָט מיך איבעראַשט. צום סוף האָט זי צוגעגעבן: „וועסט דו זיין אויסער געפאַר, בלייבט אונדז נאָך אַ שטיקל האָפענונג, די מעג־לעכקייט פון אַן אילוזיע..."

מיר זענען אַוועק אַהיים זיך געזעגענען מיט גאַברישן. שוין פון דערווייטנס האָבן מיר באַמערקט, ווי ער דרייט זיך אַהין און צוריק ביים טויער. מיט פרייד איז ער אונדז אַנטקעגנגעלאָפן. באַלד אָבער איז זיין פּנימל, דאָס שטענדיק פריילעכע און לעבהאַפט־באַוועגלעך פּנימל, ווי פאַרשטאַרט געוואָרן אין טיפן ערנסט. עס האָט מיר אַ שניט געטאָן אין האַרצן. מיר איז שטענדיק געווען שווער, אומגעהייער שווער, צו פאַרטראָגן דעם אומעט פון קינדישע פּנימער. מיר זענען שטילשווייגנדיק אַרויף אין צימער. מיין פרוי האָט איבערגעקוקט די טעקע, צוגעלייגט נאָך עטלעכע זאַכן, און ווי מורא האָבנדיק פאַר מיין נישט־אַנטשלאָסנקייט, צוגעאיילט מיין אַוועקגיין. מיט אַ געמאַכטער פריילעכער מינע האָב איך זיך גענומען געזעגענען מיט גאַברישן: „נישט געזאָרגט, גאַבריש, אין קורצן וועלן מיר זיך זען אין קאַרטוז־

---

*) אַ שטעטעלע אין די מזרח־געביטן, ווו איך האָב 5 יאָר גע־אַרבעט אין דער דאָרטיקער יידיש־וועלטלעכער שול.

בערעזע..." א מאמענט האט זיין פנימל ווי אויפגעשטראלט, ער איז אבער באלד צוריק געווארן ערנסט און שטיל געפרעגט מיך: צי וועלן מיר זיך ווירקלעך אין קורצן זען? זיינע ערנסטע און אומעטיקע אויגן האבן געמאנט אן אויפריכטיקן ענטפער. איך האב געמוזט אים ענט־פערן ווי א דערוואקסענעם: „טייערינקער גאבריש, מיר לעבן אין קריגס־צייט, יעדער שעה קומען פאר ערנסטע געשעענישן, מען קען נישט זיכער זיין אין גארנישט. איך האף, אז מיר וועלן זיך דארט טרעפן. איך וועל יעדנפאלס, אוועק קיין בערעזע, דארטן וועל איך בלייבן און ווארטן אויף אייך".

מיר האבן זיך שטיל און הארציק געזעגנט.

גאבריש איז געבליבן אין שטוב און די פרוי איז מיטגעגאנגען באגלייטן מיך צום טראמוויי, וואס גייט אין דער ריכטונג אויף גרא־כאוו. אויפן וועג האבן אונדז אפגעשטעלט פארשידענע באקאנטע, גע־חידושט זיך, וואס איך בין נאך דא. זעט אויס, אז אין שטאט האט מען שוין געוווסט, אז דער „בונד" פארלאזט ווארשע. „עס איז גאנץ פארשטענדלעך און בארעכטיקט, וואס די אקטיווע טוער פון „בונד" גייען אוועק — זאגט מיר פריינד ד"ר ג—ן — די ערשטע קרבנות וועלן זיין בונדיסטן, אבער די ידיעה האט געמאכט א שווערן און פיינלעכן איינדרוק, מען איז אין די לעצטע יארן אזוי געוווינט גע־ווארן אין שווערע מאמענטן פון געפאר אנצושפארן זיך אויפן „בונד", אז עס איז פשוט שווער שלום צו מאכן מיטן געדאנק"...

אויפן וועג האבן מיר אויך געטראפן ח' ג—ם מיט דער פרוי. א בלייכע, א שוואכע איז זי קוים נאכגעגאנגען זיינע טריט. ווידער האב איך אים אין א רואיקן טאן אויפמערקזאם געמאכט: מיר וועלן בא־ווייזן... די פרוי ג—ם האט מיר אפגעגעזעגנט מיט א דאנקבארן בליק. מיר האבן זיך געזעגנט און ארויף אויפן טראמוויי קיין גרא־כאוו.

# אין גראַכאָוו

דער טראַמוויי איז געווען געפּאַקט, אָבער עס האָט געהערשט א געדריקטע שטילקייט. איינצלנע מענטשן האָבן גערעדט צווישן זיך שטיל, כמעט געפליסטערט, אומקוקנדיק זיך דערביי פאַרזיכטיק. אויפן וועג שטייגן אַריין נאָך פּאַסאַזשירן, צווישן זיי אַ סך באַקאַנטע פּנימער, זעט אויס „גראַכאָווער". מיר פאַרשטענדיקן זיך, שטילשווייגנדיק, מיט די בליקן. איינער, וואָס האָט זיך דורכגעריסן נענטער צו מיר, פרעגט שטיל, אָפּגעהאַקט: מיט דער קליינבאַן, צי דירעקט מיטן טראַמוויי? — מיטן טראַמוויי, מען זאָגט, אַז... איך באַוויז נישט צו ענ־דיקן, ווי עס דערהערן זיך אַליאַרמירנדיקע סיגנאַלן, די טראַמווייען שטעלן זיך אָפּ. עס הייבט זיך אָן איינער פון די שווערסטע אָנפאַלן, וואָס זייער ציל איז, זעט אויס, איינע פון די ווייסל־בריקן, וועלכע פאַר־בינדט פּראַגע מיט וואַרשע פון דער גראַכאָווער זייט. די אויפרייסן פון די געדיכט־געוואָרפענע באָמבעס האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין שרעקלעכער דעטאָנאַציע, די ערד אונטער די פיס האָט געציטערט. ריזיקע רויך־סלופּעס מיט פייער־צונגען האָבן זיך געריסן אין דער הויך. דער רויך איז געוואָרן אַלץ געדיכטער און געדיכטער און גע־לייגט זיך ווי אַ שוואַרצער וואָלקן אויף דער נאָענטסטער געגנט ארום. טראָץ דעם וואָס עס איז געווען אַ העלער זוניקער טאָג, האָט מען נישט געקענט זען וואָס דאָרט טוט זיך. מען האָט נאָר געהערט שווע־רע טויבע קלעפּ, אַ בראַזגען פון גלאָז, און יאָמערלעכע געשרייען. דער אָנפאַל האָט געדויערט כמעט א האלבע שעה, די בריק האָט

מען נישט צעשטערט, דערפאר זענען אָבער געווען א סך מענטשלעכע קרבנות.

מען האָט „אָפגערופן" דעם אַליאַרם, און דער טראַמוויי האָט אָנגעהויבן פּאַמעלעך צו גיין. מיר האָט זיך געדאכט, אַז דער טראַמוויי קריכט, איך האָב מורא געהאט צו פאַרשפּעטיקן דעם צווייטן טערמין אויך. קוים, קוים דערשלעפּט זיך צו דער פאָרלעצטער סטאַציע, האָט דער טראַמוויי זיך אָפּגעשטעלט. ווייטער גיין קען ער נישט, ווייל ביי דער ליניע הייבט מען אָן בויען שוצגראָבנס און אַנטי־טאַנקגריבער. מיר זענען גיך אראָפּ פון טראַמוויי און אויפגערעגטע גענומען לויפן דעם היפשן מהלך, וואָס איז נאָך פאַרבליבן. אַלץ, טראַכט איך, איז קעגן אַוועקגיין, איין מניעה נאָך דער צווייטער... אפשר צוריקגיין, אריינגיין צום ברודער אין פּראַגע? מיר זענען דערווייל צוגעקומען צום זאַמל־פּונקט, מיר האָבן נישט געהאַט פאַרשפּעטיקט, עולם איז זיך ערשט צונויפגעקומען פון פאַרשידענע פּונקטן, אויך פאַרשפּעטיקט צוליב דעם לעצטן אָנפאַל.

דער זאַמל־פּונקט איז באַשטימט געוואָרן לעבן דער חלוצים־פערמע אין גראָכאָוו. די געגנט שוין מער א הינטערשטאָטישע, ווינציקער גרויסע געביידעס, א סך גאָרטן־הייזער, הילצערנע בנינים. דאָ און דאָרט איז נאָך צו באַמערקן אַ צוויי אָדער דריי־שטאָקיק הויז, אַ זכר פון דער גרויסער שטאָט, פון וואַרשע, פון וואנעט עס דערטראָגט זיך דאָ אַהער, אין דער שטילקייט, אַ כסדרדיק רוישן און זשומען, דיביימער, די גערטנער, די זומערדיקע נאָכמיטאָג־שטילקייט ארום, האָבן א ביסל באַרואיקט און אנטשפּאנט די נערוון. עולם האָט זיך פונאנדערגעזעצט אין גרופּקעס, אַנדערע — גאַנץ אַליין. לויטן אויסדרוק פון די פּנימער, פון אַרט רעדן און זשעסטיקולירן מיט די הענט, האָט מען געקענט גאַנץ באַשיימפּערלעך פעסטשטעלן, ווער עס איז שוין דעצידירט, ווער עס האָט זיך שוין ענדגילטיק, הגם פיינלעך און ווייטיקלעך, אָפּגעריסן אין זיינע געדאַנקען און געפילן פון דער היים, און ווער נישט. אָט זיצן דאָרט אין אַ זייט עטלעכע יונגטלעכע, זיי

רעדן זייער לעבהאפט, אויפגערעגט. עס דערטראָגן זיך די נעמען פון פאַרשידענע באַקאַנטע שטעט. עס איז קלאָר, אַז דאָרט מאַכט מען שוין אַ פּלאַן, ווי אַזוי און וווהין צו גיין. און מערקווירדיק — עס באַמערקט זיך, אַז זיי זענען בפירוש אומצופרידן, ווען עמיצער דערנענטערט זיך איינצוהערן זיך וואָס מען רעדט. מען מאַכט שוין שבת פאַר זיך, טראַכט איך ביי זיך, און אַ בענקשאַפט הייבט אָן נאָגן אונטערן האַרצן... אין שווערע צייטן דערקענט מען אַ פריינד, אַ חבר. ווי געצויגן פון אַן אינערלעך נאָענט געפיל, האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו זיך די בודדים, די אָפּגעזונדערטע. עס איז שווער געווען צו רעדן, ארויסצוזאָגן די ביטערע ספקות וועגן געמיינזאַמען ראַטעווען זיך, עס איז אָבער נאָך פּיינלעכער געווען דאָס שווייגן. איינער האָט געוואָרט, אַז דער צווייטער זאָל אָנהייבן רעדן.

עס האָט קיין זין נישט — האָב איך זיך ענדלעך אָפּגערופן — מען דאַרף האָבן מוט צו זאָגן זיך אַליין דעם ביטערן אמת, אַז מען טאָר נישט איבערלאָזן די פרויען און די קינדער אויף גאָטס באַראָט. מיר זעען דאָך, אַז קיין אָרגאַניזירטער עוואַקואַציע-פּלאַן איז נישטאָ. וועגן געמיינזאַמען ראַטעווען זיך קען אויך קיין רייד נישט זיין, עס איז אפשר אוממעגלעך. זענען מיר דאָך, הייסט עס, סיי ווי סיי אויסגעשטעלט אויף זיך אַליין, איז וואָס זשע דאָס איילעניש געווען צום זאמלפונקט? זעט אויס, אַז איך האָב אָנגעטראָפן אויפן ווייטיקלעכסטן אָרט. „אָבער וואָס האָב איך געקענט מאַכן", שרייט אויס מיט פאַרביטערונג דער הויכגעוויקסיקער און ברייטפּלייציקער ח' אלטשילער, מיטן גוטמוטיקן געזיכט. „וואָס האָב איך געקענט העלפן, אַז די פרוי האָט מיך מיט טרערן אין די אויגן געבעטן, ממש געוויינט: גיי אַוועק צוזאַמען מיט אַלע, ראַטעווע זיך, שפּעטער וועסטו אונדז ראַטעווען — אָט דאָס זענען געווען אירע געזעגענונגס-ווערטער". איך האָב זיך דערמאָנט אין די כמעט ענלעכע ווערטער פון מיין פרוי: „וועסט דו זיך ראַטעווען, בלייבט אונדז איבער אַ האָפענונג"...

אָבער דערווייל, שוין... אָט איז היינט אַליין פאַרגעקומען עטלע-

כע באָמבארדירונגען, עס זענען אויסגעבראָכן שרפות, הייזער זענען חרוב געוואָרן און פאַרשאָטן אונטער זיך מענטשן... ווער וועט זיי דאָרט באַרואיקן, העלפן, ראַטעווען? די דאָזיקע פּיינלעכע געדאַנקען האָבן, זעט אויס, אַלע, יעדן איינעם פון אונדז, שאַרף געעגבערט אין מוח.

עס לויפט צו מיר האַסטיק צו ג—ם, דער זעלביקער וואָס האָט זיך פריער אזוי אייליק און נערוועז געזעגנט מיט דער פרוי זיינער; מיט אַן אויפגערעגטער שטים הייבט ער אָן היסטעריש צו שרייען צו מיר: „לאָמיר צוריקגיין, לאָמיר שוין צוריקגיין, איך קען נישט מער, איך וועל נישט גיין"...

איך באַרואיק אים און ראַט אים, אַז ער זאָל זיך ערנסט באַטראַכטן און נישט האַנדלען אין אַן אויפגערעגטן צושטאנד. איך דערמאָן אים, אַז מיט דער זעלביקער אויפגערעגטקייט איז ער געלאָפן אהער. דער מענטש האָט זיך טראַגיש געראַנגלט מיט זיך אַליין: פון איין זייט באַהערשט פון אַ פּאַנישער שרעק און געטריבן פון אינסטינקט פון זעלבסטשוץ, פון דער צווייטער זייט האָט אים געפּייניקט דאָס געוויסן און אחריות־געפיל פאַר דער פרוי מיט א פּיצל קינד ביי דער ברוסט. ס'האָט גובר געווען דער אינסטינקט און אפשר... די שרעק. ג—ם איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך דערווייטערט פון אונדז, פון די זיך וואַקלענדיקע...

עס האָבן אָבער אויך געמאַטערט אַנדערע ספקות. צי מעג דער אַקטיוו פון דער פּאַרטיי, פון דער יוגנט אַוועק און איבערלאָזן די מאַסע אין אַזאַ שווערן מאָמענט אויף הפקר? מען האָט געוווסט, אַז עס איז פאַרגעקומען א זיצונג פון צ"ק, אָבער ווער בלייבט, וואָס פאַר א פּלענער עס זענען צוגעגרייט געוואָרן, האָבן, פאַרשטייט זיך, ווייניק געוווסט.

וואָס לענגער מען האָט געוואַרט, אַלץ שטאַרקער און שאַרפער זענען געוואָרן די ספקות און אַלץ שוואַכער דער אימפּעט צום לויפן. אַמערסטן האָבן זיך געוואַקלט און זיך געמאַטערט פון ספקות די על־

טערע חברים. אקעגן האָט די יוגנט מיט אויפרעגונג, כמעט מיט כעס, פאַרשריגן און אָפּגעפּרעגט אַלע באַוואָרענישן און ספקות. „מיר וועלן סיי ווי סיי גאָרנישט קענען העלפן, עס איז אומזיניק און פארברעכע־ריש צו נעמען אויף זיך א שענדלעכן טויט". האָבן אנדערע געטע־נהט: „צי קעמפט מען נאָר דאָן, ווען מען איז זיכער אין ניצחון, צי דאַרף מען נישט פאַרטיידיקן דעם שוואַכערן, שוצלאָזן נאָר דערפאַר, ווייל ער וועט סיי ווי סיי אומקומען?"

אין סאַמע ברען פון די שמועסן קומט אָן צו לויפן א ספּעציע־לער שליח פון ה. י—ף, דער צוקונפטיסט דאווידסאָן. ער איז פאַר־מאַטערט פון וועג, קוים ער האַלט זיך אויף די פיס. א בלאַסער און אויפגערעגטער מיט א ציטערדיקער שטים זאָגט ער שטיל, אָבער אַלע אין גרעסטער געשפּאַנטקייט, הערן דייטלעך: „ה' י—ף האַלט, אַז מען דאַרף זיך אומקערן. אין די אַרבעטער־קרייזן גרייט מען זיך צו א ווידערשטאנד, אויך מיר באַטייליקן זיך אין די צוגרייטונגען. מען בויט שוין באַריקאַדן, עס אָרגאַניזירן זיך אַרבעטער־באַטאַליאָנען".

די דאָזיקע מעלדונג האָט אַרויסגערופן א צעמישונג און אויפ־רעגונג. מען איז אַוועק צום טעלעפאָן זיך פאַרשטענדיקן. איך האָב פאַרויסגעזען דעם רעזולטאַט, דער עולם האָט באַשלאָסן צו גיין.

איך וועל דאָס בילד קיינמאָל נישט פאַרגעסן: אַלע לאָזן זיך אין דער ריכטונג פון מינסק־מאַזאָוויעצק. דער פּלאַץ, וווּ מען האָט זיך פריער געזאמלט, ווו עס האָט זיך ערשט נישט לאנג געקאָכט און גע־טומלט, ווערט ליידיק און שטיל, עס שטייט בלויז ה' א—ם, לעבן אים דער ה' ווינאָגראַד. ה' א—ם עפנט אויף דאָס מויל, בייגט אָן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס זאָגן, גיט אָבער באַלד א מאַך מיט דער האנט אין דער ריכטונג פון די וועקגייענדיקע, און הייבט אָן פאַ־מעלעך צוריק צו גיין אין שטאָט. אין דער זייט, צודריקנדיק זיך צו א פּלויט, שטייט דער ה' ג—ם און קוקט נאָך א—מען, איך גיי שנעל צו צו אים און זאָג אים: לאָמיר צוריקגיין! ער האָט אויף מיר א שאַרפן

קוק געטאָן, אויסגעדרייט זיך האסטיק און אַוועק אין דער ריכטונג פון מינסק־מ.

איך בין געבליבן איינער אַליין אויפן פּלאַץ. וואָס טוט מען? איך האָב זיך אָבער לאַנג נישט געוואקלט, דערמאָנט זיך דער פּרויס ווער־טער: אַלע זענען אַוועק, ראַטעווען זיך צוזאַמען... ווי אַזוי וועט זי אויפנעמען מיין אומקערן זיך? נישט ווילנדיק, אַ דערשלאָגענער צו־ליב דער אייגענער שוואכמוטיקייט, בין איך נאָכגעגאַנגען דער מחנה.

## די ערשטע נאַכט אין וואַנדער-וועג

לכתחילה שוין, פאַרן אַרויסגאנג, האָבן זיך אָנגעהויבן אויס־בילדן פאַרשידענע קלענערע גרופּעס, דערווייל איז מען נאָך געגאנ־גען צוזאַמען. סוף כּל סוף איז נאָך פאַר קיינעם נישט געווען גענוג קלאָר, ווי אַזוי און ווו מען גייט, צי אויף מזרח אין דער ריכטונג פון פּינסק, צי אין דער ריכטונג פון לובלין־קאָוועל, צי גאָר קיין ווילנע. ווו איז בעסער, ווו איז זיכערער? ווילנע און קאָוועל האָבן מער געצויגן, פון זיי וועט מען זיך קענען צורייסן צו אַ גרענעץ.

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט־צו, די זון איז שוין געשטאַנען גאַנץ נידעריק, מען האָט נאָך געזען העלע גאָלד־פלעקן אויף ביימער־שפּיצן, אויף די דעכער פון איינצלנע הויכע געביידעס. וואָס ווייטער פון שטאָט האָט זיך אַלץ מער ווי אַריינגעגליטשט די שטילקייט, אַלץ ווייניקער האָט זיך געהערט דער זשומענדיקער אָפּקלאַנג פון וואַרשע. אויך מיר זענען געגאַנגען שטילשווייגנדיק, פאַרזונקען אין די אייגענע טרויעריקע געדאַנקען. עס זענען פאַרבייגעפאָרן אויטאָס, פויערישע פורלעך, עס זענען אויך פאַרבייגעגאַנגען פוסגייער, אהין, אַהין, אין דער ריכטונג פון וואַרשע, ווו מיר האָבן אַלץ איבערגעלאָזט... וואָס טוען זיי דאָרט, אונדזערע ליבסטע, צי זיצן זיי איצט, אין די טונקעלע שטילע פאַרנאַכט־שעהן און טראַכטן וועגן אונדז? צי באַדויערן זיי נישט, וואָס זיי האָבן זיך געלאָזט מיטרייסן פון ערשטן שרעק־אימפּולס און געהייסן אַוועקגיין, בלייבנדיק אַליין הילפלאָז און אָן שוץ? צי האָבן מיר אַליין גענוג ערנסט פאַרטראַכט

זיך וועגן דעם, וואָס מיר טוען אָפּ? צוליב וואָס זיך אַליין ראַטעווען, אויב מיר לאָזן איבער די נאָענטסטע, די טייערסטע?

און פאַרשידענע זכרונות און בילדער האָבן אויפגעטויכט, גע־שטאַלטן און פנימער פון... נישט פון אמאָל, נאָר פון נעכטן ערשט, פון היינט, פון ערשט נישט לאַנג. גייט דאָס אַלץ אַוועק, אַוועק אין אַ טונקעלער, שוואַרצער ווייטקייט? און מיר, צו וואָס גייען מיר? איך האָב זיך דערמאָנט אין ברודער, אין קליינעם גאַבריש. צי איז גאָר מעגלעך צו פאַרגעסן דעם אויסדרוק פון זייערע פנימער, דעם שטילן צער פון זייערע אויגן? עס האָט מיר געעגבערט אין קאָפּ דער געדאַנק: אַזוי קוקן מענטשן, ווען זיי פילן אַרויס עפּעס און זעען פאַר זיך עפּעס שרעקלעכעס, פאַטאַלעס און אומפאַרמיידלעכס, נישט צום איבערווינדן. און געקלאַפּט האָט מיר איבערן האַרצן דעם קינדס פראַגע — „צי וועלן מיר זיך טאַקע זען אין קאַרטוז־בערעזע"? וויפל אַנגסט, בענקשאַפט און ליבשאַפט האָט זיך אַרויסגעפּילט פון די דאָזיקע עטלעכע ווערטער. און אָט גיי איך און גיי און דערווייטער זיך אַלץ מער פון זיי, פון זיי, וואָס זענען מיר ליבער פון אַלץ און טייערער פון אַלץ.

אַ פלוצלונגער הודזשען אין דער הויך, איבער אונדזערע קעפּ, האָט אונדז אויפגעוועקט פון אונדזערע טרויעריקע געדאַנקען. מיר האָבן נישט באַוויזן צו קומען צו זיך, ווי מיר האָבן שוין דערפילט דעם טויט־אָטעם פון די עראָפּלאַנען. אַ גאַנצע עסקאַדרע פון עלף שטיק איז געפלויגן אין דער ריכטונג פון וואַרשע צו פאַרענדיקן זייער טאָג־טעגלעכע מאָרד־ און צעשטערונגס־אַרבעט איבער דער שוצלאָזער שטאָט. דריי פון זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אונדז גאָר נידעריק און אָנגעהויבן באַשיסן פון מאַשין־געווער. ווי א מחנה צעפּלאָשעטע פייגל האָבן מיר זיך אַ וואָרף־געטאָן אין דערבייאיקן וועלדל. די שרעק און פּאַניק איז געווען א מוראדיקע. אנשטאָט גלייך זיך אַוועקצולייגן אָדער צולויפן צום ראַנד פון וועלדל, זענען אַנדערע געלאָפן און גע־לאָפן, ווי פון שרעק באַנומענע, נישט קענענדיק זיך אָפּשטעלן. די

פליערס האָבן, זעט אויס, באַמערקט די באַוועגונג פון אַ גרעסערער צאָל מענטשן, האָבן זיי זיך אראָפּגעלאָזט נאָך נידעריקער און אָנגעהויבן באַשיסן דאָס וועלדל. נאָך אַ קורצער צייט זענען זיי אויך אַוועקגעפלויגן אין דער ריכטונג פון וואַרשע. אַ היפּשע ווײַלע נאָך האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, מען האָט געקענט מיינען, אַז קיין לעבעדיקער נפש איז נישט געבליבן. די ערשטע איבערגעלעבטע טויטשרעק האָט אַלעמען ווי צוגעדריקט צו דער ערד. ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן דאָ און דאָרטן אויפטויכן פון די באַהעלטענישן. אַנדערע זענען באַנומען געוואָרן פון אַזאַ שרעק, אַז זיי האָבן זיך מורא געהאַט זיך אויפצושטעלן און זענען אויף אַלע פיר געקראָכן אין דער ריכטונג פאַרויס. שטייענדיק אַזוי און אָפּקלאַפּנדיק דעם שטויב, דערהער איך פון דער זייט אין וועלדל אַ פאַרשטיקט קרעכצן, ווי עס וואָלט זיך ספּאַזמאַטיש אַרויסגעריסן פון האַרצן. איך בין גיך צוגעלאָפן. צוקומענדיק נענטער, האָב איך דערזען אויף דער ערד אַ טונקעלן געדיכטן שאָטן. איך בין זיכער געווען, אַז דאָס איז אַ קרבן פון אַנפּלי. צוקומענדיק גאַנץ נאָענט, דערזע איך, אַז דאָס איז ח׳ אלטשילער. — איר זענט פאַרוווּנדעט? פרעג איך אים אַן אויפגערעגטער. ער האָט אויפגעציטערט און אָנגעקוקט מיך מיט טרוקענע ברענענדיקע אויגן, ווי אַ וואַנזיניקער. „איך בין נישט פאַרוווּנדעט... אָבער איך וועל עס נישט אויסהאַלטן”. ער האָט טרוקן געהעשעט, צודריקנדיק די האַנט צום האַרצן. נאָך אַ מינוט שווייגן, האָט ער ווידער אָנגעהויבן, שליידערנדיק ספּאַזמאַטיש אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט: „אָט זענען מיר דאָ שיר נישט אומגעקומען, צופעליק, גאַנץ צופעליק זענען מיר געבליבן לעבן און זיי מיינען דאָרט, אַז מיר וועלן זיך ראַטעווען און שפּעטער זיי ראַטעווען. זיי נאַרן זיך און מיר נאַרן זיך און באַגייען אַ פאַרברעכן לגבי זיי. אַלץ שרייט אין מיר, גיי צוריק צו פרוי און קינד. און איך, דער מאַן, דער טאַטע פון קינד, האָב קיין כוח נישט צוריק צו גיין איינער אַליין. אַ לעבן אָפּגעלעבט און נישט געקענט זיך אַליין, די אייגענע שענדלעכע שוואַכקייט”.

חברה איז דערוויל אַוועק ווייטער. די נאַכט איז צוגעפאַלן, אַ טיפע געדיכט־פינצטערע נאַכט. פון דערווייטנס נאָר, גאָר פון ווייט, האָבן געבלינצלט קליינע פייערלעך, וואָס פלעגן דאָ אויסגיין און באַלד ווידער אויפבלישטשען. איך זע, אלטשילער הערט זיך איין אָנגע־שטרענגט, ער רופט אויס מיט שרעק: „מען הערט זיי שוין נישט, זיי זענען זיכער ווייט אַוועק". „מיר וועלן אָניאָגן" — האָב איך אים באַרואיקט. ביי זיך האָב איך עפּעס אַנדערש געטראַכט. אפשר אויס־ניצן דעם מאָמענט, וואָס מיר זענען געבליבן הינטערשטעליק און אומ־קערן זיך קיין וואַרשע. אַ ווײַלע האָב איך זיך געוואַקלט, צי גלייך פאַרלייגן אים, צי נאָך אָפּוואַרטן אַ ביסל. אין דעם איז אָנגעפאָרן אַ פויעריש פורל, איך בין האסטיק צוגעלאָפן און אַ פרעג געטאָן דעם פויער: קיין וואַרשע? יאָ, בעסער געזאָגט, קיין פּראָגע. לאָמיר צוריק־פאָרן, — האָב איך שאַרף און אנטשלאָסן א זאָג געטאָן צו אלטשילער. דאָס איז געווען פאַר אים אַזוי אומגעריכט, אַז ער האָט נישט באַוויזן אַפילו אַ טראַכט צו טאָן.

מיר זענען אַריינגעשפרונגען אין פורל. מיר האָבן ביידע גע־שוויגן, דער פויער האָט אויך געשוויגן, די נאַכט אַפילו האָט אויך געשוויגן. מיט אויפגעריסענע אויגן האָבן מיר זיך איינגעקוקט אין דער ריכטונג פון וואַרשע. ביידע האָבן מיר, מסתמא, געטראַכט די זעלביקע געדאַנקען: „ווי אַזוי וועט מען אונדז אויפנעמען, — מיט פרייד, צי מיט באַדויערן? ווער ווייסט, צי מיר וועלן נישט ביטער חרטה האָבן און עס וועט שוין זיין צו שפּעט". דער פויער האָט איבער־געריסן די שטילקייט: „אַזאַ אומגליק, אַזאַ אומגעריכט אומגליק... זיי צעלויפן זיך, די גרויסע לייט, ווי די מייז און לאָזן דאָס פאָלק אויף הפקר. אַז מען ווייסט נישט, ווער ס'איז אַ פריינד און ווער א שונא, אומעטום שפּיאָנען... ערשט נישט לאַנג, מיט אַ צוויי וואָכן צוריק האָט דער גמינע־שרייבער זיך באַלעקט פון היטלערן. ער האָט, זאָגט ער, געמאכט אָרדענונג מיט די יידן... יאָ, איצט מאַכט ער אָרדענונג מיט די פּאָליאַקן. מען זאָגט, אַז ער איז שוין אומעטום דאָ, ווי אַ

זאַראַזע, א פאַרפּלייצונג. איך פאָר צו מיין טאַכטער אין פּראַגע, איך וועל זי מיט די קינדער אַוועקפירן אין דאָרף אַריין. מען זאָגט, אז דער שונא וועט הרוב מאכן וואַרשע. אָפּהאַקן דעם קאָפּ, הייסט עס, און אויס מלוכה..." מיר האָבן דעם שמועס נישט אונטערגעהאַלטן, עס איז צוריק שטיל געוואָרן. באַלד אָבער רופט זיך אָן אלטשילער מיט אַ נערוועזער שטים: „ער פאָרט ראַטעווען זיינע נאָענטע פון פייער און מיר פאָרן אין פייער"... און ווי נישט האָבנדיק קיין כוח אויסצו־האַלטן די אינערלעכע פּיינלעכע וואַקלעניש, גיט ער פּלוצלונג א שפּרונג אַרויס פון וואָגן און פאַלט אַוועק אויף דער ערד ווי אַ שטיין. איך בעט דעם פּויער אָפּשטעלן זיך און גיי אויך אַראָפּ. דערנענטערנ־דיק זיך צו אים, דערהער איך שוין ווידער אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. די פּיס זענען מיר שוואַך געוואָרן, כ'האָב געהאַט א מאָדנע געפיל, ווי דאָס בלוט שטעלט זיך מיר אָפּ. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים אָן שום באַוועגונג. אַז איך בין געקומען צו זיך ,האָב איך זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן, אויפכאַפּן זיך, ווי כ'וואָלט אָנגעוווירן דאָס גע־פיל פון צייט און אָרט. וואָס איז דאָ, וווּ בין איך? א וויסטער פינצ־טערער קאַשמאַר אַרום, אַ מענטש זיצט אויף דער ערד און וויינט... קלאָגט אין דער פינצטערניש אַריין... „וואָס פון אַ מענטש קען ווערן, וואָס פון אַ מענטש קען ווערן"... איך האָב גאָרנישט געענטפערט, כ'האָב געוואָרט, אַז ער זאָל זיך באַרואיקן.

מיר האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג אויף מינסק־מאַזאָ־וויעצק. פון אַ קוועהר־וועג איז אָנגעקומען א מיליטערישער טראַנס־פּאָרט, ער האָט אַלץ מער און מער אָנגעפילט און פאַרשטאָפּט דעם שאָסיי. מיר האָבן זיך געמוזט נעמען זייטיק, ביי די ראַנדן פון די וועלדלעך און פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן פּאַראַלעל צום שאָ־סיי. דער וועג איז געווען אַ שווערער. ברייטע, טיפע לעכער, גרי־בער, אומגעוואָרפענעביימער האָבן כסדר געצוימט דעם וועג. אַ בלייע־נע שווערקייט האָט ווי אַראָפּגעצויגן אַלע גלידער, דעם גאַנצן קער־פּער צו דער ערד. האָט מען זיך אַוועקגעזעצט, איז שווער געווען צו־

ריק זיך אויפצושטעלן. און פטרן פיל צייט האָט מען נישט געקענט, מען האָט דאָך געוואָלט אָניאָגן חברה, נישט בלייבן הינטערשטעליק. מיר האָבן געבעטן די פויערים פון טראַנספּאָרט, זיי זאָלן דערלויבן זיך צוזעצן אויף אַ פור. אַ טייל האָבן גאָרנישט געענטפערט, אָדער אַ בייזן מורמל געטאָן, אַנדערע האָבן געענטפערט: עס איז נישט דער־לויבט, אַ מיליטערישער... ענדלעך האָט מען זיך עפּעס אַריינגע־קוועטשט, ממש אַריינגעקוועטשט זיך אין אַ פור, וואָס איז איבער־פולט געווען מיט תבואה. די ערשטע עטלעכע מינוט איז גאַנץ גוט געווען, באַלד אָבער האָבן די פאַרמאַטערטע גלידער אָנגעהויבן דער־פילן די בייזע האַרטקייט פון די זעק. אַ ברענענדיקער ווייטיק האָט גענומען קנייפּן אין רוקן. אַראָפּצוגיין אָבער פון פור איז פּשוט קיין כוח נישט געווען. האָט מען זיך אַזוי געשלעפּט גאַנצע שעהן, ווייל אַלע וועגן אַרום און דער שאָסיי זענען נאָך אַלץ געווען פאַרשטאָפּט. מען האָט כסדר געשריען און געזידלט זיך. די טראַנספּאָרטן פון די זייטיקע וועגן האָבן פאַרהאַמעוועט די באַוועגונג אויפן שאָסיי. די טראַנספּאָרט־אָנפירער האָבן, זעט אויס, אַרויסגעגעבן קעגנזעצלע־כע פאַראָרדענונגען, מען האָט זיך געוואָרפן שלאָגן מיט די פויסטן. מיליטערישע אויטאָס האָבן מיט געוואַלט זיך דורכגעריסן, געלויכטן מיט די רעפלעקטאָרן. מען האָט זיי נאָכגעשריען. געזידלט און גע־דראָט: „זיי לויפן זיך די אָפיצערעלעך מיט די דאַמעלעך, ערשטע מיליטערישע בויטוועגדיקייט... די ערשטע כאָלערע זאָל זיי כאַפּן." „פאָר, פאָר", שרייט מען פון אַלע זייטן — „וועסט זיך שפּעטער זידי־לען און שעלטן. די כאָלערע וועט אונדז נעמען, און זיי די הורן־זין וועלן זיך שוין גוט אויסבאַהאַלטן".

פון צייט צו צייט זענען פאַרבייגעגאַנגען קליינע מיליטער־אָפּ־טיילונגען, ס'רוב פוסגייער. שטילשווייגנדיק, ווי שטילע שאָטנס, האָ־בן זיי פאַרבייגעשלייכט, זעלטן האָט ווער אַ וואָרט געוואָרפן צו די פורמאַנעס: „ווו שלעפּט איר זיך, אומזיסט די טרחה".

„אָט איז שוין די שטאָט, גייט אַראָפּ", האָט אַ געשריי געטאָן

י. ראָטנבערג

דער פֿויער, מיינענדיק אוודאי, אַז מיר שלאָפֿן, „שנעלער, שנעלער", האָט ער אונדז אונטערגעיאָגט. מיר פֿאַרקירעווען רעכטס צום וואַלד צו. בייטאָג האָבן זיך די טראַנספּאָרטן באַהאַלטן אין די וועלדער צוליב די באָמבאַרדירונגען.

# אין מינסק-מאַזאָוויעצק

דאָס שטעטל האָט זיך ווי איינגעקורטשעט און אויסבאַהאַלטן אין דער געדיכטער פינצטערניש. אפילו אַ שפּאַן פאַר זיך זעט מען גאָרנישט, מען דערקענט צומאָל קיין הויז נישט. דערמאָנט האָב איך זיך, אַז חברה האָט עפּעס גערעדט וועגן א בעקעריי פון ח׳ ז., ווו מען וועט מאכן דעם ערשטן אָפּרו. ווי אַזוי אָבער דערפרעגט מען זיך צו דער בעקעריי, אַז מען זעט נישט קיין לעבעדיק באַשעפעניש. זענען מיר אַזוי געגאַנגען און ממש געטאַפּט אין דער פינצטער. פּלוצלונג דערהערן מיר אַ מענטשלעך קול און דווקא אויף יידיש: „וועמען זוכט איר, יידן... אוודאי אויך אַנטלאָפענע פון וואַרשע. ערשט נישט לאַנג איז אויך אָנגעקומען אַ גרויסער עולם. הייסט עס טאַקע, אַז מען אַנטלויפט פון וואַרשע, איז ווו אייגנטלעך לויפט מען? און וואָס דאַרף אַזאַ ייד ווי איך טאָן, אויך לויפן? און איר ווייסט שוין ווו צו לויפן?...״. מיר האָבן שוין פאַרשפּאָרט צו רעדן, דער ייד איז קיין עין־הרע געווען גאַנץ באַרעדעוודיק, און באַגלייטנדיק אונדז נאָך אַ היפּש שטיקל וועג מיט פראַגן און ענטפערן, האָט ער אונדז דערפירט צו דער בעקעריי. דאָ האָט ער אויפסניי געוואָלט זיך אָפּשטעלן און רעדן, צום גליק האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז דאָך עפּעס אַ „לאָפּ־מאַן״ און אַז ער דאַרף אויספירן זיין דיזשור.

די בעקעריי, וואָס איז אייגנטלעך געווען צוזאַמען מיט דער פּריוואַטער וווינונג פון בעקער, איז שוין געווען געדיכט באַזעצט. די גאַנצע וווינונג איז באַשטאַנען פון אַ צימער מיט אַ קיך. דאָס צי־מער, זעט אויס, האָט געדינט פאַר אן עס־ און שלאָף־צימער, די קיך

פאַר אַ טיי־האַלע. דאָס צימער איז געווען אָן ליכט, די קיך — האַלב־טונקל. אין קיך האָבן נאָך איניקע פאַרענדיקט טרינקען טיי, עס־יען־דיק. אקעגן, אין שטוב האָט מען שוין געהערט אַ געשמאַק שנאָרכן פון פאַרשידענע זייטן. דער טיש איז געווען באַזעצט מיט שלאָפנדיקע, די בעטן, די סאָפקעס, די פּאָדלאָגע, אומעטום איז מען געשלאָפן. אָבער נישט אַלע זענען געשלאָפן. פון פאַרשידענע ווינקלעך האָט זיך דערטראָגן א שטיל פּליסטערן און שעפּטשען. מען האָט, זעט אויס, גערעדט וועגן ווייטערדיקע פּלענער.

אריינקומענדיק צוריק אין קיך, דערזע איך, אַז עס איז עפּעס אַ טומל, מען פאַרעט זיך ארום עמיצן, אַלע שרייען, רופן איינער צום אַנדערן און אַלע טאַפּטשען זיך אויף איין אָרט. ארויסגעוויזן האָט זיך, אַז ה׳ דאַווידאָוויטש איז אוועקגעפאַלן אין אַ שווער חלשות. איך האָב אים שנעל אויפגעמאַכט דעם קאָלנער פון העמד (מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער שטיקט זיך און קען נישט אָפּאָטעמען), מען האָט אים אַרויסגענומען אויפן גאַס, געמאַכט קינסטלעכע איינאָטעמונג, באַשפּריצט מיט וואַסער. מען האָט אים קוים אָפּגעמינטערט. נישט באַוויזן אין גאַנצן פאַרטיק צו ווערן מיטן טאָטן, וועלכער האָט ערשט אָנגעהויבן קומען צו זיך און מיט נאָך פאַרגלייזטע אויגן ארומקוקן זיך אין וועלכער וועלט ער איז, ווי דער יינגערער דאַווידאָוויטש מאַכט נאָך פונקט דאָס זעלביקע. עס איז געוואָרן דער אמתער טומל. די בעקערין קנייפּט זיך מיט בײדע הענט די באַקן. „אַ בראָך איז צו מיר — שרייט זי — מיין שולד איז עס, איך האָב זיי געגעבן פריש קאָכעדיק ברויט. אַז אַלע האָבן געריסן פון די הענט", פּרוווט זי ווי־דער צוריק צו מילדערן איר שולד. „אַז זיי האָבן צום הייסן ברויט צוגעטרונקען קאַלטע וואַסער", פאַרענטפערט דאָס טעכטערל די מאַ־מען מיט טרערן אין די אויגן. דער טומל אַרום די חלושים האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, איך האָב זיך אויסגעזוכט אַ שטיקל אָרט און אויס־געטרונקען עטלעכע גלעזער טיי. אָפּגערוט זיך, גיי איך צו צו דאַ־ווידאָוויטשן און פרעג אים, צי מען האָט זיך עפּעס אָפּגערעדט וועגן

מאָרגן, ווי אַזוי צו גיין און וווהין צו גיין. — „וואָס גערעדט, ווען גע־רעדט, נעכטיקע טעג... מען איז געקומען טויט־מידע און הונגעריקע, מען האָט קודם כל אין זין געהאַט אַן אָרט צו פאַרכאַפּן, אָפּצורוען זיך און עפּעס טועם צו זיין. איבריקנס, איר פרעגט, צי מען האָט זיך אָפּ־גערעדט, געמאַכט פּלענער... מיר דאַכט זיך, אַז יעדער וועט זיך מוזן מאַכן זיין אייגענעם פּלאַן".

ווידער האָבן אויפגעטויכט ביי מיר די זעלביקע פּיינלעכע גע־דאַנקען: „געאיילט זיך לויפן צום זאַמלפּונקט, מיט קיינעם רעכט נישט געזעגנט זיך, אבי צו גיין צוזאַמען. צו זיין מיט אַלע אין אַן עת צרה"... ווי אַרויסלייענענדיק די געדאַנקען מיינע, באַמערקט דאווידאָוויטש „איר דערמאָנט זיך, נעכטן, ווען איר האָט מיך געטראָפן אויף די נאַ־לעווקעס, האָט איר מיך געפרעגט, צי איך טראַכט וועגן אַוועקגיין. איך האָב אייך געענטפערט, אז ניין, ווייל ווו וועל איך לויפן און אויף וועמענס באַראָט וועל איך איבערלאָזן די משפחה. אין דער פרי צו־מאָרגנס, קומענדיק אין פאַראיין, האָב איך זיך דערוווסט, אַז אַלע גייען אַוועק, בין איך אויך געגאַנגען... אָבער מיר דאַכט זיך, אַז מען וועט נאָך שטאַרק חרטה האָבן... אוי וועט מען חרטה האָבן. שוין אין גראָכאָוו האָב איך געזען, אַז פון דעם „צוזאַמען" וועט גאָרנישט ווערן, מען וועט זיין אָנגעוויזן אויף די אייגענע כוחות.

קיין אָרט צום שלאָפן האָב איך נישט געהאַט, אין שטוב איז גע־ווען הייס און דושנע, די לופט אָנגעזאַפּט מיט רויך, שווייס און ספּע־ציפישן ריח פון אומגעוואַשענע קערפּערס. בין איך אַרויס אויף דער גאַס, צוגעזעצט זיך אויף דער שוועל ביים אריינגאנג פון פאָרנט אין דער בעקעריי און געפרווווט כאַפּן אַ לייכטן דרימל. שטימונגען, אי־בערלעבונגען און בילדער פון אַ גאַנצן טאָג, צונויפגעפּלאָנטערט און צונויפגעפלאָכטן, האָבן קיין איין רגע נישט אויפגעהערט צו דריקן און פּרעסן אויפן הארצן, אויף דער נשמה. עס איז געווען האַלב דרימל, האַלב וואָר...

„וואָס קרעכצט איר אַזוי, וואָס איז אייך געשען?" מיט שרעק

האָב איך זיך אויפגעכאַפּט. עס שטייט לעבן מיר דער זעלביקער „לאָפּ"־מאַן, דער באַרעדעוודיקער ייד. ער האַלט די האַנט זיינע אויף מיין אקסל און שמייכלט צו מיר מיט מיטגעפיל. איר האָט זי־כער געהאַט, זאָגט ער, שלעכטע און וויסטע חלומות. אַז עס איז גאָר קיין חידוש נישט. וואָס אַ מענטש לעבט היינט איבער. אָבער איך פאַרשטיי אייך פאָרט נישט, ווו לויפט איר, צו וועמען. נעמען מענטשן און לאָזן אַלץ איבער אויף הפקר און לויפן אין דער וועלט אַריין. איר האָט דאָך, מסתמא, אַ פאַמיליע, זייט מוחל, וואָס איך פרעג זיך. ווי איר זעט, שטיי איך דאָ אַזוי אַ גאַנצע נאַכט אויף מיין דיזשור און איך טראַכט, איך וויל באמת פאַרשטיין... אויב איר לויפט, דאַרף איך אויך לויפן, דאַרף גאַנץ מינסק לויפן, קאַלושין און שעדלעץ אויך, מיט איין וואָרט אַלע יידן דאַרפן לויפן. איז דאָס אַ מעגלעכע זאַך, אדרבה, זאָגט אַליין?" איך האָב זיך קוים ארויסגעריסן פון דעם דאָזיקן ייד מיט זיין מבול פראַגן, וואָס נישט איינע פון זיי האָט אויך מיך געשטאָכן און געבריט.

איך בין צוריק אַריין אין בעקעריי. דער עולם איז נאָך גאַנץ געשמאַק געשלאָפן. די גרויקייט פון באַגינען האָט זיך שוין ביס־לעכווייז אַריינגעריסן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסטיילן, אַלץ שאַר־פער און העלער, פנימער, הענט, פיס. בלייכע פנימער, אויסגע־שטרעקטע הענט, צונויפגעקורטשעטע פיס מיט שיך און אָן שיך, מיט שקאַרפעטן און באָרוועסע. אַט כאַפּט זיך איינער אויף, גיט אַ קוק צום פענצטער, זעצט זיך האַסטיק אויף, הייבט אָן ארומצוקוקן זיך און בלייבט אַזוי זיצן ווי פאַרשטאַרט. דערמאָנט זיך, אפנים, וווּ מען איז, אין וואָסער לאַגע מען געפינט זיך.

עס ווערט דערווייל אַלץ העלער און העלער, עולם הייבט זיך אייליק אויף, מען וואַשט זיך אויף גיך און מען ברענגט די זאַכן אין אָרדענונג. מען שטייט שוין ווידער אין די זייטן און מען שעפּטשעט. פון באַזונדערע גרופּקעס לויפן אַרויס שטאַפעטן, זיי קומען צוריק, מען ווינקט זיך איבער, מען גייט אַרויס צוזאַמען. אויף דער גאַס איז

פאַר מיר אַלץ קלאָר געוואָרן: נישטאָ קיין „צוזאַמען״, אויס קאָלעק־טיוו... ווער עס קען, ראַטעוועט זיך. מען כאַפּט אַ פור, אַ דראָזשקע און היידא, מען לויפט — זיך אַליין דאָס לעבן צו ראַטעווען, זיך אַליין...

מאָדנע געפילן האָבן מיך באַהערשט. בייסיקע, וויטיקלעכע גע־פילן. אָבער נישט קיין געפיל פון שוצלאָזיקייט און הילפלאָזיקייט. ביינאַכט־ נאָך, קוקנדיק אויף דער מידער, דערשלאָגענער מחנה אויף דער ערד, האָב איך זיך געטראַכט, ווי אומזיכער עס איז צו פאַרלאָזן זיך אויף דער הילף פון אנדערע. איך האָב גיכער איבערגעלעבט אַ שווער און פיינלעך געפיל פון אנטוישונג, ווי איך וואָלט אַנגעווירן עפּעס טייערס און הייליקס... שוין אין די ערשטע מאָמענטן פון נסיון־בות האָט מען זיך אַ וואַקל געטאָן.

איך וויל נאָך פאַרענדיקן די פּאַסירונגען פון ערשטן טאָג מיט פאָלגנדיקן עפּיזאָד: אַז די בעקעריי איז שוין געווען ליידיק און פוסט, ווי געוויינלעך נאָך אַ גרויסן טומל, אַז ס׳ווערט פלוצלונג שטיל, האָב איך זיך אַנגעהויבן ארומקוקן ארום זיך אַליין. שטייענדיק אַזוי פאַר־טראַכט, פיל איך, ווי עמיצער רירט מיר אָן די האַנט. איך דערזע פאַר מיר דעם בעקערס קליין טעכטערל. דאָס פּנימל בלאַס, נישט אויסגעשלאָפן, די אויגן פול מיט טרערן. „אַלע זענען אַוועקגעגאַנגען, און אים אַליין איבערגעלאָזט״, — זאָגט זי מיט אַ ציטערדיקער שטים, קוים איינהאַלטנדיק זיך פון וויינען. — ווּעמען האָט מען אי־בערגעלאָזט, — פרעג איך אַ פאַרוואונדערטער, קיינער איז דאָך נישטאָ? צי מיינסטו דאָס מיך? שמייכל איך טרויעריק. „אָט דעם, צעווייַנט זי זיך שוין אויף אַן אמת, וואָס קרעכצט און וויינט אַ גאַנצע נאַכט״ — ווער איז עס, ווו איז ער, — פרעג איך שוין אַן אויפגערעגטער. — קומט, וועל איך אייך ווייזן, — ענטפערט זי.

איך בין מיט איר מיטגעגאַנגען. זי האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ פינצטערער האַלץ־קאַמער. איך גיב אַ קוק און דערזע אַלטשילערן, אָנשפּאַרנדיק זיך אין אַ געלענדער האַלץ, איז ער געשטאַנען מיט

דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף ביידע הענט און געדרעמלט. איך האָב אים אויפגעוועקט און מיר זענען אַרויס אויף דער גאַס אָפּצופרישן זיך אַ ביסל. — וואָס האָט איר באַשלאָסן? — פרעג איך אים. — „און איר?" פרעגט ער מיך צוריק. „אַפילו איצט בין איך גרייט אומצוקערן זיך קיין וואַרשע, — ענטפער איך שאַרף און אַנטשלאָסן. איר האָט דאָך געזען, זאָג איך ווייטער, וואָס ס'איז געוואָרן מיטן קאָלעקטיוו, מען איז זיך צעלאָפן, ווער און ווי אַזוי מען האָט געקענט. בין איך דאָך צוריק אַ „פרייער" מענטש, פריי פון אילוזיעס, אָנגעוויזן אויף זיך אַליין". — גוט, לאָמיר שוין צוריק פאָרן...

מיר זענען גלייך צוגעגאַנגען צו אַ וואַרשעווער דראָזשקאַזש, וואָס האָט ביינאַכט געבראַכט פּליטים פון וואַרשע. דער דראָזשקאַזש האָט געעצהט צוצוואַרטן ביז מיטאָג, ווען די באָמבאַרדירונגען זע־נען שוואַכער. באין ברירה האָבן מיר מסכים געווען. ביז מיטאָג אָבער האָט שוין אַלטשילער באַוויזן ווידער חרטה צו קריגן. דערוויל איז דער פּליטים־שטראָם פון וואַרשע געוואָרן אַלץ שטאַרקער, די אָרטי־קע מיליץ האָט צוליב פּאַרזיכטס־טעמים באַשלאָסן צו ריכטן דעם געדיכטן פּליטים־שטראָם אויף זייטיקע וועגן. מען האָט זיך דערוי־בער געמוזט גרייטן צו דער ווייטערדיקער רייזע.

# וואַרשע לאָזט זיך אין גלות אַריין...

פון דער גרויסער מחנה איז קוים געבליבן אַ קליין גרופּקעלע. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו גיין ווייטער צוזאַמען, אָבער טאַקע צוזאַמען, נישט צעשיידן זיך ביי קיין שום אומשטענדן. הגם דער גלויבן אין „צוזאַמען" איז שוין נישט געווען אַזאַ שטאַרקער, האָט מען דאָך געוואָלט זיין צוזאַמען. מען האָט זיך געשראָקן פאַר דער איינזאַמקייט, נישט געוואָלט נע־ונד זיין אין פרעמדע מקומות איינער אַליין. אַחוץ דעם, באַקאַנטע פּנימער האָבן דערמאָנט די אייגענע היים, נאָענטע מענטשן, איז די כסדר־נאָגנדיקע בענקשאַפט געוואָרן אַ ביסל מילדער.

עס האָט צוגעשפּילט דאָס גליק און מיר האָבן אויסגעקעמפט עטלעכע ערטער אויף אַ דראַנגאַוווע וואָגן, גוט אויסגעבעט מיט שטרוי. אַרום עלף אַזייגער פאַרמיטאָג האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין. יידן זענען צוגעקומען צו דער פור, פון די פּנימער האָט אַרויסגעקוקט צער און מיטגעפיל, דער האַרציקער יידישער רחמנות. עס האָט געהערשט אַ פיינלעכע שטילקייט. באַלד האָט האַרצרייסנדיקער יאָמער דורכגעשניטן די שטילקייט. „אוי, אַז אַ בראָך איז צו אונדז, דאָס גרויסע וואַרשע מוז, נעבעך, גיין אין גלות", האָט אַן עלטערע יידענע, פאַרברעכנדיק די הענט, ביטער געוויינט.

מיר זענען אַרויסגעקומען אויפן הויפּט־שאָסיי, וואָס פירט אין דער ריכטונג קאַלושין־שעדלעץ. דער טאָג איז געווען אַ העלער, אַ ליכטיקער, אויסגעצייכנט צוגעפּאַסט פאַר לופט־אַנפאַלן. דאָ, אויפן שאָסיי, האָט מען שוין געקענט זען, אַז פון וואַרשע האָט זיך אָנגע־

הויבן אָ מאַסן־וואַנדערונג. עס זענען שנעל פאַרבייגעפאָרן פאַסאַזשיר־און לאַסט־אויטאָס, דראָזשקעס און פלאַטפאָרמעס. עס האָבן זיך גע־שלעפּט טריט ביי טריט גרויסע וועגענער און קליינע. און נאָך זיי מאַסן פוסגייער אין גרעסערע און קלענערע גרופּעס, איינצלנע פאַמי־ליעס און פערזאָנען. די שטאָטישע מיליץ האָט לכתחילה געוואָלט לענקען אָ טייל פון שטראָם אויף זייטיקע וועגן. זיי האָבן געוואָרנט פאַר לופט־אָנפליען, מיט רעכט אָנווייזנדיק, אַז די געדיכטע באַווע־גונג וועט ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די פיינדלעכע פליער. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. ווידער דאָס זעלבע — אַלע האָבן געוואָלט זיין צוזאַמען, נאָר נישט אָפּרייסן זיך... און די גאַנצע מאַסע האָט זיך, ווי אַן אומצוימבאַרער שטראָם, געריסן צום הויפּט־שאָסיי.

די טעראָר־אָנפליען האָבן כמעט נישט אויפגעהערט. די פיינד־לעכע אַעראָפּלאַנען זענען זיך געפלויגן הין און צוריק און געהאַלטן אַלץ אונטער כסדרדיקן טעראָר. דאָס זשומען און הודזשען אין דער לופט איז נישט שטיל געוואָרן; און אַז ס'האָט אַ רגע אויפגעהערט האָט אָבער נישט אויפגעהערט די נערוועזע געשפּאַנטקייט און עס האָט זיך שוין שטענדיק געפונען איינער, וואָס האָט דער „ערשטער" דערהערט דאָס זשומען פון אַעראָפּלאַנען. האָט מען דעריבער גע־האַלטן אין איין אַראָפּשפּרינגען פון די פורן און אין אַ כסדרדיקן לויפן צו די זייטיקע וועלדלעך און גראָבנס. פון דער זייט געקוקט, האָט מען אָפּטמאָל געזען פאַר זיך אַ מאָדנע גראָטעסק בילד: גייען זיך מענטשן שטיל און רואיק, פּלוצלונג אַ ווילדער געלויף אין אַלע זייטן, מען וואַרפט זיך אויף דער ערד, מען הייבט זיך אויף און מען לויפט ווייטער, מען שרייט און מען מאַכט משוגענע הוועיות, און שאַ, שטיל, אַ טויטע שטילקייט אַרום. אַזוי קען אַ מאַסע שווייגן, ווען זי זעט דעם טויט פאַר די אויגן. און די אַעראָפּלאַנען פליען זיך אַזוי אונטערן העל־בלויען הימל אַלמעכטיק; זיי דערדריקן ממש מיט זייער ברוטאַלער קראַפט. דו דערפילסט זיך, ווי אַ וואָרעם, אַ שוואַ־כער, שוצלאָזער וואָרעם, וואָס טוליעט זיך, דריקט זיך צו דער ערד

און וויל זיך איינגראבן אין איר. און צוזאמען מיטן פיינלעכן געפיל פון הילפסלאזיקייט צעפלאקערט זיך א בייזער, ווילדער האס, אן אומגעהייערער באגער נקמה צו נעמען. אוי, גאט מיינער, ווי אזוי נעמט מען נקמה, נקמה... און ווידער הייבט מען זיך אויף פון דער ערד, פארשעמט און דערשלאגן און מען נעמט ווייטער גיין.

אין קאלושין זענען מיר אנגעקומען נאכמיטאג. דאס שטעטל האט נאך געהאט א שטיקל נארמאלן אויסזען, א טייל קראמען זע־נען געווען אפן און מען האט אפילו געקענט באקומען שפייז־פראָ־דוקטן. די פליטים האבן זיך דא, זעט אויס, לאנג נישט אפגעשטעלט. אויך מיר האבן געמאכט דא א קורצן אפרו ביי א חבר. מען האט זיך נאר ארומגעוואשן, אפגערוט זיך א ביסל נאכן מיטאג און ווייטער געפארן קיין שעדלעץ. מיר האבן געוואלט אנקומען דארט וואס פריער, געהאפט צו טרעפן דארט נאך אנדערע גרופעס און ענדגילטיק צו באשליסן וועגן ווייטערדיקן וואנדער־עטאפ.

הגם פאר מיר איז קלאר געווען דער צייטווייליקער ציל פון מיין וואנדערן (ווי איך האב שוין אויבן דערמאנט, איז מיין ציל גע־ווען קארטוז־בערעזע. איך האב אמאל געארבעט אין דער דארטיקער פאלקסשול און זיך דערווארבן זייער פיל נאענטע פריינד און באקאנ־טע), האב איך זיך צוגעפאסט צום ווונטש פון דער גרופע דעם ענין ענדגילטיק צו באטראכטן אין שעדלעץ.

דער וועג קיין שעדלעץ איז שוין געווען פיל שווערער און פאר־מאטערנדיקער, וואס ווייטער אלץ ווייניקער זענען געווען פורמאנעס, וואס זאלן וועלן פארן אפילו פאר געלט, מען האט מורא געהאט זיך צו דערווייטערן פון דער היים. א פאניק האט גענומען ארומכאפן אלץ מער שטעט און שטעטלעך און אפילו דערפער. א היפשן טייל פון וועג האבן מיר געמוזט דורכמאכן צופוס. עס איז שוין געווען א שטיק אין דער נאכט, אז מיר האבן זיך דערנענטערט צו שעדלעץ. עס האט זיך אונדז א ריס געטאן אין די אויגן א רויטער הימל, ער איז געווארן אלץ העל־רויטער און זיך דערנענטערט צו אונדז, ווי א ריזיקער בא־

וועגלעכער פּלאַם. שעדלעץ ברענט, האָט אונדז אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. און ווירקלעך — פון די פורמאַנעס, וואָס זענען אָנגעפאָרן פון שעדלעץ צוריק קיין קאַלושין, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אַ גאַנצן פאַרמיטאָג און נאָכמיטאָג איז שעדלעץ אויף אַ מוראדיקן אופן באָמבאַרדירט געוואָרן. פאַרמיטאָג שוין זענען געהאַט חרוב געוואָרן צענדליקער גאַסן, ריזיקע שׂרפות זענען אויסגעבראָכן, הונדערטער הייזער זענען איינגעפאַלן, פאַרשיטנדיק אונטער זיך אַ סך מענטשן. די באָמבאַרדירונג נאָכמיטאָג איז אָבער געווען פיל העפטיקער און כמעט גאַנץ שעדלעץ איז חרוב, אומעטום ברענט. זיי ספקן, צי מיר וועלן גאָר קענען אַריינקומען אין שטאָט, אויב „לאָפּ" וועט אַריינלאָזן. פון די ידיעות איז פריילעך נישט געוואָרן, מיר האָבן אָבער באַשלאָסן מיט אַלע מיטלען אַריינצובאַקומען זיך קיין שעדלעץ. מיר זענען שרעקלעך מיד און דערשעפּט געווען פון גאַנצן טאָג, ווייטער גיין בײנאַכט זענען מיר לחלוטין נישט אין שטאַנד געווען. מיר האָבן זיך בשום אופן נישט געקענט אָפּזאָגן פון דער האָפענונג, אַז דווקא אַלטשילערס און פעדערמאַנס קרובים אין שעדלעץ זענען ניצל געוואָרן און מיר וועלן זיך קענען דאָרט אָפּרוען.

# מען מוז איבערלאָזן אַ שריד ופליט

דערנענטערנדיק זיך צו דער שטאָט, האָבן מיר באַשלאָסן צו פּאַרקירעווען צו דער זייט, וואָס איז נישט געווען אַזוי שטאַרק ארומ־געכאַפּט פון די שרפות. דער הויפּטציל פון די באָמבאַרדירונגען איז, זעט אויס, געווען די באַן־ליניע מיט די „וויאַדוקטן". האָבן טאַקע די באָמבאַרדירונגען אַממערסטן געטראָפן די שטאָט־טיילן, וואָס זענען געלעגן נענטער צו דער באַן־ליניע. און דער זייט שטאָט איז די פינצ־טערניש געווען אַזוי געדיכט, אַז מען האָט ממש קיין טריט נישט געזען פאַר זיך. די פייער־פלאַמען אַרום האָבן געבלענדט אין די אויגן און די פינצטערניש נאָך געדיכטער געמאַכט. אַפילו די ח"ח פעדער־מאַן און אלטשילער, וואָס האָבן גוט געקענט די שטאָט, האָבן זיך נישט געקענט אָריענטירן. פאַר זיך און הינטער זיך האָט מען כסדר געהערט אַליאַרמירנדיקע סיגנאַלן פון אויטאָס און רעפלעקטאָרן. ענדלעך זענען מיר אַרויס פון פינצטערן זאַק, אויף דער הויפּט־גאַס. דאָ האָבן זיך די ח"ח אַלטשילער און פעדערמאַן דערוווסט, אַז זייערע קרובים זענען אַרויס גאַנץ פון גיהנום. מיט די לעצטע כוחות זענען מיר אהין געגאַנגען, טרוימענדיק וועגן אַ שטול, אַ בענקל, אַ שטיקל פּאָדלאָגע, ווו די מידע גלידער אָוועקצולייגן.

אַז מיר זענען שוין ענדלעך אָנגעקומען, איז אונדז ערשט רעכט ביטער געוואָרן אויפן האַרצן. די שטובן, אין וועלכע מיר זענען אריין, האָבן ווירקלעך אויסגעזען ווי נאָך אַ שרפה. וואַליזקעס און פּעק, גרוי־סע און קליינע, האָבן פאַרלייגט די פּאָדלאָגע; די שטוב־מענטשן, זיצנ־דיק אָנגעשפּאַרט אויף די פּעק, האָבן זיך שווער, ווי אָן כוחות, אויפ־

געהויבן. אין ערשטן אויגנבליק האָבן זיי זיך אַפּילו איבערגעשראָקן, נאָר דערזעענדיק די קרובים, האָבן זיי זיך באַרואיקט און זייער פריינדלעך באַגריסט זיך מיט אַלע. „איר זענט געקומען צולויפן צו אונדז, און מיר זיצן דאָ און טראַכטן, וווהין מיר זאָלן לויפן" — שמייכלט פינצטער דער באַלעבאָס פון שטוב. „אַז מיר זענען נאָכן היינטיקן טאָג לעבן געבליבן, איז אָ סימן, אַז אַ מענטש איז שטאַרקער פון אייזן" — פילאָזאָפירט די פרוי זיינע, אַ קליינע שוואַרצע יידענע, וועלכע האָט אַליין אָנגעהויבן אַרויסצושלעפן די פעק אין דער זייט, כדי צו מאַכן פּאַר די געסט גרוימער אין שטוב. באַלד איז געוואָרן טיי אויך און צו פאַרבייסן האָט אויך נישט אויסגעפעלט, און אַלע שטוב־מענטשן האָבן זיך אַרום אונדז געפּאַרעט, גאַרנישט ווי נאָך אַזאַ גיהנום־טאָג, וואָס זיי האָבן געהאַט איבערגעלעבט. אַט וואָס יידן זענען, האָב איך געטראַכט ביי זיך. אַפּילו דאָס אומעטיקע פּנים פון באַלעבאָס האָט זיך צוריק אויסגעלייטערט, ווי ער וואָלט הנאה געהאַט דערפון, וואָס ער קען נאָך דערווייל אַנדערע העלפן.

דאָס וואָס מיר האָבן זיך אָנגעהערט וועגן דעם איינעם גרוילעכן יום־הדין פון שעדלעץ, ווי די פרוי האָט אים אָנגערופן, איז פולשטענדיק געגוג געווען זיך איבערצוצייגן, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַן אכזריותדיקן שונא, וואָס נישט נאָר ער רעכנט זיך נישט מיט גאַרנישט, מיט קיין שום מענטשלעכע געזעצן, נאָר ער האָט אַ ווילדע סאַדיסטישע הנאה צו מאָרדן, צו פאַרניכטן, צו פאַרטיליקן. די פליער האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיטן אָנגעמאַכטן חורבן; די שרפות, דאָס יאָמערלעכע געשריי פון די אומגליקלעכע, וואָס זענען געלאָפן אין וואַנזיניקער טויט־שרעק פון די אויפגעריסענע ברענענדיקע הייזער, האָבן, זעט אויס, נאָך מער צעפלאַקערט זייער חיהשע בלוט־דורשטיקייט, האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט גאָר נידעריק און מיט מאַשין־געווער באַשאָסן די, וואָס האָבן זיך געפּרוווט ראַטעווען. „איז דען מעגלעך, פרעגט דער באַלעבאָס צוריק מיט אַ פינצטער פּנים, איז דען מעגלעך זיך צו ראַטעווען פון אַזאַ שונא?"

אין מיטן שמועס איז עמיצער אַרײַנגעקומען און דערציילט, אַז ער האָט אָקאָרשט געהערט זאָגן אויף דער גאַס, אַז ח' ערליך און מענדעלסאָן זענען אַנגעקומען קיין שעדלעץ, אָבער מען ווייסט נישט ווו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אַ טייל פון אונדז זענען אַרויס אין גאַס אַריין נאָכפרעגן זיך, דערוויסן זיך עפּעס, אָבער אָן שום רעזול־טאַט. מידע האָבן מיר זיך צוריק אומגעקערט אין שטוב אַריין, כדי אַרײַנצוכאַפּן נאָך אַ קורצן דרימל. מיר האָבן געהאַט באַשלאָסן צו לאָזן זיך אין וועג אַריין באַלד פאַרטאָג, אַזוי ווי עס וועט נאָר אָנהייבן גרויען. פון דער פּראַקטיק האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז פּונקט 6 פאַר־טאָג הייבט דער וויסטער מחבל אָן זיין מאָרד־אַרבעט. מיר האָבן אויך געוווּסט, אַז טראָץ די העפטיקע באָמבאַרדירונגען איז איינער פון די הויפּט־וויאַדוקטן געבליבן כמעט אומבאַשעדיקט און אונדזער ווייטערדיקער וואנדער־וועג האָט גראָד געפירט דורך דעם וויאַדוקט. פאַרשטייט זיך, אַז דער שלאָף איז שוין געווען זייער אַן אומרואיקער. מען האָט מורא געהאַט צו פאַרשפּעטיקן. און איידער וואָס ווען, איז מען שוין ווידער געשטאַנען אויף די פיס.

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן אין וועג אַריין. איך זאָג גרייטן, ווייל נאָך דעם פריערדיקן טאָג האָט מען געוויסע זאַכן געמוזט אויך גיך צורעכט מאַכן. איך בין אַרויס זיך איינשאַפן אַ פּאָר שיך־שניר־לעך. אַזוי ווי אַלץ איז געווען פאַרמאַכט, בין איך פּשוט געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, ביז איך האָב פאַרבלאָנדזשעט אין עפּעס אַ שטיבל אָדער אַ קליין בית־המדרשל. איך האָב שוין געהאַלטן ביים צוריק אַרויסגיין, דערהער איך, ווי עמיצער שרייט מיר נאָך. בין איך שטיין געבליבן ביי דער טיר. דער וואָס האָט מיר נאָכגעשריען איז דערווייל צוגעקומען נענטער. דאָס איז געווען אַן עלטערער ייד אָנגעטאָן אין טלית און תפילין. „שלום־עליכם, אַ ייד, וואָס אַנטלויפט איר אַזוי? איר זענט קענטיק נישט קיין היגער. יידן לויפן, מען לויפט פון אומעטום. איר וואָלט זיך דאָ אפשר אָפּגעשטעלט אויף שבת, אַ ייד דאַרף נישט לויפן אום שבת" — אָבער וואָס רעדט איר, שריי איך אויס אָן

אויפגערעגטער — מען האָט דאָך דאָ נעכטן אָנגעמאַכט אַ חורבן און ווער ווייסט, וואָס היינט וועט דאָ זיין. אויב איר האָט דאָ אַ פרוי מיט קינדער, וואָלט איך אייך געעצהט, אַז איר זאָלט זיי באַצייטנס אַרויס־ראַטעווען. עס איז דאָך ערשט פרייטיק פאַרטאָג. איבריקנס, זאָג איך, פקוח נפש דוחה את השבת. מען זאָגט דאָך, די גאַנצע שטאָט איז זיך צעלאָפן אין די נאָענטסטע דערפער. — „נישט די גאַנצע שטאָט איז זיך, הלילה וחס, צעלאָפן, מען טאָר עס גאָרנישט. מען טאָר נישט איבערלאָזן אַליין אַ יידישן ישוב. איר וועט זען, מיר וועלן דאָ נישט איין מנין נאָך האָבן אויף שבת. אַלע טאָרן נישט אַנטלויפן, אַ שריד ופליט מוז בלייבן"...

אַז איך בין צוריקגעקומען, האָב איך שוין געטראָפן חברה ביי דער טיר מיט די פעקלעך גרייט צום גיין. מיר זענען אַוועק אין דער ריכטונג צום וויאַדוקט. דער טאָג האָט זיך ווידער געשטעלט אַ העל־לער, אַ ליכטיקער, ווי אויף דער וועלט וואָלט גאָרנישט נישט געשען. אַ סך הייזער האָבן נאָך געברענט. אַ שטיקנדיקער רויך האָט זיך פו־נאַנדערגעשפרייט, געהויבן זיך אין דער הייך. ווי אַ געדיכטער נעפל. מענטשן, ווי שאָטנס, זענען ארומגעגאַנגען צווישן די נאָך ברענענ־דיקע חורבות, געניששטערט און געזוכט. צו אַ זייטיק געסל, ווו עס איז, זעט אויס, געבליבן גאַנץ אַ שפּיטאָל־געביידע, האָט מען גע־טראָגן פאַרוווּנדעטע, אויסגעגראָבענע פון אונטער די חורבות. מענ־טשן מיט צעבראָכענע שאַרבנס, מיט אָפּגעריסענע גלידער, האַלב אָדער גאַנץ פאַרסמאַליעטע. מען האָט קיין קרעכצן נישט געהערט, ס'רוב זענען שוין געווען טויט.

אויף די גאַסן האָט זיך ביסלעכוויז אָנגעהויבן אַ שטיקל באַ־וועגונג. אַלע האָבן געקוקט אין דער ריכטונג פון וויאַדוקט, פון דאָרט האָט מען זיך געריכט אויף פרישע צרות. מיט שנעלע טריט, כמעט לויפנדיק, האָבן מיר זיך דערנענטערט צום מקום־פורעניות. עס איז שוין געוואָרן פולער טאָג, אַ געוויינלעכער לויטערער זומער־טאָג. די זון האָט געלויכטן, פייגעלעך האָבן געצוויטשערט, נאָר די מענטשן

זענען געלאָפן ווי וואַנזיניקע מיט טויט־שרעק אין די אויגן. אַט לויפט אַרויס פון אַ קווער־געסל אַ כוואַליע מענטשן מיט צעשראָקע־נע פּנימער, שטופּנדיק און שטויסנדיק איינער דעם צווייטן. אַ פרוי מיט אַ טיכל אין דער האַנט לויפט פאַרויס און פאַכעט מיט פאַר־צווייפלונג, ווי זי וואָלט וועלן אָפּיאָגן פון זיך עפּעס שרעקלעכס. „גאַז, גאַז" — שרייען אַלע מיט באַנומענע קולות. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס האָט דער ווינט דאָרט אָנגעיאָגט אַ געדיכט־שטיקנדיקן רויך־וואָלקן.

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען צום וויאַדוקט. אַ טויטע שטיל־קייט האָט געהערשט אַרום. גריבער, ריזיקע ערד־ריסן, קראַטערס, אויסגעריסענעביימער, פאַרסמאַליעטע באַן־שוועלן, שטיקער רעלסן, חורבן און פאַרניכטונג. מיר האָבן אָנגעהויבן לויפן מיט אויסגעבוי־גענע קעפּ, ווי מען לויפט דורך אַ פייער־בראַנד. מיר זענען אַזוי גע־לאָפן אָן אָטעם א פּופצן מינוט, ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַ וועלדל און פאַרשטעקט זיך דאָרט. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און באַלד איז אַלץ אַרום פאַרטויבט געוואָרן פון שווערע טעמפּע קלעפּ, אויפרייסן און עקספּלאָזיעס. די ערד האָט זיך געוויגט און געציטערט. דער צווייטער טאָג פון חורבן־שעדלעץ האָט זיך אָנגע־הויבן. איך האָב זיך דערמאָנט אינעם ייד פון בית־המדרש און גע־טראַכט, צי וועט בלייבן אַ שריד ופליט?

מיר האָבן געהאַלטן פאַר געפערלעך צו ליגן אַזוי נאָענט פון טייזול, און מיר זענען כמעט נישט אָפּרוענדיק זיך, אַוועק ווייטער. „שטאַרקער פון אייזן איז דער מענטש", האָב איך זיך דערמאָנט אין דער פילאָזאָפיע פון דער שעדלעצער יידענע „אַז ער מוז קען ער אַלץ איבערווינדן". צוויי נעכט כמעט נישט געשלאָפן, ווייניק, זייער ווייניק געגעסן, נישט ווי געהעריק ארומגעוואַשן, די מלבושים אָנגע־זאַפּט מיט שווייס און שטויב, און דאָך איז מען געשטאַנען אויף די פיס, געשפּאַנט צענדליקער קילאָמעטער אַ טאָג, אָפּטמאָל אויף זאַמ־דיקע פּוילישע וועגן אונטער די ברענענדיקע שטראַלן פון דער זון.

י. ראָטנבערג

און נישט נאָר די שטאַרקע, נאָר אויך די שוואַכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ מערקווירדיקן אויסדויער און געדולד.

דעם שטח צווישן שעדלעץ און מעזריטש האָבן מיר, צום גליק, אַדורכגעמאַכט אָן באַזונדערע מכשולים. אין מעזריטש זענען מיר אָנגעקומען פרייטיק אַרום 6 אַזייגער פאַרנאַכט.

## די מעזריטשער יידן האָפן...

אַ מאָדנע רואיקייט האָט געהערשט אין דער דאָזיקער שטאָט; זוי זי וואָלט זיך געפונען אין גאַנצן אין דער זייט פון שרעקלעכן מלחמה־גיהנום. אַזוי האָט זיך אונדז יעדנפאַלס געדאַכט. וואָס ווייטער מיר זענען אַריין אין שטאָט, אַלץ מער האָט זיך פאַרשטאַרקט דער דאָזיקער איינדרוק, אַז מיר זענען אריינגעפאַלן אין עפּעס אַ רואיק, פרידלעך ווינקעלע, וואָס איז על פּי נס דערוויל ניצול געוואָרן פון די אַלע אומגליקן, וואָס מיר האָבן ביז איצט אָנגעטראָפן אויף אונדזער וועג.

אַ פּריוואַט־פּאַרנאַכט אין אַ קליין שטעטל. יידן שוין אָנגעטאָן האַלב שבתדיק זענען געזעסן אויף די בריקלעך פאַר די שטיבן, לעבן זיי האָבן זיך געשפּילט אויסגעצוואָגענע קינדער. דורך די אָפענע פענצטער האָט מען געקענט זען, ווי מען מאַכט שוין די לעצטע הכנות צום שבת. די ריחות פון שבתדיקע פיש און יויכן־פלייש האָבן זיך אַרויסגעריסן דורך די פענצטער אויף דער גאַס, געקיצלט אין נאָז און געמאַכט אַ פייכטקייט אין מויל. אַט פירט אַרויס אַ יונגע מאַמע אַ קליין ייִנגעלע, אקאַרשט, זעט אויס, אויסגעצוואָגן. דאָס ייִנגעלע איז אָנגעטאָן אין אַ ריין פריש זומער־אַנצוגל. זי פאַרריכט אים דאָס קעלנערל און זאָגט אים אָן, אַז ער זאָל זיך נישט איינשמוציקן. דאָס קינד רייסט זיך מיט אומגעדולד צו די קינדער, וואָס שפּילן זיך. די מוטער קוקט אים נאָך מיט אַ וואַרעמען און צאַרטן שמייכל. „שוין לאַנג אַזאַ שמייכל נישט געזען", באַמערקט אַלטשילער.

די מעגטשן, וואָס מיר טרעפן אָן אויפן וועג באַגריסן זיך מיט אונדז זייער פריינדלעך. מיר זענען דאָ נישט די ערשטע. איינער אַ ייד דערציילט אונדז, אַז שוין באַלד פון אינדעדפרי שטראָמט עס און שטראָמט מיט פליטים. ס'רוב שטעלן זיך נישט אָפּ, מען לויפט ווייטער. דערביי דערציילט ער אונדז אַ מאָדנע געשיכטע: מיט צוויי טעג צוריק ד"ה מיטוואָך, האָט דער שטאָט־סטאַראָסטע אָנגעזאָגט דער באַפעלקערונג, אַז מען דאַרף זיך ריכטן אַ ליאַדע טאָג אויף אַ שווערן אָנפלי און ער עצהט דעריבער, אַז מען זאָל זיך אויסבאַהאַלטן אין די שכנותדיקע וועלדער. פאַרשטייט זיך, אַז די גאַנצע באַפעלקערונג האָט געפאָלגט די עצה. „צום גליק האָט זיך אַרויסגעוויזן — שמייכלט דער ייד — אַז אומזיסט איז געווען די גאַנצע טרחה, עפּעס איז יאָ דורכגעפלויגן אַן אַעראָפּלאַן, נאָר נישט אומגעקוקט זיך אַפילו. אַ סברה, וויצלט ער זיך, אַז זיי ווילן אונדז אין גאַנצן אויסמיידן".

„פאַרוואָס?" פרעגט עמיצער פון אונדז. „ווייל אונדזער שטעטל — דערקלערט שוין דער ייד גאַנץ ערנסט — ליגט אין אַ זייט, מען ווייסט עס נישט, מען קען עס נישט. שעדלעך איז אַ באַן־קנופּ, ביאַלע האָט אַן אַעראָפּלאַנען־פאַבריק און האָט אַפילו זוכה געווען צו האָבן ביי זיך אַזאַ גאַסט, ווי גערינג ימח שמו וזכרו, אָבער דאָ, ביי אונדז, האָבן זיי גאָרנישט, אַ ביסל פאַבריקלעך, חזיר־האָר, כ'וויס אַפילו פאַר די ווילדע חזרים איז עס קיין ענין נישט". — אָבער איר געפינט זיך דאָך פונקט אין מיטן — וואַרפט עמיצער אַריין פון דער זייט אַ באַמערקונג. „גייט שוין גייט, אין מיטן, רופט זיך אָן אַ צווייטער מעזריטשער תושב — און אַז אין מיטן איז וואָס, פאַר אַן אַעראָפּלאַן איז עס אַ קאַצן־שפּרונג פון שעדלעץ קיין ביאַלע, ער באַמערקט גאָרנישט, אַז מיר זענען אין דער מיט... אחוץ אַלע מעשיות, איר זעט דאָך, ביז היינט געלויבט איז השם יתברך, האָט עס אונדז אויסגעמיטן, הלוואי ווייטער, לאָמיר האָבן ביטחון... מיר וואָלטן אייך געעצהט יידן, איר זאָלט ווייטער נישט לויפן, שטעלט זיך דאָ אָפּ, דערווייל איז דאָך דאָ רואיק. איר ווייסט דען ווו צו לויפן, צו וועמען צו לויפן?

דערווייל אַנטלויפֿט איר פֿון דער אייגענער היים, פֿון אייגענער מש־פּחה, פֿון אייגענע ווייב און קינד"...

די דאָזיקע שטימונג פֿון די קליינשטעטלדיקע יידן, זייער גע־מיטלעכקייט און ביטחון האָט באַרואיקט, די געשפּאַנטע נערוון האָבן אַ ביסל נאָכגעלאָזט. מען האָט אונדז אַריינגענומען אין די שטובן, ווי אייגענע, ווי באַקאַנטע. די וואַרעמע און אויפריכטיקע זאָרג, די האַר־ציקע גאַסטפריינדלעכקייט זענען געווען ממש רירנדיק. מיר האָבן זיך דאָ דאָס ערשטע מאָל גוט ארומגעוואשן, רואיק געגעסן און אָפּגערוט זיך. שוין שפּעטלעך אין אָוונט זענען מיר אַוועק אין שטאָט אַריין זוכן באַקאַנטע, דערוויסן זיך עפּעס נייעס, לעצטע נייעס פֿון וואַרשע. אין שטאָט האָבן מיר טאַקע אָנגעטראָפֿן אַ סך פּליטים, דערוווסט זיך פֿאַרשידענע נייעסן פֿון דעם מין: „מען זאָגט..." צווישן אַנדערע די סענסאַציאָנעלע ידיעה וועגן אויסברוך פֿון אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, אַז אָט־אָט ווערט געשלאָסן וואָפֿן־שטילשטאַנד און אַז די פּליטים ווערן אויפֿגעפֿאָדערט אומצוקערן זיך אויף די ערטער,— מיט איין וואָרט — אַלץ אַזעלכע סענסאַציעס, וואָס האָבן אויסגעזען צו זיין צו גוט, אַז מען זאָל זיי גלייבן...

פֿון באַקאַנטע האָב איך זיך אויך דערוווסט, אַז די ח"ח: קאַזש־דאַן, מענדעלסאָן, גילינסקי זענען דאָ אין מעזריטש, אַז דער ח' אַל־טער קערט זיך אום אין דער ריכטונג אויף לובלין. מען האָט אויך איבערגעגעבן בסוד, אַז ח' ערליך מיט דער פֿאַמיליע זענען אָנגעקומען נאָך מיטאָג. אין זעלביקן אָוונט האָט זיך מיר איינגעגעבן אָפּצוזוכן קאַזשדאַנען. מיר האָבן זיך זייער דערפֿרייט פֿון דער אומגעריכטער באַגעגעניש און גערעדט אַפֿילו וועגן גיין ווייטער צוזאַמען. צומאָרגנס האָב איך זיך דערוווסט, אַז ער האָט קוים באַקומען צוויי ערטער אין אַ לאַסט־אויטאָ פֿאַר זיך און זיין זון און זיי זענען אַוועקגעפֿאָרן קיין קאָוועל. מענדעלסאָנען ווידער האָב איך בשום אופֿן נישט געקענט אויסגעפֿינען, קיינער האָט נישט געוווסט זיין געצויעם אַדרעס. איך האָב שוין געהאַט רעזיגנירט און אויפֿגעהערט זוכן, העלפֿט גאָט, אַז

אַריינגייענדיק אין אַ ראַזיר־אַנשטאַלט, זאָל איך אים דאָרטן טרעפן. צוליב דעם אָבער וואָס ער האָט זיך שטאַרק געאײַלט צום ח' ערליך, האָבן מיר נישט געקענט וועגן אַלץ צונויפרעדן זיך. מיר האָבן זיך נאָר אָפּגערעדט צו טרעפן זיך פיר אזייגער נאָך מיטאָג אין דער פּאָלקשול, ווו עס געפינט זיך ח' ערליך מיט זיין פאַמיליע און די איבעריקע פון זייער גרופּע.

און מעזריטשער יידן האָבן זיך געפּראַוועט שבת. מיט רואיקע פּאַמעלעכע טריט איז מען צוריקגעגאַנגען פון דאַווענען. די טראָטואַרן זענען געווען פול מיט מענטשן, מען האָט זיך געמיטלעך באַגריסט מיט „גוט שבת". די עלטערן האָבן גערופן די קינדער, וואָס האָבן שפּאַצירט אויף די גאַסן, אַז זיי זאָלן מיטגיין אַהיים צו דער שבת־סעודה. אַזוי ווי עס וואָלט גאָר קיין מלחמה נישט געווען — טראַכט איך זיך. צי איז דאָס זעלבסטנאַרעריי אָדער ביטחון, דער שטאַרקער יידישער ביטחון? נישט וועלנדיק, אפּנים, פאַרלאָזן די דאָזיקע רואי־קייט, האָבן מיר געהאַלטן אין איין אָפּלייגן דאָס אַוועקגיין. ענדלעך האָבן מיר באַשלאָסן צו זאַמלען זיך 4 אַזייגער נאָכמיטאָג אין לאָקאַל פון פּאָלקסקלוב. פון דאָרט האָבן מיר געזאָלט צוגיין צו דער פאָלקס־שול, ווו עס האָט זיך געפונען ערליכס פאַמיליע און פון דאָרט אַוועק־גיין ווייטער אויפן וועג קיין ביאַלע.

אַרום 4 אַזייגער האָבן מיר זיך אָנגעהויבן זאַמלען. כמעט אַלע זענען געקומען פּינקטלעך. פונקט 4, ווען מיר האָבן זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין צום שוללאָקאַל האָט מען פּלוצלונג דער־הערט אַ זשומען פון אַן אַעראָפּלאַן און באַלד דערויף אַ שטאַרקן אויפרייס, אַז אַלע שויבן האָבן אָנגעהויבן ציטערן. מען האָט נאָך נישט באַוויזן צו קומען צו זיך פון דער ערשטער שרעק, אַז מען הערט שוין אַ שווער עגבערנדיק זשומען פון אַ גרויסער צאָל מאַשינען. דורכן פענצטער האָט מען געקענט זען, ווי זיי דרייען זיך אין אַ ברייטן קרייז, דער קרייז ווערט אַלץ שמעלער און ענגער, זיי לאָזן זיך אַראָפּ נידעריקער און נידעריקער. דאָס דאָזיקע קרייזלען און מאַ־

נעווירן האָט געדויערט אַ היפּשע ווײַלע און אַ טויטע שטילקייט האָט באַהערשט דאָס גאַנצע שטעטל, עס האָט ממש אָפּגעקלונגען אין די אויערן. פּלוצלונג האָט אַלץ אויפגעציטערט... די אויפרייסן און עקספּלאָזיעס האָבן זיך אָנגעהויבן און זיי זענען געוואָרן אַלץ אָפטער און האַסטיקער, צונויפגיסנדיק זיך אין איין שרעקלעך־באַטויבנדי־קער דעטאָנאַציע. אַלץ האָט אָנגעהויבן ציטערן און טרייסלען זיך. די גאַנצע געביידע פון לאָקאַל האָט זיך געשאָקלט, די פענצטער האָבן זיך אויפגעריסן און עס האָט זיך דערהערט א בראזגען פון צעבראָ־כענע שויבן. פון אַלע פענצטער אַרום זענען געפאַלן די שויבן. באַלד האָט מען דערזען ריזיקע פייער־צונגען און געדיכטע רויך־וואָלקנס, געטראָגן פון ווינט, האָבן זיי איינגעהילט אַלץ, ווי אין אַ נעפּל. און דאָס בייזע ווילדע הודזשען פון די פליענדיקע חיות רעות האָט אַלץ נישט אויפגעהערט; זיי האָבן נאָך אַלץ געקרייזלט איבערן שטעטל, ווי עס וואָלט זיי אַ שאָד געווען צו פאַרלאָזן די וואַקכאַנאַליע פון חורבן און פאַרוויסטונג. אָט לאָזן זיי זיך אַראָפּ נאָך נידעריקער, גאָר נידעריק, ווי זיי וואָלטן וועלן גוט אָנקוקן די פון טויט־שרעק לויפנדיקע מענ־טשן, איינהערן זיך צו זייערע יאָמערלעכע געשרייען. אן ערך צוואַנ־ציק מינוט האָט געדויערט די באָמבאַרדירונג, איבערגענוג אויף חרוב צו מאַכן די גאַנצע פאַרשטאָט. עס איז אויך געווען אַ גרויסע צאָל מענטשן־קרבנות.

נאָך דער באָמבאַרדירונג זענען מיר אַוועק צום לאָקאַל פון דער פּאָלקשול. די שטאָט איז שוין נישט געווען צו דערקענען. אן אומ־געהייערע פּאַניק. פּשוט אַ טויט־שרעק, האָט אַרומגעכאַפּט אַלעמען. די ערשטע באָמבאַרדירונג, וואָס איז געווען אַזאַ אומגעוויינלעך העפ־טיקע, האָט די מענטשן ווי מיט איין מאָל איינגעבראָכן. פרויען מיט פאַרבראָכענע הענט זענען געלאָפן פאַרצווייפלטע און געשריען: גע־וואַלט, וואָס טוט מען, ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך? ס׳רוב זענען געלאָפן אין דער ריכטונג, וווּ עס האָט געברענט, כדי צו דערוויסן זיך וועגן קרובים און פריינט. די באַפעלקערונג האָט זיך גענומען

פּאַקן. דאָס האָט מען געקענט באַמערקן דורך די אָפענע פענצטער. צו דער געביידע פון דער שול איז געווען א היפּשער מהלך, האָבן מיר זיך געאיילט וואָס גיכער. מיר האָבן, אגב, געוואָלט פאַרלאָזן די שטאָט וואָס פריער, ווייל פון דער קורצער דערפאַרונג האָבן מיר שוין גע־ווּסט, אַז יעדער שטיקל פאַרניכטונגס־אַרבעט פירן די דייטשן אדורך אין צוויי טורן. אַ שטיקל האָפענונג האָבן מיר דאָך צוגעלאָזט, אַז אַזוי ווי דער פאַרנאַכט הייבט שוין אָן צופאַלן, וועט מען אפשר אָפּקומען מיט איין מאָל.

און אָט זענען מיר שוין ביי דער געביידע פון דער פאָלקשול. עס איז געגנוג געווען אַ קוק צו טאָן אויף די פּנימער פון די חברים, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, כדי זיך איבערצוצייגן, אַז אויך זיי האָבן נישט איבערגעלעבט קיין קליינע שרעק. אויך דאָ האָט מען גע־האַלטן, אַז מען דאַרף וואָס שנעלער פאַרלאָזן די שטאָט. עס איז אָבער געווען איין וויכטיקע מניעה: די פּרויען ערליך און שוערער זענען בשום אופן נישט אימשטאַנד געווען צו גיין צופוס. און פּורלעך צום פאָרן האָט מען אין בעסטן פאַל געקענט ערשט קריגן אין אָוונט, מוצא־שבת. מילא, האָט מען באַשלאָסן צו צוואַרטן ביזן אָוונט און דער־ווייל אויסנוצן די צווישנצייט אויף איינצושאַפן זיך אַ ביסל בייטיקע פּראָדוקטן.

מיר זענען אַלע אַרויס פון לאָקאַל אין דער ריכטונג צו דער שטאָט. מיר האָבן נישט באַוויזן אָפּצוגיין קיין צוואנציק טריט, אַהאַ, עס הערט זיך שוין ווידער דאָס בייזע ברומען און הודזשען, און איי־דער וואָס ווען — שרעקלעכע עקספּלאָזיעס. דאָס מאָל האָט זיך דער בייזער צאָרן אויסגעגאָסן אויפן סאַמע יידישן צענטער. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן און זוכן א פאסיק באַהעלטעניש. גראָד נישט ווייט פון אונדז איז געווען אָן אָרט שיטערלעך באוואקסן מיטביימלעך, האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן אהינצוצו. קוים צוגעקומען צום מיכלומרשטן וועלדל, אַז מיר דערזעען אַ פייער, וואָס צעפלאַמט זיך אַלץ שטאַרקער. הינטער דעם וועלדל האָבן זיך געפונען עטלעכע

פויערישע הייזקעס, איז פאַר איינער פון די דאָזיקע הייזקעס געשטאַ־נען אַ פויער און מיט די פיס פונאַנדערגעקאָפּעט אַ קופּע שטרוי, כדי דאָס פייער זאָל קענען זיך גוט צעפלאַקערן. מיר האָבן אָנגעהויבן שרייען אויף אים, מיט אויפרעגונג געוואָרנט אים, אַז דאָס איז שפּיאָ־נאַזש־אַרבעט. ער אָבער האָט מיט אן אמת פויערישער טעמפּקייט זיך ווייטער געטאָן זיין אַרבעט. די פרויען זענען אַריינגעפאַלן אין אַ היסטעריע און געמאַכט אַזעלכע יללות און געשרייען, אַז די האָר אויפן קאָפּ האָבן זיך אויפגעשטעלט. אויפגערעגטע האָבן מיר זיך געוואָרפן אויפן פויער, אָוועקגעשטויסן אים פון פייער און צע־טראָטן דאָס שטרוי מיט די פיס. אין ווילדער שרעק זענען מיר אַוועק־געלאָפן פון דאָרט צום צווייטן ראַנד פון וועלדל. מען איז קוים דער־לאָפן, די אויפרעגונג און שרעק האָבן די לעצטע כוחות אויסגעשעפּט. און אָט ליגט מען שוין צוגעדריקט צו דער ערד. די שרעקלעכע אויפ־רייסן הערן נישט אויף קיין איין רגע. און ווערט א קורצע ווײלע שטיל, דערטראָגן זיך פון ווייטנס אָפּגעריסענע געשרייען און דאָס הודזשען פון די אַעראָפּלאַנען. איך הייב אויף דעם קאָפּ פון דער ערד ארומצוקוקן זיך, ווי ווייט מיר זענען פון דער באָמבאַרדירטער געגנט, דערזע איך, אז ערליך שטייט און קוקט אָנגעשטרענגט. צי האָט ער געקוקט אויף אונדז, וואָס האָבן זיך אָקאָרשט געוואָרפן אויף דער ערד ווי וואַנזיניקע, צום טויט־דערשראָקענע באַשעפענישן? צי האָט ער זיך איינגעקוקט אין דער וויסטער נאַכט, אין הימל, וואָס האָט געפלאַמט אין רויטן אָפּשיין פון פייער? צי האָט ער אויפגעכאַפּט די האַרצרייסנדיקע יללות פון די אומגליקלעכע?

איך האָב אויסגעשפּרייט מיין זומער־מאַנטל און פאַרגעלייגט אים אַוועקצוזעצן זיך. איך בין זיכער געווען, אַז לייגן זיך וועט ער בשום אופן נישט. „מען דאַרף צוגיין העלפן דאָרטן", האָט ער שטיל געזאָגט, אָבער כמעט אַלע האָבן עס דייטלעך געהערט. אַזויפיל מיט־לייד און צער און — צו דער זעלבער צייט — פאַדערונג, האָט זיך געהערט אין די ווערטער. אַ טייל פון אונדז זענען אויפגעשטאַנען

און געלאָזט זיך אין דער ריכטונג פון די געשרייען. דאָס געברום פון די אַעראָפּלאַנען האָט אַ ווײַלע אויפגעהערט, און די פּאַרצווייפלטע געשרייען האָבן זיך געריסן עד לב השמים. מיר זענען שוין געהאַט צוגעקומען גאַנץ נאָענט, אַז עס טוט זיך אַ ריס־אַריין ערגעץ פון דער זײַט, ווו דער הימל איז נאָך נישט געווען פאַרגאָסן מיט פייערפלאַם אַ ווילדער געברום אויפסניי און ווידער ציטערט אַלץ אויף פון די שרעקלעכע אויפרייסן. די געשרייען וואָס האָבן דאָס מאָל דורכ־געשניטן די לופט, זענען שוין נישט געווען קיין נאָרמאַלע געשרייען פון פאַרצווייפלטע, נאָר ווילדע גרוילעכע ריטשען פון מענטשן באַ־נומענע און וואַנזיניקע. איך בין געבליבן שטיין אַ געליימטער, נישט געקענט זיך רירן פון אָרט און נישט געפּרוווט אַפילו זיך אויסבאַ־האַלטן. א ים פון פייער האָט פאַרגאָסן די נאַכט, ארײַנגעריסן זיך אין דער פינצטערניש און פאַריאָגט זי אַלץ ווײַטער און ווײַטער. דער ווינט האָט געטריבן די פייער־צונגען און רויך־סלופּעס אין א פאַרקערטער פון אונדז ריכטונג. און דאָס יאָמערלעכע געשריי האָט אַלץ נישט אויפגעהערט. מענטשן זענען געלאָפן הין און צוריק צווישן די ברע־נענדיקע הײַזער, ווי זיי וואָלטן געדרייט זיך אין א פייער־קאַראַהאָד. אין די פּנימער קיין שום אויסדרוק פון באַוווסטזיין, פון שרעק־פאַרשטיינערטע מאַסקעס. אַ פרוי כאַפּט אַ קינד אויף די הענט און הייבט אָן לויפן. שטעלט זיך פּלוצלונג אָפּ, ווארפט עס אַוועק און לויפט צוריק. אַט לויפט אַן עלטערער ייד, טראָגנדיק איןביידע הענט אַ גרויסן וואַנט־זייגער, מיט אמאָל צעשפּרייט ער די הענט און דער זייגער פאַלט אראָפּ אויף דער ערד. ער קוקט זיך אפילו נישט אום און לופט צוריק. דאָס פייער האָט זיך דערווייל צונויפגעגאָסן אין איין ריזן־פלאַם. וועגן אָפּראַטעווען זאַכן האָט שוין נישט געקענט זײַן קיין רייד, מען האָט געדאַרפט ראַטעווען די נפשות.

שפּעט ביינאַכט האָבן מיר פאַרלאָזט מעזריטש. די ערליך־מענדעלסאָן־גרופּע איז נאָך פאַרבליבן, ווייל זיי האָבן נאָך אַלץ גע־האָפט צו באַקומען א פורל, הגם נאָך דער צווייטער באָמבארדירונג.

איז עס כמעט געווען אויסזיכטלאָז. גייען מיר, הייסט עס, ווידער אַליין. היינטער אונדז — אַ ריזיקער האַלבקרייז פון פייער, פון וועלכן עס שלאָגט אָפּ אַ טונקל־רויטער אָפּשיין, וואָס שימערירט און ציטערט באַלייכטנדיק דיביימער און די געביידעס העט ווייט אַרום. און פאַר אונדז — צעריסענע און צעפליקטע שטיקער פינצטערניש. ארום אונדז אויף די פעלדער — פלאַקערנדיקע ליכט־שטורקאַצן. דאָס זענען אַזוי אויס די אָנגעצונדענע קוסטעס, קזשאַקעס און סטויגן היי. נישט ווילנדיק, קוקן מיר זיך אַרום. וואָס מער מיר דערווייטערן זיך, אַלץ שטאַרקער ווערט דער איינדרוק פון א גראנדיעזן רויט־גליענדיקן זון־אונטערגאַנג. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז אָבער ווערן מיר איינגעזאַפּט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. דער וועג שניידט זיך איצט דורך אַ געדיכטן וואַלד, די פינצטערניש ווערט טיפער און געדיכטער. מיר גייען האַרט איינער לעבן צווייטן. מען רירט זיך אָן, זען זעט מען גאָרנישט. פון צייט צו צייט שלייכן פאַרביי שאָטנס, איינצלנע, גרופּנווייז, ווו גייען זיי, פאַרוואָס גייען זיי צוריק? מען פרעגט נישט, מען ענטפערט נישט. עס שלייכן פינצטערע שאָטנס אין אַ פינצטערער נאַכט, מען ווייסט אַליין נישט וווהין און נאָך וואָס. מען לויפט און מען אַנטלויפט. די צעמישעניש און שרעק יאָגט און טרייבט די מענטשן. אָט ווערט די פינצטערניש נאָך געדיכטער, א ריזן־שאָטן רוקט זיך אָן, פאַרשטעלט דעם וועג ווי אַ דיקע פינצטערע וואנט, וואָס באַוועגט זיך פאַרויס. אָט הערן מיר מאסנטריט און אַ שווער ריטמיש אָטעמען. דאָ און דאָרט הייבן אָן אויפבליצלען קליינע פייערלעך פון האַנט־לאַמטערנלעך. עס מאַרשירט אַ מיליטער־אָפּטיילונג. „דאָקומענטן!" — הערט זיך אַ געשריי. מען הייבט אָן קאָנטראָלירן אונדזערע דאָקומענטן, קוקנדיק דערביי בייז־פאַרשנדיק אין די אויגן. איצט זוכט מען שפּיאָנען, טראַכט איך, אומזיסט די טירחה, צו שפּעט געכאַפּט זיך. אַזייגער דריי ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין ביאַלע. ביאַלע האָט זיך געדעכנט פאַר אַ געפערלעכן פונקט צוליב דער אַעראָפּלאַנען־פאַבריק, וואָס האָט זיך

דאָרט געפונען. האָבן מיר באַשלאָסן צו מאַכן דאָרט אַ קורצע אָפּרו־פּויזע און באַלד פאַרטאָג זיך לאָזן ווייטער. וווהין? קיין וויסאָקאָ־ליטעווסק. בריסק האָבן מיר באַשלאָסן אויסצומיידן.

כדי אויסצומיידן די אָנפליען, האָבן מיר זיך געהאַלטן וואָס ווײַ־טער פון די הויפּטוועגן, וואָס פירן אין דער ריכטונג פון בריסק. מיר האָבן אויסגעקליבן אַן אומוועג און געשלעפּט זיך אין טיפע זאַמדן. די פעלדער זענען שוין געווען פוסט, זייער זעלטן האָט מען געקענט נאָך זען אַ פאַריתומטן סטויג. אַלץ אַרום האָט אויסגעזען וויסט און פאַרלאָזן. די מענטשן, די בעלי־חיים, אַלץ האָט, זעט אויס, באַהאַלטן זיך אין דאָרף, מורא געהאַט אַ טריט זיך צו דערווייטערן פון שטוב. און וואָס מער מיר האָבן זיך גערוקט צו מזרח, צו ווײַרוסלאַנד צו, אַלץ מער האָבן מיר געפילט, אַז עס ענדערט זיך די אַטמאָספער, די שטימונג און דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די פויערים. מיר האָבן אַלץ עפ־טער אָנגעטראָפן אויף טעמפּן פויערישן שווייגן, אויף אַ מין אײַנגע־האַלטנקייט פול מיט אומצוטרוי און אַפילו אומווילן.

אין איינעם אַזאַ דאָרף, וואָס איז, ווי געוויינלעך, באַשטאַנען ס'רוב פון ווײַסרוסן, בין איך אַרײַן אין אַ פויערישער כאַטע, וואָס האָט זיך געפונען אין סאַמע עק דאָרף. איך האָב געוואָלט פּרווון מזל, אפשר, וווינענדיק ביים סאַמע עק, וועט דער פויער נישט קרעמפּירן זיך עפּעס צו פאַרקויפן. אונדזערע פּראָדוקטן זענען שוין לאַנג געהאַט אויסגעגאַנגען, און צו וויסאָקע איז נאָך געווען אַ גאַר היפּשער מהלך. איך קום אַרײַן און באַוויַיז נאָך נישט אויסצורעדן דאָס ערשטע וואָרט, ווי די פויערטע, נאָך גאָר אַ יונגע און זייער אַ באַחנטע, ברעכט אויס מיט אַ געוויין און כליפּעט: „וואָס טוט מען — רעדט זי אויף פּויליש — דער מאַן איז אין מיליטער, איך בין דאָ איינע אַליין מיט קליינע קינדער צווישן פרעמדע. זיי קוקן אויף מיר ווי אויף אַ שונא, דער־ווייל האָבן זיי נאָך מורא, אָבער ביי דער ערשטער מעגלעכקייט וועלן זיי מיך מיט די קינדער דערמאָרדן". זי שווייגט אַ ווײַלע און צו־טוליענדיק צו זיך ביידע קינדער, אַ ייִנגעלע מיט אַ מיידעלע, זאָגט

זי ווייטער: „וואָס האָבן זיי צו מיר? מיין מאַן איז נישט קיין „אָסאַד־ניק". ער האָט מיט יאָרן צוריק געאַרבעט אין אַ זעגמיל לעבן דראָ־היטשין. האָט ער אָפּגעשפּאָרט א ביסל געלט און אָפּגעקויפט עטלע־כע מאָרגעס ערד ביי אַ פּויערישער אלמנה. מיר אַרבעטן און האָרע־ווען גלייך מיט זיי, קוים מען רייסט עפּעס אַרויס פון דער היגער מאָגערער ערד. עטלעכע חדשים אין יאָר הונגערט מען. איז וואָס האָבן זיי צו מיר?"

איך האָב איר קנאַפּוואָס געקענט טרייסטן, העלפן אוודאי ניט, עס איז איר באמת ניט געווען וואָס מקנא צו זיין. מיר אַליין, אויספילנדיק די פיינדלעכע באַציונג פון די ווייסרוסישע פּויערים, האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אַפילו אַ טרונק צו טאָן, און שנעל, וואָס שנעלער פאַר־לאָזט דאָס דאָרף. וואָס ווייטער אַלץ אָפּטער האָבן מיר אָנגעטראָפן אין די ווייסרוסישע דערפער אויף אַזעלכע מינים סצענעס: אויף דער הויפּטגאַס, וואָס שניידט זיך לענגאויס פון דאָרף, שטייען אויסגע־שטעלט די פּויערים לעבן זייערע כאַטעס, ווי אויף אַ פּאַראַד, און שווייגן. אַלע קוקן אויף, אונדז מיט אָנגעשטרענגטע שאַרפע בליקן און פאַרשלאָסענע מיילער. זיי ענטפערן נישט אויף קיין באַגריסונג, שוין אָפּגערעדט — אויף קיין שום פראַגע. „מען קען קריגן עפּעס עסן פאַר געלט, פאַר אַ סך באַצאָלט?" מען שווייגט. „פאַרדינגט אַ פורל ביז אין נאָענטסטן דאָרף, מיר וועלן צאָלן מיט א סך געלט". אַ שווייגן. איינמאָל, אין אַזאַ שווייגנדיק דאָרף, האָב איך אַ זאָג געטאָן אויף ווייסרוסיש צו אַן אַלטן פּויער, וואָס איז צוזאַמען מיט אַ גאַנצער גרופּע געשטאַנען און געשוויגן, אָבער לייכט געשמייכלט: „אַ שטשאָ סטאַרי אי ווי שטשאָ מאָלטשאַיעטע?" — מען האָט די פערד פאַר־יאָגט אין די וועלדער... הייבט ער אָן ענטפערן, ער האָט נישט באַ־וויזן צו ענדיקן. די פּויערים זענען ווילד געוואָרן פון כעס. מיט ציינקריצעניש האָט מען זיך אָנגעהויבן רוקן אויפן אַלטן, מיט גע־ביילטע פויסטן... מיר זענען שנעל אַוועק, פילנדיק, אַז מיר קענען דאָ שלעכט, זייער שלעכט אָפּשניידן.

## דייטשע טאַנקן לויפן פון אַלע זייטן...

די בחלה אויף די וועגן איז געוואָרן אַלץ גרעסער. מענטשן זע־נען געלאָפן אין קעגנגעזעצטע ריכטונגען, אַליין נישט וויסנדיק ווו־הין מען לויפט. „די דייטשע טאַנקן זענען שוין דאָ אומעטום" — האָבן אַלע איבערגעגעבן מיט אַ געהיימניספולן שרעק־אויסדרוק אויפן פּנים. די היטלעריסטישע בעסטיעס האָבן זייערס דערגרייכט, האָב איך געטראַכט. די באַפעלקערונג איז פולשטענדיק דעמאָראַליזירט.

מיר האָבן זיך געאיילט וואָס שנעלער צוצוקומען צום טייך בוג, ווייל עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די מיליטערישע מאַכט וועט פאַרשפּאַרן דעם וועג צום בוג און דאָרט צוגרייטן די פאַרטיידי־קונגס־ליניע. אַרום 5 אַזייגער זענען מיר אָנגעקומען אין אַ קליין דערפל האַרט לעבן בוג. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן פאָרזיכטיק אַרומ־קוקן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אונדזער צו שטאַרקע פאָרזיכטיקייט האָט אָנגעהויבן ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די פויערים. נישט קיין מיליטער איז דאָ געווען. מען האָט קיין פאַרצוימונגען נישט גע־מאַכט. רויק און נחתדיק איז זיך דאָ דער בוג געפלאָסן צווישן די שפּועדיקע ברעגעס. קליינע שיפלעך האָבן זיך געוויגט ביי די ברע־געס, כאָטש נעם און מאַך אַ שפּאַציר איבער דעם מיט זון־פאַרגאָ־סענעם טייך. קליינע שקצימלעך האָבן זיך געבאָדן, געפּליעסקעט מיטן וואַסער און אַרויסגעלאָזט פריילעכע געשרייען. האָבן מיר זיך טאַקע

גלייך באַרויקט, פאַרגעסן אין די דייטשע טאַנקן און קודם כל געגו־מען זיך אויסבאָדן, אָראָפּוואַרפן פון זיך דעם שטויב און שמוץ, וואָס האָבן נאָך מער געמאַטערט ווי די פיזישע מידקייט. די פויערים פון דעם פישער־דערפל זענען געווען מער פריינדלעך, מען קען נישט זאָגן גאַסטפריינדלעך, אָבער פאַר געלט האָבן זיי גערן אַלץ פאַר־קויפט. אפנים די פויערים־פישער זענען געווען אין זייער נאַענטע באַציונגען מיט די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און זיי האָבן דע־ריבער אויך אונדז געקוקט ווי אייגענע. אַ טייל האָבן אפילו גע־מיינט, אַז מיר זענען געקומען אויסקויפן פיש. קיין פיש האָבן מיר נישט געקויפט, דערפאַר אָבער האָבן מיר זיך באַזאָרגט מיט אַ ביסל פּראָדוקטן אויפן וועג. הגם מיר זענען שוין געווען נאָענט פון ווי־סאָקע, ווו מיר האָבן געהאַט אַ סך אייגענע. די שווערע דערפאַרונג פון אונדזער קורצער וואַנדערונג האָט אונדז שוין אויסגעלערנט נישט צו דערוואַרטן קיין גוטס.

פאַרנאַכט־צו האָבן מיר פאַרלאָזן דאָס דערפל. געווען איז דאָס אַ זונטיק פאַרנאַכט און אין דערפל איז געווען גאַנץ פריילעך. ווי דער שטייגער איז אין די ווייסרוסישע דערפער, האָבן זיך די יונגע שקצים און שיקסעס אויסגעזעצט אין צוויי רייען און אָנגעהויבן זינגען די ווייסרוסישע באַלאַדעס; די שיקסעס האָבן געזונגען אין צוויי שטימען און די שקצים האָבן אַקאָמפּאַנירט אויף די גיטאַרעס. ווען מיר זענען שטילשווייגנדיק פאַרבייגעגאַנגען, האָבן זיי אונדז, שמייכלענדיק, נאָכ־געקוקט, און אייניקע האָבן גאַנץ גוטמוטיק נאָכגעוואָרפן די באַמער־קונג: „דו יאָגסט און יאָגסט, וועסט סיי ווי סיי נישט דעריאָגן"... זיי האָבן גאָר ריכטיק צוגעטראָפן אונדזערע דעמאָלסטיקע געדאַנקען און שטימונגען.

דער וועג איז געווען אַ שווערער; טיפע געדיכטע זאַמדן האָבן ווי־איינגעזאַפּט די פיס. מיר האָבן שנעל פאַרלאָרן דאָס ביסל אָנגעזאַמלטע כוחות. די נאַכט האָט זיך צוגערוקט און מען האָט געמוזט זיין פאָרזיכ־טיק נישט צו פאַרלירן דעם ריכטיקן וועג צווישן די זאַמדן. עס איז

געווען פינצטער־חושך און אַ טויטע שטילקייט אַרום, אַפילו אַ האַוו־קען פון הינט האָט זיך נישט געהערט. פּלוצלונג דערזעען מיר, שוין גאָר האַרט לעבן אונדז, ווי עס באַוועגן זיך געדיכטע שאָטנס. מיר באַ־ווייזן קוים אָפּצורוקן זיך אין אַ זייט. — ציגיינער, הער איך ווי איינער לעבן מיר שעפּטשעט מיט שרעק, אַ קאַראַוואַן מיט ציגיינער. — זיי קענען אונדז באַרויבן!... און אין בעסטן פאַל איבערלאָזן הויל און נאַ־קעט, — וואַרפט שוין אַ צווייטער אַ באַמערקונג. באַהאַלטן זיך איז נישטאָ ווו, לאָמיר דעריבער גיין דרייסט און רעדן הויך, זאָלן זיי נישט באַמערקן, אַז מיר האָבן מורא, — זאָג איך. אַ מאָדנע זאַך, אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך דערמאָנט אין עפּעס אַ דערציילונג, ווו ציגיינער ווערן פאַרגליכן צו היימלאָזע הינט, זיי פאַלן אָן נאָר דאַן, ווען זיי פילן, אַז מען האָט מורא פאַר זיי. אַז זיי זענען רויק פאַרביי און קיי־נעם, חלילה, נישט דערהרגעט, האָבן מיר זיך אַליין אַ ביסל געשעמט פאַר אונדזער שרעקעוודיקייט און, ווי וועלנדיק זיך אַליין פאַררעדן, האָבן מיר אָנגעהויבן פילאָזאָפירן וועגן אונדזער לאַגע און געקומען צו אַן איינשטימיקן אויספיר, אַז זיי, די ציגיינער, איז איצט פיל בע־סער פון אונדז, מיר דאַרפן זיך ערשט אָנהייבן צוגעוווינען צו אונ־דזער היימלאָזיקייט. שפּעט ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין ווי־סאָקע.

וויסאָקע איז, ווי באַקאַנט, געווען אַן עכט־יידיש שטעטל מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט; וויסאָקע האָט געהאַט אַ גוט איינגעפונדעוועטע יידישע פאָלקשול, אַ שטאַרקע און איינפלוסרייכע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע מיט אַ באַוווסטזיניקער און אַנט־וויקלטער יוגנט. איינער פון די אָנגעזעענסטע בונדישע טוער איז גע־ווען דער בעקער ז. צו אים טאַקע האָבן מיר זיך דערפרעגט. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מיר זענען דאָ אַריינגעפאַלן אומגעריכט און נישט אין קיין פּאַסיקן מאָמענט. זיי, דער טאַטע מיטן זון, זענען אָקאָרשט געהאַט צוריק געקומען פון שטאָט, ווו זיי האָבן ביי פאַר־שידענע חברים גאָר ברוחדיק איינגעאָרדנט ערליכס גרופּע. איצט איז

שוין צו שפּעט, מען טאָר זיך נישט דרייען אויף די גאַסן. פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַלע שווערקייטן האָט מען אונדז דאָך איינגעאָרדנט און טאַקע גאָרנישט שלעכט.

טראָץ דער נערוועזער שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין שטעטל (אויך דאָ האָבן די מעשיות וועגן די דייטשע טאַנקן אַנגעוואָרפן אַן אימה) האָבן מיר דאָך באַשלאָסן דעם מאָרגנדיקן טאָג צו פאַרברענגען אין שטעטל, נעמען זיך, הייסט עס, אורלויב אויף איין טאָג. מיר האָבן אויך געוואָלט זיך זען מיט דער ערליך־גרופּע, וואָס, ווי מיר האָבן געוווּסט, האָט אויך געהאַט באַשלאָסן אָפּצורוען זיך דאָ אַן איבעריקן טאָג. די נאַכט זענען מיר גוט געשלאָפן, און צומאָרגנס זענען מיר אַרויס אומקוקן זיך אין שטעטל און אויסזוכן די ערליך־גרופּע. איך האָבן זיך געטראָפן מיט מענדעלסאָנען און אָפּגערעדט ווייטער אומבאַדינגט צו גיין צוזאַמען. מיר האָבן ביידע געהאַלטן, אַז אַזוי ווי מיר זענען דאָ געבליבן די איינציקע בונדישע גרופּן, וואָס וואַנדערן אויף דעם וועג, איז נישט קיין יושר, אַז מיר זאָלן גיין באַזונדער. און הגם עס זענען געווען געוויסע שוועריקייטן פון פערזענלעכן און טעכנישן כאַראַקטער, האָבן מיר באַשלאָסן נישט צו נעמען דאָס אין אַכט, אַוועקשטעלן פאַר אַ פאַקט און געענדיקט.

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט אַרויסצוגיין צומאָרגנס, 8 אַזייגער פרי, אין דער ריכטונג פון פּרוזשאַנע־קאַרטוז־בערעזע. מיר האָבן גערעכנט אויפצושטיין 6 פאַרטאָג און ביז 8 מאַכן אַלע הכנות, וועגנטועל דינגען פורלעך. אָבער שוין 4 אַזייגער האָט מען אונדז אויפגעוועקט: גרייט זיך אין וועג אַריין, אָבער וואָס שנעלער, אַלץ אַנטלויפט... נישט לאַנג האָט געדויערט און מיר זענען שוין גרייט געווען צום גיין.

אַז מיר זענען אַרויסגעקומען אין גאַס, האָט אַקאָרשט אָנגעהויבן גרויען אויף טאָג. דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר אָנגעטראָפן אַזאַ פּאַניק, אַ מאַסן־פּאַניק. דאָס איז גיכער געווען אַ מין היסטערישע שרעק, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַ גאַנצע שטאָט אָן אַ קאָנקרעטער סיבה. קינד און קייט איז געלאָפן, אַלץ איז געלאָפן. געפּאַקטע פור־

לעך מיט זאַכן, האַנט־וועגעלעך, בייציקלעך, אפילו רייטער, האָבן זיך ווי אַ האַסטיקער שטראָם געגאָסן אין דער ריכטונג פון די זאַמדן, אוי־סער דער שטאָט. צעמישונג און שרעק איז געווען אויסגעגאָסן אויף אַלע פנימער. זייער פיל פּאָליציי, באַאַמטע, פייערלעשער, וואָס האָבן, זעט אויס, עוואַקואירט זיך אַהער פון פאַרשידענע מערב־געגנטן, זענען איצט אין ווילדער פּאַניק געלאָפן ווייטער. מען האָט באַשיימפּערלעך געזען, ווי אַ גאַנץ שטעטל ווערט פאַרלאָזן. הפקר. נישטאָ ווער ס'זאָל געבן אָנווייזונגען, אינפאָרמירן.

„ער גייט, ער איז שוין אין ביאַלאָוויעזש, מען זאָגט, אַז ער איז שוין אין קאָמיעניעץ" — אַזוי האָט איינער דעם אַנדערן געוואָלט איבערשטייגן מיט די גרוילעכע ידיעות. וועגן פורלעך האָט שוין קיין רייד נישט געקענט זיין. מען האָט זיך געדאַרפט שנעלער אַנטשלי־סן, ווו, אין וועלכער ריכטונג צו גיין. גלייבן אין די אַלע גרויל־ידי־עות, וואָלט געהייסן רעזיגנירן פון ווייטער גיין, ווייל די איינציקע וועגן אויף מזרח האָבן זיך געשניטן דורך ביאַלאָוויעזש און קאָמיע־ניעץ. צולאָזנדיק מער די וואַרשיינלעכקייט, אַז דער שונא רייסט זיך אויף ביאַלאָוויעזש, כדי נישט צו דערלאָזן די פּוילישע אַרמיי־אָפּטיי־לונגען אויסצונוצן די געגנט, ווי אַ גינסטיקן סטראַטעגישן אָנשפּאַר־פּונקט, האָבן מיר באַשלאָסן צו גיין דורך קאָמיעניעץ ליט.

דאָס איינציקע קאָמוניקאַציע־מיטל איז געווען אַ דראָזשקע מיט אַ שוואַך אויסגעדאַרט פערדל, וואָס די ערליך־גרופּע האָט איינגע־האַנדלט אין מעזריטש מיטן בעל־עגלה יאָסעלע אַלס צוגאָב. אַזאַ באַ־דינג האָט ער געשטעלט — מען זאָל אים מיטנעמען ביז פּינסק. דאָס געלט, וואָס ער האָט באַקומען, האָט ער איבערגעלאָזט דער פאַמיליע, און קעסט האָט ער געזאָלט באַקומען ביי אונדז כל־זמן דאָס געשעפט וועט גיין, ד"ה ביז מיר וועלן זיך דערשלעפּן קיין פּינסק. יאָסעלע בעל־עגלה האָט זיך געפילט ווי אַן אמתער מיוחס, אַן איידעמל איינ־געבעטן אויף קעסט. און ער האָט אונדז, ווי מיר וועלן זען ווייטער, נישט ווייניק צרות און עגמת־נפש פאַרשאַפט. פאַרשטייט זיך, אַז די

דראָזשקע איז געווען רעזערווירט פאַר די פרויען, טיילווייז אויך פאַר די מער שוואַכע מאַנספאַרשוינען.

אין יענעם בהלהדיקן טאָג איז די דראָזשקע רעכט צונויף געקומען. די פרויען מיט דעם ביסל איינגעשאַפּענע פּראָדוקטן זענען אַוועק פאָרויס אויף דער דראָזשקע און מיר צופוס נאָך זיי. דער וועג איז געווען אַ זאַמדיקער און מיר האָבן נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבן, אַז דאָס פערדל וועט צו ווייט פאַרלויפן. אגב, זענען מיר אויך געלאָפן, ממש געלאָפן מיט די לעצטע כוחות, אַ קליינינקייט, אַז דער שונא יאָגט... אַז ער איז שוין אין רוקן און ווער ווייסט, צי נישט אין פראָנט אויך. אויפן וועג האָבן זיך געוואַלגערט קליינע און גרעסערע וואַליזקעס, אפילו האַנט־קיישלעך. מען האָט געוואָרפן פון זיך שווערע מאַנטלען און אפילו זומער־מאַנטלען. איינעם אַזאַ מאַנטל, וואָס ח' דוד האָט אַוועקגעוואָרפן, האָב איך אויפגעהויבן און דערלאַנגט אים מיט די ווערטער: דאָס וועט דיר נישט ראַטעווען די מערכה, דער מאַנטל וועט דיר נאָך גוט צוניץ קומען. ער האָט צוגענומען ביי מיר דעם מאַנטל און אָנגעקוקט מיך מיט אַזאַ פאַרגליווערטער שרעק אין די אויגן, אַז אַוועקגייענדיק פון אים האָב איך זיך געטראַכט: ער ווייסט אַליין נישט וואָס ער טוט, עס פאַלט אים פון די הענט אָן זיין וויסן.

אין קאַמיעניעץ זענען מיר אָנגעקומען פאַרנאַכט־צו. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דער פאָרשטאָט, פאַר דער בריק, דורך וועלכער מען גייט אַריין אין סאַמע צענטער פון שטאָט. פונעם ייד, ביי וועלכן מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די פּאָליציי האָט זיך שוין עוואַקואירט; ווו די דייטשן זענען ווייסט מען נישט, עס גייען אַרום פאַרשידענע קלאַנגען, אָבער נישט מער ווי קלאַנגען, צו וועלכע מען דאַרף זיך באַציען פאָרזיכטיק. אַ פּשוטער ייד, דאַכט זיך, אַ תבואה־הענדלער, האָט ער מיט זיין רואיקן טאָן און זאַכלעכן ענטפערן, אויך אונדז באַרואיקט. ער האָט אונדז געראָטן צו וואַרטן, נישט אַריינגיין אין שטאָט פאַר אָוונט, ווייל מען קען אונדז אַמאָל

שטערן דורכצוגיין די בריק. ווער? פאַרוואָס? — פרעגט נישט קיין קשיות, שמייכלט דער ייד אומעטיק, עס איז היינט קריגצייט, דאָס מיינט, אַז אַלץ און אַלע זענען הפקר. מיר האָבן אויסגענוצט דאָס ביסל צייט אויף אַרומצוואַשן זיך, אָפּצורוען און אונטערצולענען דאָס האַרץ. אַלס פאַרגיטיקונג, זאָגט דער ייד גוטמוטיק, וואָס איך לאָז אייך נישט גיין, וועט איר באַקומען פרישע, וואַרעמע מילך, נאָר וואָס פון מעלק.

מיר לויפן, מיר פרווון זיך ראַטעווען, און אפשר... אָבער וואָס וועט זיין מיט אָט די פּשוטע, האַרציקע יידן, טראַכט איך, צוקוקנדיק זיך, ווי אַזוי דער ייד, די פרוי זיינע און די קינדער פאַרען זיך אַרום אונדז. פון וואַנענט נעמט זיך אַזאַ רואיקייט? איז דאָס רעזיגנאַציע אָדער ביטחון און גלויבן? און ווידער האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם שעדלעצער ייד אין בית־המדרש, וואָס האָט געהאַלטן, אַז מען טאָר נישט איבערלאָזן אויף הפקר קיין יידישן ישוב, אין די מעזריטשער יידן און נאָך און נאָך...

אין אָוונט זענען מיר אַריין אין שטאָט. בליץ־שנעל האָט זיך דאָס שטעטל דערוווסט, אַז ערליך איז דאָ, און כהרף־עין זענען מיר געווען איינגעאָרדנט. — אויך איר זענט פון ערליכס מענטשן? — פרעגט מיך אַ יונגערמאַן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל, — קומט אַריין אין דער שטוב, דאָ זענען אַלע פאַראַן. איך קום אַריין, עולם זיצט שוין ביי די טישן גאַנץ געמיטלעך, מען טרינקט טיי און מען שמועסט וועגן אונדזער ווייטערדיקער רייזע. און ווידער דאָס זעלביקע: זיי פאָרען זיך אַרום אונדז און פאַרזאָרגן אונדז, ווי בלויז מיר וואָלטן געווען אין אַ גרויסער סכנה. אָבער וואָס טראַכטן זיי וועגן זיך? צי בלייבן זיי דאָ אויפן אָרט? צי האָבן זיי געוויסע פּלענער?

זעט אויס, אַז די וויסאָקער בהלה האָט נישט מיטגעריסן קאָמיעניעץ. און מיר האָבן דאָ אפילו באַקומען פורלעך אויך. מיר זענען אַרויסגעפאָרן צומאָרגנס פאַרטאָג. ביים געזעגענען זיך, זאָגט מיר דער זעלביקער יונגערמאַן, וואָס האָט מיך אין אָוונט באַגעגנט, ווי ער

וואָלט געטראָפן מיינע נישט אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען: „איר פון וואַר־שע האָט געמוזט לויפן, די ח"ח ערליך און מענדעלסאָן אוודאי און אוודאי. איר זענט געלאָפן וואָס ווייטער צו אונדזערע מקומות. ווו זאָלן מיר לויפן? וועט דאָ זיין שלעכט, וועט אין פרוזשאַנע אויך נישט זיין בעסער, און ווער ווייסט וואָס עס וועט זיין אין פינסק? איז דאָך שוין גלייכער איבערצובלייבן אויפן אָרט, אין דער אייגענער היים"...

אַז ס'האָט נאָך געגרויט אויף טאָג, זענען מיר אַרויסגעפאָרן. דער וועג איז געווען אַ טיף־זאַמדיקער און געוויקלט זיך באַרג אַרויף. כדי נישט צו פאַרמאַטערן די פערד, זענען מיר געגאַנגען צופוס. שטיל איז געווען אַרום, דאָס וויאָקען פון די פורמאַנעס האָט אָנגעשראָקן די דאָפּס־הינט, זייער האַווקען האָט נאָך טיפער געמאַכט די שטיל־קייט. אַ פויער האָט זיך שוין געפאָרעט ביים ברונעם, געעפנט דעם שייער. אַ פענצטער האָט זיך אַ פראַל־אויף געטאָן, אַן אַלטע פויערטע מיט צעפּאַטלטע גרויע האָר האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ. דער־זעענדיק אונדז, צלמט זי זיך איבער און פאַרמאַכט האַסטיק דאָס פענצ־טער. באַלד באַווייזן זיך קינדישע פנימלעך, וואָס קוקן אונדז נאָך פאַר־גאַפטע און דערשראָקענע. „אַזוי, טראַכט איך, פלעגן מיר אַלס קליינע קינדער נאָכקוקן פאַרבייוואַנדערנדיקע ציגיינער".

דער פרימאָרגן־צוויטשער פון די פייגעלעך וועקט אויף נאָגנ־דיקע בענקשאַפט און פיינלעכע דערינערונגען. אונדזער היים, אונ־דזערע נאָענטע — אַלץ זעט אויס אַזוי לאַנג, אַזוי ווייט... דריי טעג ערשט, אַז מיר וואַנדערן, און ווי היימלאָז, ווי שרעקלעך היימלאָז מיר פילן זיך! איך דערהער אַ שטיל איינגעהאַלטן געוויין. איך הייב אויף די אויגן און דערזע פאַר זיך די צוקנדיקע אַקסלען פון ה' אַלטשילער.

דער טאָג איז געווען אַ רואיקער, קיין אַעראָפּלאַנען האָט מען נישט געזען, און דאָך געדענק איך אים ווי איינעם פון די שווערסטע און פיינלעכסטע. פון נאָענטסטן דאָרף זענען די קאָמיעניעצער פורמאַ־נעס צוריק אַהיים געפאָרן. אונדזער פערדל האָט זיך געשלעפּט מיט די לעצטע כוחות, און יאָסעלע, דער בעל־עגלה אונדזערער, האָט גע־

האַלטן אין איין אָנשרעקן, אַז אַט־אַט וועט דאָס פּערדל אויסציען די פּאָדקאָוועס; דערמיט איז ער אויסן געווען לויז צו ווערן פון די אַזוי אויך וויניקע פּאַסאַזשירן. ווי שוין דערמאָנט, פלעגן אויף דער דראָזשקע אונדזערער פאָרן בלויז די פרויען און צייטנווייז אויך די עלטערע און שוואַכערע מענער לויט אַ ריי, טוישנדיק זיך. עס זאָגט זיך נאָר אַזוי — טוישנדיק זיך. פאַקטיש האָבן אי ח׳ ערליך אי מענדעלסאָן זעלטן געהערט צו יאָסעלעס פּאַסאַזשירן. מענדעלסאָן האָט פּשוט קיין געדולד נישט געהאַט איינצוזיצן אויף דער דראָזשקע, און ח׳ ערליך האָט זיך אַלע מאָל אָפּגעזאָגט אויסצונוצן זיין ריי. פאַר־וואָס? גלאַט אַזוי, אָן אַ פאַרוואָס. איך האָב זיך געהאַט מיין השערה דעריבער: אין פאַרשידענע מאָמענטן, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן (און אַזעלכע זענען אין וואַנדערוועג געווען זייער פיל) האָב איך באַ־מערקט, אַז דער ח׳ ערליך מיידט אויס יעדער פּריווילעגיע אין באַ־צוג צו אים, נישט נאָר ער מיידט אויס, נאָר ער באַציט זיך אפילו מיט אומווילן. ער האָט עס נישט געזאָגט, נישט אַרויסגעוויזן שאַרף, אָ־בער עס איז שוין אַזוי אַרויסגעקומען. ער האָט נישט געוואָלט זיין צווישן די פּריווילעגירטע ביים פאָרן, צווישן די ערשטע ביים עסן און צווישן די לעצטע ביים אויספירן עפּעס אָן אַרבעט. אָפּטמאָל, ווען אויף די ווינציקע פורלעך האָט נישט געסטייעט קיין ערטער פאַר אַלע, פלעגט מען זיך אויך טוישן לויט אַ ריי אַלע צוואַנציק מינוט. עס זענען געווען אַ טייל וואָס האָבן, אפשר נישט ווילנדיק, פאַרגעסן אין זייער שוין אָפּגעפאָרענער צייט. ח׳ ערליך האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן, פאַרקערט — ער האָט שוין צו אייפעריק אָפּגעהיטן, אַז ער זאָל, חלילה, עמיצן נישט באַוואָלהן. ער האָט זיך בשום אופן נישט געלאָזט אָפּנאַרן מיטן זייגער, ווען אַנדערע האָבן געוואָלט אויף אַזאַ אופן „אַריינגנאַרן" אים אַ שטיקל צייט פון זייערער. מענטשן האָבן אויפן שווערן וואַנדערוועג אַרויסגעוויזן אַ סך שוואַכקייטן, דער זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פיל שטאַרקער, ווי געזעלשאַפטלעכע תורות און טראַדיציעס. ח׳ ערליך

האָט אַלץ געזען, אָבער ווי פּיין און סובטעל ער האָט געקענט אָזעק־קוקן. קיינמאָל נישט קיין בייזע מינע, זעלטן, זייער זעלטן, אַ שאַרפע רעאַקציע. שטענדיק רואיק, באַהערשט און וואַרעם־אויפמערקזאַם צו יעדן איינעם. האָט מען זיך געזעצט אָפּרוען, האָט ער זיך אַרומגע־קוקט, צי אַלע זענען דאָ, דאָס זעלביקע ביים עסן, און אַלץ אַזוי שטיל, אָן טומל.

אין יענעם טאָג, ווען מיר זענען אַוועק פון קאַמיעניעץ, זענען מיר אַלע עפּעס געווען אין זייער אַ געדריקטער שטימונג. ביז דאַן זענען מיר כסדר געלאָפן, געלעבט ווי אין אַ פיבער. די באָמבאַרדי־רונגען, די שרפות און חורבנות און דער וויסטער עלנד פון מענטשן, — אַלץ צוזאַמען האָט גורם געווען אַן אומגעהייערע נערוון־געשפּאַנט־קייט. מיר האָבן זיך געפונען אין אַזאַ מין פּסיכישן צושטאַנד, ווען די געדאַנקען און געפילן שטראָמען האַסטיק, שטויסן איינע די אַנ־דערע און עס איז דאַן אוממעגלעך צו קאָנצענטרירן זיך אויף עפּעס. אין דאָזיקן טאָג האָט, זעט אויס, די נערוון־געשפּאַנטקייט אַ ביסל באַכגעלאָזט. צי איז דאָס געווען אַ רעזולטאַט פון דער שטילקייט, פון דער שלום־ושלווהדיקייט, וואָס האָט דאָ געהערשט אַרום? אַלע זענען מיר געגאַנגען שטילשווייגנדיק, יעדער איינער, ווי פאַרזונקען אין די אייגענע טרויעריקע געדאַנקען, באַהערשט פון די אייגענע געפילן און איבערלעבונגען. אויך דער ח׳ מענדעלסאָן, וועמען דער אימפּעט, אָדער די נערוון, לויט זיין אויסדרוק, פלעגן אָפט טראָגן פאָרויס, אויך ער איז איצט געגאַנגען פאַמעלעך, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, דער קאָפּ אַראָפּגעלאָזן. אפילו ח׳ ערליך, וואָס פלעגט זעלטן אָפּטרעטן פון זיין שוואַכן זון, איז זיך געגאַנגען אין דער זייט, איינער אַליין. ח׳ אַלטשילער, ווי געווײנלעך, איז געגאַנגען דער לעצטער און שטיל געוויינט אין זיך. דאָס בילד וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן: אַ העלער, זוניקער טאָג, נאַקעטע פעלדער און לאָנקעס, וואָס ציען זיך ווייט, ווייט צום האָריזאָנט־צו, מען זעט נישט קיין לעבעדיק נפש. און אָט גייט זיך אַ גרופּע מענטשן שטילשווייגנדיק, אין שפּיץ אַ

דראָזשקע מיט אַ פערדל, וואָס פּלאָנטערט קוים מיט די פּיס און צום סאַמע סוף — אַ הויכער ברייטפּלייציקער מאַן מיט אַ שיין אָפן פּנים, וואָס וויינט. אָט ליגט זיך אַ פּאַסטוכל לעבן אַ קוזשאַק, נאָענט פון אים פּאַשעט זיך אַ גרויסע קו און אַ יאַלעווקעלע. דערזען די גרופּע, גיט דאָס יינגל אַ שפּרונג־אויף פון שרעק און אַ קנאַק טור־ענדיק מיט דער לאַנגער בייטש, הייבט ער אָן יאָגן די בהמות. פאַר־לויפנדיק שוין ווייט, קוקט ער זיך נאָך אַלץ אַרום הינטער זיך.

במשך פון די עטלעכע טעג וואַנדערן האָבן מיר שוין באַוויזן זיך צוצוגעוויינען צו די פאַרשידענע רגילותן, קאַפּריזן פון מענטשן. וואָס ווייטער אַלץ מער געדולדיקער און טאָלעראַנטער איז מען גע־וואָרן. אגב, צו אלטשילערס שטימונגען האָבן מיר זיך אַלע באַצויגן מיט טאַקט און ענמפּינדלעכקייט. זענען דען דאָס נישט געווען אונדזערע שטימונגען? איך דערמאָן זיך ח' ערליכס אַ באַמערקונג: אַן אומגליק־לעכער מענטש, ער וויינט אויס דאָס האַרץ פאַר אַלע. און ווירקלעך: זיין וויינען איז געווען נישט נאָר סוגעסטיוו, נאָר עס האָט פּשוט געריסן ביים האַרצן, מענדעלסאָן פלעגט אין אַזעלכע פאַלן לויפן פאָרויס, פאָרויס ביז... ער איז געבליבן אָן כוחות.

אַרום 4 אַזייגער נאָכמיטאָג זענען מיר ענדלעך צוגעקומען צום שליאַך, וואָס פירט אין שטעטל ש. אַ 20 קילמ. פון פּרוזשאַנע. מיר האָבן בכיוון געהאַט אויסגעקליבן דעם דאָזיקן, הגם שווערן און זאַמ־דיקן וועג קיין פּרוזשאַנע, נישט ווייל ער איז דער נאָענטסטער, נאָר כדי אויסצומיידן דעם הויפּט־שאָסיי בריסק־פּרוזשאַנע. מיר האָבן דאָ מורא געהאַט פאַר באָמבאַרדירונגען און פאַר נאָך עפּעס ערגערס — אַריינצופאַלן דעם וואָלף אין פּיסק אַריין. הגם דער שליאַך צום שטעטל איז געלעגן לעבן אַ וואַלד און דער חשק אָפּצורוען זיך איז געווען אומגעוויינלעך, האָבן מיר דאָך באַשלאָסן נישט אָפּצושטעלן זיך און צוקומען וואָס פריער צום שטעטל. אונדזער פּלאַן איז געווען דאָרט זיך אָפּצורוען עטלעכע שעה און נאָך אין דער זעלביקער נאַכט

אַדורכמאַכן דעם וועג קיין פּרוזשאַנע. געטריבן האָט אונדז איין זאַך: די מורא אַריינצופאַלן אין שונאס האַנט.

הגם דער וועג איז געווען אַ זאַמדיקער, אין טייל ערטער אַפילו אַ בלאָטיקער, זענען מיר דאָ דאָך געגאַנגען גאַנץ שנעל. מיר האָבן געטראַכט, אַז מיר דערגענטערן זיך צו אַ מקום מנוחה. און אָט זעט מען שוין אַ הייזל, אַ צווייטס, קליינשטעטלדיקע הייזלעך, וואָס טוליען זיך איינס צום צווייטן שטיל און געמיטלעך. די שינדל־דעכער באַ־העלטע פון די לעצטע זונען־שטראַלן, האָבן ווי געוווּנקען, געמאַניעט אונדז פון ווייטנס. איך האָב זיך דערמאָנט אין די ליבע שטימונגספולע פאַרנאַכטן אין יידישן שטעטל. פּלוצלונג, סטאָפּ, אָפּגעשטעלט זיך. וואָס איז געשען? נישט ווייט פון אונדז זענען געשטאַנען ביים ברעג וואַלד אַנגעלאַדעוועטע פורלעך און לעבן זיי פּאָליציי. געווען איז דאָס די פּאָליציי פון שטעטעלע ש. אויך פון דאָרט האָט מען זיך שוין עוואַקואירט און אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג איז זיך צע־לאָפן. די פּאָליציאַנטן האָבן אונדז געראָטן נישט צו גיין אין שטעטל און בכלל פאַרקירעווען אין אַן אַנדער ריכטונג. עס איז זיך גרינג צו זאָגן פאַרקירעווען, אָבער וווהין? אויך זיי האָבן נישט געוווּסט ווו־הין. קענענדיק די געגנט, האָב איך געוווּסט, אַז דאָס איינציקע, וואָס אין אונדז געבליבן, איז וואָס שנעלער צו צוקומען צום שיידוועג קאָב־רין־פּרוזשאַנע.

מיט אַ שווער געמיט האָבן מיר זיך פאַרקירעוועט אויף צוריק, וועגן אָפּרו, אפילו וועגן אַ קורצן אָפּרו, האָט שוין קיין רייד נישט געקענט זיין. מיר האָבן געמוזט נאָך דורכמאַכן אַ היפּשן מהלך ביז צום פּרוזשאַנער שאָסיי, צו וועלכן מיר האָבן געוואָלט צוקומען וואָס פריער. דער אָוונט האָט דערווייל גענומען צופאַלן, די היץ האָט נאָכ־געלאָזט, האָט מען זיך געזאָגט — גם זו לטובה. דער וועג דורך וועלכן מיר זענען איצט געגאַנגען, האָט זיך געשניטן דורך אַ סאָסנע־וואַלד, די לופט איז געווען מזיהדיק און אַ לייכט ווינטעלע האָט ווי אַוועק־געיאָגט די מידקייט. איז מען טאַקע ווידער געגאַנגען גאַנץ האַסטיק,

ווי נאָך אַן אָפּרו. עס איז שוין געווען כמעט פינצטערלעך, אַז מיר זע־
בען אָנגעקומען אין דאָרף אַלקעשיקי. דאָ איז גאָרנישט געווען צו דער־
קענען, אַז עס איז אַ מלחמה. די פויערים האָבן זיך גאַנץ רויק געפּאָ־
רעט ביי די סטאַדאָלעס, אַנדערע זענען געזעסן אויף די פריזבעס,
גערויכערט און געשמועסט זיך געמיטלעך. די פויערטעס האָבן נאָר
וואָס פאַרענדיקט מעלקן די קי און אַריינגעפירט זיי אין די שטע־
לעכלעך. פון וויטנס האָט זיך געהערט דאָס שפּילן פון אַ האַרמאָש־
קע.ביים סאַמע אַריינגאַנג אין דאָרף האָט געצויגן די אויפמערק־
זאַמקייט אַ גרופּע סאָלידע געביידעס. צוקומענדיק נענטער האָבן מיר
זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ הויכן הילצערנעם פּלויט, וואָס האָט זיך גע־
צויגן העט ווייט און אַרומגעצוימט און אָפּגעטיילט דעם הויף פון אַ
פּוילישן „אָסאַדניק" פון די איבעריקע געביידעס אין דאָרף. עס איז
בדאי צו באַמערקן, אַז זייער פיל הייף פון פּוילישע אָסאַדניקעס אויף
די אַזוי־גערופענע קרעסן האָבן זיך געפונען אין צענטער פון דאָרף
אָדער האַרט לעבן דאָרף, ביים אַריינגאַנג, מעשה בעל־הבית, איי־
בערהערשער, וואָס שטייט אויף דער וואַך.

מיר זענען אַריין אין הויף. געהלומט האָבן מיר וועגן אַ טרונק
מילך און וועגן אָפּרוען זיך אַ ביסל אויך. דערווייל האָט אָנגעהויבן
בלאָזן אַ שטאַרקער ווינט, און איידער וואָס ווען האָט דער הימל
זיך שוין באַדעקט מיט געדיכטע שוואַרצע וואָלקנס. מיר האָבן אָנגע־
הויבן טראַכטן, צי גיין ווייטער אָדער נישט, ווי עס האָט זיך שוין
צעקייקלט דער ערשטער דונער און אַ צווייטער און מיר האָבן געמוזט
זוכן אַ מקום מנוחה. אין פלוג, וואָס דאָרף מען בעסער, ווי דאָ אין
הויף טאַקע, ווו עס זענען אוודאי פאַראַן בריווחדיקע שייערן. מיר
האָבן אָנגעהויבן אונטערהאַנדלען מיט דער דינערשאַפט, דער פּריץ
אַליין איז נישט געווען, די פּריצטעס ווידער האָבן זיך נישט געוויזן
אויף דער ליכטיקער שיין. מיר האָבן אָבער באַמערקט, אַז פון הינ־
טער די גאַרדינען אויף די פענצטער אין דער הויפּט־געביידע כאַפּט
מען אַלע מאָל אַ קוק צו אונדז. מיר האָבן שוין געהאַט שלום געמאַכט

מיטן געדאַנק, אַז מיר וועלן נישט קענען אויסנוצן די דאָזיקע נאַכט, וועלכע מיר האָבן ביז דאַן געהאַלטן פאַר דעצידירנדיק אין אונדזער אַנטלויפן פון שונא. די מידקייט, די אומגעהייערע דערשעפטקייט און די פּערספּעקטיוו צו קענען אויסציען די בלייענע גלידער אויף ווייך געבעטעכץ פון פריש היי און שטרוי, האָט געמאַכט פאַרגעסן אין אַלע צרות, אַוועק זענען אַלע מוראות, אַלע שרעקן, אַבי אַ ביסל רוען, שלאָפן און שלאָפן. העלפט דאָך גאָט אויף פונקט קאַפּויער: האָט זיך דער הימל געזומען אויסלייטערן, די דונערן זענען ערגעץ אַוועק ווייט ווייט, און דער שטורעם ווי שנעל ער איז געקומען, אַזוי שנעל איז ער אַוועק. אויס תירוץ אויף צו בלייבן. די עטלעכע שעה רוען קענען אונדז באַקעם אויספאַלן, — האָבן אָנגעהויבן מורמלען די שטענדי־קע פּעסימיסטן. אין געגעבענעם פאַל זענען זיי, צום באַדויערן, גע־רעכט געווען. מען האָט אָנגעהויבן אויף גיך צוריק צו פאַרשנירלען די שיך, פאַרלייגט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס און וילך... ווייטער געגאַנגען. עס זאָגט זיך נאָר אַזוי געגאַנגען. די פּויערים האָבן אונדז געוואָרנט, אַז מיר זאָלן זיין זייער פאָרזיכטיק, ווייל דער וועג, אַ זאַמדיקער, שניידט זיך דורך אַ שיטערן, צעשאָטענעם וואַלד, די וועגן זענען נישט קיין אויסגעטראָטענע און ביינאַכט זעט מען צומאָל נישט קיין שום שפּורן. מען קען דאָ פאַרבלאָנדזשען נישט נאָר ביי־נאַכט נאָר אַפילו בייטאָג אויך. אמבעסטן, האָבן זיי צוגעגעבן, איז זיך צו אָריענטירן לויט די טעלעגראַפן־סלופּעס, איז אָבער די צרה, וואָס צוליב דער צעשאָטנקייט פון וואַלד איז שווער זיי נאָכצופאָלגן, בפרט נאָך אין דער פינצטער. זיי האָבן אונדז אויך געעצהט צו ריכטן זיך לויטן פּאָליאַר־שטערן „סיעטאָטש", נישט אָפּגיין רעכטס און נישט לינקס פון אים, צו האָבן אים כסדר פאַר זיך. אויסהערנדיק די אַלע אָנזאָגעכצער און עצות טובות, האָט יאָסעלע בעל־עגלה סקעפּטיש אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט: עס וועט גאָר־נישט העלפן, מיר זענען גוט אַריינגעפאַלן. און הויך אויפן קול האָט ער זיך גוט אויסגעשאָלטן: היטלער זאָל אַזוי לעבן, ווי די פגירה

מיינע וועט גיין אין די דאָזיקע זאַמדן. נישט וואגנדיק אָבער אנטקעגנ־צושטעלן זיך דער דאָזיקער נאַכט־רייזע, באַשליסט ער הויך אויפן קול: אין אזעלכע זאמדן צווישן ביימער וועט דאָס פערדל נישט קענען שלעפן קיין פאַסאַזשירן. עס האָט געדויערט אַ היפּשע צייט, ביז מען האָט אים איבערצייגט, אַז די פּרויען וועלן בשום אופן נישט אימשטאַנד זיין צו גיין צופוס.

און מען האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע, נישט דער גאַנצער הימל איז געווען אויסגעלייטערט. וואָס טיפער אין וואַלד, אַלץ געדיכטער די פינצטערניש, זי האָט אונדז ווי איינגעפּרעסט אין זיך. עס איז קיין וועג נישט געווען נאָר עפּעס אַ פינצטערער פּלאָנטער. מען האָט געמוזט כסדר לאַווירן, אויסמיידן געדיכט־צוזאַמענגעוואקסענע קוסטעס, ווילד־וואַלד, אָפּטמאָל זענען מיר שטיין געבליבן פאַר אַ וואַלד־פּאַס, וואָס האָט זיך געצויגן קוואַר־אויס, האָבן מיר געמוזט ארומגיין, ארומקרייזן און דורכמאכן פאַר־שידענע זיגזאַגן. כדי נישט צו פאַרלירן זיך, האָבן מיר זיך אָנגעהאַלטן איינער אָן אַנדערן. עס איז דערביי געקומען צו גאַנץ קאָמישע עפּיזאָדן, וואָס האָבן אגב אַ ביסל הייטער געמאַכט די באמת פינצטערע שטי־מונג. אַזוי ווי יעדער איינער האָט מורא געהאַט אָפּצושטיין פון דער מחנה, צו פאַרלירן זיך אין דער פינצטער, האָט מען געהאַלטן אין איין איבעררופן זיך: דאַווידאָוויטש איר זענט דאָ? אלטשילער איר זענט דאָ? מענדעלסאָן איז געגאַנגען נאָך מיר, האַלטנדיק מיך ביים מאַנטל, האָט ער פונדעסטוועגן כסדר גערופן: ראָטנבערג, איר זענט דאָ? שפּעטער האָט זיך ח' ערליך געוויצלט, אַז ער האָט פאַרשפּאָרט רופן: אַז איך האָב כסדר געהערט מענדעלסאָנען רופן ראָטנבערגן, בין איך שוין זיכער געווען, אַז איך בין אויפן ריכטיקן אָרט, אַז איך בלאָנדזשע נישט.

שוין גאָר שפּעט אין דער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין אַ דאָרף, וואָס לויט אַלע סימנים, וואָס מיר האָבן געהאַט, האָט עס זיך געפונען נישט ווייט פון דעם פונקט (דער שיידוועג קאָברין־פּרוזשאַ־

נע), צו וועלכן מיר האָבן געצילט. ווייטער גיין האָבן מיר נישט גע־קענט, ווייל דער וועג דאָ האָט געפירט פּאַראַלעל צו דער באַן־ליניע בריסק־באַראַנאָוויטש. עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן צו דערנענטערן זיך צו דער דאָזיקער ליניע. ביים אַריינקומען אין דאָרף, האָבן מיר אויך אָנגעטראָפן אויף עפּעס א מין דאָרפישן „לאָפּ". מען האָט אונדז געמאָלדן, אַז פרעמדע איז נישט דערלויבט אַרומצודרייען זיך ביינאַכט, אַז מען דאַרף האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אָפּצושטעלן זיך אין דאָרף אַפילו אויף אַ קורצער צייט. דער דאָרף־סטאַראָסטע האָט, צום שלימזל, גראָד געוווינט אין צווייטן עק דאָרף, זענען איי־ניקע פון אונדז אַוועק אים זוכן. די נאַכט איז געווען אַ קילע, ערשט איצט, נאָכן כסדרדיקן בערוועזן לויפן, אַז מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָבן מיר דערפילט, ווי די פייכטע קעלט קריכט אונדז אין די ביי־נער אַריין. האָבן מיר דעריבער נישט געקענט זיך דערוואַרטן אויף דער דערלויבעניש, און מיר האָבן אָנגעהויבן אונטערהאַנדלען מיט אַן עלטערן פּויער, אַז ער זאָל אונדז פאַרדינגען די סטאָדאָלע זיינע אויף אָפּצורוען זיך בלויז עטלעכע שעה, ביז פאַרטאָג. דער פּויער האָט אפנים, נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון און אפשר האָט ער טאַקע נישט געוווּסט, אַז מען דאַרף האָבן אַ דערלויבעניש. גענוג איז, אַז ער האָט געעפנט די סטאָדאָלע, אויסגעשפּרייט איבער דער נישט גענוג רייכער פּאָדלאָגע עטלעכע בינט שטרוי און מיר זענען פשוט אַוועקגע־פאַלן אויף דער ערד, אַזוי מיד און אויסגעשעפּט זענען מיר געווען.

פּלוצלונג, מיר האָבן נאָך נישט געהאַט באַוויזן אויסצוציען די גלידער, דערהערן מיר אַ טופּן פון פיס, אַ טומלדיק לויפן און שרייען מיט באַנומענע קולות. און איידער מיר זענען נאָך געקומען צו זיך פון דער ערשטער שרעק און איבערראַשונג, הערט מען שוין אַ זעצן און אַ טראַסקען אין דער סטאָדאָלע, אַז אָט־אָט פאַלט זי איין אויף אונדז. מיר האָבן נישט באַוויזן אויפצושפּרינגען פון דער ערד, ווי די טירן האָבן זיך געגעבן אַ פּראַל אויף און אַ גאַנצע כאָפּטע פּויערים מיט פּויערטעס זענען אַריינגעפאַלן מיט ווילדע יעלות און געשרייען. צו־

ליב דער געדיכטער פינצטערניש האָט מען גאָרנישט נישט געקענט זען: ווער שרייט, וואָס מען שרייט, וויפל מענטשן האָבן זיך עס אריינגעריסן. ענדלעך האָבן מיר פון די אַלע געשרייען און קללות אויף ווייס־רוסיש געקענט הערן דאָס וואָרט „וואָן", אַרויס... אַך, אבי נאָר נישט קיין דייטשן... עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר זענען שוין אַלע געווען אין דרויסן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער זון פון די באַלעבאַטים האָט זיך אומגעקערט פון נאַכט־דיזשור און דערווייסנדיק זיך, אַז פרעמדע געפינען זיך אין שייער אָן אַ דערלויבעניש, האָט ער אויפגעהויבן אַן אַליאַרם. אַז מיר האָבן זיך אַלע באַרואיקט, האָבן די פויערים זיך פאַרענטפערט, אַז פאַר אַזאַ זאַך קומט טויט־שטראָף. די דאָזיקע נאַאיווע ווייסרוסישע פויערים, פון שטענדיק אָן דערשלאָגענע און טעראָריזירטע, האָבן נאָך, זעט אויס, נישט געוווסט, אַז דער באַשטראָפער האָט שוין קיין כוח נישט צו באַשטראָפן.

דער קאָמישער עפּיזאָד האָט זיך שיעור נישט טראַגיש געענדיקט. די פרויען ערליך און שער האָבן זיך דערפילט זייער שלעכט און ח' מענדעלסאָן האָט דאָס ערשטע מאָל, זינט דער וואַנדערונג, דערפילט, אַז ער האָט אַ שוואַך האַרץ. באַלד נאָכן אַרויסגיין פון שייער, האָט ער מיך מיט אַ שוואַכער שטימע אָוועקגערופן אין דער זייט און איך האָב נישט באַוויזן אַרויסצולאָזן קיין וואָרט, ווי ער האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען און נייגן זיך צו דער ערד. איך האָב קוים באַוויזן אים אונטערצוהאַלטן און אָוועקגעלייגט אים אויפן גראָז, אונטערלייגנדיק די טעקע צוקאָפּנס. צום גליק איז דאָס געווען אַ לייכטע חלשות און ער איז גיך געקומען צו זיך. דערווייל זענען די חברים צוריקגעקומען פון זוכן דעם סטאַראָסטע און אָן אַ דערלויבעניש, מען האָט אים נישט געקענט אויסזוכן. אַזוי ווי עס האָט שוין סיי ווי סיי אָנגעהויבן גרויען אויף טאָג, האָט מען זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

הגם עס איז נאָך געווען פינצטערלעך, האָבן מיר דאָך ריזיקירט דורכצוגיין דאָס שטיקל וועג לעבן דער באַן־ליניע. מיר האָבן

עס אַגב געוואָלט פאַרבײַגײַן וואָס פריער, מורא האָבנדיק פאַר באָמ־
באַרדירונגען. עס איז נאָך גוט געלעגן אין טעם דער שעדלעצער
וויאַדוקט. צום גליק איז דאָס נישט געווען קיין גרויסער אָפּשניט,
און מאַרשירנדיק שנעל, האָבן מיר נאָך גאַנץ פרי צוגעריסן זיך דורך
אַ זײַטיקן וועג צום שליאַך אין דער ריכטונג פון קאָברין־פּרוזשאַנע.
עס האָט זיך געשטעלט אַ לויטערער זומער־טאָג. אַ לײַכט מאָרגן־
ווינטעלע האָט געבלאָזן און דערפרישט. מען האָט זיך דערפילט
שטאַרקער און אפילו מונטערער. דער אַלץ מער אויפוואַכנדיקער
ליכטיקער פרימאָרגן, די טונקל־בלויע וועלדער אַרום, די מיט טוי
שעמערירנדיקע פּאָליאַנקעס, דער געצוויטשער פון די פייגעלעך, —
האָבן געמילדערט אונדזער אומרואיקייט, ווי געגלעט אונדזערע אָנגע־
צויגענע נערוון. איך דערמאָן זיך אַזאַ עפּיזאָד דאָן: די דראָזשקע אונ־
דזערע קוים זי רירט זיך, מיר אַלע גייען דערלעבן. מען פּרוווט אײַ־
בערצייגן יאָסעלע בעל־עגלה, אַז ער זאָל אַ ביסל אונטעריאָגן. מיר
האָבן געוואָלט וואָס פריער צוקומען צום שיידפּונקט קאָברין־פּרו־
זשאַנע, כדי דאָרט צו אָריענטירן זיך, ווו ווייטער צו גיין. אין דעם
דערהערן מיר פרוי ערליכס שטימע (זי איז דאָן געפאָרן אין דראָזש־
קע): מײַנע פרײַנד, וואָס אײַלט איר זיך אַזוי, זעט וואָס פאַר אַ שיינ־
קייט אַרום, עס איז דאָך הערלעך, אַנטציקנדיק. מיר האָבן זיך אַלע
אָנגעקוקט. דאָס פּנים אירס האָט ווירקלעך אויסגעדריקט אויפריכ־
טיקע אַנטציקונג. הגם עס האָט אין פלוג אויסגעזען קאָמיש צו אַנט־
ציקן זיך מיט נאַטור־שיינקייט בײַ אַזעלכע באַדינגונגען, דאָך האָבן
מיר זיך אַלע דערפילט, ווי פאַרשעמט פון אונדזער אייגענער פאַר־
לוירנקייט און דענערווירטקייט.

אַזייגער 9 אין דער פרי זענען מיר אָנגעקומען צום שיידוועג.
פון דאָזיקן פּונקט האָט אַ זײַטיקער זאַמדוועג געפירט קיין קאָברין
און דער שאָסיי קיין פּרוזשאַנע. דער מהלך אין ביידע שטעט איז
געווען כמעט דער זעלביקער. איז באַשערט געווען, אַז אויף דעם דאָ־
זיקן שיידוועג זאָלן זיך פרווון טיילן אונדזערע מיינונגען, וואָס האָט

אויך שיער נישט דערפירט צו דער צעשפּאַלטונג פון דער גרופּע. געװ־
שען איז אָט װאָס: צוקומענדיק צום דאָזיקן פּונקט, זענען מיר אײ־
בערהאַשט געװאָרן פון דער שטילקייט אַרום. מיר האָבן זיך גע־
ריכט, אַז אויפן שאָסיי בריסק־פּרוזשאַנע, אויפן שליאַך־קאָברין, װעלן
מיר אָנטרעפן אויף אַ לעבהאַפטע באַװעגונג, און דאָ איז גאָר אַזאַ
שטילקייט, װי אַלץ װאָלט אויסגעשטאָרבן אָדער אויסבאַהאַלטן זיך.
די שטילקייט האָט געשראָקן, געריסן די נערװן.

װו גייט מען? אין קאָברין אָדער אין פּרוזשאַנע? די דאָזיקע
פראַגע איז געשטאַנען פאַר אונדז מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און
האָט אַרויסגערופן, צום ערשטן מאָל, אַ מיינונגס־פאַרשידנהייט. אַ טייל
האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף זיך לאָזן אין דער ריכטונג אויף קאָברין,
װייל אַהין פירט אַ זייטיקער זאַמדיקער װעג און מיר װעלן אויסמיידן
באָמבאַרדירונגען. אַחוץ דעם איז אין קאָברינער ריכטונג געװען אַ
שטיקל באַװעגונג און אַ פאַרבייגייענדיקע פור מיט יידן האָט איבער־
געגעבן, אַז מען קען דאָ פאָרן. אין קאָברין אַליין ברענט אַפילו, אָבער
די באַפעלקערונג איז נאָך נישט אַװעק. אקעגן, האָבן די אָנהענגער פון
פּרוזשאַנע, און צװישן זיי בין אויך איך געװען, געטענהט, אַז פּרו־
זשאַנע איז נענטער צו אונדזער ציל, עס איז װייטער פון דער פראָנט־
ליניע, װי קאָברין, װו עס ברענט שוין, אגב, אויך. אַ מערהייט האָט
זיך אַרויסגעזאָגט פאַר קאָברין. די מורא פאַר באָמבאַרדירונגען און
די שטילקייט. די פאַרדעכטיקע שטילקייט אויפן פּרוזשאַנער שאָסיי
האָט איבערגעװויגן. איך בין געבליבן ביי מיינעם און געפרעגט, װער
עס איז גרייט מיטצוגיין מיט מיר אין פּרוזשאַנע. עס האָט זיך גע־
שאַפן אַ פּיינלעכע קאָנסטערנאַציע. אַ טייל חברים, דער עיקר דער
ח' װו־ר, האָבן זיך אָנגעהויבן אויפרעגן, ח' ערליך, װי געװיינלעך,
באַרואיקט און פרעגט מיך, פאַרװאָס האָב איך זיך אַזוי איינגעשפּאַרט
אויף פּרוזשאַנע. איך דערקלער: דער שכל־הישר איז פאַר פּרוזשאַנע,
פאַר קאָברין — די שרעק און די נערװן. קאָברין ברענט, א סימן, אַז
די איז שוין אין דער קריגס־זאָנע. ביז מיר װעלן דורכן זאַמדיקן װעג

דערגיין קיין קאָברין פאַרמאַטערטע און דערשעפּטע, וועט שוין די באַפעלקערונג האָבן אַנטלאָפן. אַחוץ דעם האָבן מיר דאָרט נישט קיין נאָענטע פריינד, קיין באַקאַנטע. אַקעגן איז פּרוזשאַנע אונדזערס אַ שטעטל, מיר האָבן דאָרט אַ גרויסע פּאָלקשול, אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און יעדער צווייטער ייִד קען מיך, ווייל עס איז נאָענט פון קאַרטוז־בערעזע, וווּ איך האָב אַ לענגערע צייט געאַרבעט אין דער דאָרטיקער פּאָלקשול. טאָמער איז טאַקע אַזוי נאָענט די סכנה, בלייבן מיר דאָרט צווישן אייגענע, וואָס וועלן פאַר אונדז מער זאָרגן ווי פאַר זיך אַליין. איך האָב איבערצייגט. מען האָט באַשלאָסן גלייך לאָזן זיך אין וועג אַריין קיין פּרוזשאַנע. וואָס טוט מען אָבער מיטן שאָסיי? און דאָ איז שוין באַלד 8 אַזייגער, די סאַמע רעכטע צייט פאַר באָמבאַרדירונגען. מילא, די פוסגייער וועלן פּרוּוון, ווי ווייט מעגלעך, זיך האַלטן אין דער זייט פון שאָסיי, אָבער די דראָזשקע מוז דאָך פאָרן מיטן שאָסיי. און דאָ זעט מען נישט אויפן שאָסיי קיין לעבעדיק נפש, אַ טויטע שטילקייט אַרום. קיין סך צייט אָבער צום טראַכטן איז נישט געווען, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַזוי ווי דער שאָסיי איז זייער אַ גלאַטער, דאָס פערדל אַ ביסל אויסגערוט, זאָל קודם כל די דראָזשקע דורכלויפן דעם וועג וואָס שנעלער, מיט דער גרעסטער שנעלקייט. מיר האָבן קוים געקענט פועלן ביים ח' ערליך, אַז ער זאָל זיך אַרײַנזעצן אין דראָזשקע, ווייל מען קען דאָך נישט וויסן, וואָס עס וועט געשען, זאָל ער נישט זיין אָפּגעריסן פון דער פרוי און זון, וואָס זענען אויך געפאָרן.

מיר האָבן זיך ענדלעך געלאָזט אין וועג אַריין. די דראָזשקע איז אַוועק פאָרויס, און מיר נאָך איר. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און זי איז פאַרשוווּנדן פון אונדזערע אויגן. עס איז געוואָרן זייער אומעטיק אויפן האַרץ. צי וועלן מיר זיך נאָך זען? צי וועלן מיר נישט ווערן אָפּגעשניטן? מיר זענען געגאַנגען און געגאַנגען, און די שטילקייט אַרום האָט אַלץ מער געפּרעסט אויפן געמיט, געריצט די פאַנטאַזיע און ביי אַ טייל אַרויסגערופן אַפילו אַנגסט און מורא. אין דעם,

אַז מיר זענען שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַן ערך צוויי שעה, דורכ־מאַכנדיק ביי אַן 8 קילאָמעטער (אינגאַנצן האָבן מיר געהאַט צו מאַכן 24), טוט זיך אַלטשילער פּלוצלונג אַ שטעל אָפּ און שרייט היסטע־ריש אויס: „חברים, לאָמיר צוריקגיין, מיר גייען דאָך דעם וואָלף אין פּיסק אַריין... איר זעט דאָך, ווי טויט דאָ איז, אַלץ האָט מורא, אַלץ האָט זיך אויסבאַהאַלטן, מיר וועלן אַריינפאַלן נאָך אין מיטן וועג". ער האָט דאָס אַלץ אויסגעדריקט אַזוי סוגעסטיוו, אַז כמעט אַלע האָבן זיך נישט נאָר אָפּגעשטעלט, נאָר אפילו אויסגעדרייט און אָנ־געהויבן ארומצוקוקן זיך אויף צוריק. דער אויסדרוק פון אַלעמענס פּנימער איז געווען, ווי ביי מענטשן, וואָס זעען דעם טויט פאַר די אויגן, נישט האָבנדיק די מינדסטע מעגלעכקייט אויסצומיידן אים. איך בין געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט און אַ געשריי געטאָן צו אלט־שילערן: „איר זענט פון זינען אראָפּ... נאָך צוויי שעה גיין אין דער ריכטונג פון פּרוזשאַנע אומקערן זיך אין דער ריכטונג פון קאָ־ברין — הייסט דאָך פאַרלירן 4 שעה. אויב די דייטשן וואָלטן שוין געווען אין פּרוזשאַנע, וואָלט שוין גאַרנישט געווען אַזוי שטיל אויף דעם דאָזיקן סטראַטעגישן שאָסיי. עס איז שטיל, ווייל אין אַזאַ צייט פאַרלאָזט נישט קיינער די היים און די היגע באַפעלקערונג לויפט נישט, ווייל וווהין?"

מיר זענען געגאַנגען ווייטער. פּלוצלונג, ווי אויף אַ באַפעל, זע־נען מיר שטיין געבליבן; מיר אַלע האָבן זיך מיט שפּאַנונג איינגע־הערט. פון ווייטנס האָט זיך דערהערט דער כאַראַקטעריסטישער אָפּקלאַנג פון רעדער, וואָס קייקלען זיך אויף אַ שאָסיי, ענדלעך איז אָנגעקומען דאָס פורל. אונדזער אויפרעגונג איז געווען אין לשער. מיר האָבן אין ערשטן מאָמענט אפילו מורא געהאַט צו פרעגן, נישט צו דערוויסן זיך קיין שרעקלעכע נייעס. פון אויסדרוק אין אונדזערע פּנימער האָט, אפּנים, דער פויער פאַרשטאַנען, וואָס מיר ווילן וויסן. „ווו גייט איר, מענטשן, אין פּרוזשאַנע? אַלע געוועלבער זענען דאָרט פאַרמאַכט, מען זאָגט, אַז די פּאָליציי אַנטלויפט שוין". הגם גאַרנישט

קיין גוטע בשורה, איז אונדז דאָך געוואָרן לייכטער אויפֿן האַרץ. אבי די דייטשן זענען נאָך נישטאָ, דארף מען זיך צו איילן, כדי אָנ־צוקומען אין פרוזשאַנע וואָס פריער, כאָטש אַ ביסל פריער פון שונא. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בילד, ווי ה'טע ליבע האָט אַ כאַפּ געטאָן איר צען־יאָריק מיידעלע און אָנגעהויבן לויפן. אַזאַ ענער־גיע, אַזאַ כוח האָט נאָר געקענט קומען פון אן אומגעהייערער נערוון־געשפּאַנטקייט, וואָס קען אָבער לאַנג נישט אָנהאַלטן.

איך האָב געפּרווט איבערצייגן און וואָרנען, אַז מען זאָל זיך האַלטן אין פעסטגעשטעלטן טעמפּאָ (4 קלמ. אַ שעה). דערווייל וואָס ווען, איז אונדז מענדעלסאָן פאַרשוווּנדן געוואָרן פון די אויגן. די נערוון, נישט זיינע כוחות חלילה, האָבן אים אַוועקגעטראָגן פאָרויס, פאָרויס... ווייט, ווייט האָבן מיר נאָך געזען אַ שוואַרץ פּינטעלע און באַלד איז דאָס אויך פאַרשוווּנדן. הגם די מידקייט און אויך דער הונגער האָבן זיך גאַנץ שאַרף געלאָזט פילן, האָט מען נישט געמאַכט קיין שום אָפּרו־פּויזעס און אַלץ געיאָגט זיך פאָרויס, פאָרויס... און ווידער געשעט עפּעס, וואָס אַלע שטעלן זיך אָפּ. עס באַווייזט זיך אַ יונגער ווייסרוס אויף אַ ראָווער (בייסיקל). ווי ער וואָלט ארויסגע־לייענט פון אונדזערע פּנימער די שרעק און אומרו, האָט ער זיך אַליין אָפּגעשטעלט און מיט אַ שמייכלדיק פּנים אָנגעהויבן צו רעדן. ער פאָרט אָקאָרשט פון פרוזשאַנע, מיט אַ האַלבער שעה צוריק איז ער פון דאָרט אַרויסגעפאָרן. דערווייל איז דאָרט רואיק, די קראָמען זענען אָפן און די פּאָליציי איז אויך נאָך דאָ אין שטאָט. דערקענענ־דיק, אפֿנים, פון אונדזערע פּנימער, אַז זיינע אינפאָרמאַציעס זענען אונדז פּשוט מחיה, איז ער געוואָרן גאָר בארעדעוודיק און נאָך מער באַרואיקט און געטרייסט אונדז. ער האָט געהאַט מיט זיך אויך א ביסל צידה לדרך, האָט ער עס אונדז גערנוויליק אַוועקגעגעבן.

די שטימונג האָט זיך אַ ביסל געהויבן, און אפילו די פאַרעקשנטע פּעסימיסטן האָבן מיר צוגעוואָרפן זייטיקע שמייכלען. דער כסדר דענערווירטער ה' וו־ר האָט אַפילו פאָרגעלייגט צו פאַרלאַנגזאַמערן

ד'עם טעמפּאָ פון גיין. עטלעכע קילאָמעטער פאַר פּרוזשאַנע איז אָנ־
געפאָרן פון אַ זייטיק דאָרפיש וועגל אַ פויעריש פורל, האָט ח' א־ם
אויסגעפּועלט, פאַר גוטע געלט פאַרשטייט זיך, אַז ער זאָל מיטנעמען
די פרוי און קינד אין שטאָט אַריין און איינוועגס האָט אויך ער זיך
מיטגעכאַפּט. מיר זענען ווייטער געגאַנגען מיט אַ לאַנגזאַמערן טעמ־
פּאָ, אָבער אין אַ בעסערער שטימונג. מיר האָבן געוווּסט, אַז אָט, אָט,
נאָך אַ שעה און מיר וועלן אויך שוין זיין אויפן באַגערטן אָרט, אויף
דעם, אַזוי אויסגעקוקטן, מקום־מנוחה. די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן
אַראָפּלאָזן נידעריקער, עס איז געוואָרן קילער. איז טאַקע געווען לייכ־
טער צו גיין און אַפילו אָנגענעם אויך. און אויב אַזוי, האָבן מיר שוין
אָנגעהויבן הוזקן פון זיך אַליין, פון דער איבערגעטריבענער שרעק
צוליב דער שטילקייט אויפן שאָסיי. פּלוצלונג, הא, הא, עס הייבט זיך
אָן... פון ווייטנס, פון פּרוזשאַנער ריכטונג דערטראָגט זיך עפּעס א
מאָדנער טויבער הודזשען, וואָס ווערט אַלץ נענטער און שטאַרקער.
הגם דאָס איז נישט געווען אַזוי ענלעך צום זשומען פון אַעראָפּלאַנען,
רוקן מיר זיך שנעל אַריין אין שכנותדיקן וועלדל, לייגן זיך אַוועק אויף
דער ערד און הערן זיך איין מיט דער גרעסטער געשפּאַנטקייט. דאָס
הודזשען ווערט אַלץ שווערער און געדיכטער. עס האַלט שוין אַזוי
אָן אַ צען מינוט, נישט עס דערווייטערט זיך און נישט עס ווערט
נענטער. מען הערט נישט קיין אויפרייסן, מען זעט נישט קיין אַע־
ראָפּלאַנען. איז איינער פון אונדז אַרויס אויסשפּירן. ארויסגעוויזן
האָט זיך, אַז פון אַ זייטיקן שאָסיי זענען אָנגעפאָרן לאַסט־אויטאָס מיט
בענזין, און, שטעלט אייך פאָר, דווקא פוילישע מיליטערישע אוי־
טאָס. הייסט עס, אַז דער שונא איז גאָרנישט אַזוי נאָענט. און אפשר.
פאַרגנבעט זיך שוין אַ שטיקל האָפענונג אין האַרצן, האָט מען אים,
ד'עם שונא, אָפּגעשטעלט ביים בוג, אין די געדיכטע ווייסרוסישע
וועלדער. מיר האָבן אָנגעהויבן מאַרשירן לעבעדיקער און גאַנץ שנעל
האָבן מיר זיך דערנענטערט צום זאמדיקן וועג, וואָס פירט שוין
גלייך אין שטאָט אַריין. דערביי האָבן מיר געדאַרפט דורכשניידן דעם

שאָסיי, דורך וועלכן עס זענען געפֿאָרן די מיליטערישע אויטאָס. און אַט ווילן מיר שוין דורכשפּרייזן, אַז מיר דערהערן אַ שאַרפֿן אויסגעשריי: „סטאָפּ!" עס דערנענטערט זיך צו אונדז אַ פּוילישער אָפֿיציר און אָן שום טענות און מענות הייסט ער אונדז גיין צוריק. וואָס הייסט גיין צוריק? וואָס איז דאָ געשען? זענען מיר דאָך פּוילישע פּליטים, האָבן מיר דאָך רעכט אַרײַנצוגיין קיין פּרוזשאַנע. נאָר גיי טענה זיך אויס מיט אַ פּוילישן אָפֿיציר. איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז ער הערט אַפֿילו נישט וואָס מען רעדט צו אים. מילא, זאָג איך, נישט באַשערט פּרוזשאַנע, וועלן מיר גיין גלײַך קיין קאַרטוז־בערעזע.

מיר האָבן שוין געזאָלט נעמען גיין, באַמערקן מיר עפּעס, אַז דאָרט אויפֿן וועג, וואָס פֿירט אַרײַן קיין פּרוזשאַנע, איז עפּעס זייער שטיל און מען זעט שוין נישט קיינעם. אויב אַזוי, דאַרף מען פּרוּוון זיך דורכרײַסן. וואָס האָבן מיר מורא, וועט מען אונדז ווײַטער פֿאַרהאַלטן, וועלן מיר ווײַטער פּרוּוון טענהן. געערדט און געטאָן. מיט שנעלע טריט אַלע צוזאַמען, אײנער נאָכן צווייטן, האָבן מיר אָנגעהויבן גיין, און דורכגעגאַנגען. קיינער איז שוין נישט געשטאַנען, קיינער האָט נישט פֿאַרהאַלטן. זעט אויס, אַז דאָס האָט מען אײַנגעהאַלטן די באַוועגונג, ביז עס וועלן פֿאַרבײַפֿאָרן די מיליטערישע אויטאָס מיט בענזין. אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האָבן מיר באַגעגנט אַ גרופּע פּרוזשאַנער פֿרײַנד, וואָס זענען אַרויסגעקומען אונדז אַנטקעגן דערוויסן זיך, וואָס מיט אונדז איז געשען, ווײַל אַפֿילו צו פֿוס גייענדיק האָבן מיר שוין געדאַרפֿט זײַן אין שטאָט. דערבײַ האָבן זיי אונדז איבערגעגעבן, אַז דער ח' ערליך איז זייער אומרואיק וועגן אונדז און אַז מיר זאָלן זיך דעריבער צואײַלן וואָס גיכער אין שטאָט. „זאָל די שטאָט וויסן, אַז דער חתן האָט זיך אויסגעפֿונען" — וויצלט זיך אײנער. „זיי האָבן נאָך דעם מוט זיך צו וויצלען — מורמלט ח' וו־ר.— „הערט שוין אויף צו קלאָגן, ח. וו־ר, זאָג איך אים, זעט אַליין ווי

שנעל איר זענט פון אן אומגליקלעכן מענטש געוואָרן אַ גליקלעכער, איר וועט באַלד מאַכן אַ לעבן גלייך מיט אַלע".

און מען האָט אונדז, די פּאַרשפּעקטיקטע געסט, אַריינגעפירט אין שטאָט אַריין. די פריערדיקע חברים האָבן זיך איינגעאָרדנט ביים באַקאַנטן שול־טוער ג. אורינסקי, אויך אונדז האָט מען דערווייל דאָרט אַריינגעפירט. אַז מיר זענען אָנגעקומען, איז געוואָרן אַ שמחה, אַ גדולה, ווי זאָגט מען, אַבי מען לעבט און מען זעט זיך אין נחת. און עס איז באמת געווען אַ נחת צוצוקוקן זיך, מיט וואָס פאַר אַ וואַרעמקייט און אויפריכטיקער גאַסטפריינדלעכקייט מען האָט דאָ אַלע אַרומגערינגלט. חבר ערליך מיט דער פאַמיליע האָבן געהאַט אַ באַזונדערן צימער. מען האָט געהאַלטן אין איין פאָרען זיך אַרום אונדז, ווי אַרום קראַנקע נעבעך. אויפן קומען, זעט אויס, האָט אַ גאַנצן טאָג געעברענט אַ פייער, מען האָט געקאָכט עסן, געוואַרעמט וואַסער צו וויקן די פיס, מען האָט געשאַפן וועש, שקאַרפּעטן. די גליקלעכע, וואָס זענען פריער אָנגעקומען זענען שוין געווען אויסגערוט, אָפּגעפרישט, גאַרנישט צו דערקענען. עס איז דערווייל צוגעפאַלן די נאַכט און מען האָט שוין געדאַרפט נעמען טראַכטן וועגן וואָס ווייטער. צוליב דעם וואָס אין שטאָט איז נאָך פאַרהעלטנישמעסיק געווען גאַנץ רואיק, האָט זיך איינגעגעבן צו דינגען עטלעכע פורן, וואָס האָבן געזאָלט אונדז פירן קיין בערעזע. הגם עס האָט אונדז זייער נישט געגלוסט אָוועקצופאָרן פון דאַנעט אַזוי שנעל, האָבן מיר באַשלאָסן אָפּצופאָרן צומאָרגנס, שבת 6 אַזייגער בייטאָג. וויסנדיק פון דער טרויעריקער דערפאַרונג. ווי שנעל דאָס גוטע קען זיך ענדיקן צום שלעכטן, מיר האָבן נאָך גוט געהאַט אין זינען דעם שבבתדיקן טאָג אין מעזריטש.

# אויפן וועג קיין קאַרטוז-בערעזע

צומאָרגנס זענען מיר אַרויסגעפאָרן אין דער ריכטונג פון שטעטעלע מאַלטש, וואָס ליגט אויפן וועג קיין קאַרטוז-בערעזע. דער פרימאָרגן איז געווען אַ נעפּלדיקער, די זון האָט זיך קוים דורכגעריסן דורך די וואָלקנס און האָט זיך געהאַלטן אין איין טוקן. און מיר האָבן געהאַלטן אין איין מורא האָבן פאַר אַ רעגן. סוף כל סוף האָט זיך אויסגעלייטערט און ווידער האָט זיך אוועקגעשטעלט אַ ליכטיקער זומערטאָג.

שוין דער דריטער טאָג, אַז מיר האָבן נישט געהערט דאָס מאָוימדיקע הודזשען פון אַעראָפּלאַנען, נישט געפילט זייער טויט-אָטעם איבערן קאָפּ, און אַ מענטש איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, האָט מען אַביסעלע פאַרגעסן, ווו מען איז אין וואָס פאַר אַ לאַגע מען געפינט זיך, האָט מען געשעפּט נחת פון גאָטס שיינער וועלט און געלאָזט זיך פאַרגנבענען אַ שטילע האָפענונג אין האַרצן אַריין. און ווי די וואָלקנדלעך אין הימל, האָט אויך אונדזער געמיט לייכט זיך געשוועבט איבער אַלץ, פאַרגעסן אין נעכטן, נישטאָ קיין היינט, נישטאָ קיין מאָרגן. מען פאַרט זיך אַזוי אין אַ שיינעם העלן זומער-טאָג סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין. איך האָב זיך דערמאָנט אין אמאָליקע אויספלוגן איבער ווייסרוסלאַנד, ווען איך האָב געאַרבעט אין דער יידישער פאָלקשול אין קאַרטוז-בערעזע. בייטאָג אויף פּאָליאַנקעס אין די וועלדער, ביינאכט אויף טייכן און אָזערעס מיט גיטאַרעס און באַלאַלאַיקעס, מיט האַרציקע יידישע פאָלקסלידער און לאַנגגעצויגענע ווייסרוסישע באַלאַדעס.

„אַז מען וויל, קען מען זאָגן טריידים״ — וויצלט זיך איינער, — אַז מען וויל קאָן מען זאָגן, אַז מען פאָרט קיין מאַלטש אויף דאַטשע. ביסלעכווייז האָט מען זיך טאַקע אָנגעהויבן דערנענטערן צום שטעטעלע. אָט זעט מען שוין דעם טורעם־שפּיץ פון דער צערקווע, וואָס גלאַנצט אָפּ אין דער זון, עס טיילן זיך אַלץ מער אַרויס העלע שינדל־דעכער. נאָך אַ טריט און נאָך אַ טריט און מיר זענען שוין אין שטעטעלע מאַלטש — זינגט יאָסעלע בעל עגלה אין גוטן מוט צום פערדל. אויפן האַרץ איז אַזוי לייכט און גוט, ווידער אין א יידיש שטעטעלע, ווידער צווישן נאָענטע און אייגענע, אַ וואַרעמער בליק, אַ פריינדלעכער שמייכל, א טרייסטוואָרט, אַ באַרואיקונג. אוי, אונדזערע יידישע שטעטלעך, ווי לייכט מיר האָבן אין זיי פאַרגעסן אין די רואיקע פרידלעכע צייטן!... פאַרקאָכט, פאַרטאָן אין אונדזער טאָגטעגלעכער אַרבעט, געטראָגן אויפן ברייטן שטראָם פון געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן לעבן אין דער גרויסער שטאָט, האָבן מיר אָפּט, זייער אָפּט פאַרגעסן אין די דאָזיקע ווייטע, פאַרוואָרפענע שטעטלעך, אָט די שטילע, אָבער טיפע קוועלעכלעך פון יידישן פאָלקסלעבן, יידישער מאַסן־קולטור, יידישער עכטקייט און גאַנצקייט, ווו די נאָך פאַרבליבענע יוגנט האָט געטרוימט און געבענקט, געהאָפּט און געגלויבט, און דער עלטערער דור איז עקשנותדיק געגאַנגען זיין וועג, נישט געבראָכן, נישט געבויגן זיך און בייגעשטאַנען אַלע גזירות.

ווי צו אייגענע נאָענטע זענען מיר איצט געקומען און ווי אַזעלכע האָבן זיי אונדז אויפגענומען. און הגם פאַרבייגייענדיק נאָר, האָבן מיר דאָך דערפילט דעם אינערלעך פאַרבאָרגענעם כוח פון יידישן מאַסן־לעבן. „ווי הויך פונאַנדערגעוואָקסענע צווייגן זענען נישט דעם שטאַם זייערן, אַזוי האָבן מיר גרויס־שטאָטישע געזעלש. עסקנים נישט געזען דאָס קליינע יידישע שטעטעלע״ — האָט ריכטיק באַמערקט ה׳ מענדעלסאָן. חדשים לאַנג פלעגט זיך אַזאַ שטעטעלע בעטן וועגן אַ פּאַסיקן רעפערענט, מען האָט אָבער זייער זעלטן צייט געהאַט פאַר זיי. און שטילערהייט האָבן זיי זיך געבויט זייערע

פּאָלקשולן, זייערע ביבליאָטעקן, זייערע פאַראייגען, שטיל געלעבט. אָבער נישט געשטאָרבן, פאַרקערט געריסן זיך צו אַ פולער, טיפער און אינטערעסאנטער לעבן.

אָט האָט איר שוין אייער מאלטש, וועקט מיך ה׳ אַלטשילער פון מיינע געדאנקען אויף. ריכטיק, איך האָב עס גלייך דערקענט דאָס שטעטעלע. קליין, שטיל, רויק, ווי אַמאָל, גאָרנישט נישט געענדערט זיך. נאָר היינט איז שבת אין מאָלטש. מיר שטעלן זיך אָפּ מיט די פירלעך ביים עק פון שטעטל, עס ווילט זיך נישט מחלל זיין דעם שבת פון די מאָלטשער יידן. און מאָלטשער יידן פראַווען טאקע שבת, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען, — ווער מלחמה, וואָס מלחמה. אָט איז דאָס גאַנצע שטעטעלע פאַר די אויגן. ווי אין אַלע ווייסרוסישע שטעטלעך איז דער מאַרק — דער יידישער צענטער, פון וועלכן עס וויקלען זיך אַרויס אַלע איבעריקע געסלעך. היינט איז אויפן מאַרק שטיל, עס איז שבת. מען זעט נישט קיין פורן, קיין סטראַגאַנעס, אַלץ רוט, אַלץ איז געשלאָסן. אויפן מאַרק הייבן זיך אָן באַוויזן אַלץ מער יידן אין שבתדיקע בגדים, מען הייבט, זעט אויס, אקאָרשט אָן זומ־צוקערן זיך אַהיים פון דאוונען.

ווי געזאָגט, איז אונדז אין ערשטן מאָמענט פריקרע געווען אי־בערצורייסן אָט די שבתדיקע שלום־ושלווהדיקייט פון די מאָלטשער יידן. דער מרחק אָבער צווישן אונדז איז געווען אַזאַ קליינער, אַז אויסבאַהאַלטן זיך האָט מען שוין נישט געקענט. יידן האָבן אונדז גלייך דערזען און איידער וואָס־ווען, זענען מיר שוין געווען אַרומ־גערינגלט פון אַן עולם מענער, פרויען און קינדער. צווישן עולם האָט זיך באַלד דערהערט אַ שעפּטשען: אוי, אַדוואָקאַט ערליך, דער פירער פון „בונד” איז דאָ. דאָס, זעט אויס, האָבן די יינגערע דער־קענט ה׳ ערליכן. מיט גרויס דרך ארץ האָט איינער דעם אַנדערן אָנ־געוויזן אויף ערליכן. „אַ קלייניקייט, אַדוואָקאַט ערליך”. — הער איך ווי אַן עלטערער ייד קלערט אויף דעם צווייטן. יענער, צושאָק־לענדיק מיטן קאָפּ, נעמט נישט אראָפּ קיין אויג פון ערליכן. —

„שוין איין מאָל א פיגור", גיט צו פאַרשטיין א מאַן דער פּרוי זיי־נער, — „פון די ערשטע אין פוילן". אַנדערע, עלטערע יידן שוין, דערנענטערן זיך און גיבן אָפּ שלום־עליכם. דער כבוד צו זיין דער מכניס אורח פון ערליכן האָט פאַרכאַפּט, ממש פאַרכאַפּט, נאָטע מיל־נער, אַ ייד מיט אַ פריילעך לעבעדיק פּנים, וואָס שמייכלט כסדר און באַוועגט זיך שנעל. די גאַנצע צייט, וואָס עולם איז געשטאַנען און מיט נאַיווער באַוווּנדערונג געקוקט אויפן ח' ערליך, ווי זיי וואָלטן אַלץ נאָך נישט תופס געווען, ווי אַזוי קומט עס דער דאָזיקער גרוי־סער מענטש צו זיי אין קליינעם שטעטעלע, איז נאָטע נישט געשטאַ־נען אויף קיין אָרט, געררעדט, געטענהט. איך האָב אַ רחבותדיקע דירה, אַן אָרט פאַר די פערדלעך און פאַשע גענוג, און די מענטשן ווילן זיך נישט צעשיידן. הכלל נאָטע מילנער האָט אַלץ און געניי געוווּסט, וואָס מיר ווילן, וואָס מיר טראַכטן, און איידער דער איבעריקער עולם האָט געפרווווט אָפּווענדן, פאַרוואָס איינער וויל פאַרכאַפּן אַלע, האָט שוין נאָטע מיט זיינע לאַנגע אָרעמס געשטופּט אונדז פאַרויס אין דער ריכטונג צו זיין דירה, וואָס האָט זיך, אגב, געפונען אין צווייטן עק שטעטעלע, אויפן וועג קיין בערעזע. א געררירטער פון האַרציקן קבלת פּנים, האָט זיך ח' ערליך וואַרעם געזעגנט מיטן עולם, זיין פּנים מיטן אייגנאַרטיקן אויסדרוק פון באַשיידנקייט און איידלקייט האָט דערביי פריינדלעך געשמייכלט. „שאַ, שטיל," האָט זיך געריסן איינער אַ יונגער מאַן, „ערליך זאָגט עפּעס". — „איך זאָג, שמייכלט ערליך, זייט געזונט, מיינע פריינט, לאָמיר דערלעבן בעסערע צייטן." זיין פּנים איז געוואָרן ערנסט אומעטיק, עס איז א מינוט גאַנץ שטיל געוואָרן, ווי דער עולם וואָלט פלוצלונג דערפילט די גאַנצע ערנסט־קייט פון מאָמענט.

אַז מיר זענען אָנגעקומען צו נאָטען אויף דער דירה, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דער אמתער טומל. ער האָט נעבעך אַליין נישט געוווּסט מיט וואָס אַלץ מהנה צו זיין אַזעלכע געסט. — באַשע, האָט ער פריילעך אַ געשריי געטאָן צו דער פּרוי זיינער, מיר האָבן היינט

אַזעלכע געסט, וואָס איין מאָל אין יאָר, אין צען יאָר, וואָס רעד איך, אַ גאַנץ לעבן קען מען אָפּלעבן און גאָרנישט. לייג אַרויס אויפן טיש אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט, אָבער אַלץ, מילכיקס און פליישיקס, געקאָכטס און געבראָטנס. די נעכטיקע סמעטענע איז שוין זיכער צוגעשטאַנען, זאָג מאַריסיען, זי זאָל אייער אָפּבריען, זאָל זי דערלאַנגען די מילך פון לעצטן מעלק.

אויפן הויף לעבן דער ברייט־פונאַנדערגעפּראַלטער סטאָדעלע שטייט שוין אונדזער יאָסעלע בעל־עגלה און טענהט זיך אויס מיט זיין מעזריטשער פערדל: אַ פריער פרעס דיך אָן מיט האָבער און שפּעטער אביסל היי, אַלץ צוזאַמען נישט, פּרעסער, קענסט נאָך חולה ווערן, און מיר דאַרפן נאָך דערציען ביז פינסק.

און נאָטעס פריילעך קול אין שטוב הערט אויך נישט אויף קיין איין מינוט: „עסט יידן, שפּאָרט נישט, עס פעלט מיר קיין עין הרע נישט פון כל טוב". און אָט זיצט ער שוין לעבן ערליכן און פּרוווט איינטענהן מיט אים, אַז מען זאָל נישט פאָרן וויטער: „צו וואָס לויפן, איר זעט דאָך, דאָ איז שטיל, שאַ, מען זעט נישט, מען הערט נישט, אַ פּיצעלע שטעטעלע, ס'ליגט אין דער זייט. — געגנוי די זעלבע איינרעדעניש, וואָס די מעזריטשער יידן, — מורמלט צו מיר שטיל ח' אלטשילער — „מילא, ענטפער איך אים שטיל, און אונדזער לויפן איז נישט קיין איינרעדעניש?"

דערווייל האָט מען געפּראַוועט די שבת־סעודה ביוד רחבה, ווי גאָט האָט געבאָטן. נאָטע האָט אַפילו געהאַלטן, אַז מיר זענען קנאַפּע עסערס: „איר עסט, ווי גרויס־שטאָטישע", האָט ער געחוזקט פון אונדז. פאַרשטייט זיך, אַז וועגן באַלד אָפּפאָרן האָט שוין קיין רייד נישט געקענט זיין. נאָך דער גוטער שבת־סעודה האָט זיך אויך געגלוסט האָבן אַביסל שבת־מנוחה, אונדזערע גלידער האָבן געהאַט אַ גאַנץ גרויסן דעפיציט דערין. די העל־גרינע לאָנקעס אַרום, די מיט שטרוי־היי אָנגעפּילטע שייערן האָבן אויך פאַרשטאַרקט דעם נסיון, איז מאַקע באַשלאָסן געוואָרן צו לאָזן זיך אין וועג אַריין שפּעט נאָכ־

מיטאָג, פאַרנאַכט צו. — קיין בערעזע, האָט עולם זיך געוויצלט, קען מען זיך דערלויבן אַריינצוקומען אַפילו ביינאַכט, עס איז דאָך עפּעס ר״ס שטעטעלע, ווו נאָר ער וועט אַ קלאַפּ טאָן, וועלן זיך עפענען טיר און טויער. פון שטעטל זענען דערווייל געקומען אַביסל געסט, געוואָלט, זעט אויס, נאָך אַמאָל אַ קוק טאָן אויף ערליכן און צוזאַמען מיט נאָטען האָט מען ווידער געפּרוווט אונדז איינרעדן, אַז מיר זאָלן זיך דאָ אָפּשטעלן, אַז עס וועט דאָ גאָרנישט פעלן און וואָס ס׳וועט זיין מיט אונדז אַלע, וועט זיין מיט אייך אויך. דערביי האָט איינער מיט אַ געהיימניספולער מינע דערציילט, אַז אין בערעזע איז גאָרנישט אַזוי רואיק, אַז מען האָט דאָרט אַראָפּגעוואָרפן פלוגבלעטלעך מיט אַן אויפפאָדערונג צו דער באַפעלקערונג, אַז זי זאָל מיטהעלפן צו באַפרייען פון דאָרטיקן קאַנצ. לאַגער די אינטערנירטע דייטשן פון פויזן. דאָס גאַנצע שטעטל זאָל זיך האָבן צעלאָפן — פאַרזיכערט דער דערציילער. הגם די אַלע ידיעות זענען נישט געווען קיין קאָנטראָלירטע, איז דאָך געוואָרן גאַנץ קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן.

און אָט פאָרן מיר שוין אין קאַרטוז־בערעזע, אין שטעטעלע, וואָס איז פון סאַמע אָנהויב געווען דער ציל פון מיין ערשטער וואַנדערונגס־פּאַזע, געהאָפט אָפּצורוען זיך דאָרט אַביסל לענגער צווישן אַלטע גוטע פריינט. „צי וועל איך דאָרט נאָך טרעפן, —טראַכט איך מיט אַ וואַרעמקייט אין האַרץ, — צי וועל איך טרעפן די ח״ח ווינשטיין, פּאָדאָסטראַיצע, פּיאַסעצקי, אַלטע בונדיסטן און איבערגעגעבענע שול־טוער? צי וועל איך טרעפן עמיצן פון דער יוגנט מיט וועלכער איך האָב אַזוי פיל יאָרן געאַרבעט? וועל איך האָבן אַ מעגלעכקייט צו באַזוכן די שול־געביידע, ווו איך האָב פאַרבראַכט די בעסטע פינף יאָר פון מיין פּעדאַגאָגישער אַרבעט, ווו כ׳בין רייף געוואָרן אַלס לערער, ווי איך האָב אָנגעהויבן גלייבן אין די דערציערישע מעגלעכקייטן און דערגרייכונגען פון דער יידישער פאָלקשול?״ אָן אַ שיעור זכרונות, בילדער האָבן אָנגעהויבן אויפטויכן, נאָענטע חברים לערער, שול־טוער, שול־פריינט, קינדער און יוגנטלעכע, שול־יום־טובים, וואַ־

בעדיקע אַרבעטס־טעג, טעג פון שאַפונגס־פרייד, שול־אויספלוגן און עקסקורסיעס און געמיטלעכע שמועסן. פינף יאָר פון אינטענסיווער גייסטיקער אַרבעט, וואָס האָבן געלייגט זייער חותם אויף מיין גאַנץ איבעריק לעבן, אויף דער ווייטערדיקער געשטאַלטונג און אויסקריס־טאַליזירונג פון מיין וועלט־און לעבנס־אַנשויאונג.

איז דען מעגלעך צו געדענקען בערעזע, נישט דערמאָנענדיק דערביי שלומקע וויינשטיין, אָט דעם וויס־רוסישן טיפּישן פאָלקסייד מיט דעם שאַרפן קלוגן פּנים, מיטן שטענדיקן שמייכל, ווי ער וואָלט אָקאָרשט געהאַט פאַרענדיקט דערציילן אַ שאַרפן עכט־יידישן וויץ אָדער מעשהלע. שלומקע וויינשטיינס וויצן און מעשהלעך האָבן געהאַט אַ שם נישט נאָר אין בערעזע, זיי האָבן געשפּרודלט מיט פאָלקס־הומאָר און טיפער לעבנס־חכמה. ח' וויינשטיין, האָט אַמאָל פרץ מאַרקיש, זייענדיק אויף אַ פאַרלעזונג אין בערעזע, געזאָגט, ח' וויינשטיין קאָמפּאָנירט אויסגעצייכנט אויף אַ הומאָריסטישן אופן אונדזער טאָגטעגלעך לעבן, עס וואָלט כדאי געווען אים אָפּט נאָכצו־גיין און צו פאַרצייכענען. נישט קיין גרויסער אויפטוער אין פּרנסה־זאַכן, ווי דאָס ווייב זיינס פלעגט זיך באַקלאָגן, האָט אים אָבער מער ווי פּרנסה אינטערעסירט אַ קאַפּיטל שלום־עליכם אָדער פּרצס אַ חסידיש מעשהלע. ווער נאָך טאַקע האָט אַזוי ווי שלומקע געקענט לייענען שלום־עליכמען מיט אַלע קנייטשעלעך. גאָר פון אַן אַנדערן שניט איז געווען מאיר פאָדאָסטראָיצע, אָדער מאירקע, ווי מען פלעגט אים רופן. אַ געוועזענער מאַלער, שפּעטער אַ האָלץ־אַרבעטער, האָט ער זיך ביסלעכווייז אַרויפגעאַרבעט און געוואָרן אַ שותּף צו אַ טאַר־טאַק (זעגמיל). אָבער מאירקע איז געבליבן מאירקע, דער פּשוטער יידישער האָרעפּאַשניק. געהאַט האָט ער אַ שותּף צום טאַרטאַק, אַ באַלעבאַטישן ייד, האָט ער אים איבערגעלאָזט צו פירן די חשבונות, און אַליין האָט ער געאַרבעט, ממש פיזיש שווער געאַרבעט אויפן טאַרטאַק און אין האָלץ־סקלאַד. אַליין אַ גיבור, וואָס האָט געשפּרודלט מיט כּוחות, פלעגט ער זיך אָפּט וויצלען איבער זיין פאַראיידלטן שו־

תּף, וועלכער קאָן בשום אופן נישט פאַרשטיין פאַרוואָס מאירקע אַר־בעט, פּונקט ווי די פּראָסטע פּויערים באַטראַקטעס. „אַז איך זע, ווי אייער הענטעלע ציטערט ביים אויפהייבן מישטיינס־געזאָגט אַ שטיקל רעכנביכל, פלעגט אים מאירקע אָפּענטפערן, הייבן מיר אָן די הענט צו ציטערן פון גרויס חשק אויפצוהייבן איך מיט דער שטול, מיט דער ביורקע און מיט נאָך אַ ציוניסטל צו (דער שותף איז געווען דער פּאַרזיצער פון דער אָרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע). ווו נעמט זיך אַזאַ פגירהדיקע שוואַכקייט צו אַ מענטשן?". — „ווו נעמט זיך אַזאַ עשו־כוח צו אַ יידן!" — פלעגט דער שותף בייז זיך אָפּשלאָגן. האָט טאַקע מאירקע שטאַרק הנאה געהאַט פון לעבן, פון זיין גע־זונט, פון די כוחות זיינע, און שטענדיק געלאַכט, הארציק, אויפריכ־טיק און קינדיש געלאַכט. מאירקע האָט ליב געהאַט צו דערציילן וועגן זיין אַמאָליקער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע, ווי אַזוי ער האָט פאַרשפּרייט אומלעגאַלע ליטעראַטור אין די אָרטיקע רוסישע קאַ־זאַרמעס. ער האָט עס ליב געהאַט צו דערציילן ביי יעדער געלעגנהייט און נישט אַזוי, חלילה, צו באַרימען זיך, נאָר ער האָט פּשוט הנאה געהאַט צו דערמאָנען זיך אין יענע גוטע צייטן. יעדעס מאָל האָט ער עס דערציילט מיט באַזונדער פרישקייט, וואַרעמקייט און באַגייס־טערונג. ער האָט עס ממש נאָך אַמאָל איבערגעלעבט. מאירקע איז אָבער אויך געווען אַ מייסטער אויף צו דערציילן שטייגער־מעשיות, און דאָ האָט ער איבערגעשטיגן אפילו שלומקען. ביי שלומקען האָט כמעט שטענדיק איבערגעוויגן דער עלעמענט פון פּקחות, פון לעבנס־חכמה; אַקעגן, האָט מאירקע זיך אויסגעצייכנט מיט זיין לייכטן הומאָר און פאַנטאַזיע.ביידע האָבן אין די פריערדיקע יאָרן געדרייזט, אַ סך געדרייזט איבער וואָלין און ווייס־רוסלאַנד, אַ סך געזען און באַאָבאַכ־טעט דאָס יידישע לעבן במשך פון די לעצטע צענדליקער יאָרן.

שלומקע האָט אַרויסגעכאַפּט דאָס אינדיווידועלע, דאָס כאַראַק־טעריסטישע; מאירקע — דאָס טיפּישע, דאָס שטייגערישע. די העלדן פון שלומקעס דערציילונגען זענען אַרויסגעקומען רעליעפער, פלאַס־

טישער; מאירקעס — לייכטער, לעבעדיקער, מאָלערישער. מענדעלע וואָלט הנאה געהאַט פון שלומקען, שלום־עליכם — פון מאירקען.

* *
*

נו, ווי מיינט איר, וועקט מיך מענדעלסאָן אויף פון מיינע געדאַנקען, מיר וועלן טרעפן די חברה? אויף פּאָר מענדעלסאָן איז בערעזע געווען דאָס ליבע שטעטעלע און שלומקע, מאירקע — זיינע ליבלינגען. אגב, האָט שלומקע געקענט מענדעלסאָנס רעפעראַטן וועגן פּרצן און ש״ע אויף אויסנווייניק און פלעגט זיי איבערחזרן און נאָכזאָגן, ווי אַ געטרייער חסיד דעם רבינס תורה.

די נאַכט, אַרויסקריכנדיק פון די אַרומיקע געדיכטע וועלדער, האָט אָנגעהויבן אַלץ מער צורוקן זיך צו אונדז. — ווו איז בערעזע? — פרעגט אַלע מאָל אַן אַנדערער מיט אומגעדולד. און אָט דערנענטערן מיר זיך שוין צום שטעטעלע, אָט זע איך שוין באַקאַנטע כוטאָרן, וואָס ליגן בשכנות פון שטעטל. מיר פאַרקירעווען אין דער ריכטונג פון דער גאַס, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער צערקווע און פאַרענדיקט זיך מיט דעם יידישן מאַרק. שטיל איז אַרום און אַ חשכות אָנצוטאַפּן מיט דער האַנט. מיר דערנענטערן זיך שוין אַלץ מער צום מאַרק, מיר הערן זיך איין אָנגעשטרענגט, רייסן זיך מיט די אויגן דורך דער פינצטערניש, שאַ, שטיל, קיין שאָרך, קיין לעבעדיקער נפש, אַן אמתער קאָשמאַר, אַ מתים־שטאָט.

און אָט זענען מיר שוין אויפן מאַרק, פונקט אַנטקעגן הויז, ווו שלומקע וויינשטיין וווינט. די פורלעך שטעלן זיך אָפּ, איך גיי זוכן, דערוויסן זיך: איז דען מעגלעך, אַז קיינער איז נישט געבליבן, אַז אַ גאַנץ שטעטל זאָל בלייבן אָן איין מענטש. איך לאָז זיך אין דער ריכטונג פון שלומקעס וווינונג. נאָך נישט באַוויזן צו מאַכן קיין צען שריט, ווי עס רייסט זיך אָפּ אַ שאָטן פון אַ וואַנט, נאָר זעט אויס אַ לעבעדיקער שאָטן, און באַלד דערהער איך אַ שטילן, אָבער פאַר־

זונדערטן אויסגעשריי: לערער ר״ג! איך האָב באַלד דערקענט די באַ־
קאַנטע שטים פון מיין געוועזענעם שילער גרינשפּאַן.

מיר האָבן זיך האַרציק באַגריסט. ער גיט מיר איבער קורץ:
דאָס גאַנצע שטעטל איז אַוועק, געבליבן זענען נאָר עטלעכע זקנים,
שוואַכע קראַנקע, ער שטייט דאָ אַלס וואַכמאַן אויף דער וואַך. נישט
וועלנדיק אויסהערן אַלע פּרטים, דערצייל איך אים וועגן אונדזער
אָנקומען: מיר האָבן בדעה דאָ איבערצונעכטיקן, אָפּרוען זיך אַ ביסל.

— מען קען עס גלענצנד איינאָרדענען — ענטפערט ער — דער
אַלטער שאַפּיראָ איז דאָ געבליבן מיט דער טאָכטער.

מער האָב איך נישט געדאַרפט הערן. אויב דער אַלטער שכנא
שאַפּיראָ איז דאָ, וועט שוין גוט זיין. איך בעט אים גלייך צולויפן
דאָרט אַהין און אָנזאָגן וועגן אונדז. מיט אַ לייכטן געמיט שוין האָב
איך זיך אומגעקערט צו די פורלעך אָנזאָגן די גוטע בשורה.

## ביי ר׳ שכנאן אין בערעזע

מיר זענען טאַקע גלייך פאַרפאָרן צו ר׳ שכנאן. ר׳ שכנא איז געווען נישט נאָר דער גביר פון שטעטל, נאָר דער עיקר, — דער סאַמע חשובסטער בעל־הבית, דאָס שיינדל פון שטעטל. און זיין חשי־בות האָט זיך גענומען נישט פון זיין עשירות, נאָר מער פון זיין מש־פחה־יחוס און אין דער גרעסטער מאָס פון זיין אייגענעם פערזענלעכן יחוס.

דאָס איז געווען אַן אייגנאַרטיקע יידישע פערזענלעכקייט, אַ ליטוואַק־ אַ תלמיד־חכם מיטן געמיט און האַרציקייט פון אַ ווייס־רוסישן פּאָלקסייד. מיט שטאָלץ פלעגן די בערעזער זאָגן, אַז ביי רב שכנאן הויזן צוזאַמען תורה מיט דרך־ארץ.

איבערגעבנדיק צוליב זיין טיפער עלטער די געשעפטן אין די הענט פון זיין זון ביאָמע, איז ער אַליין געוואָרן אַ יושב־אוהל, גע־זעסן אין שטוב על התורה ועל עבודה. ער האָט אָבער נישט נאָר גע־לערנט, נאָר אויך אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינטערעס פאַר געזעל־שאַפטלעך לעבן, איבערהויפּט פאַר יידיש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלע־מען. ער האָט זיך געהאַט זיין אייגנאַרטיקן צוגאַנג צו זיי. מען דאַרף אַ סך גוטע אידייען מקרב זיין צווישן זיך, פלעגט ער אָפט איבער־חזרן, וועט זיך באַקומען אַ שלמות, דער גאַנצער אמת. די סאָציאַליס־טישע אידעע, אָדער די באחרית־הימים־אידעע, פלעגט ער צו מיר טענהן מיט וואַרעמקייט און איבערצייגונג, האָט קיין מאָל נישט אויפ־געהערט צו פאַרנעמען אפילו די חסידי־אומות־עולם, נישט נאָר יידן, אַז מיר פאַרטיפן זיך אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, ווען

מיר לייענען זי מיט אַ קלאָר און ערלעך געמיט, נישט וועלנדיק אָריינטייטשן וואָס עס פּאַסט נאָר פאַר זיך, זעען מיר, אַז די דאָזיקע אײדלסטע צווישן די אידעען, רייסט זיך דורך, ווי אַ לויטערער קוואַל, אַמאָל באַהאַלטענער און טיפער, אַמאָל אויבנאויפיקער און האַסטי־קער, אָבער זי פאַרשווינדט קיין מאָל נישט. רב שכנא איז געווען אַ פריינד פון „בונד", — ער האָט אָבער געהאַט אַ סך צו דערווידערן, דער עיקר קעגן דער קאַמפּס־טאַקטיק פון „בונד". יידן און נישט נאָר יידן, נאָר אויך אַלע אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער, האָבן אויסגע־האַלטן ביז היינט צוליב זייער גייסטיקן אויסדויער און לעבנס־מאָ־ראַל. עס איז פיינלעך און פאַרדראָסיק, וואָס דווקא מאַרקס, אַן איי־ניקל פון די נביאים, האָט זיך אַזוי דערווייטערט פון אמתן גייסט, פון אייגנטלעכן תוך פון דער באחרית־הימים־אידעע. אַנשטאָט מענ־טשן־ליבע, פאַרברידערונג, האָט ער געפּרעדיקט קאַמף, מכלומרשט קלאַסן־קאַמף, אָבער קאַמף איז דאָך ברוטאַלער כוח, בלוט־פאַרגיסונג.

ער פלעגט שטענדיק, ביי יעדער געלעגנהייט, דערמאָנען זיין זון ניאָמען, אַז ער זאָל גוט און מענטשלעך באַהאַנדלען די אַרבע־טער, וואָס האָבן אין אַ גאַנץ היבשער צאָל געאַרבעט אין זיינע קאַלך־גרובנס אַרום בערעזע. אין שווערן קאָנקורענץ־קאַמף, וואָס קומט היינט אויס צו פירן, פלעגט ער טענהן צו ניאָמען, טאָרן מיר זיך אָבער בשום אופן נישט באַנוצן מיט דער עקספּלואַטאַציע פון אַרבעטער, בפרט פון ווייסרוסישן אַרבעטער, וואָס אין פאַרגלייך מיט אַנדערע, אַרבעט ער אַזוי אויך שוין בחצי חינם.

ניאָמע האָט זיך באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ צו די ווונטשן און אָנווייזונגען פון פאָטער, און עס איז אים דעריבער גאַנץ שווער געווען ביי זיין גאַנצער ענערגיע, טיכטיקייט און געשעפטס־פעיקייט, אויסצוהאַלטן די שאַרפע קאָנקורענץ פון די אָרטיקע און פויזנער קאַלך־גרובנס.

נישט געזאָרגט, ניאָמקע, באַרויקט אים דער אַלטער, איך דאַרף דאָך שוין גאָרנישט, אָון דו, ווידער, ווערסט זיך מיט גאָטס הילף אַן

עצה געבן אין לעבן אָן דער מיטהילף פון מענטשנס שווייס און טרערן.

אַז מיר זענען צוגעקומען צום בריקל, פאַר רב שכנאס הויז, האָבן שוין אַלע געוואַרט אויף אונדז, רב שכנא אַליין, ביאָמע און די יינגסטע טאָכטער. די באַגריסונג איז געווען אמת האַרציק און רירנדע. באַגריסנדיק זיך מיט ערליכן, האָט דער אַלטער רב שכנא לאַנג און שטילשווייגנדיק געדריקט זיין האַנט מיט ביידע הענט. אַז אַלע האָבן אָנגעהויבן אַריינגיין אין שטוב, זאָגט מיר דער אַלטער מיט אַ ציטערדיקער שטים: איך דאַנק אייך פון גאַנצן האַרצן פאַר די גרויסע געסט, וואָס איר האָט געבראַכט צו מיר אין שטוב אַריין, ווען וואָלט איך די זכיה געהאַט צו האָבן ביי מיר אין שטוב אַזאַ חשובן גאַסט ווי ערליך.

די דירה איז געווען אַ רחבותדיקע און ס׳איז געווען גענוג פּלאַץ פאַר יעדן איינעם איינצואָרדענען זיך בהרחבה. פאַרשטייט זיך, אַז עסן האָט אויך נישט געפעלט, מילך, פּוטער, סמעטענע און געבעקס, וויפל מען האָט נאָר געוואָלט. אָפּגעוואַשן זיך, אָפּגעשטויבט זיך, און אָט זיצן מיר שוין אַרום ברייטן טיש אין עסצימער. דער אַלטער דערציילט וועגן דער שרעק, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס שטעטל צוליב די קלאַנגען וועגן די פּלוג־בלעטלעך, הגם קיינער האָט אַזאַ פּלוג־בלעטל פאַר די אויגן נישט געזען. — און אָט, ווי איר זעט, בין איך געבליבן כמעט איינער אַליין דער שומר פון יידישן שטעטל, נישט קיין שומר־ישראל, נאָר אַ שומר אָן ישראל. צי קענט איר זיך גאָר פאָרשטעלן ווי אַזאַ שטעטעלע זעט אויס, — גיט דער אַלטער צו אָרמעטיק. — די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. שלומקע און מאירקע זענען אַוועק קיין פּינסק. געבליבן איז נאָר דער אַלטער פּיאַסעצקי.

דערהערט, אַז גאָדל פּיאַסעצקי איז געבליבן, בעט איך גלייך ביאָמען, אַז ער זאָל אים צוּוויסן טאָן וועגן אונדזער קומען. אַ חוץ דעם, וואָס איך אַליין האָב געוואָלט אים זען, איז מיר נאָך מער גע־

גאַנגען אין דעם, אַז דער אַלטיטשקער פּיאַסעצקי זאָל זען דעם ח' ערליכן. איך האָב גוט געוווסט, אַז דאָס וועט זיין פאַרן אַלטיטשקן אַן אויסטערלישע איבערלעבונג. דער עלטסטער בונדיסט אין בע־רעזע, אַ פערזענלעכער פריינד פון בייניש מיכאַלעוויטש, מיט וועל־כן ער האָט נאָך מיטגעאַרבעט אין בריסק, איז ער אויך געווען אַ שטאַרקער פאַרערער פון ערליכן. מיט מיר, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן פאַרלעזונגען און איינלאַדן רעפערענטן, פלעגט ער כסדר פירן אונטערהאַנדלונגען, אַז מען זאָל איינלאַדן ערליכן, פאַר־לייגנדיק דערביי צו דעקן אַלע אויסגאַבן. ליידער, איז ח' ערליך שטענדיק געווען פאַרנומען.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און דער אַלטיטשקער איז גע־קומען. עס איז באמת שווער איבערצוגעבן אין ווערטער די דאָזיקע באַגעגעניש. קיינער פון די אַנוועזנדיקע און אויך נישט ח' ערליך האָבן קיין אַנונג נישט געהאַט, וואָס דאָ קומט פאָר. געזען און פאַר־שטאַנען האָבן נאָר ר' שכנא, ניאָמע און איך.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם אויסדרוק פון אַל־טיטשקנס פנים. אַ דינער שטראָם טרערן איז אים גערונען פון די אויגן. פון גרויס אויפרעגונג האָט ער קיין וואָרט נישט געקענט אַרויס־ברענגען. מען האָט געהערט נאָר שטאַמלען דאָס וואָרט: ח' ערליך. ענדלעך, האָט ער זיך באַרויקט, אַוועקגעזעצט זיך נאָענט פון ח' ער־ליכן, און די גאַנצע צייט שוין קיין אויג פון אים נישט אַראָפּגענומען.

זאָגט צו מיר דער אַלטער שכנא מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל: זעט איר, מען קען זיך פאַרשאַפן עולם־הבא אין איין מינוט, איר האָט זיך היינט צוויי מאָל פאַרדינט עולם־הבא: ביי פּיאַסעצקין און ביי מיר. איך דערנענטער זיך צום אַלטיטשקן און זאָג אים שטיל: צו, ח' פּיאַסעצקי, ענדלעך האָבן מיר דעם ח' ערליך אין בערעזע.

ווי געוויינלעך האָט מען ווידער אָנגעהויבן רעדן וועגן ווייטער־דיקן פאַרן, וועגן פרישע פורלעך. די מאַלטשער פורמאַנעס זענען גלייך נאָכן אָפּרוען זיך, צוריקגעפאָרן אַהיים, ניאָמע, וואָס איז געווען

אַ מאדים אין אַזעלכע זאַכן, האָט געהאַלטן, אַז וועגן פֿורלעך פֿון בערעזע קען גאָר קיין רייד נישט זיין, ער מיינט אָבער, אַז אין די נאָענטסטע דערפֿער אויפֿן וועג פֿון בערעזע קיין דראָהיטשין, וועט יאָ מעגלעך זיין צו באַקומען. די צרה איז אָבער, וואָס די פֿויערים ווילן שוין נישט נעמען קיין פּויליש געלט, זיי פֿאָדערן זאַכן אָדער פּראָ־דוקטן. — גוט, שרייט אויס דער אַלטער פּיאָסעצקי מיט פֿרייד, איך קען אייך געבן אי פּראָדוקטן, אי זאַכן און אַזעלכע זאַכן פֿאַר וועל־כע דער ווייס־רוסישער פֿויער וועט אייך פֿאַרדינגען נישט נאָר זיין פֿערד און וואָגן, נאָר אויך דאָס ווייב מיט די קינדער און זיך אַליין. ער וועט אונדז געבן, זאָגט ער, אַ האַלב זעקל זאַלץ און אַ צענדליק פּאָר גומענע שטיוול און קאַלאָשן (ער האָט געהאַט אַ לעדער־געשעפֿט). „מיט דעם, גיט ער פֿריילעך צו, וועט איר קענען דערפֿאָרן נישט נאָר קיין פּינסק, נאָר אַ סך, אַ סך ווייטער, איר זאָלט נאָר האָבן וווהין", — ווערט ער פּלוצלונג אומעטיק.

נישט לאַנג געטראַכט, זענען מיר אַוועק צום אַלטן אין שטוב, גענומען די זאַלץ, און אַריינגעפּאַקט אין אַ גרויסן זאַק די גומענע שטיוול און קאַלאָשן. אַזוי אַרום האָט אונדז בערעזע באַזאָרגט מיט די אמתע צידה לדרך, מיטן סאַמע נויטיקסטן, ווייל דערמיט האָט מען אויך געקענט באַקומען אַ שטיקל ברויט, אפֿילו מילך און פּו־טער, פּראָדוקטן, וואָס זענען געוואָרן אַלץ זעלטענער און איבער־הויפּט אוממעגלעך צום באַקומען אין די ווייס־רוסישע דערפֿער, ווו די פֿויערים פֿלעגן אונדז באַגעגענען מיט אַ מאָדנעם שטילשווייגן.

אין וואָסער דאָרף מיר זענען נישט אַריינגעקומען, האָבן מיר געטראָפֿן די פֿויערים שטיין פֿאַר די כאַטעס און שווייגן. אויף אַלע אייערע פֿראַגן און ווענדונגען האָבן זיי נאָר געגלאָצט מיט די אויגן און געשוויגן. איצט, אַז מיר וועלן זיי איינזאַלצן, האָט זיך איינער גע־ווויצלט, וועלן זיי שוין נישט שווייגן. און אַז מיר וועלן זיי ווייזן אַ גומענעם שטיוול, זאָג איך, וועלן זיי אונדז גלייך ברענגען די פֿאַר־טריבענע פֿערדלעך פֿון די וועלדער.

צומאָרגנס באַגינען האָבן מיר זיך האַרציק געזעגנט מיט אונ־דזערע פריינד. „איר זעט וואָס פון אונדזער בערעזע איז געוואָרן", זאָגט צו מיר ר׳ שכנא ביים געזעגענען זיך, — „אין אַ קורצער צייט האָט זיך אַ לעבעדיקער יידישער ישוב פאַרוואַנדלט אין אַ בית־עולם. וואָס איז מיט אַנדערע יידישע שטעטלעך, צי גייען יידן טאַקע אונ־טער?". מיט אַ שווער געמיט האָבן מיר זיך ווייטער געלאָזט אין אונדזער וואַנדערוועג. פון ווייטנס, אַרומקוקנדיק זיך, האָב איך נאָך געזען ר׳ שכנאן. ער איז געשטאַנען אין מיטן גאַס, כדי ער זאָל אונדז קענען זען וואָס לענגער. איך האָב זיך דערמאָנט אין זיינע נעכטיקע רייד: איך בין געבליבן אַ שומר פון אַ יידיש שטעטל אָן יידן.

מיר זענען געגאַנגען. דער וועג איז אפילו געווען אַ זאַמדיקער, אָבער מיר זענען געווען אויסגערוט און לייכט געגאַנגען. נאָך גאַנץ באַענט פון שטעטל האָבן מיר באַגעגנט בערעזער יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די אַרומיקע כוטאָרן ביי באַקאַנטע פויערים. זיי האָבן אונדז וואַרעם, אומעטיק באַגעגנט, און בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין פון וואַנעט מיר נעמען זיך אַהערצו. וואָס וועט זיין מיט אונדז? אַלע לויפן, פון אומעטום לויפט מען, אָבער מיט וואָס וועט זיך דאָס ענדיקן? ווי לאַנג און ביז וואַנען וועט מען עס קע־נען אַזוי לויפן? זיי, די קליינשטעטלדיקע הילפלאָזע יידן, האָבן גע־זוכט ביי אונדז אַ טרייסט, אַ באַרואיקונג. צי האָבן זיי ווירקלעך דער־וואַרט פון אונדז אַ באַרואיקונג? עס איז גענוג געווען, דאַכט זיך, אַ קוק צו טאָן אויף אונדז, אַז מען זאָל נאָך מער פאַריאושט ווערן. צווישן זיך האָבן זיי שטיל געמורמלט: זעט נאָר, זעט, דער פירער פון „בונד", אַדוואָקאַט ערליך, מענדעלסאָן, אַזעלכע מענטשן האָבן געמוזט אַנטלויפן...

וואָס ווייטער, אַלץ מער בערעזער האָבן מיר אָנגעטראָפן, צע־זייטע און צעשפרייטע איבער די כוטאָרן אַרום. מאַמעס וועמענס קינ־דער איך האָב דערציגן, האָבן מיך גלייך דערקענט, אָנגעכאַפּט מיך ביי די הענט און ביטער געקלאָגט: זעט, לערער, וואָס פון אונדז איז

געוואָרן, פאַרטריבענע און היימלאָזע. וואָס האָב איך געקענט ענטפערן, אַז אויך איך בין היימלאָז און נע־ונד! — זייט נישט פאַרצווייפלט, האָב איך זיי געפּרווט באַרויקן, דאָס גרויסע אומגליק וועט אויך פאַריבער, מען דאַרף נאָר אויסהאַלטן". — צי גלייבט איר באמת, אַז עס וועט זיך ענדיקן, — פרעגן זיי מיך, נישט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פון ערליכן און מענדעלסאָן. — „מען קען נישט וויסן אויף זיכער, נאָר מען האָפט, אַז יאָ", — האָב איך ווייטער באַמיט זיך צו באַרויקן זיי. מיט גרויס דאַנקבאַרקייט פאַר די עטלעכע טרייסטווערטער, האָבן זיי זיך מיט אונדז געזעגנט. ווען מיר האָבן זיך דערווייטערט, האָבן מיר נאָך געפילט הינטער זיך זייערע אומעטיקע צערפולע בליקן.

— „מיר רעדן אַזוי פיל וועגן פירן די פאָלקסמאַסן", — באַמערקט ה' מענדעלסאָן — „וועגן אָרגאַניזירן דאָס לעבן פון די מאַסן, מיר קומען מיט פאַרשידענע לאָזונגען און פּראָגראַמען, און דאָס אַלץ — אין נאָרמאַלע צייטן, ווען דאָס לעבן גופא שלאָגט זיך דורך אַ וועג, ווען דער געזונטער לעבנס־אינסטינקט פון די מאַסן פאַרלויפט אָפטמאָל פאָרויס פון די אַלע טעאָרעטישע פּראָגראַמען. אָבער מיט וואָס זענען מיר צוגעגרייט אין אַזעלכע מאָמענטן, ווען דאָס פאָלק לעבט איבער אַ קאַטאַסטראָפע, צי קענען מיר אפילו געבן די ערשטע הילף? איר האָט געזען, ווי מען האָט געקוקט אונדז אין די אויגן? געזוכט ביי אונדז באַרויקונג, טרייסט, געשעפּטשעט צווישן זיך: ערליך גייט, מענדעלסאָן גייט. איז דען מעגלעך, טראַכטן מסתמא די דאָזיקע מענטשן, אַז אויך זיי, די פירער, זענען אין דעם מאָמענט אויך אַזוי הילפלאָז, ווי מיר, פונקט אַזוי ווי מיר דערשלאָגן און אָפּהענטיק ? ".

ווי עס איז געווען פאָרויסצוזען, האָבן מיר פאַר „אונדזערע אוצרות" גאַנץ לייכט באַקומען פורלעך, וואָס האָבן אונדז געדאַרפט צושטעלן קיין דראָהיטשין. צו הייט אָוועקפאָרן פון דער היים האָט קיין שום פוער, פאַר קיין שום פרייז, נישט געוואָלט. דער וועג, ווי געזויינלעך, אין די קאַנטן, איז געווען אַ זאַמדיקער; די מאָגערע,

נישט דערנערטע פערדלעך פון די ווייסרוסישע פויערים האָבן קוים געשלעפּט זיך. יאָסעלע בעל־עגלה האָט זיך געפירט ווי אַן אמתער דיקטאַטאָר און נישט צוגעלאָזט צו דער דראָזשקע קיין איבעריקן פּאַסאַזשיר; אפילו דאָס ביסעלע פּראָוויאַנט האָט ער אַריבערגע־וואָרפן אויף די פויערישע פורן. „זיי זענען נישט קראַנק צו שלעפן, האָט ער געטענהט, מיינער נעבעך שלעפּט זיך שוין אַזש פון מעזריטש”. אַן אויסנאָם האָט ער געמאַכט בלויז פאַר ח' ערליכן. „דער מענטש, פלעגט ער זאָגן צו מיר, איז עפּעס גאָר אַן אַנדערער ווי נאָש בראָט, צו קיין זאַך כאַפּט ער זיך נישט, צום עסן — דער לעצטער, צום טרינקען — דער לעצטער, אפילו צום פאָרן — פירט ער נאָר שטענדיק צו דעם גרויסן יינגל...”

„יענע נאַכט, איר געדענקט דאָך יענע פינצטערע נאַכט, ווען מען האָט געזוכט די טעלעגראַפן־סלופּעס, דערציילט מיר ווייטער יאָסעלע, האָט ער זיך אויך געוואָלט רוקן אין דער זייט, אָבער ער, יאָסעלע, האָט שוין דווקא אַכטונג געגעבן, אַז ער זאָל אַ ביסל פאָרן. יאָסעלע האָט אויך אַ ביסל שכל”, האָט ער זיך געקלאַפּט איבערן שטערן מיט צופרידנקייט.

שפּעט ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין דראָהיטשין. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצורוען זיך ביז אין דער פרי. ערשטנס, כדי צו שאַפן עטלעכע פורלעך, צווייטנס צו אָריענטירן זיך אין דער לאַגע, וואָרעם עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז מען לאָזט שוין נישט אַריין קיין פּינסק, און אַז אויפן וועג נאָענט פון פּינסק שטייען פּאָ־ליציי־פּאַטראָלן און צווינגען צו פאַרקירעווען אויף צוריק אָדער גייך אין אַנדערע ריכטונגען. די ח"ח ערליך און שערער האָבן געזאָלט צומאַרגנס אָוועקגיין צום מיליטערישן שטאָט־קאָמענדאַנט נאָך ספּע־ציעלע דערלויבענישן.

עס איז דערבײַ כדאי צו פאַרצייכענען פאָלגנדיקן עפּיזאָד: איך געדענק נישט גענוי ווו, דאַכט זיך, אויפן וועג צווישן וויסאָקע און קאַמיעניעץ, האָט זיך צו אונדזער גרופּע צוגעטשעפּעט, אַזוי צו זאָגן,

דער באַוווסטער וואַרשעווער קאָמוניסטישער אַוואַנטוריסט „לייבע־ניו", וואָס האָט אויף זיין געוויסן געהאַט נישט איין צעשפּאַלטענעם קאָפּ פון בונדישע אַרבעטער. אין ערשטן מאָמענט האָט מען גע־מיינט, אַז אַזוי ווי ער איז צופעליק געקומען, וועט ער אויך ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַוועקגיין. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז פאַר אַזאַ בעסטע געלעגנהייט האָט ער געהאַלטן דווקא דאָס בלייבן ביי אונדזער גרופּע און געלאָזט זיך אַפילו אויסהאַלטן מיט רייזע־הוצאות. עולם האָט זיך אַפילו שטאַרק געקרומט, נאָר דער ח' ערליך האָט איינמאָל אַזאַ קוק געטאָן, אַז מיר האָבן זיך באַרואיקט. שפּעטער האָב איך געהערט ווי ער זאָגט צו א־ן: „ביי אַזעלכע געלעגנהייטן מאַכט מען נישט קיין חשבונות". איצט, אַז מען איז אַוועק צום קאָמענדאַנט נאָך די פּאַסיר־שיינען און עס איז געשטאַנען די פראַגע וועגן דער צאָל פּערזאָנען, איז, פאַרשטייט זיך, אויך לייבעניו אַריין אין חשבון און נישט נאָר ער, נאָר אויך אַ פריילין זיינע, וואָס ער האָט מיט־גענומען אויפן וועג.

קיין סך פורלעך האָט מען נישט געקענט באַקומען. מען איז ווידער געווען אויסגעשטעלט אויף יאָסעלעך, און ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, האָט ער אָנגעהויבן צו באַקלאָגן דאָס פערדל, וואָס קוים עס לעבט, נעבעך, און אַרויסגעשטעלט אין דער לעצטער מינוט באַדינגונגען, אַז מען זאָל שאַפן פאַרן פערד אַ גרעסערע פּאַרציע היי. צוליב דעם, וואָס ח' א־ם איז אַוועק שאַפן פּראָדוקטן, בין איך אַוועק זוכן היי, אַ זאַך, וואָס איז אין יענער צייט שוין געווען אַ יקר־המציאות, ווייל דאָס מיליטער האָט אַלץ געהאַט צוגענומען. נאָך לאַנ־גע זוכענישן האָב איך געפאַקט אַ פורער, וואָס האָט איינגעשטימט צו פאַרקויפן שטרוי אויף „שיעטשקע", נאָר איך זאָל עס אַליין צע־שניידן אויף דער מאַשין, ווייל ער האָט קיין צייט נישט. מילא, זאָל זיין שטרוי, זאָל זיין אַליין צעשניידן, אַבי גיב אַהער. ער האָט אונדז אַריינגעפירט אין שייער, אָנגעוויזן ווי אַזוי זיך באַגיין מיט דער „שיעטשקאַרניע". איך בין צוריק אַריין מיט אים אין דער כאַטע אַ

טרונק געבן און באַצאָלן פאַרן שטרוי. צוריקקומענדיק אין אַ ווײַלע אַרום, באַמערק איך אַזאַ בילד: ה' ערליך שטייט אָנעם מאַנטל, די אַרבל פון העמד פאַרקאַשערט און דרייט דאָס ראָד פון דער „שיעטש־קאַרניע". ער איז אָקאָרשט געהאַט געקומען פון שטאָט־קאָמענדאַנט; דערוויסנדיק זיך אין וואָס עס גייט, האָט ער זיך אויך גענומען צו דער אַרבעט. איך בין שנעל צוגעגאַנגען, וועלנדיק איבערנעמען פון אים די אַרבעט, זעענדיק אָבער מיט וואָס פאַר אַ פשוטקייט און ערנסטקייט ער טוט דאָס, האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן. איך האָב פון דער ביז איצטיקער דערפאַרונג שוין געוווּסט, אַז ער קען נישט פאַרטראָגן די „פּריווילעגיעס", אַז זיי מאַכן אויף אים אַ פּיינלעכן איינדרוק.

ענדלעך זענען מיר גרייט געווען און געלאָזט זיך אין וועג אַריין, צום לעצטן עטאַפּ, קיין פּינסק. געפאָרן זענען מיר מיט אַ גאַנץ שווער געמיט, ווײַל אין דראָהיטשין זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז צוליבן איבערפלוס פון פליטים אין פּינסק, לאָזט מען שוין מער נישט אַריין, אַז מען דערווײַטערט, אָדער מען האָט שוין דער־ווײַטערט די פליטים, וואָס זענען נאָך פריער געקומען. מיר זענען נישט זיכער געווען, צי דער פּאַסיר־שיין פון דראָהיטשינער קאָמענ־דאַנט וועט עפּעס העלפן. די פאַמיליע ערליך איז געווען באַזונדערס באַזאָרגט, ווײַל זיי האָבן די גאַנצע צייט געהאָפט צו טרעפן אין פּינסק זייער צווייטן זון אַליעקן, וועלכער איז פריער געהאַט אַרויסגעפאָרן פון וואַרשע צוזאַמען מיטן ה' יוזעף. אויפן וועג האָט מען ווירקלעך קיין שום פליטים נישט געזען, מען האָט בכלל נישט אָנגעטראָפן אויף קיין ציווילע. אָפּנים מיר זענען געווען די לעצטע. פון צייט צו צייט זענען פאַרבײַגעפאָרן קליינע, זעט אויס, אָפּגעשפּליטערטע מיליטער־טראַנספּאָרטן, קליינע גרופּעס מיליטער־לייט אָן באַוואָפענונג. מיר האָבן זיך אַ ביסל באַאומרויקט וועגן גורל פון אונדזער קליאַטשע, וואָס יאָסל האָט מיט אַזוי פיל מי און נערוון געשלעפּט ביז פּינסק. יאָסעלע האָט שוין גאָר געוויינט ווי אַ ביבער, ווײַל אין פּינסק האָט

זיך געזעגנט ענדיקן די אַרענדע פון דער דראָזשקע און ער האָט געצאָלט צוריק ווערן זעלבשטענדיקער באַלעבאָס איבער זיין „פּאַרמעגן״. און טאָמער איז די נערוון־געשפּאַנטקייט געווען צו ווייניק, האָט גאָט צוגעשיקט שפּעט אין אָוונט אַ וויסטן שטורעם מיט דונערן און בליצן. און דער שטורעם האָט אונדז פּונקט געפּאַקט אויף אַ שמאָלן שאָסייאַפּשניט, וואָס האָט זיך געשניטן צווישן וועלדער. די פינצטערניש האָט אונדז אַרומגענומען ווי מיט דיקע ווענט און די כסדרדיקע בליצן האָבן נישט נאָר געבלענדעט, נאָר פּשוט געריסן, געבריט די אויגן. אַזוי ווי נישט ווייט פון דאַנענט האָט זיך געפונען אַ קנופּ־וועג, איז דאָ די באַוועגונג געווען אַ גאַנץ גרויסע, האָט זיך טאַקע באַלד געמאַכט אַ פאַרשטאָפּעכץ, מען האָט נישט געקענט זיך רירן נישט אַהין, נישט אַהער. עס האָבן זיך געהערט פון אַלע זייטן געשרייען, זידלערייען. וועגן פאָרן ווייטער האָט מען גאָרנישט געקענט טראַכטן. מען האָט געמוזט איבערוואַרטן דעם שטורעם. ערשט אַרום פיר פאַרטאָג איז געוואָרן רואיקער און דער הימל האָט זיך גענומען צוביסלעך אויסלייטערן. מיר האָבן אויסגערעכנט אָנצוקומען קיין פינסק ביינאַכט, שפּעט ביינאַכט, און אַזוי אַרום מיט דער הילף פון דעם איינעם פּאַסיר־שיין אַריינשמוגלען דעם גאַנצן עולם. איז, ווי זאָגט מען, אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. האָט אונדז דער שטורעם איינגעהאַלטן כמעט ביז פאַרטאָג צו. צו פינסק האָבן מיר זיך, אַלזאָ, דערנענטערט, ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן נישט צוזאַמען: אַ טייל זאָל גיין צופוס, אַזוי אַז מען זאָל זיך נישט צופיל וואַרפן אין די אויגן. מיט איין וואָרט, עס איז אונדז, יעדנפאַלס אַ טייל פון אונדז, געבליבן צו שפּילן אויפן גליקלעכן צופאַל. דערווייל איז געוואָרן אַלץ העלער און העלער. מיר האָבן זיך שוין דערנענטערט צו די הינטערשטאָטישע געביידעס. פון אַ טייל קוימענס האָבן זיך שוין געוויקלט קליינע רויך־וואָלקנדלעך, ביי די שטיבעלעך האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג פון מענטשן. איינער האָט אָנגעהאַקט אַ ביסל האָלץ, אַ צווייטער האָט איינגעשפּאַנט דאָס פערדל אין אַ פורל.

י. ראָטנבערג

אויף װעלכן עס זענען געשטאַנען קאַנען מיט מילך. פֿון שטאָט האָט
מען שוין צוגעפֿירט געבעקס פֿאַר די קרעמלעך. מיר האָבן אויף אַלץ
געקוקט זייטיק, באַמיענדיק זיך צו זיין וואָס ווייניקער אַנזעעוודיק,
אַז דער פּאַטרול זאָל אונדז נישט באַמערקן. און רוקנדיק זיך אַזוי
זייטיק און וואַרטנדיק אַלץ אויפֿן שרעקלעכן פּאַטרול, האָבן מיר זיך
ביסלעכווייז אַריינגערוקט אין סאַמע שטאָט אַריין, נישט באַ־
געגענענדיק קיינעם. אָפּגעקומען, ווי מען זאָגט, מיט אומזיסטער שרעק
און האַרץ־קלאַפּעניש.

# פינסק

פינסק איז ביז דער לעצטער צייט געבליבן אַ טיפּיש יידישע שטאָט 'אפילו לויט איר אויסערלעכן אויסזען. די גרויסע מאָדערנע געביידעס, וואָס דאָס פּוילישע באַאַמטנטום האָט דאָ צוגעבויט, און די אַלע אַנדערע באַמיונגען, וואָס זענען דאָ געמאַכט געוואָרן דורך דער פּוילישער מאַכט, כדי צו פאַרפּויילישן די שטאָט, האָבן נישט גע־קענט אָפּמעקן דעם יידישן חותם. די לאַנגע שמאָלע גאַסן, די פאַר־דרייטע ענגע געסלעך און „אוליטשקעס", די נידעריקע געמיטלעכע הייזלעך מיט די פריזבעס און בריקלעך, און דער עיקר — די יידי־שע פּנימער פון אַלע זייטן, נעמען אייך באַלד אויף מיט אַ יידישן ברוך־הבאָ, איר דערפילט גלייך, אַז איר זענט ביי אייגענע, ביי זיך אין דער היים.

אַז מיר זענען אָנגעקומען אין שטאָט, האָבן מיר זיך איינגע־טיילט אין עטלעכע קלענערע גרופּעס. יעדע גרופּע באַזונדער איז אַוועק צו אַ באַקאַנטן חבר אַ בונדיסט, כדי דאָרט דערווייל, צייט־ווייליק, איינצואָרדענען זיך ביז עס וועלן אָנגענומען ווערן באַשלוסן אויף ווייטער. מיר האָבן זיך צעטיילט, ערשטנס, ווייל מיר האָבן נישט געוואָלט ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט, צווייטנס, כדי צו פאַר־לייכטערן דאָס איינאָרדענען זיך. נאָך מיטאָג האָבן מיר געזאָלט זיך טרעפן ביים באַקאַנטן פּינסקער טוער ח' קלאַרמאַן.

ווען מיר זענען אַריינגעקומען אין דער וווינונג פון דעם טעק־סטיל־אַרבעטער ח' ז., האָבן מיר תיכף דערקענט, אַז מיר זענען נישט

די ערשטע געסט, און נישט דערפאַר ווייל מען האָט אונדז, חלילה, אויפגענומען מיט ווייניקער גאַסטפריינדלעכקייט, נאָר פשוט צוליב דעם, וואָס מען האָט נאָך נישט געהאַט אָפּגעווישט, אַזוי צו זאָגן, די שפּורן פון די פריערדיקע פּליטים־געסט. מען האָט נאָך, למשל, נישט געהאַט צוזאַמענגענומען די געלעגערס, נישט באַוויזן צו צו־רוימען די צימערן, און אויסער אַלץ איז עס געווען ניכר אויף די באַלעבאַטים, וואָס האָבן זיך נעבעך אַרומגעדרייט ווי מחותנים נאָך אַ התונה, מיט מידע צעקנייטשטע פּנימער. אָבער ווי געזאָגט, דאָס האָט זיך לחלוטין נישט אָפּגעשלאָגן אויף דער גאַסטפריינדלעכקייט לגבי אונדז. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז עס איז ווירקלעך געווען אַ פאַר־אָרדענונג, אָדער אַ ווענדונג צו די פּליטים, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט, אָבער נישט געקוקט דערויף, זענען זייער אַ סך פּליטים גע־בליבן. די חברים, וואָס זענען דאָ פריער געווען, צווישן זיי דאָ־ווידאָוויטש מיטן זון, קושניר א"אַ, זענען דוכט זיך, — מען ווייסט נישט אויף זיכער — אַוועק קיין ווילנע. מיט צופרידנקייט האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז אַליעק ערליך, ה' יוזעף, האַדעס זענען נאָך גע־בליבן, זיי האָבן באַשלאָסן צוצוואַרטן בלויז ביז מאָרגן.

אַרומגעוואַשן זיך, אָפּגעגעסן, אויסגערוט זיך און איידער וואָס ווען איז שוין שפּעט נאָך מיטאָג, זענען מיר אַוועק צום ה' קלאַר־מאַן. מיר האָבן געדאַרפט דורכמאַרשירן אַ היפּשן מהלך. כמעט פון איין עק שטאָט צום אַנדערן, אַזוי, אַז דאָס ביסעלע רו, וואָס מיר האָבן געהאַט איז גלייך אויסגערונען און מיר האָבן געטראַכט באַזאָרגט וועגן דעם, ווי אַזוי מיר וועלן ווידער דאַרפן זיך צוריקשלעפּן אַזאַ מהלך. מילא, מיר וועלן זען, אויב עס וועט זיין אַ באַשלוס גלייך צו־מאָרגנס ווייטער זיך לאָזן אין וועג אַריין, איז דאָך קיין פראַגע נישט; אויב אָבער מען וועט זיך אָפּשטעלן אויף עטלעכע טעג אפילו, וועלן מיר זיך מוזן אויסזוכן אַ נענטערן מקום־מנוחה.

אַז מיר זענען אָנגעקומען צום ה' קלאַרמאַן, זענען שוין אַלע דאָרט געווען. מיר האָבן דאָרט געטראָפן דעם ה' יוזעף, האַדעס און

אויך דעם ה׳ ב. שניידער פון בריסק. עס איז באַשלאָסן געוואָרן דערווייל צו בלייבן אין פינסק, אָפּצוּוואַרטן עטלעכע טעג, כדי צו אָריענטירן זיך אין דער לאַגע. דאָס איז אויך געווען די מיינונג פון ה׳ קלאַרמאַן, וואָס איז אין דער הינזיכט געווען מער מאָסגיביק. ה׳ קלאַרמאַן איז, ווי באַקאַנט, געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע און טעטיקסטע מיטגלידער פון פינסקער שטאָטראַט, ער האָט זיך באַטייליקט, און נישט נאָר באַטייליקט, נאָר אויך אָרגאַניזירט די ערשטע הילף פאַר די אָנגעקומענע פּליטים. ער האָט געהאַלטן, אַז אַזוי ווי די אַדמיניסטראַציע מיטן סטראַראָסטע בראָש זענען נאָך טעטיק, זיי האָבן אַפילו נאָך נישט בדעה צו עוואַקואירן זיך, איז אַ סימן, אַז מען קאָן נאָך אַ ביסל אָפּוואַרטן. אַ חוץ דעם זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז מען וועט געבן פּאַסיר־שיינען מיט באַן־בילעטן אין געוויסע ריכטונגען, ווו עס איז נאָך פאַראַן אַ באַן־פאַרבינדונג, מעג־לעך, אַז אויך אין דער ריכטונג פון ווילנע. און אויב בלייבן — האָט מען זיך דאָך נישט וואָס צו איילן שלאָפן גיין, איז מען טאַקע גע־בליבן זיצן ביים ה׳ קלאַרמאַן ביז שפּעט אין דער נאַכט און מען האָט געמיטלעך געשמועסט. ה׳ מענדעלסאָן האָט צוריק אויסגעפּאַקט אַ ביסל פון זיין הומאָר, וואָס ער האָט שיער נישט פאַרלוירן אין וואַנדערוועג.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אָט דעם זעלטענעם אָרי־גינעלן טיפּ, דעם ה׳ קלאַרמאַן. פון ערשטן מאָמענט אָן, וואָס איר האָט זיך באַגעגנט מיט אים, האָט איר געמוזט באַקומען דעם איינ־דרוק, אַז איר האָט צו טאָן מיט אַן איינגאַרטיקן, העכסט־אינטערע־סאַנטן מענטשן. עס זענען פאַראַן מענטשן צו וועלכע מען קען נישט צוגיין מיט דער געוויינלעכער מאָס, אַז זיי זענען קלוג אָדער נאַריש. זיי אימפּאָנירן איך גלייך מיט זייער אייגנאַרטיקער פּערזענלעכקייט. מען האָט זייער אַ סך גערעדט אין יענעם אָוונט, באַרירט זייער פיל פראַגן פון געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. ה׳ קלאַרמאַן האָט מער גע־הערט ווי גערעדט, אָבער דאָס, וואָס ער האָט גערעדט איז געווען

טיף דורכגעטראַכט, אָריגינעל און אינטערעסאַנט. צוליב דעם, וואָס מיר זענען געווען עמיגראַנטן „אונטערוועגנס" — דענערווירטע, דעזאָריענטירטע, האָט קיינער נישט אַזוי ווי ער, ח' קלאַרמאַן, מיין איך, געקענט באַנעמען אונדזער טראַגי־קאָמישע סיטואַציע פון אַנט־לויפערס, וואָס האָבן נישט און וויסן נישט וווהין צו אַנטלויפן. ער האָט עס געשילדערט מיט אַזוי פיל פאַרשטענדעניש, וואַרעמקייט און פיינעם הומאָר, אַז מיר אַליין זענען געוואָרן געמיטלעכער, די נערוון־געשפּאַנטקייט האָט נאָכגעלאָזט און מיר האָבן אָפט מאָל אפילו האַרציק געלאַכט. עס איז, כ'לעבן געווען אַן אָריגינעל קאַפּיטל פון „פּישקע דער קרומער", נאָר מיט מער הומאָר, מיט מער ווייכקייט.

ח' יידל קלאַרמאַן האָט דורכגעזעצט אין מאַגיסטראַט, אַז עס זאָל אָרגאַניזירט ווערן אַ טיילווייזע הילף פאַר די פּליטים אין דער פאָרם פון פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך, און ער האָט טאַקע אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער הילף. ער האָט אויך דורכגעפירט, אַז פון די שטאָטישע מעל־רעזערוון זאָל מען אַרויסגעבן מעל פאַר די בעקערס, כדי עס זאָל נישט אויספעלן קיין ברויט אין שטאָט קינד און קייט האָט געקענט ח' יידלען.ער איז ווירקלעך געווען די פּאָפּולערסטע פערזענלעכקייט אין שטאָט. צוליב דער אומקלאָרער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן, זענען כמעט אַלע שטאָטישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס געווען אין אַ שווערער לאַגע און אַלע זענען געקומען צו ח' יידלען, אַז ער זאָל העלפן. און ער איז שטענדיק גרייט געווען צו העלפן, נישט אָפּגעשטעלט זיך פאַר קיין שום מי און אַרבעט, און דערביי נישט דענערווירט זיך, נישט געבלאָזן זיך, פאַרקערט, יעדן איינעם אויפגענומען פריינדלעך, מיט זיין וואַרעמען קלוגן שמייכל, יעדן איינעם צוגעגעבן מוט און כסדר זיך געבעטן: „נאָר רואיק, רואיקערהייט, מיינע פריינט, וועט מען אַלץ מאַכן". און ער האָט ווירקלעך אַלץ געמאַכט רואיקערהייט. נאָר עסן האָט ער אַליין נישט געקענט רואיק, ווייל מען האָט אים נישט געלאָזט, און גאַנץ אָפט, זייער אָפט, האָט מען אים אַוועקגעריסן פון טיש, ממש פון מיטן עסן,

אַ טאָג נאָך אונדזער אָנקומען קיין פּינסק, האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען און באַלד האָט אויך דער ראַדיאָ איבערגעגעבן, אַז די רויטע אַרמיי איז אַריבערגעגאַנגען די סאָוועטיש־פּוילישע גרענעצן אין אַ ררייע פּונקטן. געווען איז דאָס דינסטיק דעם 18־טן סעפּטעמ־בער. אַזוי ווי די אינפאָרמאַציעס זענען געווען אַלגעמיינע און קורצע, זענען אויך געווען פאַרשידענע קאָמענטאַרן. דער הויפּט־קאָ־מענטאַר, וואָס איז כמעט פון אַלע אונטערגעהאַלטן געוואָרן, איז גע־ווען, אַז די רויטע אַרמיי גייט העלפן פּוילן, אַז זי וויל נישט דער־לאָזן, די היטלעריסטן זאָלן זיך צופיל דערנענטערן צו די רוסישע גרענעצן. ווי מיר זעען, איז דער מענטש אַ פאַרפאַלענער אָפּטימיסט, בפרט נאָך דעמאָלט, ווען עס גייט אויף דער ליניע פון זיינע אייגענע אינטערעסן. מען האָט, אַלזאָ, נאָך דאַן געקלערט, אַז די רויטע אַרמיי גייט באַשיצן באַפּאַלענע, אָננעמען זיך פאַר באַעוולהטע און דער עיקר — קעמפן קעגן היטלעריזם, דעם דם־שונא פון סאָציאַליזם.

איך דערמאָן זיך איינמאָל אַ פאַרנאַכט. דאָס איז געווען דעם זעלביקן טאָג, ווען דער ראַדיאָ האָט אָפיציעל געמאָלדן די ידיעות וועגן די באַוועגונגען פון דער רויטער אַרמיי. מיר האָבן זיך דעמאָלט גע־פונען ביים ה׳ קלאַרמאַן אויפן הויף לעבן בריקל. עס זענען דאָ געווען די ה"ה: ערליך, יוזעף, מענדעלסאָן, האָדעס און שערער. שערער, דוכט זיך, האָט טאַקע איבערגעגעבן די ראַדיאָ־ידיעות. ה׳ ערליך איז געשטאַנען אָנשפּאַרנדיק זיך ביים בריקל, מיטן פּנים צום הויף צו. מיר האָבן אַלע געשוויגן אין דערוואַרטונג, אַז ה׳ ערליך וועט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט אויך געשוויגן. זיין שטענדיק ערנסטער פּנים איז געווען נאָך ערנסטער און פאַרטראַכט. ה׳ מענדעלסאָן, דאַכט זיך, האָט שטיל באַמערקט: „די געשיכטע הייבט זיך אָן".

עס האָט קיינער מער נישט גערעדט, יעדן איינעם אָבער פון אונדז האָט אַ שלעכט פאַרגעפיל געדריקט ביים האַרצן. נאָכן פאַקט מיט דייטשלאַנד האָט מען זיך קיין אילוזיעס נישט געקענט מאַכן. צום סוף האָט איינער נישט אויסגעהאַלטן און אַ זאָג געטאָן: „דאָס איז

אַ מעסער אין רוקן פון פּוילן, מ׳גייט זיך, מכלומרשט, באַוואָרענען די גרענעצן". דערויף האָט ח׳ ערליך ראַיק אָפּגעענטפערט: „יאָ, די געשיכטע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, לאָמיר דעריבער אָפּוואַרטן און אָפּהאַלטן זיך פון פּריציייטיקע קאָמענטאַרן, עס איז אַ צו ערנסטע געשיכטע". מען האָט נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט, ווו און ווי די רויטע אַרמיי איז אַריבער די גרענעצן. פּינסק אַליין איז פאַרנומען געוואָרן מיט עטלעכע טעג שפּעטער, אַזוי אַז מען האָט לכתחילה אפילו אָנגעהויבן זאָגן, אַז קיין פּינסק וועט די רויטע אַרמיי נישט קומען, ווייל פּינסק איז ווייטלעך פון דער גרענעץ.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז די רויטע אַרמיי אָנגעקומען קיין פּינסק. געווען איז דאָס אין אַ זוניקן טאָג פאַרמיטאָג, ווען עס האָט זיך דערהערט דאָס בראַזגען און הודזשען פון דער לייכטער און שווערער אַרטילעריע, וואָס איז אָנגעקומען צו דער הויפּט־גאַס פון פאַרשידענע זייטיקע ריכטונגען. צוליב דעם, זעט אויס, וואָס מ׳האָט בכלל געספּקט, צי די רויטע אַרמיי וועט קומען און עס איז, מסתמא נישט געווען געננוי באַוווּסט דער טערמין, איז דורך די סימפּאַטיקער קיין קבלת־פּנים נישט צוגעגרייט געוואָרן. אויף די גאַסן האָט געהערשט אַ מאָדנע שטילקייט, אַ מין אָפּוואַרטנדיקע, פאַרזיכטיקייט־שטילקייט. מ׳האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אין שטאָט זענען נאָך געבליבן אייניקע פּוילישע מיליטער־אָפּטיילונגען, אָרטיקע און אָנגעפאַרענע באַאַמטע, די באַפעלקערונג האָט זיך דעריבער געהאַלטן אין רעזערוו.

זעט אויס, אַז די דאָזיקע פאַרזיכטיקייט איז נישט געווען אומבאַגרינדעט, ווייל באַלד נאָכמיטאָג האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ שיסעריי פון האַרמאַטן, וואָס איז געוואָרן אַלץ געדיכטער און שטאַרקער. אין ערשטן מאָמענט האָט מען זיך נישט אָריענטירט אין דער סיטואַציע, עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָס שיסעריי קומט פאַר ווייט, הינטער דער שטאָט. באַלד אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס שיסט מען אין שטאָט גופא. דערנענטערנדיק זיך צו דער הויפּט־גאַס, האָט

מען געקענט זען, ווי עטלעכע לייכטע פעלד־האַרמאַטלעך שיסן אין דער ריכטונג צום אַלטן קלויסטער, וואָס האָט זיך געפונען ביים סאַמע אָנהויב פון דער הויפּט־גאַס. ווי מ'האָט איבערגעגעבן, זאָלן פון דאָרטן האָבן געפאַלן עטלעכע שאָסן, וואָס האָבן פאַרוווּנדעט אָדער געטויט אַ קליינע צאָל רויטאַרמייער; לויט אַנדערע קלאַנגען זאָלן זיך דאָרטן האָבן אויסבאַהאַלטן אין די פאַרשידענע טורעמס, קעלערס, בוידעמער פון די קלויסטער־געביידעס רעשטלעך פון פּוילישן מיליטער, וואָס האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און נישט געוואָלט לייגן דאָס געווער. אַזוי צי אַזוי, די שיסעריי האָט אָנגעהאַלטן פון 4 נאָכמיטאָג ביז צומאָרגנס 5 בייטאָג.

מיר האָבן זיך גראָד געפונען אין דער וווינונג פון ח' ל. ווו עס זענען געווען איינגעאָרדנט די ח"ח מענדעלסאָן און וואַסער. די דאָזיקע וווינונג, אַ פיינע געביידע, אַרומגערינגלט מיט אַ שטיקל גאָרטן און אָפּגעצוימט מיט אַ פּלויט, האָט זיך געפונען ביי דער הויפּט־גאַס, מער אַריינגערוקט אין דער זייט. פאַרשטייט זיך, אַז וועגן אהיים־גיין האָט מען שוין גאָרנישט געקענט טראַכטן, מיר זענען דאָרט פאַרבליבן בעכטיקן. שטאַרק איבערגעשראָקן פון דער שיסעריי זענען מיר נישט געווען, ווייל פון דעם אָפּהילך פון די גראַנאַטן האָט מען געקענט אַרויסזען, אַז מען שיסט נאָר פון איין פּונקט צו אַ צווייטן, פון וועלכן מען ענטפערט נישט אָפּ. אַזוי ווי מיר האָבן זיך געפונען ווייט פון דעם באַשיס־פּונקט, האָבן מיר געקענט זיין פולשטענדיק רואיק. אָקעגן זענען מיר געווען שטאַרק באַאומרואיקט וועגן ח' ערליכן מיט דער פאַמיליע, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ וווינונג נענטער צו פון דער הויפּט־גאַס, נישט ווייט פונעם קלויסטער. מיר האָבן געפּרוווט זיך דורכרייסן דורך הינטערגאַסן אין יענער ריכטונג, האָבן מיר אָבער אין מיטן וועג זיך דערוווּסט, אַז מען האָט די איינוווינער פון יענע הייזער באַצייטנס געהייסן זיך איבערטראָגן אין אַנדערע גאַסן, אַזוי אַז מיר האָבן אונדזער ווייטערדיקע עקספּעדיציע געהאַלטן באַר צוועקלאָז.

מען קען נישט זאָגן, אַז מיר האָבן געהאַט אַן אומרואיקע אָדער שלאָפלאָזע נאַכט. מיר האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ מיטעלן קאָרידאָר, ווייטלעך פון אַ פענצטער, אָדער א טיר, מורא האָבנדיק פאַר שראַפּ־נעלן־שפּליטערס. געלעגן איז מען אויף דער פּאָדלאָגע און געוויצלט זיך פון דער אייגענער הילפלאָזיקייט. ח׳ וו. האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס מען איז אַזוי אויפגעלייגט אין דער צייט, ווען גראַנאַטן פליען איבערן קאָפּ, אָבער ער האָט גאָרנישט געקענט העלפן דערצו. איבריקנס, איז ער געווען פאַרנומען מיט אויסזוכן פאַר זיך אַלע מאָל אַ בעסער אָרט, ווייל עס האָט זיך אים כסדר גע־דוכט, אַז אָט אָט פאַלט דער גראַנאַט דוקא איבער זיין קאָפּ. אַז מ׳איז אַזוי אָפּגעלעגן ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט זיך פאַרגלוסט עסן און דוקא עפּעס ווּאַרעמס, היימישס. — איז געבליבן, אַז מען זאָל אָפּקאָכן קאַרטאָפל.

מיט אַ פריילעכן טומל (געווען איז דאָס אַ נערוועזע פריילעכ־קייט) איז מען אַריין אין קיך שיילן קאַרטאָפל, מאַכן פייער. אַלע האָבן זיך גענומען צו דער מלאכה פון שיילן קאַרטאָפל אחוץ וו., וועלכער האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט אַרויסקלייבן פון פּינצטערן „סכראָן״. ח׳ מענדעלסאָן האָט געאַרבעט אַרום די קאַרטאָפל מיט גרויס פלייס און איבערגעגעבנקייט. איך האָב אָבער גלייך באַמערקט, אַז פון זיין שיילן וועלן מיר בלייבן ביי בלויזע שאָלן, אָן קאַרטאָפל, און ער האָט גלייך געקראָגן דעמיסיע נישט געקוקט אויף זיינע „שאַר־פע פּראָטעסטן״. כדי צו באַפרידיקן זיין אַרבעטסלוסט, האָט מען אים איבערגעגעבן אַכטונג צו געבן אויף אַ טאָפּ מילך, וואָס האָט זיך גע־דאַרפט אָנבריען. וועלנדיק אָבער אומבאַדינגט באַווייזן, אַז אַנדערע שיילן קאַרטאָפל נישט בעסער פאַר אים, האָט ער געלאָזט אויסלויפן די מילך ביז אין דער העלפט.

פאַרשטייט זיך, אַז דערווייל האָט מען געמוזט צוּוואַרטן, ביז עס וועט קלאָר ווערן די לאַגע בכלל און ביי אונדז בפרט. דעם אמת גע־זאָגט האָט מען אין פּינסק קיין גרויסע פּאַראַדן נישט געמאַכט. נישט

נאָר אין די שטובן, נאָר אויך אויף די גאַסן, האָט מען קיין שמחה נישט אָנגעזען. אין ערשטן מאָמענט האָט מען דאָס אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי אויפגענומען מיט גרויס צופרידנקייט. פאַר דער אָר־טיקער באַפעלקערונג, און איבערהויפּט פאַר די פליטים איז ביז דאַן געשטאַנען די טראַגישע פראַגע: וואָס ווייטער? דער שונא רוקט זיך אָן, דער גרויזאַמער שונא פאַרפלייצט דאָס לאַנד אַלץ מער און מער, ער פאַרניכטעט מיט זיינע באָמבאַרדירונגען די שטעט, די ציווילע באַפעלקערונג, די לעצטע פאַרטיידיקונגס־ליניע ביים בוג איז דורכ־געבראָכן, עס איז קיין אָפּהאַלט נישטאָ פאַר זיין ברוטאַלער קראַפט, — ווו זשע לויפט מען, ווי אַזוי קען מען זיך ראַטעווען? דאָס אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי האָט די פראַגן פאַרענטפערט, האָט מען טאַקע אין ערשטן מאָמענט געפילט אַ שטאַרקע פאַרלייכטערונג. אָבער דאָס לעבן פליסט זיך מיט זיין נאָרמאַלן שטראָם, לאַנג פרייען זיך מיט דעם אָפּגעראַטעוועטן לעבן קאָן מען נישט, מען דאַרף דאָך ווייטער לעבן און צום לעבן דאַרף מען האָבן ברויט און צום ברויט נאָך עפּעס צו...

און ביי דער באַפעלקערונג בכלל און ביי די פליטים בפרט האָט זיך אָנגעהויבן אַ „ניי לעבן", דאָס הייסט — נייע זאָרגן, נייע עגמת־נפשן, פרישע שרעקן און צרות, וואָס האָבן זייער שנעל געמאַכט פאַר־געסן די פאַרלייכטערונג. אין די ערשטע עטלעכע טעג האָט זיך נאָך אַלץ געפירט אינערטיש: די בעקערייען האָבן געבאַקן, די קראָמען האָבן פאַרקויפט פּראָדוקטן און סחורות. אָבער שוין אויפן דריטן, צי־פערטן טאָג האָט מען זיך, אַזוי צו זאָגן, געכאַפּט, אַז עס וועט נישט זיין, אַז עס וועט זיך אויסשעפּן, אַז מען וועט נישט צופירן (סוחרים האָבן אַ גוטן הוש הריח) און... ביי די קראָמען, שוין אָפּגערעדט ביי די בעקערייען, און ביי די פּראָדוקטן־האַליעס האָבן זיך באַוויזן רייען, לאַנגע רייען — אומעטום רייען. און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס „רייען־לעבן". פון אינדערפרי ביז ביינאַכט איז מען געשטאַנען אין די רייען, יעדן טאָג זענען צוגעקומען פרישע רייען. עס דאַכט זיך

אַ קלייניקייט, מען שטייט אין דער ריי און מען גייט אַהיים. ביס־לעכווייז אָבער האָט זיך אַ דאַנק אָט דער „טעטיקייט" געענדערט דער גאַנצער לעבנשטייגער און נישט נאָר דער לעבנשטייגער, נאָר דאָס געמיט, דאָס זעלבסט־געפיל פון די מענטשן. מען האָט זיך גע־לייגט פרי, ווייל מען איז געווען מיד פון שטיין אין די רייען, און צו־מאָרגנס פאַרטאָג האָט מען ווידער באַדאַרפט זיך שטעלן אין דער ריי. עס איז נישט געווען קיין באַשטימטע צייט צום עסן, צום רוימען צימערן, מען האָט קיין צייט נישט געהאַט אומצוקוקן זיך אויף די קינדער. איך האָב אָפט באַזוכט אונדזערע באַקאַנטע — אומעטום האָב איך אָנגעטראָפן דאָס „רייען־לעבן". גייסט, למשל, אין גאַס פאַרמי־טאָג אָדער נאָכמיטאָג, טרעפסט מענטשן איילן אין פאַרשידענע ריכ־טונגען, פרווו צוגיין צו ווען ס'איז און ווערסט זיך איבערצייגן, אַז ער גייט צו אָדער פון אַ ריי.

איך דערמאָן זיך: איינמאָל אַ פרימאָרגן, האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן אַ שפּאַציר צו דער פינע. אַזעלכע שפּאַצירן פלעג איך מאַכן גאַנץ אָפט, כדי אָפּצופרישן דאָס ביטערע געמיט. די ווייסרוסישע לאַנדשאַפט צייכנט זיך נישט אויס מיט מאַלערישקייט, זי האָט אָבער אַן אייגנאַרטיקן חן און צויבער. זי ווירקט נישט אַזוי אויף די אוי־סערלעכע חושים, ווי אויף אונדזער אינערלעכן געמיט. פון די ברייטע פלאַכע פעלדער און לאָנקעס, וואָס ציען זיך ווייט, ווייט צום האָרי־זאָנט צו, זעלטן באַשאָטנט מיט קוסטן־געפלעכטן און איינזאַמע כור־טאָרעס, ווייעט אַ מין פאַרבאָרגענער אומעט און אַ שטילער צער, וואָס רייסן זיך שטיל און צאַרט אריין אין האַרצן: איר דערפילט עפּעס אַ מאָדנע בענקשאַפט, אַ מאָדנע לאַנג־נאָגנדיקע בענקשאַפט. איר דערפילט זיך עלנד און איינזאַם, עס ווילט זיך וויינען און וויינען, צו טוליען זיך צו אַ ליבן, נאָענטן מענטשן... די דאָזיקע שטימונגען זענען מיר געווען באַקאַנט נאָך פון יענער צייט, ווען איך האָב געוואָר־בעט אין בערעזע.

צו דער פינע פלעג איך גיין כמעט יעדן טאָג, אויסצוגיסן מיין

ביטער געמיט, צו באַרואיקן מיינע נערוון, צו באַפרייען זיך פון דער פיינלעכער טאָג־טעגלעכקייט. דאָ האָב איך געקענט אומגעשטערט בענקען, טרוימען און דערמאָנען זיך אין די אָקאָרשט געוועזענע, אָבער ווי לאַנג שוין פאַרלאָפנע, נעכטיקע טעג, ווען מען האָט נאָך געלעבט צווישן אייגענע; געלעבט, געשטרעבט, געאַרבעט, געליבט, געפרייט זיך.

אין יענעם פרימאָרגן, דערנענטערנדיק זיך צום טייך, האָב איך פּלוצים דערזען... אַ ריי, אַ לאַנגע ריי, וואָס האָט זיך געצויגן ביז צום ברעג פון טייך און פאַרקירעוועט אַפילו ביז צו די נאָענטסטע שטאָט־גאסן. וואָס איז געשען? וואָס עפּעס אַ ריי ביים טייך? מען האָט פאַר־קויפט פיש. עס רעדט זיך אַזוי פאַרקויפט פיש, פויערים־פישער האָבן איינמאָל געבראַכט צופירן עטלעכע מולטערס פיש, און דאָס איז גע־נוג געווען, אַז די גאַנצע שטאָט זאָל קומען צולויפן צום טייך, שטעלן זיך אין דער ריי אויף גאַנצע שעהן און וואַרטן אויף פיש. און הגם מען האָט דעם טאָג קיין פיש נישט געבראַכט, איז מען דאָך צומאָרגנס ווידער געקומען, אפשר, טאָמער, וועט מען ברענגען. איך האָב נעבעך געמוזט פאַרלאָזן מיין קליינע ליבע פינע און זוכן אן אַנדער מקום־מנוחה.

אויך מיר פּליטים זענען נישט פריי געווען פון רייען־לעבן. מען האָט זיך אַליין געמוזט באַזאָרגן יעדע זאַך, שוין אָפּגערעדט פון ברויט. אַפילו פלייש אָדער אַ שטיקל לעבער צום מיטאָג האָט מען געמוזט אַליין „פּאַקן". איך זאָג פּאַקן, ווייל נישט יעדן טאָג און נישט אויף באַשטימטע ערטער האָט מען עס געקענט באַקומען. מיר האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך, ד"ה צווישן עטלעכע צענדליק באַקאַנטע, אַז אויב איינער וועט האָבן דאָס גליק צו געפינען אַ פליישקראָם, זאָל ער צוזיסן געבן די אַנדערע. דער קאָמוניקאַציע־פּונקט אונדזערער איז געווען ביי דער פרוי ז. אַ פינסקער בונדיסטקע, אַ גוטע חברטע און זייער אַ סימפּאַטישער מענטש. דער מאַן אירער איז גע־ווען אין מיליטער און זי אַליין האָט אָנגעפירט מיט דער קליינער

בעקעריי, וואָס ער האָט געהאַט איינגעאָרדנט מיט עטלעכע חדשים צוריק, פאַרן קריג. אַ פרוי אַן ענערגישע און זייער אַ טיכטיקע, האָט זי בייגעקומען אַלע שוועריקייטן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט פירן אַ בעקעריי ביי די דעמאָלסטדיקע באַדינגונגען: דאָס פאַרזאָרגן מעל אויף אַ לעגאַלן און אומלעגאַלן אופן, די באַציונגען מיט די אַר־בעטער, דאָס אָרגאַניזירן דעם פאַרקויף אין די רייען עטלעכע מאָל אין טאָג. זי האָט אַלץ אַליין דורכגעפירט, אַכטונג געגעבן און נאָך צייט געהאַט צו זאָרגן פאַר אונדז אויך. מיר האָבן באַקומען אונדזער חלק ברויט אָן שוועריקייטן און נישט נאָר ברויט, זי האָט פאַר אונדז געקראָגן מעל צו ביליקע פרייזן און אויסגעבאַקן פאַר אונדז חלה. און פאַר עטלעכע חברים האָט זי אויך צוגעגרייט מיטאָג. דאַכט זיך אַ פשוטע אַרבעטערין, וואָס האָט שווער געאַרבעט פון די ייִנגסטע יאָרן, נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו בילדן זיך, צו לייענען. אָבער וויפל אינערלעכע פיינקייט און אינטעליגענץ האָט זי אַרויסגעוויזן אין איר באַציונג צו אונדז, וויפל פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער פליטים־לעבן, פאַר אונדזערע קאַפּריזן און געררייצטע נערוון. מיר האָבן זי גערופן „די שוועסטער", צו וועלכער עס זענען געקומען צו גאַסט היימלאָזע, פאַראומגליקלעכטע ברידער. איר צאַרטע און וואַרעמע באַציונג צום דערשלאָגענעם מענטש האָט ממש גערירט.

אַזוי ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, איז ביי דער ח׳טע ז. געווען דער קאָמוניקאַציע־פּונקט. דאָרט איז אייגנטלעך געווען אונ־דזער צווייטע קאָלעקטיווע היים, ווו מיר האָבן זיך דערוווּסט די לעצטע נייעסן, ד"ה, די לאַגע אויפן פּראָדוקטן־מאַרק, פאַרבראַכט די פרייע צייט ביי אַ גלעזל טיי אָדער קאַווע, און פון צייט צו צייט אויס־געגאָסן דאָס ביטערע האַרץ פאַר דער שוועסטער ז. אַ מאָדנע באַשע־פעניש דער מענטש איז: איינע פון זיינע בעסטע (אָדער גאָר ערגס־טע) אייגנשאַפטן איז שנעל צו פאַרגעסן. מען זאָגט געוויינלעך, אַז די שפּעטערדיקע צרות מאַכן פאַרגעסן די פריערדיקע, און דאָס איז אין אַ גאַר גרויסער מאָס ריכטיק. דער נייער לעבנשטייגער (אויב מען

קאָן דאָס בכלל באַצייכענען אַלס לעבן און אַלס שטייגער), וואָס האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן נאָכן אַריינקומען פון דער רויטער אַרמיי, האָט אַזוי אבסאָרבירט און אָפּגעריסן דעם מענטשן פון זיך אַליין, אַז אָפטמאָל האָט מען זיך אַליין געשטעלט די פראַגע: ווער בין איך? וואָס בין איך? וואָס וועט זיין דער תכלית? מען איז געווען פאַרנומען מיט אַזוי פיל קליינע דאגות ארום זיך, אַרום דעם אייגענעם גוף, אַז דאָס לעבן איז פשוט נמאס געוואָרן. אָט איז דאַכט זיך געשען דאָס גרויסע אומגליק, דער גרויזאַמער שונא פאַרניכטעט דיין ווינלאנד, דיין היים, דיינע ליבסטע און נאָענטסטע; דו ווייסט נישט וואָס צו טאָן, וווּ אהינטאָן זיך? און דאָס אַלץ איז ווי אַוועקגערוקט געוואָרן אין אַ זייט דורך אַזעלכע „וויכטיקע פּראָבלעמען", ווי פּאַקן אַ שנירל צו די שיך, אַ ביסל זאַלץ, אַ שטיקל פלייש, אַ ביסל קאַרטאָפל.

אין אַזעלכע מאָמענטן, ווען די אַדער ענלעכע פראַגן האָבן מיר אָנגעהויבן עגבערן דעם מוח, מיאוס מאַכן דאָס לעבן און זיך אַליין, פלעג איך אַוועקלויפן צו דער פינע אויף אַ גאַנצן טאָג. ערגעץ אַנדערשווו איז נישט געווען ווו צו לויפן. צו מענטשן? צו וועלכע מענטשן? אַז אַלע זענען קראַנק געווען אויף דער זעלביקער קראַנקהייט.

אַן אויסנאַם זענען נאָר געווען די אָוונט־שעהן, ווען מיר האָבן געקענט אַריינקומען צום ח' ל־ן, ווו עס האָט געוווינט דער ח' מענדעלסאָן. אין אַזעלכע אָוונטן זענען מיר ווי צוריק געקומען צו זיך, מען פלעגט זייער פיל שמועסן וועגן דער לאַגע אַן אַן אויסגאַנג, אין וועלכער מיר געפינען זיך איצט, אָפּטער אָבער, פלעגט מען שווייגן, פיינלעך שווייגן, אָבער מיר האָבן זיך געפילט מענטשלעך אין אונדזערע ליידן און שווערע איבערלעבונגען. דעריבער וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן די פיינלעכע, אָבער גלייכצייטיק, ליבע אָוונטן, וואָס מיר האָבן דאָן פאַרבראַכט, אויפנעמענדיק דורכן ראַדיאָ די לעצטע נייעסן און געשעענישן פון וואַרשע, סטאַזשינסקיס רעדעס צו דער באַפעלקערונג. מיר האָבן זיך דאַן געפילט נענטער צו דער היים, האַרציק פאַרבונדן מיט איר. מיט אייגעהאַלטענעם אָטעם, מיט אומגעהייער

געשפּאַנטע נערוון, האָבן מיר ווי אַרויסגעריסן פון דעם ראַדיאָ יעדעס וואָרט, יעדן קלאַנג. אין סטאַזשינסקיס הייזעריקער שטימע האָבן מיר געהערט, אויסגעפּילט דאָס צאַפּלען זיך, דאָס ווערן זיך פון דער מיליאָנען־באַפעלקערונג אנטקעגן דעם גרויזאַמען פאַרהאַסטן שונא.

מיט אַ טיף געזונקענעם קאָפּ, די אויגן פול מיט טרערן, איז ח׳ מענדעלסאָן ווי צוגעוואַקסן געווען צום ראַדיאָ־קעסטל און נאָך לאַנג נאָך דעם, ווען דער ראַדיאָ איז אנטשוויגן געוואָרן, איז ער נאָך אַלץ אַלץ געשטאַנען, נישט געקענט זיך רירן פון אָרט. איך האָב גוט געפילט, וואָס ער לעבט איבער אין אַזעלכע מאָמענטן. דאַכט זיך, אַז דאָס שווערסטע, דאָס ווייטיקלעכסטע, וואָס האָט אונדז אַלע געמאַטערט און געפּייניקט איז געווען די אומגעהייערע בענקשאַפט אַ היים. דאָס וואַנדערן, דאָס נע־ונד זיין, די אַלע איבערלעבונגען אויפן שווערן וואנדערוועג, די דאגות צו דערהאלטן דאָס לעבן, האָבן נאָר ווי אַש אויבנאויפיק פאַרדעקט דאָס פייער, די בענקשאַפט, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו גליען און ברענען די גאַנצע צייט. די דאָזיקע ראַדיאָ־אוידיציעס צו וועלכע מיר זענען געלאָפן, ממש געלאָפן, מיטן גרעסטן אומגעדולד יעדן טאָג, מיט וועלכע מיר האָבן אייגנטלעך געלעבט דעם גאַנצן טאָג האָבן נאָך מער צעבלאָזן, פונאַנדערגעפלאַקערט דאָס פייער, זיי האָבן אונדז געפרייט, געפּייניקט און פאַרצערט.

אָבער אויך די אוידיציעס האָבן זיך געענדיקט. וואַרשע האָט קאַפּיטולירט, און דערמיט האָבן מיר אָנגעווירן די לעצטע פאַרבינדונג מיט וואַרשע. עס האָט זיך אָפּגעשטעלט א טיפער אומעט אין האַרצן, די לעצטע אילוזיע איז פאַרשוווּנדן, די ביטערע ווירקלעכקייט האָט אַלץ שטאַרקער אָנגעהויבן פרעסן אויף דער נשמה. וואָס ווייטער? וואָס וועט זיין מיט אונדז? די דאָזיקע פראַגן זענען נישט נאָר פון טאָג צו טאָג, נאָר פון שעה צו שעה געוואָרן אַלץ שאַרפער. ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, האָבן מיר זיך דערווייל געהאַט אָפּגעהאַלטן פון קאָמענטירן די לאַגע. מיר האָבן אָנגענומען אַן אָפּוואַרטנדיקע שטעלונג, הגם שלעכטע פאַרגעפילן האָבן גענורטעוועט

אין האַרצן. במשך פון דער צייט אָבער האָט דאָס לעבן אַליין אָנגעהויבן קליפּ און קלאָר צו קאָמענטירן די לאַגע. די פריערדיקע, הגם שוואַכע, קלאַנגען וועגן דעם, אַז די רויטע אַרמיי וויל העלפן דאָס באַפאַלענע פּוילן אין זיין קאַמף מיטן ברוטאַלן שונא, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אויסטראַכטעניש פון נאַיווע גלויביקע מענטשן. פון דער סאָוויעטישער פּרעסע, וואָס מען האָט די ערשטע טעג בחינם פאַרשפּרייט צווישן דער באַפעלקערונג, האָט מען זיך גלייך דערוווּסט, אַז די רויטע אַרמיי האָט אין פאַרשטענדיקונג און מיטן הסכם פון היטלערן פאַרכאַפּט די מזרח־קאַנטן און געהייסן האָט עס, אַז זי איז געקומען באַפרייען די ווייסרוסן און די אוקראַינער. דאָס צו־איילן זיך מיטן פאַרכאַפּן די געביטן דווקא אין דעם מאָמענט, ווען די פּוילישע אַרמיי האָט געמאַכט די לעצטע אָנשטרענגונגען און פּרוון איינצוהאַלטן דעם שונא, האָט געמאַכט אַ שווערן איינדרוק, אפילו אויף געוועזענע סימפּאַטיקער פון די סאָוויעטן. צי האָט די סאָוויעטן־מאַכט מורא געהאַט, אַז דער פּוילישער אַרמיי וועט זיך איינגעבן איינצוהאַלטן די געביטן, אָדער זי האָט לכתחילה שוין נישט געהאַט קיין צוטרוי צו איר נאָבעלן פאַרטנער און נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז די היטלעריסטן זאָלן פריער פאַרכאַפּן די געביטן? אַ פאַקט איז, אַז די רויטע אַרמיי האָט אָנגעהויבן איר ערשטן באַפרייאונגס־קאַמף אויף דער וועלט־אַרענע מיט אָנפאַלן אין רוקן אַ פאָלק, וואָס איז אויף אַן אַכזריותדיקן און ברוטאַלן אופן באַפאַלן געוואָרן פון אַ רויבערישער אַרמיי, וואָס אירע פירער האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו באַהערשן די וועלט, צו פאַרניכטן די שענסטע און איידלסטע גייסטער פון דער מענטשהייט, אומצוברענגען די אייראָפּעישע קולטור און ענדגילטיק צו פאַרטיליקן און אויסוואָרצלען דעם סאָציאַליזם. עס איז מיר אויסגעקומען צו רעדן מיט זייער פיל רויטאַרמייער, מיט אָפיצירן, זיי האָבן אינגאַנצן נישט אָריענטירט זיך אין דער לאַגע. כמעט אַלע האָבן פאַרזיכערט אַז מען גייט אויף בערלין. זעט אויס, אַז טראָץ דער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט מסתמא געפּרוווט צוגרייטן די

געמיטער, האָט דער רויטאַרמייער בשום אופן נישט געקאָנט צוגויפּ־פאַרן אַזעלכע צוויי זאַכן: באַפרייען די מזרח־געביטן און העלפן היט־לערן אומצוברענגען פּוילן, זיי האָבן זיך דעריבער געמאַכט זייער אייגענעם לאָגישן אויספיר: „מיר גייען אויף בערלין"! און אפשר האָט מען זיי פּשוט געהייסן מיט די ווערטער צו נאַרן די באַפעלקערונג.

דערווייל איז נאָך געווען נישט קלאָר, וואָס פאַר אַ ריכטונג, וואָס פאַר אַ פאָרעם עס וועט אָננעמען די אָרטיקע אינערלעכע פּאָליטיק פון די סאָוויעטן, זייער באַציונג צו דער באַפעלקערונג, די אָרגאַניזאַציע פון דער אדמיניסטראַציע, קאָמונאַלער מאַכט און דער עיקר — זייער באַציונג צו די רעכט און פרייהייט פון יחיד. די עקאָנאָמישע פּאָלי־טיק איז דערווייל געווען אָן אַ ליניע, עס האָט געהערשט אַ פולשטענ־דיקער כאַאָס. דאָס געלט איז אָפּגעלאָפן פון שטאָט אין דאָרף, ווייל די פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך זענען געוואַלדיק געשטיגן, אַקעגן זענען סחורות געוואָרן אַ יקר המציאות, די גרעסטע טייל גאַלאַנ־טעריי־ און לעדער־סחורות זענען כמעט ווי פאַרשווונדן. דער פּויער האָט פאַרן געלט גאָרנישט געקענט באַקומען, האָט ער אויפגעהערט ברענגען פּראָדוקטן און אויב ער האָט יאָ געבראַכט, האָט ער דערפאַר געפאָדערט סחורה, בעיקר — נאַפט און זאַלץ. יעדן פרימאָרגן האָט מען געמוזט אַרויס אויף יאַגד, איינשאַפן אַ ביסל פּראָדוקטן אויפן לויפנדיקן טאָג. די צייטונגען האָבן געהאַלטן אין איין צוזאָגן, אַז אָט קומט אָן פון רוסלאַנד נאַפט און זאַלץ, אָבער עפּעס האָט מען נישט געהערט און נישט געזען. אַקעגן, צייטונגען זענען יאָ אָנגעקומען זייער אָפט. אָבער דער באַפעלקערונג איז פּאָליטיק קנאַפּ וואָס געלעגן אין זינען. דאָס יאָגן זיך נאָך אַ ביסל לעבנס־מיטלען האָט פאַרשלונ־גען די גאַנצע צייט, די ענערגיע און דאָס געמיט. די גרויע שווערע זאָרג פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן האָט ווי אויסגעזויגן פון מענטשנס נשמה יעדע פרייד, יעדע האָפענונג; פאַרשווונדן איז די ליכטיקייט פון געמיט און דער לעבנס־הומאָר. דאָס שווערע אינערלעכע געמיט האָט געלייגט זיין חותם אויף די פּנימער פון די מענטשן, אויף זייער

אויסערלעכן פאַרהאַלטן זיך. דאָס האָט מען אמבעסטן געקענט אָב־סערווירן ביי די מענטשן אין די רייען. גאַנצע שעהן איז מען אָפּגע־שטאַנען שטילשווייגנדיק און אַפּאַטיש, כמעט רעזיגנירט. פון צייט צו צייט פלעגט די שטילקייט איבערגעריסן ווערן פון אַזאַ אָדער אנדערן, אָבער שטענדיק ענלעכן דיאַלאָג: „ווי לאַנג וועט מען אַזוי שטיין אין דער ריי, צי וועט עס זיך אַ מאָל ענדיקן?" — „וואָס פאַר אַ טענות האָט איר — ענטפערט אַ צווייטער איראָניש — מען האָט דאָך באַ־זאָרגט מיט באַשעפטיקונג אַלע אַרבעטסלאָזע!" — „אָבער פון וואָס וועט מען דאָך לעבן? — לאָזט נישט אָפּ דער ערשטער מיט אַ טאָן פון פאַרביטערונג — עס וועט זיך דאָך ענדיקן דער לעצטער גראָ־שן". — „מען זאָגט — רופט זיך אָפּ אַ דריטער — אַז מען וועט שאַפן אַרבעט פאַר דער באַפעלקערונג, מען וועט עפענען קאָנסום־קאָאָפּע־ראַטיוון". — „אַהאַ, — לאַכן אַלע — קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון פון נאַפּט און זאַלץ, וואָס האַלטן אין איין אָנקומען".

דאָס איינציקע אַרטיקל, וואָס מען האָט ווירקלעך אימפּאָרטירט איז געווען די פּראָפּאַגאַנדע. איך האָב שוין פריער דערמאָנט וועגן בחינמדיקע צייטונגען. עס האָבן זיך אויך גלייך באַוויזן ריזיקע פּלאַ־קאַטן אויף די ווענט מיט פאַרשידענע לאָזונגען, גרעסערע און קלע־נערע פּאָרטרעטן פון פאַרשידענע גדולים. די מעגאַפאָנען האָבן טאָג־איין טאָג־אויס מהנה געווען מיט לידער. עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן „באַגייסטערטע מיטינגען", מען האָט זיך גענומען צום רייניקן און רעאָרגאַניזירן דאָס שולוועזן. אָבער, ווי עס האָט ריכטיק באַמערקט דער ח' קלאַרמאַן, — אַ קליינינקער טראַנספּאָרט פון נאַפּט און זאַלץ, אַ שטיקל פּרוּוו צו אָרגאַניזירן דעם ווירטשאַפטלעכן כאַאָס און צו מילדערן די אַרבעטסלאָזיקייט, וואָלטן פיל מער געווירקט און אי־בערצייגט, ווי די אַלע רייד און צוזאָגן אויפן פּאַפּיר. אויף אַ שווער געמיט ווירקן שיינע רייד און לידער פונקט פאַרקערט, זיי דענערווירן און רופן אַרויס פאַרביטערונג.

זעט אויס אַז דאָס שווערע געמיט און די פאַרביטערונג פון דער

באַפעלקערונג האָט זיך נישט געלאָזט אויסבאהאלטן און פאַרבאַרגן בלויז אין די פאַרמאַכטע שטובן, עס האָט זיך ביסלעכוויז אָנגעהויבן ארויסרייסן אויף דער גאַס, אין די רייען. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז עס פעלט עפּעס „פרייד און באַגייסטערונג", האָט מען אָנגעהויבן זוכן שולדיקע און מען האָט זיך דערמאַנט און אָנגעהויבן אַלץ מער דערמאָנען אין אמאָליקע מכלומרשטע שונאים פון די סאָוויעטן. אין די צייטונגען האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן נאָטיצלעך און נאָטיצן. צום ערשט — צווייטדייטיקע, און באַלד דערנאָך — גאַנץ קלאָרע וועגן דער פליכט צו העלפן אויסזוכן באַהאַלטענע שונאים, דיווערסאַנטן, פּאַניק־מאַכערס. די דאָזיקע קליינע נאָטיצן האָבן אָנגעוואָרפן אַ גרויסע שרעק, יעדער איינער האָט געוווּסט מיט וואָס דאָס שמעקט. באַזונדערס שטאַרק איז געווען די אומרואיקייט צווישן די פּליטים, וועלכע מען האָט, ווי געוויינלעך, געהאַלטן פאַר אַן אומצופרידענעם און נישט לאָיאַלן עלעמענט.

# די ערשטע ביטערע דערפאַרונג

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז שוין די העכסטע צייט צו לאָזן זיך אין וועג אַריין. מיר האָבן פון פריער שוין נישט געמאַכט זיך קיין אילוזיע, אַז עס וועט זיך לאַנג לאָזן אויסבאַהאַלטן דער פאַקט, וואָס אַ גרויסער טייל פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" געפינט זיך אין פינסק. הגם אי ח' ערליך, אי ח' יוזעף האָבן זיך זעלטן געוויזן אין גאַס און דאָס אויך נאָר אין אָוונט, האָבן אָבער א צו גרויסע צאָל אייגענע חברים געוווסט וועגן זיי און, שליסלעך, האָט מען לכתחילה נישט געהאַלטן פאַר נויטיק צו מאַכן דערפון קיין סוד. נאָך אַ גאַנצער ריי באַראַטונגען האָט מען באַשלאָסן, אַז די ח"ח: יוזעף, וואַסער, האָדעס פאָרן אָפּ קיין ווילנע, נענטער צו דער ליטווישער גרענעץ און די ח"ח: ערליך, מענדעלסאָן און שרה — קיין בריסק און פון דאָרט, עווענטועל, דורך קאָוועל קיין לובלין (עס זענען דעמאָלט ארומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז לובלין איז נאָך דורך קיינעם נישט פאַרנומען און פליטים אין קאָוועל באַקומען פון די סאָוויעטן פּאַסירשיינען קיין לובלין). די ח"ח ערליך און מענדעלסאָן האָבן עקשנותדיק פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַזוי ווי די גאַנצע מאַסע איז געבליבן אויפן אָרט, דאַרף מען צוריקפאָרן, כדי נאָענט זיין צו איר און אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן צו פירן אַן אַרבעט. ח'טע שרה האָט געזאָלט גלייך אַריינפאָרן קיין וואַרשע, אָקעגן די ח"ח ערליך און מענדעלסאָן האָבן געזאָלט אַ געוויסע צייט פאַרבלייבן אין לובלין, עווענטועל אין לעווערטאָוו, ביז מען וועט זיך אָריענטירן אין דער

לאַגע. מיר האָבן נאָך דעמאָלט גערעכנט, אַז די ח"ח אַלטער און בער־נאַרד געפינען זיך אויך אין לובלין.

מיר האָבן לאַנג נישט באַדאַרפט וואַרטן, כדי זיך איבערצוצייגן, אַז עס איז די העכסטע צייט צו לאָזן זיך אין וועג אַריין, און טאַקע גלייך. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט מען אַרויסגערופן דעם ח' וו. אין דער שטאָטישער קאָמענדאַנטור און מען האָט אים אין אַ גאַנץ פריידלעכן טאָן אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן „בונד" און אגב אויך וועגן דעם, צי דער צ"ק מיט ערליכן בראש געפינט זיך אין פינסק, וואָס זיי האָבן בדעה אונטערצונעמען און ווי איז די שטעלונג פון צ"ק צו די לעצטע געשעענישן אאַז"וו. געווען חברים, וואָס האָבן זיך געפילט אַ ביסל גערירט פון אָט דעם „פריינדלעכן טאָן", דערויף האָט ח' מענדעלסאָן אָנגעהויבן צו דעקלאַמירן קרילאָווס באַקאַנטן משל וועגן דער „קאַץ מיטן קעז".

דאַכט זיך, אַז נאָך דעם זעלבן אָוונט אָדער אויפן צווייטן טאָג איז אָפּגעפאָרן די ווילנער גרופּע. איך געדענק נאָך דאָס געזעגענען זיך ביים ח' קלאַרמאַן אין שטוב. עס האָט געהערשט אַן אומעטיק שווייגן. ח' קלאַרמאַן מיט זיין שטענדיקן שמייכל האָט געפּראָוועט זיין לעצטע האַרציקע גאַסטפריינדלעכקייט, האָט זיך באַמיט הייטער צו מאַכן די שטימונג. אָבער בחינם, אויך ער אַליין האָט נישט געקענט פאַרבאָרגן דעם אומעט. מען שטעלט זיך אויף צום געזעגענען זיך. ח' יוזעף לייגט ארויף זיין האַנט אויף ח' קלאַרמאַנס אקסל, שמייכלענדיק דערביי מיט אַ צערפולן, ביטערן שמייכל: „ווי פילט איר זיך איצט, ח' יידל?" „כמעט ווי פריער, איך שטיי דאָך נאָך ביי מיין אַרבעט, איך פאַרזאָרג נאָך מיט ברויט די הונגעריקע און הילפלאָזע זקנים און קינדער און די גאַנצע שטאָט; זיי האָבן מיך נאָך דערווייל נישט באַזייטיקט. וואָס שפּעטער וועט זיין? — איך שרעק זיך נישט, איך וועל שטענדיק טאָן דאָס, וואָס איך האַלט פאַר נויטיק און נוצלעך..."

מען האָט זיך זייער האַרציק געזעגנט. — עס איז אַ ווייטיק,

אַבער אַ פרייד איבערצולאָזן אַזעלכע חברים — באַמערקט שטיל ה׳ מענדעלסאָן. שפּעטער האָט אונדז ה׳ מענדעלסאָן דערציילט זייער פיל אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן ה׳ קלאַרמאַנס אַרבעט אַלס ראַטמאַן און לאַווניק, וועגן זיין ענערגישן און ווירדיקן קאַמף קעגן די פּױ־לישע סאַטראַפּן, וואָס פלעגן, ווי געווײנלעך, פירן אין די ראַנד־געביטן אַ דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק לגבי דער יידישער באַפעלקערונג; זיינע פּערזענלעכע מעלות: זיין קלאַרער פאַרשטאַנד, זיין שאַרפע לאָגיק, פיינער הומאָר, אינערלעכע ווירדיקייט, און אומגעהייערע ענערגיע און אָרגאַניזאַציע־פעיקייטן האָבן אים געמאַכט פאַר דער פּאָפּולערסטער פּערזענלעכקייט אין גאַנץ פּינסק.

מיט אייניקע טעג שפּעטער האָבן מיר געזאָלט אָפּפאָרן קיין בריסק. צוליב פאָרזיכטיקייט־טעמים האָבן מיר באַשלאָסן אָפּצופאָרן מיטן שפּעט־ביינאַכטיקן צוג, וואָס גייט אָפּ קיין בריסק אַרום דריי אַזייגער ביינאַכט. איך און ה׳ מאַנדעלבוים, — אַ לערער פון אונדזערע וואַרשעווער שולן, וואָס איז, אגב, מיט עטלעכע טעג צוריק אַריבערגעקומען פון בריסק קיין פּינסק צו פאַרשטענדיקן זיך וועגן אונדזער אַריבערפאָרן — האָבן געזאָלט אַרויסגיין צו דער באַן מיט עטלעכע שעה פריער, כדי אויסצוקויפן בילעטן פאַר אַלעמען (אויך נאָך בילעטן איז מען געשטאַנען אין דער ריי). איך אַליין האָב אויף קלאָר נישט געוווסט דעם וועג צו דער באַן און איך האָב זיך פאַרלאָזט אויפן ה׳ מאַנדעלבוים, וואָס האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער ווייסט ריכטיק דעם וועג. מען האָט באַדאַרפט וויסן קלאָר דעם וועג צו דער באַן, נישט נאָר, ווייל עס איז געווען שטאָק־פינצטער אין די גאַנץ און מען האָט געקענט בלאָנדזשען און פאַרקריכן ערגעץ אין אַ נישט דערלויבטער מיליטערישער זאָנע, נאָר עס האָט אויך געדראָט אַ געפאַר אַרעסטירט צו ווערן פון אַ מיליטערישן פּאַטרול, ווייל שפּעטער ווי ביז 9 אַזייגער האָט מען נישט געטאָרט גיין, מיטן אויסנאַם צום באַנהויף.

אַז מען איז אַרויס פון שטוב האַלב צוויי, איז טאַקע געווען חושך־מצרים, דער הימל איז באַדעקט געווען מיט געדיכטע וואָלקנס, קיין

י. ראָטנבערג

איין איינציקן ליכטיקן פּונקט איז נישט געווען צו זען. מיר האָבן אָנגעהויבן צו גיין און מיר זענען צוגעקומען צו אַ קווער־גאַס. רעכטס גיין אָדער לינקס? איך זע, אַז מאַנדעלבוים וואַקלט זיך, ענדלעך, זאָגט ער מיט אַ נישט זיכערן טאָן: רעכטס. אוי, שלעכט, טראַכט איך, מיר זענען אַריינגעפאַלן. איך בין געוואָרן שטאַרק אומרואיק, נישט אַזוי צוליב דער מורא אַרעסטירט צו ווערן, ווי צוליב דער מורא, אַז עס זאָל זיך נישט שאַפן אַ שווערע, מעגלעך אַ געפערלעכע לאַגע פאַר דער ערליך־גרופּע. זיי וועלן אָנקומען שפּעטער, זיי וועלן אונדז נישט זען און וועלן זיך באַאומרואיקן און איבערקלערן מי יודע וואָס. זיי וועלן קיין בילעטן אויך נישט האָבן און וועלן זיך דאַרפן אומקערן צוריק אין שטאָט. — פון מאַנדעלבוימס גיין און פאַרהאַלטן זיך בין איך שוין געווען אין גאַנצן זיכער, אַז ער האָט קיין אַנונג נישט, ווו צו גיין. איך האָב זיך דערווייל צוגעוווינט צו דער פינצטערניש און באַמערקט, אַז מיר שפּאַצירן אויף אומבאַקאַנטע גאַסן (איך האָב שוין געהאַט באַוויזן זיך אַ ביסל צו אָריענטירן אין די פינסקער גאַסן). איך בין געווען גוואַלדיק אויפגערעגט און נישט אַזוי אויף דעם פירער אונדזערן, ווי אויף זיך אַליין, פאַרוואָס איך האָב זיך פאַרלאָזט אויף אים. און אָט קומען מיר ווייטער צו אַ קווער־גאַס. ווו גייט מען ווייטער? גלייך, רעכטס אָדער לינקס? מיר האָבן נישט באַוויזן לאַנג זיך מישב צו זיין, ווי מיר דערזעען פון דער ווייטנס אַ גרופּע מענטשן, וואָס צעטיילן זיך אויף צווייען און הייבן זיך אָן דערנעענטערן צו אונדז פון רעכטס און פון לינקס, ווי וועלנדיק אונדז אַרומרינגלען. מיר האָבן באַלד דערזען פאַר זיך אַ פּאַטרול פון מאַטראָסן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן. זיי האָבן אונדז אויפגעפּאָדערט מיטצוגיין.

איך האָב זיי געפּרווט אויפקלערן, אַז מיר גייען צום וואָקזאַל, אַז מיר ווילן אָפּפאָרן קיין בריסק מיטן 3־ער צוג. — דאָ אַרום צום וואָקזאַל? איר זענט דאָך אין צווייטן עק שטאָט, פּונקט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג פון וואָקזאַל, טשעפּוכאַ! דרייט נישט קיין קאָפּ, איר זענט אַרעסטירט, קומט.

און מען האָט אונדז אָנגעהויבן פירן און פירן, עס האָט גאָר קיין סוף נישט געגומען, פון די פיס זענען מיר געפאַלן, דער רוקן האָט ממש געבריט, די רוקזעק האָבן געשניטן די פלייצעס. (מיר האָבן גע־האַט מיט זיך אַ היפּש ביסל פּראָדוקטן, וואָס מיר האָבן געוואָלט מיט־נעמען קיין בריסק דורכצוקומען די ערשטע פּאָר טעג, כדי נישט דאַרפן שטיין אין די רייען).

דערווייל האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן, דאָ און דאָרט זענען שוין אויסגעוואַקסן רייען: מען האָט שוין געגומען עפענען די ליידיקע גע־וועלבלעך, קאַפע־הייזער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג אויף די גאַסן, און אַלע קוקן אויף אונדז, ווי מיר זענען נעבעך ארומגערינ־גלט פון 6 מאַטראָסן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, מי יודע וואָסערע פאַרברעכער...

ענדלעך, זענען מיר אָנגעקומען אין דער געביידע פון דער קאָ־מענדאַנטור, וואָס האָט זיך געפונען נאָענט פון אונדזער שטוב. אַזוי אַרום האָבן מיר דורכגעמאָסטן אַ קרייז־מאַרשרוט פון גאַנץ פינסק, וואָס האָט געדויערט פון 2 ביז 6 פאַרטאָג. פאַרשטייט זיך, אַזוי פרי איז נאָך קיינער נישט געווען און מען האָט אונדז דערווייל אַריינגעזעצט אין אַ פאַרמאַכטן, דומפיקן און שמוציקן צימער.

מיר האָבן קיין וואָרט צווישן זיך נישט אויסגערעדט. ווייל איך האָב געפילט, אַז טאָמער רעד איך, וועט קומען צו אַ סקאַנדאַל. דער געדאַנק, וואָס איז געוואָרן מיט דער ערליך־גרופּע האָט מיר געעגבערט אין מוח, איין בילד גרוילעכער פון צווייטן האָבן אויפגע־טויכט אין מיין פאַנטאַזיע. ביי יעדער סקריפּ פון דער טיר האָב איך בערוועז אַ ציטער געטאָן, איך בין געווען זיכער, אַז אָט פירט מען זיי שוין אַריין. ווי אַזוי איז מען אַזוי לייכטזיניק, האָב איך זיך אַלץ נישט געקענט באַרואיקן.

אַכט אַזייגער, האָבן די באַאַמטע, מיינסטנס מיליטער־לייט, מאַ־טראָסן, אָנגעהויבן זיך צונויפקומען. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו

זאָגן, אַז מיר פֿאָרן קיין בריסק, מיר זענען פּליטים, דאָרט האָבן מיר פֿריינד, אַ סימן, מיר האָבן מיט זיך אונדזערע זאַכן, וועש, אאַ"וו און אַ ביסל פּראָדוקטן אויף די ערשטע טעג.

אַרום האַלב ניין האָט מען אונדז אַריינגעפֿירט אין אַ צימער, וווּ עס איז געשטאַנען אַ מאַטראַס און זייער שנעל דערליידיקט. מען האָט אונדז קודם כל גרינטלעך רעווידירט, צוגענומען אַלע זאַכן פֿון די טאַשן, די רוקזעק, די דאָקומענטן, און געהייסן קומען נאָך אַ מאָל אַרום 12 אַזייגער.

מיט אַ לייכט געמיט זענען מיר אַרויסגעגאַנגען, מילא איז אָן זאַכן, אָבער פֿריי. מיר האָבן געגלייבט, אַז 12 אַזייגער, נאָכן איבער־קוקן די זאַכן, וועלן זיי אונדז צוריקגעבן די דאָקומענטן אויך. דערווייל, הייסט עס, זענען מיר פֿריי. קודם כל זענען מיר געלאָפֿן צום וואָקזאַל. קוים דערלעבט אָנצוקומען, לויפֿט אונדז אַנטקעגן ח׳ מענדעלסאָן. ער לויפֿט אָבער באַלד צוריק, ווערט פֿאַרשוווּנדן אין צווייטן קלאַס פֿון בופֿעט און קומט באַלד צוריק. ער דערציילט אונדז, אַז ער איז געלאָפֿן אָנזאָגן ח׳ ערליכן, אַז מיר זענען דאָ, אַז מיר לעבן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ווען זיי זענען אָנגעקומען אויפֿן וואָקזאַל און אונדז נישט געטראָפֿן, האָבן זיי געמיינט, אַז מיר האָבן פֿאַרשפּעטיקט. אַז אַט, אָט וועלן מיר אָנקומען. זיי האָבן זיך דערווייל אַליין געשטעלט אין דער ריי נאָך בילעטן, פֿאַר אונדז אויך. אַ גליק איז געווען, וואָס דער צוג האָט, ווי געוויינלעך אין יענער צייט, פֿאַרשפּעטיקט. אַז עס זענען אָבער פֿאַרביי אַ פּאָר שעה און מיר זענען אַלץ נישט געקומען, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו באַאומרואיקן וועגן אונדז. דערווייל איז אָנגעקומען דער צוג. עס האָבן נישט געהאָלפֿן קיין שום איינרע־דעניש און איבערצייגונגען, דער ח׳ ערליך האָט נישט געוואָלט אָ־וועקפֿאָרן ביז מען וועט נישט וויסן, וואָס מיט אונדז איז געוואָרן, אפֿשר — דאַרפֿן מען עפּעס טאָן.

ח׳ ערליך האָט זיך ווירקלעך מיט אונדז זייער דערפֿרייט, און צו מיר האָט ער שמייכלענדיק געזאָגט: „אויף אייך וואָלט איך זיך אַזאַ

זאַך נישט געריכט". דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך זייער פאַרשעמט, איך האָב עס געהאַלטן פאַר אַ גרויסן דורכפאַל.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די ח"ח ערליך, מענדעלסאָן א"אַ פאָרן אַוועק מיטן צוג, וואָס גייט אָפּ 2 נאָכמיטאָג. אויב מיר וועלן אַרויסבאַקומען די דאָקומענטן צו דער צייט, וועלן מיר אויך תיכף צוריקקומען צום וואָקזאַל. אויב אָבער עס וועלן זיין שוועריקייטן, זאָלן מיר באַלד געבן צו וויסן.

מיר האָבן זיך געמאָלדן אין דער קאָמענדאַנטור פּינקטלעך 12 אַזייגער. דערליידיקט האָט מען אונדז אַרום 2, מען האָט גאָר אין אונדז געהאַט פאַרגעסן. דאָס גערולד אונדזערס האָט געפּלאַצט, די נערוון האָבן נישט אויסגעהאַלטן און מיר זענען אַליין אַריין צום פריערדיקן באַאַמטן. ער האָט נישט געוווסט, וואָס מיר ווילן. מיר האָבן אים אָנגעהויבן דערמאָנען, און מיט גאָטס הילף האָט ער זיך דערמאָנט און זיך ברייט צעשמייכלט.

ער האָט אָנגעהויבן זוכן אונדזערע דאָקומענטן, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין אַ שופלאָד צווישן אַ הויפן פּאַפּירן. מיר האָבן אים געהאָלפן זוכן. ער האָט זיי אפנים נישט געהאַט באַטראַכט אפילו. שפּעטער האָט מען גענומען זוכן די זאַכן. ווו זענען אונדזערע פּיל־פעדערס? גוטע, אַמעריקאַנער און דייטשע פּילפעדערס? ער שמייכלט שוין ווידער. אָט, זוכט דאָ, ווייזט ער אָן אויף אַן אָפענעם שופלאָד. מיר הייבן אָן זוכן צווישן צעבראָכענע, ביליקע פּילפעדערס, נישטאָ. — וואָס קען איך העלפן, פאַרענטפערט ער זיך, איך האָב דאָ אַריינ־געלייגט, עס דאַרף דאָ ליגן. מילא, טראַכטן מיר, איז אָן פּילפעדערס, דער ערשטער קרבן, גאָט צו דאַנקען דערפאַר. ענדלעך זוכן מיר אויף אין אַ ווינקל פון צימער אונדזערע רוקזעק. אוי, אַן אומגליק, זיי זענען דאָך פיל לייכטער געוואָרן. אַזוי ווי זיי זענען געווען אָפן, הייבן מיר אָן צו באַטראַכטן, וואָס עס טוט זיך אינווייניק. לאַנג באַ־טראַכטן האָבן מיר נישט געדאַרפט, פון אַלע פּראָדוקטן האָט געפעלט אַ העלפט. מיר האָבן געשוויגן. וואָס דען האָבן מיר געקענט טאָן?

טענהן? עס וועט אונדז רען העלפן? זעט אויס, אַז דער באַמטער האָט זיך עפּעס געפילט נישט היימלעך פון אונדזער שווייגן, האָט ער אַ זאָג געטאָן: — אַ טייל פּראָדוקטן האָבן מיר צוגענומען פאַר די אַרעסטירטע, מען טאָר נישט פירן אַזוי פיל פּראָדוקטן. — איך פאַרשטיי, — האָב איך אַ זאָג געטאָן — און די פילפּעדערס פאַר וועמען? האָב איך זיך שיער זיך נישט אַרויסגעכאַפּט.

דעם זעלביקן אָוונט זענען מיר אָפּגעפאָרן קיין בריסק.

# אין בריסק

אין בריסק זענען מיר פאַרפאָרן צום ה׳ ש־ר, מיט וועלכן מיר זע־נען געווען באַקאַנט נאָך פון פינסק, ווהין ער איז אָנגעקומען נאָך פאַר אונדז, אַנטלויפנדיק פון די דייטשן.

ביים ה׳ ש־ר איז געווען דער ריכטיקער צענטראַל־פונקט פאַר אַלע אונדזערע חברים. אַריינקומענדיק אין ה׳ ש־ס ווינונג האָט מען באַלד באַמערקט, אַז דאָ איז אַ גאַסט נישט קיין נאָווינע, ווייל די טיר האָט זיך קיין איין מינוט נישט צוגעמאַכט. אָדער עס זענען געקומען פרישע געסט, אָדער מען איז געקומען באַזוכן די אַלטע, מיט איין וואָרט, דאָס איז געווען אַ זאַמלפונקט, אַ טרעף־פונקט, אַן אכסניה, און וואָס נישט. עס איז געווען צו באַוווּנדערן, מיט וואָס פאַר אַן אויפ־ריכטיקער גאַסטפריינדלעכקייט, מיט וואָס פאַר אַ געדולד און איי־בערגעגעבנקייט מען האָט זיך דאָ באַצויגן צו אַלעמען.

הגם מען האָט אונדז זייער הארציק אויפגענומען, געעסנט, ווי מען זאָגט, טיר און טויער, האָב איך אָבער גלייך פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף זיך זוכן אַן אַנדער מקום־מנוחה, ד״ה איינאָרדענען זיך אין אַ פּריוואַטער דירה, אַזוי ווי אין פינסק. דערווייל האָט זיך ה׳ מענ־דעלסאָן מיט אונדז אָפּיעקעוועט, פּאַרט אַלטע אחים־בצרה. עס איז געבליבן, אַז עסן וועלן מיר צוזאַמען מיט אים, און וואָס שייך אַ דירה — איז דערווייל פאַר מיר צוגעגרייט געוואָרן נאַכטלעגער ביי אַ שכן, ביז איך וועל זיך אויסזוכן אַ דירה.

פון מענדעלסאָנען האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ה׳ ערליך האָט זיך

איינגעאָרדנט ביי דער פאַמיליע ג. און מיר זענען טאַקע גלייך אַהין אַוועק, ווייל ווי ח' מענדעלסאָן האָט איבערגעגעבן, האָט זיך ח' ערליך די גאַנצע צייט באַאומרואיקט וועגן אונדז און ער וועט זיכער זיין צופרידן זיך זען מיט אונדז.

צום ח' ערליך בין איך אַוועק אַליין, ווייל באַלד נאָכן אָנקומען קיין בריסק, האָט מען איינגעפונען אַז ער דאַרף זיין פאַרקאָנספּירירט. ח' ערליך האָט זיך ווירקלעך זייער דערפרייט מיט מיר און האָט זייער האַרציק געלאַכט, אויסהערנדיק דעם עפּילאָג פון אונדזער „פּשיגאָדע". — „אַ גליק, וואָס עס האָט זיך אַזוי לייכט געענדיקט, ביי אַזעלכע באַדינגונגען, ביי אַזאַ כאַאָס קען זיך דער לייכטסטער צופאַל ענדיקן טראַגיש. איך בין די גאַנצע צייט געווען זייער אומרואיק".

ח' ערליך האָט זיך געקלאָגט אויף דער אויפגעצווונגענער פאַר־קאָנספּירירטקייט, און עס איז זייער קענטיק געווען, אַז דאָס מאַכט אים נערוועז און אומגעדולדיק.

אויפן וועג, צוריקגייענדיק, האָט מיר מענדעלסאָן איבערגעגעבן, אַז בריסק איז געוואָרן אַ גרויסער פּליטים־צענטער, אַז פון טאָג צו טאָג פאַרגרעסערט זיך דאָ דער צופלוס פון פּליטים פון די ווייטסטע מזרח־געביטן. צוליב דער שטאַרקער קאָנצענטראַציע פון פּליטים איז אויך די אויפמערקזאַמקייט פון דער מאַכט געווענדעט אויף די פּליטים. עס האָט זיך געשאַפן אַ פּליטים־פּראָבלעם, און אַמערגסטן איז, וואָס עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו באַווייזן צווישן די פּלי־טים זייער אַ סך מוסרים, ס'רוב צווישן די אַזוי־גערופענע געווע־זענע סימפּאַטיקער, וועלכע זוכן צו באַקרעפטיקן זייערע אַמאָליקע אַבסטראַקטע סימפּאַטיעס מיט קאָנקרעטע מעשים; מיט אייפער און מיט ברען ווילן מען דינען און נוצן ברענגען. אין דער ריכטיקייט פון דעם אַלעמען האָב איך שוין אייגנטלעך געהאַט די געלעגנהייט זיך איבערצוצייגן באַלד, ביים אָנקומען אויפן וואָקזאַל און אויפן וועג פון וואָקזאַל אין שטאָט אַריין.

דער ריזיקער האָל פון וואָקזאַל איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט

מענטשן. שטראָמען פון פּליטים האָבן פאַרפלייצט די טראָטואַרן, דעם שאָסיי, אַריינגעגאָסן זיך אין די אַרומיקע געסלעך. מען האָט גע־שטראָמט צום וואָקזאַל, ווו זייער אַ סך פּליטים האָבן צוליב מאַנגל אין דירות זיך דערווייל איינגעאָרדנט מיט די פּעקלעך, אָדער זענען פון דאָרט געפאָרן אין די נאָענטסטע פאַרשטעטלעך, ווי טערעספּאָל א״אַ. פון איינעם אַזאַ שטראָם, וואָס האָט זיך אומגעקערט צום וואָק־זאַל, האָט מען צו מיר אַ רוף געטאָן: „ח׳ ראָטנבערג, איר זענט אויך דאָ?״ מיט גרויס צופרידנקייט האָב איך זיך געגומען אַרומקוקן; גע־וואָלט זען דעם מענטש, וואָס ווענדט זיך צו מיר, מיין שמייכל איז גלייך פאַרגליווערט געוואָרן, ווען איך האָב דערקענט אין מיין רופער דעם האַלץ־אַרבעטער ב. אַ געוועזענעם קאָמוניסטישן טוער אין וואַר־שע, מיט וועלכן איך האָב געהאַט נישט איין שאַרפן קאָנפליקט אַלס פאַרוואַלטער פון דער שול אויף מילע 51, ווו זיינס אַ יינגל האָט גע־לערנט אין די עלטערע קלאַסן. ער האָט צו מיר פריילעך אונטערגע־וונקען מיט אַ מינע פון זעלבסטזיכערקייט און זעלבסטצופרידנקייט, ווי איינער זאָגט: אָט ווו מיר האַלטן. אַוועקגייענדיק ווייטער, האָט ער נאָכגעשריגן: מיר וועלן זיך, האָפנטלעך, נאָך זען!

הגם נישט אין אויסדרוק פון זיין פּנים, נישט אין טאָן פון זיין רעדן איז געווען עפּעס טראַציקעס אָדער אויפפאָדערנדיקס, האָט זיך דאָך ביי מיר אָפּגעשטעלט אַ שלעכט געפיל. איך האָב זיך דערמאָנט אין די, פון מיר שוין אָנגעוויזענע נאָטיצן אין דער פּינסקער פּרעסע וועגן שולדיקע, דיווערסאַנטן און פּאַניק־מאַכערס. אין פלוג — נישט קיין פאַרשטענדלעכע אסאָציאַציע פון געדאַנק און איינדרוק; זי האָט זיך אָבער שפּעטער, ליידער, אַרויסגעוויזן פאַר פולשטענדיק ריכטיק. מען האַלט, געוויינלעך, אַז אין רואיקע, נאָרמאַלע צייטן איז דער מענטש פעיקער צו אָבסערווירן און אויפצוכאַפּן. אַ פאַקט איז אָבער אַז אין אומרואיקע צייטן, ביי אויסערגעוויינלעכע באַדינגונגען און אומשטענדן, איז דעם מענטשנס באַאָבאַכטונגס־פעיקייט פיל שאַרפער

און טרעפּלעכער. אויך זיין אויספּילן די אַנטוויקלונג פון די געשעע־נישן, דאָס אינטואיטיווע פאַרגעפיל איז פיל שטאַרקער און טיפער.

הגם עס איז במשך פון דער גאַנצער צייט פון אונדזער זיין אין פּינסק און אין דער קורצער צייט פון זיין אין בריסק גאָרנישט נישט געשען (דאָס אַרויסרופן דעם ח' וו. אין פּינסק איז געווען דער איינ־ציקער עפּיזאָד), — האָבן מיר דאָך אַלע געוואַרט אויף עפּעס, פאַר־שטייט זיך אויף עפּעס שלעכטס. מיר האָבן געהאַלטן פאַר פאַרזיכטי־קער נישט צופיל צו דרייען זיך אין די גאַסן, אין עפנטלעכע ערטער. מיר האָבן אויך אָנגענומען אַלע מיטלען אויפצולייזן דעם צענטראַל־פּונקט ביים ח' ש־ר. וואָס האָט אייגנטלעך צו גאָרנישט נישט דער־פירט, ווייל די אומגעהייערע גאַסטפריינדלעכקייט פון דער דאָזיקער פאַמיליע האָט כסדר געשטערט. „ווי קאָן מען דאָס, האָט געפּענהט די פרוי ש. זאָגן מענטשן, אַז מען קאָן נישט אַריינקומען, ווען אונדזער דירה איז אין סאַמע צענטער און עס איז זייער באַקוועם דאָ זיך צו טרעפן". עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז די ח'טע ש־ה, וועלכע האָט בכלל געהאַט אַ טבע צו דערליידיקן יעדער זאַך זייער דראַסטיש האָט דער פרוי ש. אָנגעזידלט און באַליידיקט פאַר איר „ווייכהאַרציקייט און כאַראַקטערלאָזיקייט". מיט ביטערע טרערן האָט זיך פרוי ש. פאַר־קלאָגט פאַר מיר אויף ח'טע ש־ה, איך האָב עס איבערגעגעבן מענדעל־סאָנען און ער האָט דער ח'טע ש־ה דעליקאַט פאַרגעלייגט, אַז זי זאָל זיך אויפהערן צו מישן. סוף כל סוף, איז מען איינמאָל אַריינגעפאַלן פון נ.ק.וו.ד. און מען האָט אָנגעהויבן אויספרעגן, וואָס דאָ טוט זיך, ווער און נאָך וואָס מען זאַמלט זיך דאָ. דערביי האָבן זיי אגב־אורחהדיק געפרעגט זיך אויפן ח' מענדעלסאָן און געבעטן זייער פריינדלעך, אַז ער זאָל צוקומען אין דער קאָמענדאַנטור.

דאָס, אויף וואָס מיר האָבן זיך געריכט, האָט זיך אָנגעהויבן. און דאָך האָט מען זיך נאָך אַלץ געמאַכט אילוזיעס: „זיי וועלן זיך דאָך נישט טשעפּען צו די הוילע ווענט, זיי וועלן דאָך נישט נעמען סתם אין דער וועלט אַריין און אָנהייבן צו אַרעסטירן און רודפן" — האָבן

אַ טייל אָפּטימיסטן געטענהט. און נאָר דערמיט איז צו דערקלערן די לייכטזיניקייט פון אונדז אַלע, וואָס האָבן צוזאַרגנס געלאָזט גיין מענדעלסאָנען אין דער קאָמענדאַנטור. דאָס פריילאָזן ה׳ וו. אין פינסק איז אַ קנאַפּער באַווייז געווען וועגן זייערע גוטע כוונות, אַז מיר זאָלן נישט מורא האָבן; יענער אינצידענט איז דאָך פאָרגעקומען מיט אַ צייט צוריק, ווען עס איז נאָך, זעט אויס, נישט געווען קיין אָריענטאַציע־ליניע, אָבער דאָס מאָל, מיט מענדעלסאָנען, האָט זיך עס געקענט ערגער ענדיקן. איך געדענק נישט גענוי דעם שמועס, וואָס ה׳ מענדעלסאָן האָט געהאַט מיטן קאָמענדאַנט, גענוג איז, אַז דער שמועס איז געווען גאָרנישט אַזוי פריינדלעך, געהאַט פיל דראַסטישע און שאַרפע מאָמענטן און ס׳האָט זיך געקענט גאַנץ שלעכט ענדיקן.

אן ענדגילטיקן סוף צו אַלע אילוזיעס האָט געמאַכט די ידיעה וועגן ה׳ אַלטערס אַרעסט אין קאָוועל, וועגן וועלכן מיר האָבן זיך דערוווסט פון די חברים, וואָס זענען אַוועק פון דאָרטן, שטרעבנדיק צו פאָרן וואָס גיכער קיין ווילנע. וועגן דער געפּלאַנטער רייזע קיין לובלין האָט שוין איצט קיין רייד נישט געקאָנט זיין, עס איז פאַר יעדן פון אונדז קלאָר געוואָרן, אַז פאַר בונדיסטן וועט ווערן פון טאָג צו טאָג ערגער, און אַז די אָנפירנדיקע פערזאָנען דאַרפן וואָס שנעלער אָפּפאָרן קיין ווילנע, אָדער בעסער געזאָגט צו דער ליטווישער גרענעץ, וואָס איז געווען דער איינציקער אויסוועג צו ראַטעווען זיך.

ווי אַזוי אָבער פאָרט מען? באַזונדערס שאַרף האָט זיך אַוועקגעשטעלט די פראַגע לגבי דעם ה׳ ערליך. און דאָס נישט נאָר צוליב אָביעקטיווע, נאָר אויך צוליב ריין סוביעקטיווע טעמים, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט ה׳ ערליכס פערזענלעכקייט. מיר איז אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך אויסגעקומען צו דערציילן, ווי אַזוי אין יענעם שבת־פאַרנאַכט אין מעזריטש, הינטער דער שטאָט ביים בערגל, ווען אַלע האָט באַהערשט אַן אומגעהייערע שרעק, וואָס האָט זיי ווי אַוועקגעשליידערט אויף דער ערד, איז ה׳ ערליך געבליבן שטיין. איך האָב געמיינט, אַז ער וויל זיך נישט אַוועקלייגן אויף דער שמוציקער ערד, האָב

איך פונאַנדערגעוויקלט מיין מאַנטל, אָבער ער איז ווייטער געשטאַנען, געקוקט צום פייער און זיך איינגעהערט. ער איז געשטאַנען איבער אונדז מיט זיין הויכער אימפּאָזאַנטער פיגור, און מיר, אין אונדזער שרעק, ליגנדיק אויף דער ערד, האָבן אויסגעזען אַזוי נעבעכדיק, אומבאַהאָלפן. איך האָב דעמאָלט געטראַכט, אַז האַלטן זיך אַזוי ווירדיק ביי אַזעלכע אומשטענדן קאָן אַ מענטש נישט נאָר צוליב דרייסטקייט (קאָן דען זיין אַ פראַגע פון דרייסטקייט, ווען אַעראָפּלאַנען פליען איבערן קאָפּ און וואַרפן אַ האָגל פון באָמבעס), נאָר אַ דאַנק אַ שטאַרק אַנטוויקלטער מענטשן־ווירדע. און דער דאָזיקער איינדרוק מיינער האָט זיך אויך שפּעטער אַ סך מאָל באַשטעטיקט, דער עיקר אין יענער באַרימטער נאַכט, ווען פויערים זענען אָנגעפאַלן און אַריינגעריסן זיך אין שייער. כמעט אַלע האָבן איבערגעלעבט טויט־שרעק, ח׳ ערליך איז געבליבן אומדערשראָקן, רואיק און האָט אויך אַנדערע באַרואיקט. עס איז דע־ריבער שווער, זייער שווער געווען איינצורעדן דעם ח׳ ערליך, אַז ער זאָל זיך פאַרקאָנספּירירן.

איך דערמאָן זיך פאָלגנדיקן עפּיזאָד פון פינסק: נאָכן אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי און נאָך דעם אַרויסרופן ח׳ וו. אין נ.ק.וו.ד., וואָס האָט זיך דאָן אויך נאָכגעפרעגט אויף ערליכן, האָט מען געהאַלטן, אַז ח׳ ערליך דאַרף זיך וואָס זעלטענער ווייזן אויף דער גאַס בייטאָג. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַלץ צו באַזאָרגן, וואָס עס איז נויטיק, כדי קיי־נער פון דער פאַמיליע ערליך זאָל זיך נישט דאַרפן צופיל ווייזן אין דער עפנטלעכקייט. איינמאָל איז מיר אויסגעקומען אויסצוואַרטן ביי אַ באַקאַנטן בעקער נאָך ברויט. פּלוצים פאַלט אַריין דער בעקער פון גאַס מיט אַ געשריי: „וואָס עס קען אַלץ געשען, ערליך, ח׳ ערליך שטייט אין דער ריי נאָך ברויט. פינצטער איז מיר געוואָרן אין די אויגן. — סימע, גיב מיר דעם קויבער, גיכער!...". כאַפּנדיק דעם קויבער, האָט ער אויף גיך אַריינגעוואָרפן צוויי ברויט און ווי אַ קליין ייִנגל גיך אַרויס־געלאָפן. איך בין, פאַרשטייט זיך, גלייך אַרויס נאָך אים, אָבער ער האָט שוין געהאַט פאַרדרייט אין אַ געסל און פאַרשווונדן געוואָרן.

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, האָט ח' ערליך נישט גע־קאָנט סובל זיין קיין פּריווילעגיעס און ער איז אַליין אַוועק אין דער ריי נאָך ברויט. וואָס איז שייך קאָנספּיראַציע, האָט ער זי אָנגענומען ווי אַן אויפגעצוווּנגענע זאַך, וואָס ער האָט צוליב זיין אינערלעכער ווירדע נאָך ווייניקער געקענט איבערטראָגן. אין בריסק איז די לאַגע געווען פיל ערנסטער, און אויך דאָ איז אויסגעקומען דעם ח' ערליך צו פּראַווען קאָנספּיראַציע, — אַזוי פלעגט זיך טאַקע ח' ערליך פון צייט צו צייט אויסדריקן. יעדן אָוונט פלעגן ח' מענדעלסאָן און איך אַוועק־גיין צום ח' ערליך ארויסנעמען אים אויף אַ ביסל פרישער לופט, אַ קליינעם שפּאַציר צו מאכן אין די שכנותדיקע פּינטצערע גאַסן. ח' ערליך איז דעמאָלט כסדר געווען אין אַ געדריקטער שטימונג, ער האָט זיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, נישט באַקלאָגט, נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אויסערלעכע סימנים פון נערוועזקייט, אָדער געררייצטקייט. אָבער אין זיין שווייגן, אין דעם שטילן אומעט פון זיינע אויגן, האָט מען געקענט אַרויספילן, ווי שלעכט ער פילט זיך, ווי דערדריקנדיק עס ווירקט אויף אים די דאָזיקע קאָנספּיראַציע. ער פלעגט בכלל זייער ווייניק רעדן אין יענער צייט, געווען אָפּט פאַרטראַכט אין זיך, ערנסט און אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו דעם וואָס מען רעדט, אָבער זעלטן געלאָזט זיך אַריינציען אין אַ דיסקוסיע.

ווי געזאָגט, האָט זיך די פראַגע וועגן ח' ערליכס אַרויספאָרן אַרויסגעוויזן פאַר באַזונדערס קאָמפּליצירט. דאָס פאָרן דירעקט מיט דער באַן פון בריסק קיין ווילנע איז געווען פאַרבונדן מיט פאַרשיידענע געפאַרן, אַרויספאָרן מיט א פור צו אַ צווייטער אָדער אַ דריטער סטאַנ־ציע איז אויך געווען אַן איינשטעלעניש צוליב דער אייגנאַרטיקער כור־ליגאַנעריע, וואָס האָט גראסירט אויף די וועגן, ווו מען האָט כלומרשט קאָנטראָלירט און געזוכט פאַרדעכטיקע דיווערסאַנטן און פאַר איין ווענגס באַגנבעט און באַראַבעוועט, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט גי־לינסקין אויף זיין צוריק פאָרן פון קאָוועל קיין בריסק. איז דער פראַ־

יעקט וועגן פאָרן מיט אַ פור אבסאָלוט אַפגעפאַלן. מ'האָט נאָר גע־טראַכט ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן דאָס אַוועקפאָרן מיט דער באַן.

אין איינעם אַן אָוונט, ארויפקומענדיק צום ח' ערליך, האָב איך ראָרט געטראָפן אַלע: מענדעלסאָנען, לייבעטשקען און גילינסקין און דערוווסט זיך, אַז עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז נאָך אין זעלבן אָוונט זאָל ח' ערליך אָפּפאָרן אין באַגלייטונג פון לייבעטשקען. בילעטן זע־נען שוין, דאַכט זיך, געווען צוגעגרייט, און פאָר עלף האָבן זיי באַ־דאַרפט גיין צום וואָקזאַל. די באַוועגונג איז געווען דערלויבט ביז 10, אָבער אין דער ריכטונג פון וואָקזאַל האָט מען געמעגט גיין אַ גאַנצע נאַכט. מען האָט אויסגערעכנט, אַז ביינאַכט איז די באַוועגונג אַ קליינע; פּליטים קומען ווייניקער צום וואָקזאַל — אָפּוואַרטן אָדער באַגלייטן באַקאַנטע; אויך די פּעראָנען איז פּינצטערלעך. איך ווייס נישט און קאָן אויך נישט זאָגן, צי מען האָט פאָרהיט און אויסגערעכנט אַלע עווענטואַליטעטן. איך האָב נאָר באַמערקט, אַז אַלע זענען געווען באַ־לעבט און אויפגערעגט, ווי באַהערשט פון אַן אינערלעכער און אייגגע־האַלטענער אומרואיקייט. נאָר ח' ערליך האָט אויסגעזעזן צו זיין אין אַ מער הייטערער שטימונג. איך האָב עס אויסגעטייטשט דערמיט, וואָס ענדלעך ווערט ער פּטור פון דער פּיינלעכער, זינלאָזער קאָנספּיראַציע. איך האָב געמוזט אוועקגיין ביז 10 אַזייגער. ביים געזעגענען זיך, זאָגט מיר ח' ערליך מיט זיין אייגנאַרטיקן שמייכל: „נו, ווען מיר זיך, הייסט עס, אין קורצן ווידער זען, איר וועט דאָך מסתמא גלייך אַרויס־פאָרן מיט מענדעלסאָנען". אין זיין פאָרהאַלטן זיך, אינעם טאָן פון רעדן האָט זיך אַרויסגעפּילט אַ פולשטענדיקע רואיקייט פון געמיט. איך בין נישט געווען אַזוי רואיק און אויפן וועג אהיים האָב איך כסדר געטראַכט, מיט וואָס קען מען באַוואָרענען, אַז מען זאָל נישט דערקע־נען די אימפּאָזאַנטע פיגור, דאָס אַריסטאָקראַטיש־אינטעליגענטישע פּנים, וואָס יעדער אַרבעטער פון פוילן קען עס. מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויפן מאָרגנדיקן טאָג.

# דער אַרעסט פֿון ערליכן

און דאָס גרויסע אומגליק איז געשען. צומאָרגנס איז ח׳ לייבעטשקע צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין און אונדז איבערגעגעבן, אַז ביינאַכט איז ח׳ ערליך אַרעסטירט געוואָרן. אַרעסטירט איז ער געוואָרן אין מיטן דער נאַכט, און מען האָט אים אַריינגעפירט אין דער אָפּטיילונג פֿון דער באַן־פּאָליציי. ער, לייבעטשקע, האָט געוואַרט אויסער דער געביידע, געפּרוווט אַריינגיין, נאָכפֿרעגן זיך, דערוויסן זיך וווהין מען פירט אים, אָבער ער האָט זיך גאָרנישט נישט געקענט דערשלאָגן. ער האָט אַזוי געוואַרט ביז פֿאַרטאָג, דרייענדיק זיך אַרום דער ביוראָ פֿון דער פּאָליציי. ער האָט נאָך אַלץ געהאָפּט, אַז עס וועט זיך אים איינגעבן עפּעס צו דערגיין, אפשר וועט מען דעם ח׳ ערליך אַרויספירן און ער וועט קענען נאָכגיין — און זען ווו מען פירט אים אַוועק.

ענדלעך האָט ער באַשלאָסן לענגער נישט צו וואַרטן און איז צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין מישב זיין זיך מיט די איבעריקע חברים, וואָס ווייטער צו טאָן. די שרעקלעכע ידיעה וועגן ח׳ ערליכס אַרעסט האָט אַלעמען פּשוט דערשיטערט. ח׳ מענדעלסאָן איז אין ערשטן מאָמענט לחלוטין צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן, אָבער ער איז באַלד געקומען צו זיך, מען האָט נישט געטאָרט פֿאַרלירן קיין איין מינוט. קודם כל האָט מען געדאַרפֿט אָננעמען מיטלען, אַז מען זאָל ערליכן נישט פֿאַרלירן פֿון אויג, ער זאָל נישט פֿאַרשווונדן ווערן. מען האָט גלייך מאָביליזירט אַ דיזשורירנדיקע וואַך אויפֿן וואָקזאַל אַכטונג צו געבן, צי מען פֿירט דעם ח׳ ערליך אַרויס פֿון דער געביידע פֿון דער באַן־פּאָליציי און אויב יאָ — וווהין יען פֿירט אים.

הגם מען האָט געהאלטן פאַר פאַרזיכטיקער נישט צו פאַרשפּרייטן די ידיעה וועגן אַרעסט, האָט זיך דאָך די ידיעה בליץ־שנעל פאַרשפּרייט צווישן חברים און פריינד. באַגעגענענדיק זיך אויף דער גאַס, האָט איינער פון אַנדערנס אויגן אַרויסגעלייענט וועגן גרויסן אומגליק, וואָס איז געשען. נאָכמיטאָג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען האָט ערליכן געזען אויפן וואָקזאל, מיר זענען תיכף אַוועק אויפן וואָקזאַל. אַזוי ווי די ידיעה האָט מען איבערגעגעבן אין נאָמען פון איינעם פסח.... אַ געוועזענער שילער פון אונדזערע שולן, האָט מען אים גלייך אָנגעהויבן אַרומזוכן אויפן וואָקזאל, וואָס איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט טויזנטער, טויזנטער פּליטים. סוף כל סוף האָבן מיר אים אויסגעפונען, — ער אַליין איז אַרומגעגאַנגען, זוכנדיק עמיצן... ער זוכט טאַקע, זאָגט ער, באַקאַנטע איבערצוגעבן, אַז ח' ערליך איז אַוועקגעפאָרן קיין באַראַנאָוויטש. — ווען און ווי אַזוי, זענען מיר איבערראַשט געוואָרן פון דער ידיעה, און ביי זיך האָב איך מיט פאַרביטערונג געטראַכט: ווּ איז געווען די וואַך, די דיזשורירנדיקע וואַך? זעענדיק אונדזער איבעראַשונג און טיילווייז אומצוטרוי צו דער אינפאָרמאַציע זיינער, האָט ער אונדז איבערגעגעבן פאָלגנדיקע פּרטים: אַרום דריי, צי האלב פיר (דאָס געדענקט ער נישט גענוי) האָט ער געזען אַרויסגיין ערליכן פון דער געביידע פון דער באַן־פּאָליציי. זעענדיק, אַז ער זוכט עפּעס מיט די אויגן, האָט ער זיך דערנענטערט צו אים און אים געפרעגט, וואָס ער דאַרף, וועמען ער זוכט. האָט ער אים געזאָגט, אַז אַזוי ווי ער פאָרט גלייך קיין באַראַנאָוויטש, וויל ער צוויסן געבן וועגן דעם די חברים אין שטאָט; אגב, איילט ער זיך, ווייל ער דאַרף נאָך אָפּשטעמפּלען ז׳עם בילעט ביי דער קאָסע. ער האָט אים פאַרזיכערט, אַז אַזוי ווי ער גייט גלייך אין שטאָט אריין, וועט ער אויסזוכן די חברים און איבערגעבן. ער האָט נאָך צוגעוואַרט ביז ח' ערליך איז אַוועק פון דער קאָסע און איז אַרויס אויפן פּעראָן. ער האָט אויך געזען ווי ער איז צוגעגאַנגען צו דער ליניע, ווו עס איז, וואַרשיינלעך, געשטאַנען דער צוג אויף באַראַנאָוויטש און איז אַריין אין איינעם פון די וואַגאָנען.

איך האָב דעם דאָזיקן פסח גוט געקענט. ער איז געװען אַ שילער פון אונדזער װאַרשעװער פּאָלקסשול אויף קאַרמעליצקע 29, געהערט צו דער קינדער־אָרגאַניזאַציע „פּיאָנער" (קאָמוניסטישע). איך בין דער־היבער געװען איינגעהאַלטן מיט פֿראַגן און האָב זיך באַצװיגן פֿאַרזיכ־טיק צו זיינע רייד. אָבער אַלץ, װאָס ער האָט איבערגעגעבן, האָט גע־שטימט: דאָס שטעמפּלען דעם נעכטיקן בילעט, דאָס פֿאָרן אויף באַראַ־נאָװיטש, דאָס זענען אַלץ געװען אַזעלכע פּרטים, װעגן װעלכע ער האָט נישט געקענט װיסן אָדער צוטרעפֿן. מיט אַ שמחה זענען מיר אַװעק אין שטאָט אַריין איבערגעבן די אַלע פּרטים, װאָס מיר האָבן געהערט פֿון דעם לעבעדיקן עדות. װידער האָט זיך די פֿריילעכע בשורה בליץ־שנעל פֿאַרשפּרייט, אָבער ביי אַ סך פֿון אונדז האָט זיך דאָך אָפּגעשטעלט עפּעס אַ מורא, גרויסע ספֿקות האָבן נישט אויפֿגעהערט צו עגבערן אין מוח. װוּ זענען געװען די דיזשורן אין יענעם מאָמענט? צי איז דאָס מעגלעך, אַז זיי האָבן פֿאַרזען? צי האָט מען נישט אַמאָל געװאָלט אַזוי אַרום צונישט מאַכן אונדזער פֿאַרזיכטיקייט? און אפֿשר האָט מען גע־װאָלט אַריינציען נאָך אַנדערע חברים? לייבעטשקען, למשל? אחוץ דעם האָט אונדז, אַפֿילו אין בעסטן פֿאַל, באַאומרואיקט ח' ערליכס רייזע איי־נער אַליין קיין באַראַנאָװיטש. טאָמער אַרעסטירט מען אים דאָרט װי־דער און מען װעט װייטער נישט װיסן װוּ אים צו זוכן. עס איז דעריי־בער באַשלאָסן געװאָרן, אַז נאָך דעם זעלבן אָװנט פֿאָרט לייבעטשקע קיין באַראַנאָװיטש. און װידער האָט מען געהאַט זייער אַ שװערע װאַך־נאַכט, ביז מען האָט זיך ענדלעך דערװאָרט אויף צומאָרגנס, װען דער באַגלייטער זיינער אויפֿן װאָקזאַל, האָט זיך אומגעקערט און איבערגעגע־געבן, אַז אַלץ איז אַדורך בשלום. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס מאָל איז מען געװען פֿאָרזיכטיקער, מען האָט נישט געװאָרט אויפֿן צוג אין װאָקזאַל, נאָר אויפֿן פּעראָן, אגב האָט זיך דאָס מאָל דער צוג אויף באַראַנאָװיטש נישט שטאַרק פֿאַרשפּעטיקט.

באַטאָנענדיק, אַז דאָס מאָל איז מען געװען פֿאַרזיכטיקער, װיל איך אַלץ נישט, אַז מען זאָל מיך שלעכט פֿאַרשטיין און איך דערלויב

זיך דעריבער צו באַמערקן אַט וואָס: די טראַגעדיע ערליך־אַלטער, וואָס געהער, פון טיף מענטשלעכן שטאַנדפונקט גענומען, צו די שווערסטע און פיינלעכסטע. די דאָזיקע טראַגעדיע, וואָס איז גלייכצייטיק די טראַגעדיע פון דער גרעסטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, היינט צו טאָג, וועט מיט דער צייט געניי און אַלזייטיק אויסגעפאָרשט ווערן. קיין שום אומפּאַרשעמטע ליגנס, ציניש אינסינואַציעס, נצחון־באַרוישונגען, וועלן נישט אין שטאַנד זיין צו פאַרטושן דאָס אמתע ליכט, וואָס וועט באַלייכטן די הינטער־קוליסן פון דער דאָזיקער טראַגעדיע. אָבער אָפט טראַכט מען: זענען מיר אַליין נישט שולדיק? מיר האָבן געקענט אויסמיידן דאָס שווערע אומגליק, ווען מיר וואָלטן געווען פאָרזיכטיקער; פאַרוואָס האָט מען, למשל, געלאָזט, אַז ערליך זאָל פאָרן נישט גרימרט? פאַרוואָס האָט ער, נישט נאָר נישט אָפּראַזירט זיין כאַראַקטעריסטיש בערדל, נאָר אַפילו נישט געענדערט די מלבושים? און ווי אַזוי האָט מען עס דערלאָזט, אַז ער זאָל אַ נישט פאַרקאָנספּירירטער, וואַרטן אַ לענגערע צייט אין וואָקזאַל, צוציענדיק נאָטירלעכערווייז מיט זיין אינטעליגענטן פּנים, מיט זיין אימפּאָזאַנטער פיגור, די אויפמערקזאַמקייט פון אַלעמען. אַ געוויסן ענטפער אויף די אַלע פראַגן האָט שוין געגעבן דער ח' ליבעטשקע אין זיין אַרטיקל, „ווי אַזוי איז אַרעסטירט געוואָרן דער ח' ערליך" איך וויל נאָך צוגעבן אַט וואָס:

איך האָב שוין פריער, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, דערמאָנט, ווי שרעקלעך דערווידער, פשוט אומדערטרעגלעך עס איז געווען פאַרן ח' ערליך דאָס דאַרפן אויסבאַהאַלטן זיך. ער האָט אַלץ געקענט אויפנעמען רואיק, רואיקער פון אַלע: אומאנגענעמלעכקייטן, אומבאקוועמלעכקייטן, געפאַרן אאַז"וו, נאָר נישט אַזוינס, וואָס דערנידעריקט, וואָס איז קעגן דער מענטשן־ווירדע. דאָס שרעקן־זיך, דאָס אַנטלויפן, דאָס אויסבאַהאַלטן זיך, בפרט פאַר מענטשן, האָט ער בשום אופן נישט געקענט סובל זיין. נישט איינמאָל האָט ער עס באַטאָנט אין די שמועסן, וואָס מיר האָבן געפירט אויף זיין קאָנספּיראַטיווער דירה אין בריסק, במשך פון דער גאַנצער צייט פון אונדזער וואנדערונג ביי

די פּאַרשידנסטע פּאַרפּאַלן און געשעענישן, האָט ער נישט אַרויסגע־וויזן אַזאַ נערוועזקייט, ווי דעמאָלט, ווען ער האָט געמוזט זיך אויס־באַהאַלטן. דערפון נעמט זיך וואָס מען האָט נישט געקענט בשום אופן איבערצייגן ערליכן, אַז ער זאָל אָפּראַזירן זיין בערדל, אַז ער זאָל ענדערן די מלבושים, — לכל הפחות דעם הוט, שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז עס איז אוממעגלעך געווען צו דיקטירן אים ווו ער זאָל זיצן, ווו ער זאָל גיין אָדער שטיין. צי האָט ה׳ ערליך, זייענדיק פאַר־קאָנספּירירט אין פּינסק, געדאַרפט אַרויסגיין, ווי איך האָב שוין פריי־ער דערציילט, אין מיטן העלן טאָג, אין גאַס אַריין און זיך שטעלן אין דער ריי נאָך ברויט? צי איז דאָס געווען נויטווענדיק? עס איז געווען אן אימפּולס אַזאַ, אַ מין רעאַקציע קעגן דעם אויפגעצוווּנגע־נעם אַרעסט. אַוודאי איז געווען זייער און זייער נישט פּאַרזיכטיק אַוועקצוזעצן זיך און וואַרטן אין וואָקזאַל, צום אומגליק האָט דער צוג פאַרשפּעטיקט אויף עטלעכע שעה און עס איז לייבעטשקען שווער געווען צו צווינגען ה׳ ערליכן, אַז ער זאָל זיך ניט אַרומדרייען אויפן פּע־ראָן. ה׳ ערליך האָט אין דער הינזיכט נישט געהאַלטן פון קיין „מוז". פּאַרקערט, זיין גאַנצע אינערלעכע ווירדע איז געווען קעגן אַזאַ „מוז".

## מען לאָזט זיך ווייטער אין וועג אריין . . .

הגם עס איז געהאַט באַשלאָסן געוואָרן, אַז באַלד נאָך ח׳ ערליכס אַפּפאָרן, זאָל אויך מענדעלסאָן פאַרלאָזן בריסק, האָט מען צוליב די לעצטע געשעענישן, מענדעלסאָנס רייזע געמוסט אָפּלייגן. מען האָט, ערשטנס, געוואַרט אויף ידיעות וועגן ערליכן, צווייטנס — צוליב פּאַרזיכטיקייטס־טעמים. עס איז דאָך נישט געווען אויסגעשלאָסן, אַז נאָך ח׳ ערליכס אַרעסט זאָל דער וואָקזאל ווערן אן אָבסערוואַציע־פּונקט. אַחוץ דעם האָט מען ביי דער פאַמיליע ש. נאָך אַ מאָל געפרעגט אויף מענדעלסאָנען. פאַרשטייט זיך, אַז די עטלעכע טעג, וואָס דער ח׳ מענדעלסאָן איז נאָך פאַרבליבן אין בריסק, איז ער געווען פאַרקאָנספּירירט. עס איז איבעריק צו שילדערן, ווי אַזוי ח׳ מענדעלסאָן האָט איבערגעטראָגן די קאָנספּיראַציע. אַ באַהעמע־מענטש פון נאַטור, וואָס די גאַס, דאָס קאַפע־הויז, דער מענטשלעכער טומל און די באַוועגונג איז זיין סטיכיע, האָט דאָס געצוווּנגענע אָפּזונדערן זיך פון דער אָפענער וועלט געווירקט אויף אים שרעקלעך דעפּרימירנדיק. דערצו זענען נאָך צוגעקומען די שווערע שטימונגען און איבערלעבונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט ח׳ ערליכס אַרעסט.

איך פלעג אַרויפקומען צו אים יעדן טאָג אַרום 11 אַזייגער, דאָס איז געווען מיין ערשטער וויזיט, אויף וועלכן ער פלעגט זיך קוים קאָנען דערוואַרטן, פאַרשטייט זיך, נישט אַזוי צוליב מיר, ווי צוליב די לעצטע נייעסן, וואָס איך פלעג אים דאַרפן ברענגען. הגם איך האָב געוווסט מיט וואָס פאַר אַן אומגעדולד ער וואַרט אויף מיר, האָב איך

כמעט קיינמאָל נישט געקאָנט אַרויסרייסן זיך פריער. איך האָב געמוזט זיין אויפן וואקזאל, אויסזוכן און טרעפן זיך מיט פאַרשידענע חברים, האָבן א שמועס מיט באַקאַנטע אין גאַס; אַמאָל זענען אָנגעקומען חב־רים פון די נאָענטסטע פראָווינץ־שטעט, אַנדערע זענען אַרויסגעפאָרן. דאָס אַלץ האָט פאַרנומען צייט, און איידער וואָס ווען איז שוין גע־וואָרן 11 אַזייגער. אַרום 4 פלעג איך קומען מיט די נאָכמיטאָג־נייעסן און שוין בלייבן אַ גאַנצן אָוונט. די הויפט־טעמע פון אונדזערע שמו־עסן איז געווען ה׳ ערליך און וואַרשע.

ווער פון אונדז האָט דען געקענט פאַרגעסן וואַרשע? ביי יעדער געלעגנהייט, ביי די פאַרשידנסטע אומשטענדן, באַדינגונגען און גע־שעענישן אין אונדזער וואַנדער־לעבן, האָט דער געדאַנק וועגן וואַר־שע, די בענקשאַפט נאָך וואַרשע נישט אויפגעהערט צו פייניקן. פאַר־שפּעטיקטע פליטים, וואָס זענען אָנגעקומען פון די פּראָווינץ־שטעט לעבן וואַרשע האָבן מיר ארומגעזוכט גאַנצע טעג, און אז מען האָט זיי אויסגעזוכט האָט מען זיי באַוואָרפן מיט אַזוי פיל פראַגן וועגן וואַרשע, אַז אָפטמאָל פלעגט אַזאַ איינער מיט גרויס פאַרוווּנדערונג פרעגן: אָבער מיר זענען דאָך נישט קיין וואַרשעווער! מיט געוואָלט האָבן מיר געוואָלט אַרויסבאַקומען עפּעס אַ ידיעה, וואָס זאָל האָבן אַ צוזאַמענהאַנג מיט וואַרשע. ווי אַ קינד פאַרוואָרפן אין דער פרעמד, געפייניקט פון אַ געוואַלטיקער בענקשאַפט, פרעגט זיך נאָך ביים בעל־עגלה אויף יעדער קלייניקייט, אַזוי האָבן מיר נישט אָפגעלאָזט יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר געהאַט וועלכע עס איז נישט שייכות מיט וואַרשע. מענדעלסאָנס בענקשאַפט נאָך וואַרשע איז גאָר נישט מעג־לעך איבערצוגעבן. דאָס איז געווען א מין שווערע פאַרצערנדיקע נאָסטאַלגיע, וואָס האָט ווי אַ פערמאַנענטער פיבער נישט אויפגעהערט צו ברענען קיין איין מינוט אין טאָג. אַז מענדעלסאָן האָט אָנגעהויבן צו רעדן וועגן וואַרשע, האָבן אָנגעהויבן אויפטויכן פאַר איך ביל־דער און בילדער, וואָס האָבן מיט אַ באַזונדער רעליעפקייט און העל־קייט אַנטפּלעקט פאַר איך, וואָס וואַרשע איז געווען פאַרן פּוילישן

יידנטום, פאַרן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, פאַר דער יידישער קולטור, ליטעראַטור און קונסט. וואַרשע, ווי יעדער גרויסע שטאָט, האָט געלעבט מיט איר אייגנאַרטיקן קאָכעדיקן לעבן. מענדעלסאָן, אַ געבוירענער אין וואַרשע, איז געווען אַן עכט וואַרשעווער קינד. דער טומל פון די נאַלעווקעס, דער טומל פון נאָווי־שוויאַט זענען ביי אים ביידע געווען וואַרשעווער טומל, וואַרשעווער אומרואיקייט, מיט וועל־כע ער האָט געלעבט און געאָטעמט.

צוויי אַ זייגער ביינאַכט, נאָך אַ טאָג אַרבעט אין דער שול־אָרגאַ־ניזאַציע, אָדער נאָך אַ רייזע אויף דער פּראָווינץ, ווו מען האָט גע־דאַרפט אינטערווענירן ביי דער שול־מאַכט, האָט איר אים געקענט טרעפן שפּאַצירנדיק אויף די וואַרשעווער גאַסן אָדער קיבעצן אין אַ קאַפע.

צו דער ברענענדיקער בענקשאַפט נאָך וואַרשע איז צוגעקומען די פּיינלעכע איבערלעבונגען פון ערליכס אַרעסט. ח׳ מענדעלסאָנס באַציונג און צוגעבונדנקייט צו ערליכן איז אַ באַזונדער קאַפּיטל, וואָס מענדעלסאָן אַליין האָט געדאַרפט אָנשרייבן. כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיקער באַציונג איז אָט וואָס: מענדעלסאָן, וואָס האָט געהאַט אַ באַ־זונדערע פעיקייט, איך וואָלט געזאָגט אַ טאַלאַנט, צו צוציען צו זיך מענטשן, אַרויסרופן ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט, האָט, דאַכט זיך קיינמאָל נישט געהאַט קיין נאָענטן פריינד, וועלכן ער זאָל אַרויס־ווייזן אַ באַזונדערע געגויגטקייט און פריינדשאַפט. ער איז געווען אויסערגעוויינלעך חבריש און פריינדלעך, איבערגעגעבן און גרייט צו העלפן, אָבער צו אַלע. געוויינלעך האָט יעדער מענטש נאָר איין נאָ־ענטן, מער אינטימערן פריינד, ח׳ מענדעלסאָן האָט געהאַט אַ סך נאָ־ענטע פריינד. צוליב דעם גרויסן אויסוואַל, אַזוי צו זאָגן, פון נאָענטע פריינד, האָט ער אָפּטמאָל שנעל פאַרגעסן אין אַ פריינד, אויב יענער האָט צופעליק אויפגעהערט צו קומען מיט אים אין קאָנטאַקט. ח׳ מענדעלסאָנס פריינדשאַפט אָבער צו ח׳ ערליכן איז געווען גאָר פון אַן אַנדער מין. דאָס איז געווען אַן איינציקע, טיף איבערגעגעבענע,

אַ טיף פאַרװאָרצלטע, װאָס איז אױסער אַלעמען געװען באַקרעפטיקט פון אַן אומגעהײערער פאַרערונג.

אױף די פּאַרנאַכטיקע שמועסן אין בריסק, האָב איך כסדר געהאַט די געלעגנהײט צו באַמערקן װי גײַסטיק און האַרציק נאָענט די בײדע מענטשן זענען געװען צװישן זיך.

עס איז, דעריבער, קלאָר, אַז ה׳ מענדעלסאָן האָט זײַער שװער איבערגעלעבט ה׳ ערליכס אַרעסט, און דאָס איז כסדר געקומען צום אױסדרוק אין די שמועסן, אין די זײַער אָפטע שמועסן װעגן ערליכן, װאָס מיר האָבן געהאַט אין יענע טעג. צװישן אַנדערן האָבן מיר זיך אױך דערמאָנט װעגן ה׳ ערליכס פאַרהאַלטן זיך אױפן װאַנדערװעג װאַרשע־פּינסק. איך האָב דערבײַ אױפמערקזאַם געמאַכט אױף פאָלגנדיקער דערשײַנונג:

די גאַנצע צײַט האָט ה׳ ערליך זיך פאַרהאַלטן נישט נאָר שטיל, רואיק, נאָר אױך עפּעס מאָדנע פּאַסיװ. צי מען איז געגאַנגען אָדער געפאָרן, אָפּגעשטעלט זיך אָפּרוען אין מיטן װעג, אָדער אין פאַרשײדענע ישובים בײַ באַקאַנטע, — שטענדיק און אומעטום דאָס זעלביקע שװײַגן, פאַרטראַכטקײט און אינערלעכע קאָנצענטרירטקײט. ער האָט געטאָן דאָס, װאָס אַלע האָבן געטאָן, נישט אַרױסגעװיזן קײן ברעקל איניציאַטיװ, קײנמאָל נישט געקומען מיט קײן פאָרשלאָג, זעלטן זיך באַטײליקט אין אַ מײנונגס־אױסטױש.

אָפטמאָל האָב איך געהאַט דעם אײַנדרוק און נישט נאָר דעם אײַנדרוק, נאָר די פולסטע איבערצײַגונג, אַז ער איז מיט זײַנע געדאַנקען און געפילן גאָר ערגעץ אַנדערש. װעגן װאָס האָט ער געטראַכט? װאָס האָט ער איבערגעלעבט?

איך האָב דערמאָנט מענדעלסאָנען אין אַ געװיסן עפּיזאָד אין מאָלטש, װען אונדזער גאַסטגעבער האָט זיך געבעטן, אַז מיר זאָלן בלײַבן און געהאַלטן אין אײן פרעגן, װאָס לױפט איר ייִדן? ה׳ ערליך איז דעמאָלט זײַער אומעטיק געװאָרן, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אױף בײדע הענט און זיך פאַרטראַכט. דאָס אײגענע איז געשען, װען דער

אַלטער ר׳ שכנא אין בערעזע האָט באַרירט די פראַגע וועגן לויפן. צי האָט נישט אַמאָל ח׳ ערליך זייער ווייטיקלעך איבערגעלעבט דאָס אַנטלויפן פון וואַרשע? צי האָבן נישט די דאָזיקע, אין פלוג אומשולדיקע, פראַגן פון די פּשוטע יידן אָנגערירט זיין אָנגעווייטיקטע ווונד, אויפגעפלאַמט דעם טליענדיקן אינערלעכן צער, חרטה־געפיל, וואָס ער, דער פירער, איז אַוועק, איבערלאָזנדיק די מאַסן אַליין? און צי דאַרף מען דאָ נישט זוכן דעם שליסל, דעם מאָטיוו צו זיין עקשנותדיקן ווידערווילן צו ראַטעווען זיך, אויסבאַהאַלטן זיך פאַר געפאַרן, פאַרקאָנספּירירן זיך?

איך האָב די דאָזיקע פראַגן באַרירט פאָרזיכטיק, דעליקאַט, אָבער פון ח׳ מענדעלסאָנס שווייגן אָדער שווייגנדיקער צושטימונג האָב איך אַרויסגעדרונגען, אַז מיינע השערות זענען נישט גאָר ווייט פון אמת. דערמיט, האַלט איך, איז אויך ריכטיק צו דערקלערן דעם שווערן אומעט, אין וועלכן ח׳ ערליך איז אַריינגעפאַלן בעת ער האָט זיך געדאַרפט פאַרקאָנספּירירן אין בריסק. אָפּגעריסן זיך פון דער פאַמיליע, צו וועלכער ער איז געווען זייער צוגעבונדן, באַשלאָסן אומקערן זיך קיין פוילן טראָץ אַלע געפאַרן און ווייטער אַרבעטן פאַר דער באַוועגונג, און דאָ.... ווידער אָנגעשלאָגן זיך אין אַ טויבער וואַנט פון אומברחמנותדיקער און דערדריקנדיקער נויטווענדיקייט, ווידער בלייבן פּאַסיוו, זיין פאַרנומען נאָר מיט זיך, ראַטעווען זיך, אויסבאַהאַלטן זיך. איז דען דאָס נישט געווען אומדערטרעגלעך פאַר אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי ח׳ ערליך?

:: :: ::

צום באַדויערן, זענען די פריילעכע ידיעות וועגן ח׳ ערליכס באַפרייאונג נישט אָנגעקומען נישט פון באַראַנאָוויטש, נישט פון ווילנע. וואָס שייך בריסק, האָט מען אין אַלע אינסטאַנצן, צו וועלכע מען האָט געקענט צוקומען דירעקט אָדער אומדירעקט, געענטפערט: זיי ווייסן גאָרנישט, זיי האָבן קיין אָנונג נישט. עס דאַרף דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אין דער היגזיכט האָבן אונדז מיטגעהאָלפן און

אַרויסגעוויזן אַ סך איידלקייט און פאַרשטענדעניש מענטשן, וואָס האָבן שוין געהאַט פאַרנומען געוויסע שטעלונגען אָדער אַרבעטס־פּאָסטנס אין סאָוויעטישן אַפּאַראַט. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן די גע־וועזענע לערערין פון אונדזערע פּאָלקשולן, די ה'טע פּ־ע אַליין אַן אי־בערגעגעבענע קאָמוניסטקע, וואָס האָט דעמאָלט פאַרנומען אַן אָנגע־זעענעם פּאָסטן אין סאָוויעטישן שולוועזן: זי האָט אַרויסגעוויזן אַן אויפריכטיקע גרייטקייט צו העלפן מיט וואָס זי קען נאָר. דער אַרעסט פון ה' ערליך האָט אויף איר געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק.

די אַטמאָספער אין בריסק איז דערווייל געוואָרן אַלץ מער אַ געשטיקטע און אָנגעשטרענגטע. יעדער בונדיסט האָט אָנגעהויבן פילן אויף זיך די זייטיק־שטעכיקע בליקן פון „געוועזענע", וואָס האָבן געהאַלטן פאַר אַ מצווה (פאַר וועלכער מען האָט גלייך באַקומען עולם־הזה) צו דינען דער מאַכט דורך צושטעלן אינפאָרמאַציעס וועגן דעם אָדער יענעם...

מיר האָבן באַשלאָסן אָפּצופאָרן קיין ביאַליסטאָק, מענדעלסאָן און איך. מער אָפּלייגן האָט מען שוין נישט געקאָנט. צוליב דעם צוריקציען זיך פון דער רויטער אַרמיי אויף דער בוג־ליניע, האָט זיך דער שטראָם פון פּליטים אַלץ מער פאַרשטאַרקט און צו וואַרטן אויף אַ גינסטיקערן מאָמענט, כדי דורכצורייסן זיך קיין ביאַליסטאָק איז געווען אויסזיכטס־לאָז.

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צוגרייטן.

איך פלעג גיין טאָג־טעגלעך צו דער באַן זיך דערוויסן וועגן די צוגן. צום אומגליק, איז דער צוג קיין ביאַליסטאָק אָפּגעגאַנגען 12 אַ זייגער בייטאָג (ביי דער געוויינלעכער אין יענער צייט פאַרשפּעטיקונג, איז עס אויסגעקומען 1 אָדער 2), דאָס איז געווען די ערגסטע צייט אויף דורכצושמוגלען זיך אומבאַמערקט. בפרט נאָך פאַר אַזאַ איינעם ווי מענדעלסאָן, וועלכן אַלע האָבן געקענט, אי ווארשעווער, אי בריס־קער און ווער נישט? צום גליק זענען מענדעלסאָנס וואָנסעס שוין גע־האַט אויסגעוואַקסן גאַנץ היפּש. אַלס דערגאַנצונג צו די וואָנסעס, האָט

ער אויך פאַרלאָזט אַ ביסל, נישט צופיל, דאָס בערדל. צו דעם אַלעמען האָט ער זיך „אַנטברילנט" און אָנגעטאָן אַ ציקליסטן־היטל און נאָך עפּעס... ער האָט נאָך מער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי זיין מנהג איז געווען ביז איצט. עס איז אים באמת נישט געווען צו דערקענען.

איך האָב, פאַרשטייט זיך, פריער אויסגעקויפט בילעטן, אָפּגעוואַרט אין וואָקזאַל אויף די מעלדונגען וועגן דעם פאַרשפּעטיקן פון צוג (אַזעלכע מעלדונגען האָט מען אָנגעהויבן אַרויסגעבן, כדי אויסצומיידן די שרעקלעכע ענגשאַפט אויף די וואָקזאַלן). איך בין אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אַריין און גענומען דעם אוצר צום צוג (אַזוי האָט מענדעלסאָן זיך געוויצלט איבער זיך אַליין).

מיר האָבן אָפּגערעדט נישט גיין צוזאַמען, — איך פאָרויס, ער נאָך מיר. מיר האָבן אויסגעמיטן דעם וואָקזאַל, איך האָב געהאַט אויסגעפונען אַ צווייטן צוגאַנג צום פּעראָן, גלייך פון דער בריק, דורך וועלכן מען קומט אָן פון שטאָט צום וואָקזאַל. מיר זענען גלייך צו צום צוג, איך האָב אויסגעזוכט אַ וואַגאָן צום סאַמע סוף, ווייט פון וואָקזאַל, אַריין אינעווייניק און צום גליק געפאַקט אָן אָרט ביים פענצטער פאַר מענדעלסאָנען, ער זאָל קענען האַלטן אויסגעדרייט דאָס פּנים, מכלומרשט צום אַרויסקוקן. איך האָב פאַרנומען אָן אָרט לעבן אים, אייגנטלעך נישט איך, נאָר מיין טעקע מיט מיין ביסל עסנוואַרג. איך בין די גאַנצע צייט געשטאַנען ביים פענצטער, נעענטער צו מענדעלסאָנען, און אַזוי אַרום נאָך מער פאַרשטעלט אים. דעם אמת געזאָגט, אַז ווען איך פלעג כאַפּן פון צייט צו צייט אַ זייטיקן בליק אויף אים, בין איך אַליין געווען איבעראַשט. מיט דעם באַוואַקסענעם פּנים, אַנגעזשמורעטע אויגן און מיט דעם אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אויף די אַראָפּגעלאָזטע פּלייצעס, האָט ער אויסגעזען ווי אַ פאַרמאַטערט, אויסגעהאַרעוועט יידל פון דער פּראָווינץ.

צום גליק האָט זיך די מעלדונג אַרויסגעוויזן פאַר אַ ריכטיקע. נאָך פאַר איינס אַ זייגער האָט דער צוג גערירט אין וועג אַריין. אַז דער צוג האָט גערירט, האָב איך זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן אויף די פּאַ־

סאַזשירן. געלויבט צו גאָט, קיין שום באַקאַנט פּנים. עטלעכע יידן און יידענעס, וועלכע זענען צוריקגעפאָרן אויף דער פּראָווינץ, און אַ היפּש ביסל בריסקער סוחרים, וועלכע זענען געפאָרן קיין ביאַליסטאָק נאָך פאַרשידענע סחורות.

לכתחילה האָט זיך איינער געהיט פאַרן צווייטן, מען האָט ווינציק גערעדט. ביסלעכווייז אָבער (מען איז דאָך יידן — ווי זאָגט מען, אחים בצרה) האָט מען אָנגעהויבן זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט, מיט אַ צוויי־טן, און באַלד האָט זיך פאַרבונדן אַ געדיכטער, היימישער שמועס.

„כל זמן מען קען — דאַרף מען אַריינכאַפּן, מען ווייסט נישט וואָס שפּעטער וועט זיין" — הערט מען די הויכע, שאַרפע שטים פון אַ יונגגמאַנטשיק, זעט אויס, אַ פאַרמעגלעך סוחרל, וואָס אַלע קענען אים, ווייל ווי איך האָב באַמערקט, איז ער געווען פון די ראש־המדברים און אַלע האָבן זיך צוגעהערט צו אים מיט גרויס אויפ־מערקזאַמקייט. „מיינע באַקאַנטע אַלטע סוחרים, — הערט זיך ווי־דער זיין שאַרפע שטים, — האָבן מיר געהייסן קומען און וואָס גיכער, איידער מען וועט אָנהייבן מאַכן אַ טאָלק, הייסט עס", — גיט ער צו מיט אַ שמייכל.

ביסלעכווייז האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו ביאַ־ליסטאָק. שוין פריער האָבן מיר געהאַט אָפּגערעדט, אַז מיר זאָלן נישט גיין צוזאַמען און נישט זיין פון די ערשטע ביים אַרויסגיין פון וואַגאָן, וואָס וואַרפן זיך, ווי געוויינלעך, אין די אויגן אַריין, בפרט יענע אויגן, וואָס קוקן אויס. מיר דאַרפן אָבער אויך נישט זיין פון די לעצטע, ווען דער עולם איז שוין שיטערער. אַרויסגיין וועלן מיר דעמאָלט, ווען עס וועט זיך מאַכן דער געדיכטער קנויל, ווי גע־וויינלעך, אין יענע צייטן, און אַריינרייסן זיך אין סאַמע מיטן.

מען האָט אונדז געזאָלט אָפּוואַרטן, אַז מיר זאָלן קענען גלייך אַוועק פון וואָקזאַל. אַלץ איז אַדורך אָן שום מכשולים, נאָר אין סאַמע מיטן שפּאַרן זיך האָב איך דערהערט אַ פריילעכן אויסגעשריי: „אַ, ראָטנבערג, איר זענט אויך דאָ!". לכתחילה האָב איך זיך געמאַכט נישט וויסנדיק, אַז יענער האָט אָבער נאָך אַ מאָל אָנגערופן מיין נאָ־

י. ראָזנבערג

מען, האָב איך זיך מיט אַ געמאַכטער רואיקייט אומגעקוקט און דער־זען, אַז דאָס איז אַ בהיסקער יונגערמאַנטשיק, ביי וועלכן איך האָב אַ געוויסע צייט געוווינט אויף קוואַרטיר. ביים אַרויסגאַנג האָט מען שוין געוואַרט אויף אונדז און מיר זענען גלייך אַוועק אין שטאָט אַריין צופוס.

# צווישן ביאַליסטאָק און ווילנע

אַ מענטש איז בטבע אַן אָפּטימיסט. אַז מען אַנטלויפט פון איין אָרט אין אַ צווייטן, מיינט מען, אַז דאָס צווייטע אָרט וועט זיין בע־סער. אין די ערשטע מאָמענטן, יעדנפאַלס, לעבט מען מיט דער האָ־פענונג, מיט דעם פאַרלייכטערונגס־געפיל, וואָס מען איז דערווייל פּטור געוואָרן פון שלעכטס. אויך מיר האָבן מיט פאַרלייכטערונג אָפּ־געאָטעמט, אַריינקומענדיק אין ביאַליסטאָק. אָבער ליידער האָט דאָס לאַנג נישט געדויערט און נישט נאָר נישט לאַנג, נאָר אפילו זייער קורץ, ווייל שוין צומאָרגנס האָט מען זיך דערוווּסט וועגן אַ גאַנצער ריי אַרעסטן צווישן ביאַליסטאָקער בונדיסטן.

זעט אויס, אַז אין ביאַליסטאָק, אין אינדוסטריעלן צענטער מיט אַ באַדייטנדיקער אַרבעטער־באַפעלקערונג, איז די „באַפרייונגס־מאַכט" געווען מער פאַרזיכטיק און זיך צוגעאיילט מיט צונעמען די פרייהייט ביי די אָנגעזעענסטע און פּאָפּולערסטע אַרבעטער־טוער. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ שטימונג, וואָס פאַר אַ געדריקטע שטימונג עס האָט געהערשט ביי די ביאַליסטאָקער בונדיסטן.

ביאַליסטאָק איז אַ געוויסע צייט — אַ קורצע אפילו — געווען פאַרנומען דורך די דייטשן. דאָס אָוועקגיין פון די דייטשן און דאָס פאַרנעמען די שטאָט דורך דער רויטער אַרמיי האָט אַרויסגערופן אַן

י. ראָטנבערג

אויפריכטיקע פריינד צווישן די אַרבעטער, בפרט יידישע אַרבעטער, ווייל וועמען נאָך ווי די יידישע אַרבעטער האָט געדראָט אַזאַ געפאַר מצד די היטלעריסטן! זייער פיל אַרבעטער־טוער, וועלכע זענען לכתחילה אַנטלאָפן צוליבן דערנענטערן זיך פון די דייטשן, האָבן זיך אומגעקערט קיין ביאַליסטאָק, צווישן זיי איינער פון די פּאָפּולערסטע אַרבעטער־טוער פון ביאַליסטאָק, דער ח׳ שאול גאָלדמאַן.

זיי זענען געווען גרייט אויפריכטיק און לאָיאַל מיטצואַרבעטן מיט די סאָוויעטן. מען האָט אין דעם זין אפילו פאַרעפנטלעכט אַן אַנטשפּרעכנדיקע דעקלאַראַציע. עס איז דעריבער גאָר קיין חידוש נישט, וואָס די אַרעסטן האָבן געמאַכט אַ פּיינלעכן און דערשיטערנדיקן איינדרוק. און אין די ערשטע טעג נאָכן אַרעסט האָט זיך אפילו פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עס איז פאַרגעקומען אַ מיספאַרשטייעניש, אַז אָט וועט מען זיי באַפרייען, — אַזוי אומגלויבלעך און אומגעריכט איז געווען פאַר דער באַפעלקערונג דער דאָזיקער אַרעסט. אָבער ווען מיר זענען געקומען, זענען שוין געהאַט די דאָזיקע אילוזיעס אויך געהאַט. מען האָט שוין אפילו אויפגעהערט צו רעדן וועגן מיספאַרשטייענישן, מען האָט שוין אָנגעהויבן גוט, זייער גוט פאַרשטיין, ניכטער אָפּצושאַצן אין וואָס פאַר אַ לאַגע מען געפינט זיך.

פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט געמוזט אָנהייבן טראַכטן וועגן פאַרלאָזן ביאַליסטאָק, בפרט מענדעלסאָן, וואָס איז אין ביאַליסטאָק געווען פּאָפּולער אי אַלס פאַרטיי־טוער, אי אַלס שול־טוער. מען האָט זיך, ווי עס איז איינגעאָרדנט, באַשלאָסן אָפּצוװאַרטן עטלעכע טעג, אָפּצורוען די נערוון פון די בריסקער איבערלעבונגען און דערווייל זיך פאַרשטענדיקן מיט ווילנע וועגן מענדעלסאָנס קומען. איך אַליין בין געווען גענויגט דערווייל צו בלייבן אין ביאַליסטאָק, ווייל עס האָט זיך שוין דעמאָלט געהאַט אָנגעהויבן אַ טיילווייזע פאַרבינדונג, פאַרשטייט זיך, אַן אומלעגאַלע, מיט וואַרשע. איך האָב געוואָלט אָנ־

בינדן, ערשטנס, אַ קאָנטאַקט מיט וואַרשע און עווענטועל אומקערן זיך אַהין, כדי צו אָריענטירן זיך אין דער לאַגע: צי קען מען בלייבן, אָדער נישט און אויב נישט — אַרויסנעמען די נאָענטע.

אויך ח׳ מענדעלסאָן האָט צוגעשטימט צו מיין באַשלוס, צו־געבבנדיק, אַז ער וואָלט געוואָלט, איך זאָל פאַרמיטלען צווישן וואַרשע און ווילנע. דערווייל אָבער זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן אַרעסטן אויך אין ווילנע, בריסק, פינסק, גראָדנע. עס איז שוין נישט געווען קיין ספק, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ פּלאַנמעסיקן קרייץ־צוג קעגן דער גרעסטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אַז מען וויל זי דערשטיקן און אומברענגען דורך אַוועקנעמען ביי איר די אַקטיווסטע עלעמענטן, אַלע אירע פירער.

מיר זענען אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע. די רייזע האָבן מיר דורכ־געמאַכט ביינאַכט. צוליב דעם, וואָס אומעטום האָט געהערשט אַ פינצ־טערניש, איבערהויפּט אין די באַנען, אין די וואַגאָנען, האָבן מיר נישט געדאַרפט זיך באַאומרואיקן. וואָס עס האָט אונדז אַממייסנטן געשראָקן, איז געווען דאָס אָנקומען קיין ווילנע און דאָס אויסשטייגן אויפן וואָקזאַל. נאָרמאַל האָט דער צוג געדאַרפט אָנקומען שפּעט ביי־נאַכט, ווען עס איז נאָך פינצטער, נאָר אַזאַ „נאָרמאַלע זאַך" פון אָנ־קומען צו דער צייט איז נאָך מיט קיין שום צוג נישט געהאַט געשען. די פאַרשפּעטיקונג פון די צוגן האָט אין דורכשניט אויסגעמאַכט 3־4 שעה.

אויך אונדזער צוג האָט נישט געוואָלט זיין קיין אויסנאַם און צו־געפירט אונדז קיין ווילנע, ווען עס איז שוין געווען גענוג ליכטיק. פאַרשטייט זיך, אַז ח׳ מענדעלסאָן איז געווען גרימירט אויפן ביאַ־ליסטאָקער שטייגער. ער האָט נאָר געדאַרפט אַ ביסל מער אַראָפּלאָזן

די אָקסלען, אַראָפּבייגן דעם קאָפּ, אַזעלכע זאַכן, צו וועלכע די לעצ־טע איבערלעבונגען און עגמת־נפשן האָבן שוין סיי ווי געהאַט אים צוגעוווינט.

ביים אויסשטייגן האָבן מיר אָנגעווענדעט די זעלביקע טאַקטיק און מיר זענען אַדורך אין גאַנצן אומבאַמערקט. אפילו די באַקאַנטע חברים, וואָס האָבן אונדז אָפּגעוואַרט, האָבן זיך אין ערשטן מאָמענט נישט געכאַפּט, זיי האָבן פריער דערקענט נאָר מיך און מיט די אויגן געזוכט מענדעלסאָנען, וואָס איז מיט דער איינגעהויקערטער פיגור געשטאַנען לעבן זיי, כמעט אונטער דער נאָז.

אין ווילנע האָב איך לאַנג נישט פאַרבראַכט, נישט מער ווי איין טאָג. איך האָב באַוויזן צו זען זיך מיט אַ סך פון אונדזערע חברים, כמעט מיט אַלע, וואָס זענען אָנגעקומען מיט פאַרשידענע וועגן און אומוועגן. אויך דאָ ביי אונדזערע חברים, פּונקט ווי אין ביאַליסטאָק, איז די שטימונג געווען זייער אַ געדריקטע. איך האָב זיך דאָ דער־וווּסט, אַז אַ גרעסערע גרופּע ווילנער, ביאַליסטאָקער און וואַרשע־ווער חברים זענען אַוועק פון ווילנע, כדי זיך דורכצושלאָגן צו דער ליטווישער גרענעץ. די חברים, וואָס זענען געבליבן, האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי די שאָטנס, פאַרלוירענע, דערשלאָגענע, אַליין נישט וויסנדיק, וואָס וויַיטער צו טאָן מיט זיך.

די דאָזיקע שטימונג און אַטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אין ווילנע פּונקט ווי אין ביאַליסטאָק און וואָס האָט פּשוט אומדערטרעג־לעך געמאַכט דאָס לעבן פון אונדזערע חברים, האָט נאָך מער פאַר־שטאַרקט מיין געדאַנק וועגן אומקערן זיך צוריק קיין וואַרשע. אַ סך פון די ווילנער חברים, וועמען איך האָב דערציילט וועגן דעם, האָבן ווי איך האָב אַרויסגעפילט, מיר מקנא געווען פאַר מיין אַנטשלאָסנ־קייט. זיי האָבן זיך פאַר מיר מודה געווען, אַז אויך זיי לאָזט נישט רוען דער געדאַנק וועגן אומקערן זיך קיין וואַרשע, בפרט ווען דאָ ברענט ממש די ערד אונטער די פיס און מען פילט זיך דאָ ערגער ווי אין אַ שטייג, אָבער זיי האָבן קיין מוט נישט.

איך בין צוריקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק. ביים געזעגענען זיך מיט מענדעלסאָנען האָבן מיר ביידע קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. איז דען מעגלעך — האָב איך פשוט געװײנט אין זיך, — אַז מיר זאָלן זיך שוין מער נישט זען. „כל זמן איר װעט נאָר האָבן די מינדס־טע מעגלעכקייט — זאָגט מיר מענדעלסאָן פאַרן אַװעקגיין — שטייט מיט מיר אין קאָנטאַקט". — זעלבסטפאַרשטענדלעך — האָב איך געענטפערט.

# ביאַליסטאָק אין יענע טעג...

און אָט בין איך שוין צוריק אין ביאַליסטאָק. וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלער אונטערשייד צווישן ווילנע און ביאַליסטאָק עס איז גע־ווען אין יענע טעג. ווילנע האָט אויף אַ זייטיקן באַאָבאַכטער געמוזט מאַכן דעם איינדרוק פון אַ שטאָט, וואָס שטאַרבט אָפּ, פונקט ווי אַ גרויסע טומלדיקע מאַשין, וואָס הערט אויף צו קלאַפּן און ווערט ביס־לעכווייז, ביסלעכווייז איינגעשטילט. ווילנע אין יענער צייט האָט מיר דערמאָנט אין פינסק. עפּעס אַ מאָדנע שטילקייט און אַן אומרואיקע רואיקייט, ווי אַ מין אָנגעשטרענגטע דערוואַרטונג האָט באַהערשט די באַפעלקערונג. אַקעגן, אין ביאַליסטאָק איז פון טאָג צו טאָג דער טומל, די אויפרעגונג, די צערודערונג אַלץ מער געוואַקסן. טאָג און נאַכט האָבן זיך איבער די גאַסן געצויגן שטראָמען פּליטים. די גאַסן, וואָס פירן צום וואָקזאַל זענען געווען ממש אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. עס האָבן אויך אָנגעהויבן אַריינקומען פליטים פון דער פּראָווינץ אַרום ביאַליסטאָק, פון די פאַרנומענע שטעט און שטעטלעך, וואָס זע־נען פאַרברענט און חרוב געוואָרן בעת די מלחמה־אָפּעראַציעס שפּעטער זענען אויך געקומען צולויפן די אומגליקלעכע קרבנות פון אָסטראָוו, ווישקאָוו, דלוגאָשאַדלע, וווּ די ווילדע אכזריותדיקע דייט־טשע בעסטיעס האָבן אָנגעהויבן זייער פאַרטיליקונגס־אַקציע קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.

איז דען מעגלעך צו באַשרייבן דעם דאָזיקן קיבוץ־גליות, איי־

נער פון די טראַגישסטע אין דער יידישער געשיכטע? דאָ, אין ביאַ־ליסטאָק, אויף די ביאַליסטאָקער גאַסן שפּעט אין דער נאַכט, ווען דו האָסט זיך צוגעקוקט, ווי יידן גייען און גייען, יונג און אַלט, פרויען און קינדער, עס ציען זיך וועגענער, וועגעלעך, האַנטוועגעלעך; בײַ־נאַכט אויפן ברייטן פּלאַץ לעבן דער יידישער קהילה, ווו הונדערטער יידישע פאַמיליעס זענען געלעגן אָנגעשפּאַרט בײַ די ווענט פון די הייזער, ווו מען האָט כסדר געהערט דאָס מידע געוויין פון די קינ־דער, דאָס גערייצטע און פאַרביטערטע קרעכצן פון די מאַמעס, — דאָ האָסטו דערפילט און באַגריפן, אַז עס איז געשען עפּעס שרעק־לעכעס, עפּעס אַזוינס, וואָס אין פאַרגלייך דערמיט איז דיין אייגן פערזענלעך אומגליק ווי אַ טראָפּן אין ים; האָסט דערפילט אַ שטי־קנדיק געוויין אין האַרץ; דו האָסט נישט געקענט אויסוויינען, אויס־רעדן מיט ווערטער, כדי צו אנטלאסטן זיך פון גרויסן ווייטיק און צער. אַ טיפע ווייטיקלעכע שטים אינעווייניק האָט געשריגן: אָט, די יידן אין פּוילן גייען אונטער, עס ווערט אָפּגעמעקט איין יידישער ישוב נאָכן צווייטן. יידן פון ווישקאָוו, פשעטיטש, דלוגאָשאדלע, רו־זשאַן, פּולטוסק, מאַקאָוו און נאָך און נאָך. אַלע צום טויט דערשראָ־קענע, דערשלאָגענע, פאַריאושטע וואַלגערן זיך דאָ אויף די ביאַ־ליסטאָקער גאַסן, זוכנדיק אַ מקום־מנוחה, ווו דעם קאָפּ אוועקצולייגן.

ווי לאַנג איז דען, אַז איך האָב פאַרלאָזט פשעטיטש, דלוגאָשאד־לע? יעדן זומער האָבן זיך דאָרט געפונען די קינדער־קאָלאָניעס פון די יידישע פאָלקס־שולן. טויזנטער יידישער קינדער פון פאַרשידענע שולן האָבן זיך דאָרט אָפּגערוט במשך פון די זומער־פעריען. די קליי־נע יידישע שטעטלעך, וואָס האָבן כמעט אַ גאַנץ יאָר געלעבט פון אָט די קינדער־קאָלאָניעס, האָבן דעמאָלט אויפגעלעבט מיט אַ פרישן ניי לעבן, די קליינע געסלעך זענען באַלעבט געוואָרן פון די קינדערשע געשרייען און געלעכטערס. דאָס גאַנצע שטעטל האָט אָנגעהויבן האַנדלען, צושטעלן פאַרשידענע פּראָדוקטן. בײַנאַכט פלעגט מען קו־מען אויף דער קינדער־קאָלאָניע פאַרברענגען, מיטפרייען זיך מיט

דער קינדערשער פרייד, צוקוקן זיך צו די קינדער־שפּילן, אַנטציקן זיך מיט זייער געזאַנג און טענץ.

„זעט, פריינד ראָטנבערג, וואָס פון אונדז איז געוואָרן אין אַזאַ קורצער צייט" — פאַרקלאָגט זיך פאַר מיר אַן עלטערער ייד מיט אַ לאַנג־אויסגעצויגענער רויטער באָרד און מיט אַ בלייכן פּנים. געווען איז דאָס דער בעקער פון דלוגאָשאַדלע, וואָס פלעגט צושטעלן ברויט פאַר אונדזער קינדער־קאָלאָניע. אַ ייד אַ פאַרהאָרעוועטער, וואָס פלעגט אַליין זייער שווער אַרבעטן און צוזאַמען מיט די צוויי זין זיך קוים דערשלאָגן צו אַ שטיקל מעמד, צו אַן אייגענער בעקעריי, איז איצט געקומען אדם־נאַקעט. ער האָט קוים באַוויזן אַרויסצוראַטעווען אַ ביסל בעטגעוואַנט. דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט פאַרדינט זו־מער־צייט פון די קאָלאָניעס האָט ער געהאַט שטעקן אין מעל, און דאָס מעל איז דאָרט געבליבן. און אַט בעת איך רעד אַזוי מיט דעם בעקער, קומען צו נאָך אַנדערע דלוגאָשאַדלער יידן, קליינשטעטלדי־קע בעלי־בתים, בעלי־מלאכות. אַזוי פיל פאַרלוירנקייט, אַזוי פיל ייאוש אין זייערע אויגן, אַז עס איז פּשוט אוממעגלעך איבערצוטראָגן.

„דער עיקר, — רופט זיך אָפּ ראובן דער קאָלאָניאַל־הענדלער — זאָגט, וואָס טוט מען ווייטער? אָפּגעאַרבעט אַ לעבן, אַ שווער לעבן, געוואָלט אָפּטשוליען אַ פּאָר גראָשן פאַר די קינדער, וואָס וואַקסן אונ־טער. און דאָ אַזאַ אומגליק, אין איין טאָג אַלץ חרוב געוואָרן. אָבער וואָס טוט מען ווייטער? עס איז דאָך נישטאָ ביי וועמען צו זוכן קיין הילף. מיט וועמען זיך שואל־עצה זיין, אַז אַלע גייען אונטער. די הי־גע יידן איז דען דאָ וואָס מקנא צו זיין, זיי דרייען זיך אויך אַרום אָן קעפּ, מיט דער מורא פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. מיט איין וואָרט יידן גייען אונטער".

עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז צוזאַמען מיטן געפיל פון פערזענלעכן אומגליק, האָט יעדן איינעם אויך געדריקט דאָס געפיל פון דער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע. מיט וואָסערע יידן, פון וואָסערן

שיכט אדער קלאס עס איז איך נישט אויסגעקומען צו רעדן, האט איר אומעטום געהערט די יאוש־פולע ווערטער „יידן גייען אונטער".

דאס ערשטע מאל איז מיר דאס אויסגעקומען צו הערן אין ביאַ־ליסטאָק. לכתחילה האב איך נישט תופס געווען דעם גאנצן תוך פון די ווערטער, איך האב עס אנגענומען פאר אן אויסדרוק פון די איי־גענע שווערע איבערלעבונגען פון דעם מענטש, וואס זאגט עס. אבער וואס לענגער איך בין געווען אין ביאַליסטאָק, וואס מער און נענטער איך האב זיך צוגעקוקט צו די געשעענישן, האט מיר אלץ מער אנגע־הויבן קלאר ווערן דער טראגישער אינהאלט פון די ווערטער.

עס דערציילט מיר א געוועזענער פאפולערער כלל־טוער פון ביאַליסטאָק, איינער פון די אנגעזעענסטע און ענערגישסטע טוער פון די קרעדיט־קאאפעראטיוון, ח' ד־קי: יעדן טאג מאך איך א לענגערן שפאציר דורך די ביאַליסטאָקער גאסן און וואס א טאג שפעטער אלץ בולטער און שארפער אנטפלעקט זיך פאר מיר דאס שוידערלעכע בילד פון אונדזער אונטערגאנג. איך קאן גוט ביאַליסטאָק, איך קאן אויסגעצייכנט די ארומיקע פראווינץ, מיר קומט אויס יעדן טאג צו באגעגענען זיך מיט געוועזענע פראווינצער כלל־טוער און מיט סתם יידן, געוועזענע בעלי־בתים, בעלי־מלאכות. מען רעדט זיך פאר מיר נאטירלעך, אויס דאס הארץ וועגן אייגענע צרות, שווערע איבערלע־בונגען. אבער וואס עס דאמינירט אממיינסטן אין די דאזיקע שמועסן, איז — צרות הכלל. די דאזיקע מענטשן האט באהערשט א געוואל־דיקער יאוש און רעזיגנאציע. „מיר זענען אנטלאפן — זאגן זיי — פון א שרעקלעכן מלאך־המות, כדי צו ווארטן דא אויף א פאמעלעכ־דיקן טויט. און ביז דער טויט וועט אנקומען, קומט אויס צו לעבן א לעבן אן כבוד, אן מענטשלעכקייט, א לעבן פון א פארלאזענעם, שוצ־לאזן און היימלאזן."

— מיט וואס דערקלערט זיך דער דאזיקער יאוש פון מענטשן, וואס האבן זיך ערשט נישט לאנג געראטעוועט פון טויט? — פרעג איך און איך דערמאן זיך בעת מעשה, אז אויך איך אין מיינע שמועסן מיט

די יידן פון דלוגאָשאדלע, ווישקאָוו א"אַ, האָב אויך אַרויסגעפּילט אַט דעם דאָזיקן יאוש.

— גאַנץ פּשוט, ענטפערט מיר ח' ד־קי: ווען אַ געוויסער קאָ־לעקטיוו אָדער קיבוץ לעבט איבער אַ קאַטאַסטראָפע, שפּילן אַ גרויסע ראָלע אַ גאַנצע ריי גייסטיקע און פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן, וואָס העלפן אָדער איבערוויגדן די קאַטאַסטראָפע אָדער זיי פאַרשאַרפן נאָך מער איר אויסווירקונג און דערפירן צו די פאַטאַלסטע רעזולטאַטן. איך וויל זיך נאָר אָפּשטעלן אויף צוויי אַזעלכע מאָמענטן: א) אויף דער מיטהילף און באַציונג פון דער געזעלשאַפט ב) אויף די פּערספּעק־ טיוון. ווען דער געליטענער קיבוץ טרעפט אָן אויף אַ וואַרעמער מיט־ הילף, אויף אַן אויסדרוק פון מיטלייד און סימפּאַטיע אין דער פאָרם פון אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכער הילף, מעג די הילף לויט איר פאַרנעם און מאַסשטאַב נישט באַפרידיקן, מעג זי זיין ווייט הינטער־ שטעליק לגבי דעם פאַרנעם פון דער קאַטאַסטראָפע, ווערט ער, דער געליטענער קיבוץ דערמוטיקט גייסטיק, ער פילט זיך נישט פאַר־ לאָזן, דערנידעריקט אין זיין אומגליק. און אַ צווייטער מאָמענט: ווען דער געליטענער קאָלעקטיוו האָט פאַר זיך געוויסע פּערספּעקטיוון, מען קען האָפן, אַז אָט וועט די קאַטאַסטראָפע פאַרביי און עס וועט זיך ווידער אָנהייבן אַ נאָרמאַל לעבן ווי פריער... וואָס זשע זעען מיר דאָ? יעדע אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכע הילף איז פאַרבאָטן, קיין שום געזעלשאַפטלעכע הילפס־אינסטיטוציע טאָר קיין טעטיקייט נישט פירן. מען האָט געעפנט שטאָטישע, אַזוי גערופענע פאָלקס־ קיכן, וואָס דערמאָנען אין אמאָליקער ווילטעטיקייט פון ערגסטן מין, דערביי ווערן זיי אָנגעפירט פון מענטשן לחלוטין נישט דערפאָ־ רענע, נישט באַרופענע, וואָס פילן זיך נאָך דערצו ווי די בעלי־בתים, די טובה־טוערס. האָט איר שוין א מאָל באַמערקט, ווי עס זעט אויס מיטאָג־צייט, ווען מען גיט אַרויס די שיסלעך וואָסערדיקע זופּ אויפן פּלאַץ פון דער יידישער געמיינדע? הונדערטער מענטשן שטייען אין דער ריי נאָך אַ שיסעלע זופּ, וואָס מען מוז גלייך אויסזופּן אויפן אָרט, ממש אויסזופּן מיטן מויל פון שיסעלע, ווייל עס פעלט אויס שיסע־

לעד און לעפל גיט מען בכלל נישט צוליב „פארזיכטיקייטס־טעמים". צי קען א מענטש מיט א ברעקל זעלבסטווירדע געניסן פון אזא הילף, און אויב דער הונגער צווינגט אים דערצו, צי קען ער נאך לאנג בלייבן ביי זיין זעלבסטווירדע? צי וואלט געוואגט וועלכע עס איז נישט אינסטיטוציע ביי אונדז צו ארגאניזירן הילף אין אזא פארם? און צום פיינלעכסטן איז דאס, וואס דו ווייסט, אז עס איז דא א מעג־לעכקייט צו ארגאניזירן יידישע געזעלשאפטלעכע הילף, אז די אוני־סערלעכע און אינערלעכע יידישע געזעלשאפטלעכקייט איז גרייט אנט־קעגן צו קומען מיט דער ברייטסטער הילף, אבער לויטן נייעם שולחן ערוך איז דוקא אזא הילף, וואס קומט פון דער געזעלשאפט, איז אר־גאניזירט געזעלשאפטלעך, קולטורעל און אנשטענדיק, דוקא אזא הילף הייסט פילאנטראפיע, וואס איז נישט דערלאזבאר. איז דען א חידוש, וואס די געליטענע פילן זיך הילפלאז, פארלאזן און פאלן אריין אין יאוש?

און איצט דער צווייטער מאמענט — דער וויכטיקסטער: די פערספעקטיוולאזיקייט. עס איז א סך לייכטער אויסצוהאלטן און אי־בערצוטראגן דאס גרעסטע אומגליק, ווען מען קען עס באטראכטן אלס צייטווייליק און פארבייגייענדיק. אזוי איז געווען אין דער ערש־טער וועלט־מלחמה, ווען הונדערטער יידישע ישובים זענען חרוב גע־ווארן, די געליטענע האבן שווער אדער לייכט איבערגעטראגן זייער אומגליק אין דער האפענונג, אז נאך דער ענדע פון דער מלחמה, וועט זיך אויך ענדיקן זייער אומגליקלעכע לאגע. גאנץ אנדערש איז די לאגע היינט. איז דען דא אויף וואס צו האפן? די דייטשן מאכן אלץ חרוב און ועלן, ווארשיינלעך, לויטן פייערלעכן צוזאג פון היטלערן, ענדגילטיק פארניכטן דעם יידישן קיבוץ פון פוילן. וואס וועט זיין מיט די אנדערהאלבן מיליאן יידן אין די ראנד־געביטן, וואס זענען פארנומען געווארן פון די סאוויעטן? צי וועלן די סאוויעטן דא פירן אן אנדערעווירטשאפטלעכע פאליטיק, ווי אין רוסלאנד גופא? צי איז דא וועלכע עס איז האפענונג, אז דער יידישער קיבוץ זאל ווירטשאפט־

לעך קאָנסטרואירט ווערן? איך וויל נישט זיין קיין שלעכטער נביא, נאָר אורטיילנדיק פון די שוין געשעענע פאַקטן און פון די, וואָס קו־מען צו יעדן טאָג, קען מען קיין גרויסער און אפילו קיין קליינער אָפּטימיסט נישט זיין. אַלע יידישע פאַבריקן זענען „נאַציאָנאַליזירט", די קליינע ווארשטאַטן ליקווידירט, די קרעמער פאַרקויפן אָדער באַהאַלטן אויס זייער לעצט ביסל סחורה. אַלע לעבן דערוויייל פון גרייטן, פון די איבערגעבליבענע מזומנים. עס פאַרדינען נאָר צוביסלעך די אַרבעטער, וואָס זענען באשעפטיקט אין די פאַבריקן, און די עטלעכע הונדערט קרעמער, וואָס שפעקולירן מיט שפייז־פּראָדוקטן. דער פאַר־דינסט פון די אַרבעטער איז אַ מינימאַלער אין פאַרגלייך מיט די פּרייזן פון די שפייז־פּראָדוקטן, וואָס שטייגן פון טאָג צו טאָג, און וואָס וועלן זיך, איבריקנס, אויסשעפּן. אַ ווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזם, ווי יעדער אָרגאַניזם, קען נאָרמאַל לעבן און פונקציאָנירן, נאָר לויטן געזעץ פון באַלאַנסירטן געבן און נעמען. ביי אונדז האַלט מען דער־וויייל אין איין ארויסנעמען. די פאַבריקן אַרבעטן אויס די לעצטע זאַפּאַסן רוישטאָפן, וואָס זענען נאָך פון פריער געבליבן אויפן לאַגער, די אויסגעאַרבעטע סחורות פירט מען אַרויס. די פּאַראָנענע שפייז־פּראָדוקטן ווערן קאָנסומירט דורך דער רויטער אַרמיי און טיילווייז פירט מען אויך אַרויס, ווי אייער, מילכוואַרג, עופות, תבו־אות, קאָנסערוון, אוילן א"אַ. וואָס זשע פירט מען אַריין? נאַפט און זאַלץ. אַזוי שרייבן די צייטונגען, אָבער די באַפעלקערונג שפירט גאַנץ ווייניק דעם טעם פון זאַלץ אָדער דעם ריח פון נאַפט..."

די דאָזיקע שמועסן מיינע מיטן דערמאָנטן כלל־טוער, ווי אויך מיט אנדערע, און זייערע אויספירן זענען פאַר מיר קיין נייעס נישט געווען. נישט מער ווי א קאָמענטאַר צו די הונדערטער פאַקטן און דערשיינונגען, וואָס איך אַליין האָב באַאָבאַכטעט יעדן טאָג.

# די לאַגע פון די פּליטים

און ווי אַזוי האָט אויסגעזען די פּליטים־פּראָבלעם? ווי אַזוי האָט עס אויפגעפאַסט די סאָוויעטן־מאַכט פון געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן שטאַנדפונקט, און וואָס פאַר אַ מיטלען האָט זי אָנגענומען די דאָזיקע פּראָבלעם צו לייזן? עס איז שווער, זייער שווער אויסצוגעפינען אויך אויף דעם געביט אַ וועלכע עס איז נישט קלאָרע, איינהייטלעכע ליניע. לאָמיר דעריבער נאָר נאָטירן פאַקטן.

ווען מען האָט לכתחילה געמיינט, אַז די רויטע אַרמיי וועט פאַרנעמען אַלע פּוילישע געביטן ביז דער ווייסל, האָבן פיל פּליטים אָנגעהויבן אומצוקערן זיך אָדער זיך געגרייט אומצוקערן אין זייערע היימען. ווען ס׳איז אָבער שפּעטער פעסטגעשטעלט געוואָרן די דעמאַרקאַציע־ליניע ניעמאַן־בוג, האָבן זיך אַלע פּליטים צוריקגעצויגן און אָנגעהויבן זיך קאָנצענטרירן אין די סאָוויעטישע געביטן, איבערהויפּט אין די גרעסערע שטעט, ווי לעמבערג, לוצק, בריסק, ביאַליסטאָק, ווילנע א״אַ. ווי מיר איז אויסגעקומען אונטערצושטרייכן שוין נישט איין מאָל, האָט מען אויף די דאָזיקע געביטן אויפגענומען דאָס אַריינמאַרשירין פון דער רויטער אַרמיי מיט א געפיל פון שטאַרקער פאַרלייכטערונג, שוין אָפּגערעדט פון דער אָרימער אַרבעטער־באַפעלקערונג, וואָס האָט עס אויפגענומען אַפילו מיט פרייד. די דאָזיקע שטימונגען און געפילן האָבן אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט, נישט געקוקט דערויף, וואָס די טאָגטעגלעכעווירקלעכקייט האָט אָנגעהויבן קלאַפּן איבערן קאָפּ מיט גאַנץ שווערע קלעפּ.

וואָרעם וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס פאַר אַ מענטש, וואָס

האָט זיך אָקאָרשט געראַטעוועט פון אַ שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע, פון אַ גרויליקער שריפה, וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס פאַר אים די היימלאָזיקייט, דער הונגער, די מידקייט, יעדנפאַלס אין די ערשטע עטלעכע טעג? אַלץ אין אים, אַלע זיינע אינסטינקטן זענען געשפּאַנט מיט דער פרייד פון לעבן, פון ניצול ווערן פון טויט. יאָ ברויט, נישט ברויט, יאָ געלעגער, נישט געלעגער, ווער האָט עס גענומען ערנסט — אבי מען דאַרף שוין נישט לויפן און אַנטלויפן פאַרן ברוטאַלן שונא, מען איז שוין נישט באַדראָט פון די גרויזאַמע באָמבאַרדירונגען.

פאַרשטייט זיך, אַז די סאָוויעטן־מאַכט אויף די פאַרנומענע ערטער האָט געקענט נאָר זיין צופרידן פון אַזעלכע שטימונגען און געפילן. דאָס איז געווען אַ פיינע פּאָליטישע הכנסה אָן דער מינדסטער הוצאה.

די דאָזיקע שטימונגען און געפילן האָבן זיך איבערגעטראָגן אין דער פאָרעם פון קלאַנגען און אינפאָרמאַציעס אויף די דייטשע געביטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גראַנדיעזער עמיגראַציע־שטראָם פון די דאָזיקע געביטן. הגם די דייטשע טיראַנען האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון וואָס מער יידן און זיי האָבן אָפיציעל נישט אָנגענומען קיין שום קעגנמיטלען, האָבן זיי אויך דאָ אויסגענוצט די געלעגנהייט אויף צו פייניקן און צו מאַטערן, אויף צו ראַבעווען און אַפילו צו מאָרדן, ווי עס וואָלט זיי אַ שאָד געווען אַרויסצולאָזן דעם קרבן פון דער האַנט.

איז דען גאָר מעגלעך צו שילדערן די סאַדיסטישע פייניקונגען, די בלוטיקע ליידן און יסורים, די איבערלעבונגען פון טויט־שרעק פון די דאָזיקע „עמיגראַנטן". מיר איז אויסגעקומען אַ גאַנצע ריי טעג צו באַאָבאַכטן דאָס אָנקומען פון די דאָזיקע אומגליקלעכע אויפן ביאַליסטאָקער וואָקזאַל. צעשפּאָלטענע קעפּ, פון בלוט האָבן דורכגעווייקטע די שמוציקע, צופעליקע פאַרבינדענע באַנדאַזש־טיכלעך; אונ־

טערגעהאַקטע אויגן, געשפּאָלטענע נעז, אָנגעבונדענע הענט, אַרויס־געריסענע פון די געלענקען...

קען דען זיין אַ מער שוידערלעך־גראָטעסק־בילד, ווען אַט אַזעל־כע מענטשן לאַכן און פרייען זיך?

מיר איז שפּעטער אויסגעקומען צו זיין אין גרענעץ־שטעטל זאַ־רעמבע־קאָשטשעלנע, דער ערשטער גרעסטער פּונקט נאָך דער דע־מאַרקאַציע־ליניע, פון וואַנען דער צוג האָט אָפּגעפירט די אַנטלאָ־פענע קיין ביאַליסטאָק. אַזעלכע אויסטערלישע, אין זייער מענטש־לעכן טראַגיזם, בילדער, ווי מיר איז אויסגעקומען דאָרטן צו זען, קע־נען קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

איינמאָל אַ פאַרנאַכט בין איך געשטאַנען מיט נאָך אַ באַקאַנטן אויפן שמאָלן טראַקט דורך וועלכן די פּליטים פלעגן, געוויינלעך, אָנ־קומען פון „יענער זייט". אַ שטילער זומער־פאַרנאַכט אויף אַ פעלד הינטער אַ קליין שטעטעלע. שטיל און רואיק אַרום און אַרום, די זון האָט זיך שוין געהאַט געזעצט גאַנץ נידעריק, זי האָט אָנגעהויבן פאַר־גיין מיט אַ רויטן פלאַם דאָרט ווייט, ווייט צום האָריזאָנט צו. דער צווייטשער פון די לעצטע אָוועקפליענדיקע פייגעלעך האָט נאָר לייכט איבערגעריסן די זאַנפטע שטילקייט. מיר האָבן אויך געשוויגן, צו באַנגלעך און טרויעריק איז געווען אויפן האַרצן צו קענען אַ וואָרט אַרויסברענגען.

פּלוצלונג דערהערן מיר ווי א מין אָפּקלאַנג פון דערווייטנס, וואָס ווערט אַלץ נעענטער און דייטלעכער, און אָט דערהערן מיר שוין גאַנץ דייטלעך אַ געזאַנג...

— ווער זינגט עס? — וווּנדער איך זיך. — און מיר דאַכט זיך, אַז מען וויינט גאָר — ענטפערט מיר מיין באַקאַנטער.

מיר הערן זיך איין נאָך אָנגעשטרענגטער. און ווירקלעך — מען הערט אַ געזאַנג, אָבער אויך א געוויין. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? אין דער שטילקייט פון בין־השמשות האָט עס אויסגעזען אַזוי אויסטער־ליש, אַזוי קאָשמאַרפול און גלייכצייטיק אַזוי רירנדיק און פיינלעך,

אַז מיר זענען ווי פאַרגליווערט געוואָרן, ווי דאָס גאַנצע חיות וואָלט אונדז אנטרינען געוואָרן פון די גלידער. דאָס געזאַנג איז דערווייל געוואָרן אַלץ שטאַרקער און דאָמינירנדיקער, עס האָט ווי פאַרדעקט דאָס געוויין, און ביסלעכווייז האָט פון דער פינצטערניש אָנגעהויבן אַרויסטויכן איין סילועט, אַ צווייטער, אַ דריטער. מיר זענען דער־ווייל געקומען צו זיך און אָנגעהויבן אַנטקעגן צו גיין. די דיסטאַנץ צווישן אונדז איז געוואָרן אַלץ קלענער. און אָט זענען מיר שוין גאַנץ נאָענט. געווען איז דאָס אַ גרופּע פּליטים, מערסטנטייל יונגע מענער און פרויען, וועלכע עס האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצורייסן זיך פון „דעמאַרקאַציאָנס־לאַגער", וווּ זיי האָבן געמוזט ליגן אויפן אָפענעם פעלד עטלעכע טעג צייט אין רעגנס און האַרבסטיקע קעלטן. דער־זעענדיק פון דערווייטנס דאָס שטעטעלע, האָבן זיי זיך פון גרויס פרייד צעזונגען, אַנדערע, איבערהויפּט די פרויען, האָבן פון גרויסער נערוון־אַנטשפּאַנונג געוויינט. מיט אַ נערוועזער לעבהאַפטיקייט האָבן זיי אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זייערע איבערלעבונגען, איינער אי־בעררייסנדיק דעם צווייטן.

מיר האָבן זיי אויסגעהערט שווייגנדיק, אויפמערקזאַם. שוין נישט צום ערשטן מאָל איז אונדז אויסגעקומען צו הערן די דאָזיקע באמת גרוילעכע געשיכטעס, ווען מענטשן זענען נישט איינמאָל גע־ווען נאָענט צום טויט און נאָר על־פּי־נס, צוליב אַ גליקלעכן צופאַל, ניצול געוואָרן. יעדער איינער אָדער יעדע גרופּע באַזונדער האָט אָבער געהאַט דעם איינדרוק, אַז נאָר מיט זיי איז דאָס געשען. מיר האָבן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען זייער געמיט־צושטאַנד נאָכן איבערקו־מען די אַלע צרות, אָבער צי האָבן מיר געקענט פילן זייער פרייד?

אָט שטיי איך אויפן פּעראָן ביי דער באַן־סטאַנציע אין זאַרעמ־בע־קאָשטשעלנע. מיט אַ פריילעכן טומל רייסט מען זיך אַריין אין דעם אַזוי גערופענעם פּליטים־צוג, וואָס גייט אָפּ דירעקט אויף ביאַ־ליסטאָק. אין איין וואַגאָן איז באַזונדערס טומלדיק, קוק איך אַריין און דערזע דורכן פענצטער אַ באַקאַנטן יידישן זשורנאַליסט, וואָס

איז אויך פון די גליקלעכע, אָקאָרשט געקומענע פון וואַרשע. איך רוף אים ביים נאָמען, ער דערפרייט זיך צו האָבן דאָ באַקאַנטע און ער שפרינגט אַרויס צו מיר. און ווידער דאָס זעלביקע: אויפגערעגטקייט, פרייד, כמעט גליקזעליקייט. ער דערציילט מיר, פאַרשטייט זיך, אַלע זיינע פּאַסירונגען און ער פאַרענדיקט פריילעך: דאָס ערגסטע איז בערגעקומען, איצט הייבט זיך אָן גאָר עפּעס אַנדערש... ער קוקט דערביי מיר אין די אויגן, ווי ער וואָלט ביי מיר געזוכט אַ באַשטעטיקונג צו זיין אָפּטימיזם, צו זיין דערוואַרטונג פון „גאָר עפּעס אַנדערש". זעענדיק אָבער מיין מינע, רייסט ער איבער אין מיטן און קוקט אויף מיר מיט גרויס פאַרווונדערונג. — פאַר וואָס שווייגט איר אַזוי? — פרעגט ער מיך — ביי אונדז אין וואַרשע דערציילט מען דאָך גאַנצע לעגענדעס וועגן אייער לעבן דאָ!!!

וואָס האָב איך אים געזאָלט ענטפערן, אַז די לעגענדעס זענען, צום באַדויערן, אין וואַרשע, און דאָ לעבן מיר אין דער ווירקלעכקייט, אין דער האַרטער ביטערער ווירקלעכקייט פון אַ היימלאָזן, שוצלאָזן און אָן שום אויסזיכטן אויף בעסערס, פאַרקערט מיט זיכערע אויסזיכטן אויף ערגערס?! קען מען דעם געראַטעוועטן פון איין אומגליק אָנזאָגן די בשורה וועגן אַ צווייטן אומגליק?

— מיר וועלן זיך זען אין ביאַליסטאָק, וועלן מיר זיך אויספירלעך דורכשמועסן, — האָב איך זיך אויסגעדרייט פון אַ דירעקטן ענטפער. איך בין זיכער געווען, אַז ביז מיר וועלן זיך נאָך אַ מאָל זען, וועט ער שוין מיין ענטפער נישט דאַרפן.

:: :: ::

איינמאָל אַ פאַרנאַכט, צוקומענדיק צום דערמאָנטן גרענעץ־טראַקט אין זאַרעמבע קאָשטשעלנע, טרעף איך דאָרט זיצנדיק אויף דער ערד אין גראָז צוויי יונגעלייט פון וואַרשע. אויף דער פראַגע, פאַרוואָס זיי איילן זיך נישט אין שטאָט אַריין צו שאַפן זיך אַ געלעגער, אַז שפּעט ביינאַכט קען מען זיך נישט דרייען און עס וועט זיי בכלל שווער זיין צו באַקומען אַן אָרט איבערצונעכטיקן, ענטפערן

זיי מיר קורץ, אָפּגעהאַקט און שווייגן, ווי זיי וואָלט שווער געווען צו רעדן. דאָס האָט מיך שטאַרק געוואונדערט, מענטשן פון „יענער זייט“, וואָס זענען געוויינלעך אַזוי באַרעדזאַם וועגן זייערע פּאַסירונגען און אומגליקן, זאָלן אַזוי עקשנותדיק שווייגן. די זאַך האָט מיך צו שטאַרק אינטערעסירט, אַז איך זאָל זיך קענען אָפּהאַלטן פון אַ באַמערקונג וועגן דעם. זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן. און וואָס מער זיי האָבן גע־רעדט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן זייער פאַרביטערונג און צער. און דערציילט האָבן זיי מיר וועגן דעם „קיינעמס לאַנד“, וועגן אַן אָפּגע־צוימטן פּלאַץ אויף דער דעמאַרקאַציע־ליניע, וווּ עס געפינען זיך טויזנטער פּליטים, צווישן זיי אויך פיל פרויען און קליינע קינדער.

פון איין זייט די דייטשע גרענעץ, די טויערן פון גיהנום, פון וועלכן מען איז אַנטלאָפן, זייענדיק אָנגעוויזן אויף צענדליקער טויט־געפאַרן, שוין נישט רעדנדיק וועגן די פיזישע פּייניקונגען, באַליי־דיקונגען און דערנידעריקונגען — און פון דער צווייטער זייט — די סאָוויעטישע גרענעץ — די טויערן פון גן־עדן, צו וועלכע מען איז געלאָפן. די וואָס האָבן אויסגעטראַכט דעם גיהנום און גן עדן האָבן, זעט אויס, געהאַט ווייניק פאַנטאַזיע, זיי האָבן זיך נישט געקענט פאָר־שטעלן, אַז עס איז פאַראַן נאָך עפּעס ערגערס, אַז עס איז פאַראַן אַ „קיינעמס לאַנד“. זענען דאָס גרויל־געשיכטעס, אויסגעטראַכטע פון אַ צערייצטער קרענקלעכער פאַנטאַזיע? איז דאָס מעגלעך, אַז מענטשן זאָלן וועלן דערשטיקן קליינע קינדער, כדי זיי זאָלן נישט וויינען און חלילה נישט צוציען די אויפמערקזאמקייט פון דער וואַך? איז דאָס מעגלעך, אַז מענטשן זאָלן עסן און צוקוקן ווי אַנדערע גייען אויס פון הונגער און דאָך נישט וועלן אָפּגעבן פון זיך אַ קריש?

טעג און נעכט איז מען געלעגן, די הארבסט־רעגנס און קעלטן האָבן זיך איינגעזאַפּט און איינגעגעסן אין אַלע גלידער, מענטשן זע־נען קראַנק געוואָרן, קליינע קינדער האָבן זיך געצאַפּלט אין לעצטער טויט־אַגאָניע, אָבער די טויערן פון גן־עדן זענען געווען פאַרמאַכט. עס האָט קיינעם נישט גערירט. צו די טויערן פון גיהנום האָט מען

זיך נישט אומגעקוקט. „איך וועל קיינמאל נישט פארגעסן דאס בילד איינמאל ביינאכט — באמערקט איינער פון די יונגע־לייט — ווי צו דער אפצוימונג איז צוגעקומען דער קאמענדאנט פון דער דייטשער וואך, געמאכט די פיפקע, הויך געסאפעט און געשריגן: עי, פארפלוכטע יודען, קיינער וויל אייך נישט האבן, אט זיי — האט ער אנגעוויזן צו די סאוועטישע גרענעץ־פאסטנס — ווילן אייך אויך נישט האבן".

אין א קליינער דזשונגל האט זיך ביסלעכוויז „דאס קיינעמס לאנד" פארוואנדלט, מיט די ברוטאלע געזעצן פון דזשונגל. יעדער איינער — נאר פאר זיך, געזוכט ברויט מיט וואסער נאר פאר זיך, געזוכט אן ארט, ווי ארום צו אנטלויפן נאר פאר זיך, האט זיך דעם עמיצער צומאל צוגעהערט און דורכגענומען זיך מיטן יאמערלעכן געוויין פון די מאמעס, וואס די קינדער זייערע זענען זיי אויף די הענט אפגעשטארבן פון קעלט און פיבער? האט דען עמיץ געקענט זיך צוהערן צום מידן געוויין פון די קינדער, „מאמע איך וויל עסן, איך בין הונגעריק"?

אז מענטשן האבן זיך שוין געהאט גענוג אנגעמאטערט, אז די ליידן זענען שוין געווען איבער דער מאס פון מענטשנס אויסדויער און שטאנדהאפטיקייט, האבן זיך די טויערן פון גן־עדן פלוצלינג געעפנט. ווער און צו וואס האט עס באדארפט אזוי פיל פיין, צער, מענטשלעכע טרערן?

אז מען האט זיך אויפמערקזאם צוגעקוקט צום אויסדרוק פון די פנימער אין די גאסן, האט מען זייער לייכט געקענט אונטערשיידן צווישן די אזויגערופענע פליטים־תושבים, ד"ה אזעלכע, וואס געפינען זיך שוין דא א לענגערע צייט און די פריש־אנגעקומענע, די אזוי גערופענע גרינע. די פנימער פון די ערשטע זענען געווען ערנסטע, אומעטיקע און רואיקע, אויף די פנימער פון די לעצטע האט מען נאך געזען א פריילעכן שמייכל, אן אויפרעגונג און אומרואיקייט.

דערווייל איז די לאגע פון די פליטים געווארן נישט נאר פון טאג צו טאג, נאר פון שעה צו שעה אלץ ערגער און ערגער. די קליינע צאל

שלעכט־אָרגאַניזירטע קיכן, וואָס האָבן שוין באַלד אין אָנהייב נישט געקענט דערפילן זייערע אויפגאַבן, זענען איצט געווען ווי אַ טראָפּן אין ים לגבי דער אומגעהייערער נויט פון די פּליטים. טויזנטער פּלי־טים האָבן נישט געקענט זיך דערשלאָגן אין משך פון וואָכן צו אַ ביסל וואַרעם געקעכטס. אין אַ בעסערער לאַגע האָבן זיך געפונען די פּליטים, וואָס האָבן געגעסן פון די קיכן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. הגם דאָס עסן איז געווען נישט געשמאַק, וויניקלעך, יעדן טאָג דאָס זעלבע (געקאָכטע קרויט), אָבער וואַרעם איז עס געווען, געקאָכט אויך, האָט מען זיך געקענט איינרעדן, אַז מען האָט געגעסן אַ לעפל וואַרעמס.

אמערגסטן איז אָבער געווען מיט דער וווינונגס־פראַגע, דאָ איז יעדער פּליט געווען לחלוטין אָנגעוויזן אויף זיך אַליין, אויף גאָטס באַראָט. אפילו ביי אַ געהעריקער אָרגאַניזאַציע און פּלאַנמעסיקייט וואָלט אוממעגלעך געווען צו לייזן די פראַגע, בפרט נאָך, אז אין דער הינזיכט האָט קיינער, נישט די מאַכט־אָרגאַנען און נישט די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען, נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס און באַציונג. לכתחילה האָט מען אַ טייל פּליטים, מערסטנטייל פאַמיליעס, איינגעאָרדנט אויף די הינטערשטאָטישע דאַטשעס, אָבער דאָס באַ־זייטיקט ווערן פון שטאָט האָט פאַר די פּליטים געשאַפן אַ שווערע לאַ־גע צוליבן מאנגל פון שפּייז־פּראָדוקטן. א חוץ דעם זענען דאָרט די היגיעניש־סאַניטאַרע באַדינגונגען, צוליב דער אָנגעפּראָפּטקייט מיט מענטשן, געווען פשוט שוידערלעכע. עס האָט געפעלט אַ האַנט, וואָס זאָל די זאַך רעגולירן און אָרגאַניזירן.

דערווייל האָט זיך שוין צוגערוקט דער קאַלטער שפּעט־האַרבסט, דער אָנזאָגער פון קאַלטן ווינטער און עס האָט קיין רייד נישט גע־קענט זיין צו בלייבן אין די זומער־דירות, בפרט נאָך מיט קליינע קינדער.

אין שטאָט גופא איז די לאַגע אויך נישט געווען בעסער. די פּלי־טים האָבן שוין געהאַט באַזעצט אַלע שולן, בתי־מדרשים, געזעלשאַפט־

לעכע לאָקאַלן, אומעטום איז געװען אָנגעשטאָפּט, איבערגעפּילט. און דאָך, אַז מען פּלעגט אַרויסגײן אין גאַס אין אַ באַליביקער נאַכט־שעה זענען אַלע גאַסן געװען פול מיט פּליטים, אַזוי גערופענע נאַכט־װאַנ־דערער, װאָס האָבן נישט געהאַט נישט נאָר קײן אָרט, װו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן, נאָר אפילו װו דעם פוס אַװעקצושטעלן. װי לאַנג אָבער קען מען זיך דרײען בײַנאַכט נאָך אַ גאַנצן טאָג דרײעניש? פּלעגט מען זיך טאַקע פון טויט־מידקייט אַװעקזעצן אין די ראָװעס, בײַ די װענט, װער שמועסט נאָך, אַז מען האָט געקראָגן אַ שטיקל קאָרידאָר, װאָס איז נישט פאַרמאַכט געװאָרן בײַדערנאַכט, איז מען גאָר געװען אַ גליקלעכער.

צוליב דעם אָנקומען פון די קעלטן, האָט זיך אַ גרויסער טײל איבערגעטראָגן אויפן װאָקזאַל, װו די ענגשאַפט, דעמפּיקייט און פאַרשטיקטע לופט זענען געװען קוים צום איבערטראָגן.

נישט אײנמאָל איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן אָט די פאַר־שידענע פּליטים־נעסטן, װו איך האָב זיך געטראָפן מיט חברים. איז דען מעגלעך צו שילדערן, איבערצוגעבן דאָס זעלבסטגעפיל פון די דאָזיקע חברים? „מיר זענען אַװעק פון דער הײם נאָך אַזױפיל שװע־רע איבערלעבונגען, באַקלאָגט זיך דער ח׳ ז־ן, מיר האָבן פאַרלאָזן אַלץ, װאָס איז אונדז טײער געװען, נישט װײל מיר זענען אויך מיט־געריסן געװאָרן מיט דער לעגענדע װעגן דעם גן־עדן־לעבן דאָ, עס איז אונדז שוין פשוט אוממעגלעך געװען לענגער צו בלײַבן. דער ברוטאַלער טעראָר האָט זיך פאַרשטאַרקט פון טאָג צו טאָג, קײן אײן שעה אין טאָג ביסטו נישט געװען זיכער מיטן לעבן, בפרט יונגע מענטשן. יעדן טאָג האָט מען געכאַפּט צו אַרבעט, געקאַטעװעט, און אומגעקערט זיך אַהײם, כדי מאָרגן װידער געכאַפּט צו װערן. איז מען אַנטלאָפן. צי האָט מען זיך געמאַכט װעלכע עס איז אילוזיעס? בשום אופן נישט. און דאָך איז דאָס לעבן דאָ שוין געװאָרן אומדער־טרעגלעך. װי לאַנג קען מען זיך װאַלגערן אין אַזעלכע אוממענטש־לעכע באַדינגונגען?"

„ביינאַכט אויפֿן געלעגער (עס זאָגט זיך נאָר אַזוי אויפֿן געלע־גער, אויב מען קען אַ שמוציקע פּאַדלאָגע מיט שטרוי אַזוי אָנרופֿן) טראַכט דעם, וואָס אַ גאַנצן טאָג איז מען אויף די פֿיס, מען דרייט זיך אויף די גאַסן, ליגט מען מיט אָפֿענע אויגן און מען שמועסט וועגן דער היים, — דערציילט מיר אַ צווייטער. — איך האָב אַמאָל גע־לייענט אין אַ בוך וועגן אַ קראַנקהייט, וואָס רופֿט זיך היים־בענק־שאַפֿט, שיענקיעוויטש באַשרייבט עס וווּנדערלעך אין זיינע שילדע־רונגען פֿון פּוילישן פּויערים־עמיגראַנט אין אַמעריקע. איך האָב גע־האַלטן, אַז דאָס קען נאָר זיין אַ קינדישע קראַנקהייט. איז מיר באַ־שערט געוואָרן אַליין איבערצוטראָגן די דאָזיקע קראַנקהייט. גאַנצע נעכט שמועסט מען וועגן דער היים. דאַכט זיך, וואָס איז דאָ צו שמועסן. אָפּגעלעבט אַ שטיק לעבן אויף ניסקע, פּאַוויע, מילע, קאַר־מעליצקע, קראָכמאַלנע און אַנדערע יידישע גאַסן, אָרימע גאַסן מיט אָרימע יידישע הענדלער, טרעגער, האָרעפּאַשניקעס און אַרבעטער, און דאָך דערמאָנען מיר זיך אין דאָזיקן לעבן ווי אין אַ שיינעם חלום. אָט אויף די דאָזיקע גאַסן האָט דאָך געפּלאַסן און געשטראָמט אונ־דזער רייך, געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטיש לעבן, דאָ זענען מיר אויסגע־וואַקסן, זיך אַנטוויקלט און געקעמפֿט".

— אַ מענטש, — באַמערקט דער שטענדיק געמיטלעכער ח' ד־ן, — איז אַ פֿאַרפֿאַלענער טרוימער. ווען מען רעדט, למשל, וועגן דער אָרעמער מילע גאַס מיט אירע אָרעמע בייגל־הענדלער, זע איך פֿאַר מיינע אויגן דעם „צוקונפֿט־קלוב", אויף מילע 51 און איך הער דאָס יוגנטלעכע געזאַנג פֿון „צוקונפֿט־כאָר", און דערמאָנט מען קאַר־מעליצקע 29, זע איך פֿאַר די אויגן דעם „סקיף־קלוב" און הער דאָס געזאַנג פֿון „סקיף־כאָר". און ווו האָט איר דען בכלל אין וואַרשע אַ יידישע גאַס, ווו מיר זאָלן נישט שטעקן מיט אונדזערס אַ פֿאַראיין, אַן אינסטיטוציע? איז דען מעגלעך, אַז דאָס אַלץ איז שוין מער נישטאָ, אַז עס איז נישט מער ווי פֿאַרגאַנגענהייט? איך קען זיך בשום אופֿן נישט צוגעוווינען צום דאָזיקן געדאַנק, איך לעב עפּעס כסדר מיט

אַ געפיל, מיט אַ מאָדנעם נעפּלהאַפטן געפיל, אַז דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַ קאָשמאַר, וואָס וועט אָט באַלד פאַרביי".

די דאָזיקע שטימונגען האָבן אָנגעהויבן נורטעווען באַלד אין די ערשטע טעג נאָכן אָנקומען פון וואַרשע. דאָס זענען אייגנטלעך געווען כאַראַקטעריסטישע שטימונגען פון יעדן נאָרמאַלן פּליט. באַלד אָבער איז אונדזערע חברים באַשערט געווען פאַרוואַנדלט צו ווערן אין „אומנאָרמאַלע" פּליטים, אומנאָרמאַלע אין דעם זין, וואָס אַנשטאָט מען זאָל זיי לאָזן צורו אויף הפקר, ווי מען האָט עס געטאָן מיט אַלע איבעריקע פּליטים, האָט מען זיך דווקא אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט זיי. וואַרשעווער פּליטים „געוועזענע", האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן לטובת דעם „אמתן סאָציאַליזם". לעבנדיק אין ווייט נישט קיין בעסערע באַדינגונגען ווי אַלע אַנדערע פּליטים, נישט באַקומענדיק קיין שום פּריווילעגיעס, קיין שום פּרעמיעס פאַר די אמאָליקע פאַרדינסטן, האָט מען געוואָלט ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט אַ פרישער „פאַרדינסטפולער" אַרבעט.

די „געוועזענע" האָבן אַ זאָג געטאָן דאָרט, ווו מען דאַרף, אַז צווישן די פּליטים דרייט זיך אַרום אַ „געפערלעכער עלעמענט", און לויט אַ ווונק פון „אויבן" האָט זיך אָנגעהויבן אַ יאַגד אויפן „געפערלעכן עלעמענט", וואָס איז אַנטלאָפן פון היטלערן מיטן נאַיוון גלויבן צו געפינען שוץ ביי דער איינציקער, גרויסער סאָציאַליסטישער מאַכט, וואָס האָט געדאַרפט נעמען אויף זיך די גראַנדיעזע היסטאָרישע מיסיע צו באַקעמפן דעם גרעסטן טויט־שונא פון סאָציאַליזם... פאַרבאָרגן אָבער, זייער פאַרבאָרגן זענען די וועגן פון דער דאָזיקער סאָציאַליסטישער מאַכט פאַר אַ געוויינלעכן בשר ודם. איז צו אַלע טראַגישע קוריאָזן צוגעקומען נאָך אַ קוריאָז: יעדער איינער פּליט איז געווען באַרעכטיקט צו פירן זיין הינטיש לעבן פון אַ פּליט, צו וואַלגערן זיך אין די גאַסן, רייסן און שטופּן זיך ביי די פאָלקסקיכן צו באַקומען אַ ביסל וואַרעם וואַסער, בייגאַכט אַוועקצוואַרפן דעם טויט־מידן קערפּער אויף די שמוציקע פאָדלאָגעס פון די שולן

און בתי־מדרשים. האָט ער געמעגט זיין אַ רב, אַ גלח, אַ טאַטער, אַ גנב, אַן אַפעריסט, אַלץ, — אָבער נישט קיין געוועזענער סאָציאַליסט, דער עיקר — אַ בונדיסט.

איז, ווי געזאָגט, האָט זיך די יאָגד אָנגעהויבן, ממש אַ יאָגד אײבער די גאַסן פון ביאַליסטאָק. נאַטירלעך האָבן די טויזנטער פּליטים, וואָס האָבן אָנגעפילט די גאַסן, נישט געזען און נישט געהערט און די מינדסטע אָנונג נישט געהאַט, וואָס עס טוט זיך אָפּ פאַר זייערע אויגן. דער באַהאַוונטער און אויפמערקזאַמער באַאָבאַכטער אָבער האָט געקענט אויפכאַפּן אַזאַ בילד: עס גייען שנעל צוויי יונגע מענטשן, קוקן זיך פאַרזיכטיק אַרום, איינער רעכטס, דער צווייטער לינקס, אין דער זייט, ביי די טראָטואַרן שטייען אַנדערע, אויך צו צוויי אָדער דריי, קוקן דורכדרינגענדיק אויף אַלע פאַרבייגייענדיקע, וואַרפנדיק דערביי שאַרפע, שפּיציקע בליקן. יענע צוויי באַמערקן עס, פאַרדרייען שנעל אין דער נאָענטסטער קוואַר־גאַס. באַאָבאַכטנדיק אַזעלכע בילדער, האָב איך זיך געטראַכט: ווי וויכטיק, ווי אומגעהייער וויכטיק עס וואָלט געווען פאַרן געשיכטלעכן אמת צו פאַראייביקן אַזעלע בילדער. ווייל צי וועלן שפּעטערדיקע דורות קענען גלייבן אין עטוואָס ענלעכעס? און אַז זיי וועלן יאָ גלייבן, צי וועלן זיי זיין אין שטאַנד פאַרצושטעלן זיך אין דער פאַנטאַזיע זייערער דעם אויסדרוק און די פּנימער פון די פאַרפאָלגטע און פון די פאַרפאָלגער, ביידע — אַרבעטער, יידישע אַרבעטער פון איין שטאָט? מיט דער צייט איז די דאָזיקע אויסשפּיר־טעטיקייט געוואָרן פאַרפולקאָמטער, אַ סך ראַפינירטער און פּרעציזער: מען האָט אָרגאַניזירט באַאָבאַכטונגס־גרופּעס פון פאַרשידענע שטעט, עס זאָל זיין לייכטער צו דערקענען די קרבנות.

# די רפואה צו דער מכה

און די לאַגע פון די פּליטים איז צו יענער צייט געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. עס האָט זיך שוין דערנענטערט דער ווינטער. די וווינונגס־פּראָגע איז געוואָרן אַלץ שאַרפער, דער מאנגל אין שפּייז־פּראָדוקטן און דער געוואלטיקער יקרות — אַלץ פּילבאַרער. די געדריקטע שטימונג פון די פּליטים האָט זיך שוין נישט געלאָזט פאַר־באָרגן אין זיך, אויף די געלעגערס. די פינצטערע פּנימער אויף די גאַסן, די פאַרצווייפלונג און פאַרביטערונג, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין גאַנץ הויכע שמועסן אומעטום, וווּ עס האָבן זיך גע־פונען פּליטים — אין די עפנטלעכע ערטער, אין די אכסניות, אין די קיכן, אין די קאַפעען — האָבן, זעט אויס, געצוווּנגען די מאַכט־אָרגאַ־נען ווידער זיך צו פאַרנעמען מיט דער פּליטים־פּראָגע.

אין איינעם אַ טאָג, האָבן זיך באַוויזן מעלדונגען אין די גאַסן, אין דער פּרעסע, אַז מען הייבט אָן צו רעגיסטרירן אויף אַרבעט קיין רוסלאנד. ווידער האָט מען מיט פאַרלייכטערונג אָפּגעאָטעמט, מען האָט באַלד פאַרגעסן אין אַלע ביזאַיצטיקע צרות. די גאַסן זענען ווי באַלעבט געוואָרן, עס האָבן זיך באַוויזן שמייכלענדיקע פּנימער. און עס איז גאָר קיין חידוש נישט: קיין בעסערן אויסוועג האָט מען זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן. אמת, לכתחילה האָט מען געהאָט צו־געזאָגט און פייערלעך פאַרזיכערט, אַז עס וועט זיך אָנהייבן אין די באַפרייטע ערטער אַן אַרבעט אויף אַלע געביטן, אַז עס וועט זיין באַשעפטיקונג פאַר אַלע: פאַר אַרבעטער אין די פאַבריקן, פאַר האַנט־ווערקער אין די אַרבעטס־קאָאָפּעראַטיוון. פאַרוואָס זשע עפּעס אַזש

קיין רוסלאַנד? צי פעלן דען אין רוסלאַנד אַרבעטס־הענט? אָבער אַ טרינקענדיקער כאַפּט זיך אָן אין אַ שטרוי און פרעגט נישט קיין קשיות. האָט מען טאַקע נישט געפרעגט און מען איז געלאָפן, אין די טויזנטער איז מען געלאָפן, פאַרשרייבן זיך אויף אַרבעט. אין יענע טעג האָבן די ביאַליסטאָקער גאַסן אויסגעזען אַ ביסל אַנדערש, זיי האָבן צוריק באַקומען אַ נאָרמאַלן אויסזען. דערפאַר האָט זיך אויף דער גאַס, ווו עס האָבן זיך געפונען די אַרבעטס־בירזשעס געטאָן חושך. רייען, אומענדלעכע לאַנגע רייען, זענען געשטאַנען טאָג און נאַכט, מען האָט געגעסן שטייענדיק אין דער ריי און מען איז געשלאָפן אָנגעשפאַרנדיק זיך איינער אויפן צווייטן און געוואַרט אויף דער גליק־לעכער מינוט.

וואָס פאַר אַ מאָדנע, אייגנאַרטיקע באַשעפעניש דער מענטש איז, ווי לייכט ער קען פאַרגעסן אין פריערדיקן, ווי גרייט ער איז צו יע־דער מינוט, ביי דער ערשטער גינסטיקער געלעגנהייט, צוריק אָנ־הייבן גלייבן און האָפן! מעגלעך, אַז דאָס איז געזונט און נאָרמאַל פאַר דער זעלבסטדערהאַלטונגס־מעגלעכקייט פון מענטשלעכן מין. טראָגן דער ביזאיצטיקער, הגם קורצער, אָבער גאַנץ כאַראַקטעריסטישער דערפאַרונג, וואָס מען האָט געהאַט מיט דער סאָוויעטן־מאַכט, האָט מען אָנגעהויבן גלייבן און מען איז געווען פול מיט האָפענונג. די וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק פאַרשריבן צו ווערן, האָבן זיך אַרומ־געדרייט אויף די גאַסן ווי אמתע אויסדערוויילטע, טריאומפאַטאָרן, דאָס גליק האָט זיי אַראָפּגעשיינט פון די פּנימער. — „ענדלעך — פלעגן זיי צופרידענע זאָגן — א סוף צו די ביזאיצטיקע צרות". און אויך אַ סך פון אונדזערע חברים האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט דער דעה צו פאַרשרייבן זיך. צי האָט מען געקענט קאַטעגאָריש זיי עצהגעבן, אַז נישט? מיין שטעלונג איז געווען אַן אויסגעשפּראָכן נעגאַטיווע. ס'רוב פון מיינע באַקאַנטע, געוועזענע געזעלשאַפטלעכע טוער, האָבן אויך געטיילט מיין מיינונג. עס איז דאָך פאַר יעדן איינעם קלאָר געווען, אַז דער באַשלוס צו שיקן אויף אַרבעט קיין רוסלאַנד איז אַ רעזולטאַט

פון שווערן קריזיס, אין וועלכן עס איז אַריינגעטרעטן די פּליטים־פּראָבלעם אויף די פאַרנומענע געביטן. ווייטער לאָזן די געשעענישן זיך אַנטוויקלען פון זיך זעלבסט האָט מען נישט געקענט. עס איז פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט געווען נישט געווונטשן און פון מלוכה־שטאַנדפּונקט נישט בכבודיק, אַ קליינינקייט דאָס גרויסע מעכטיקע סאָוויעט־רוסלאַנד, וואָס האָט שוין געלייזט און פּרוווט ווייטער לייזן די גראַנדיעזסטע סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען ביי זיך אין לאַנד, זאָל נישט קענען לייזן די פּליטים־פּראָבלעם, אַ פּראָבלעם פון עטלעכע צענדליק, לאָמיר זאָגן פון הונדערט טויזנט פּליטים (פּאַראַפראַזירט פון אַ סאָוויעטישן רעדנער אויף אַ מיטינג)? מען האָט געמוזט ראַטעווען די מערכה, און וואָס דאַרף מען בעסערס — מען גיט אַר־בעט אין רוסלאַנד.

יעדער ניכטערער און רואיק־דענקענדיקער מענטש האָט געמוזט זיך שטעלן אַ פראַגע: צי נייטיקט מען זיך ווירקלעך אין אַרבעטס־הענט אין רוסלאַנד? צי וועלן זיי, די פּליטים־אַרבעטער, דאָרט זיין נישט צו זאָגן, קיין אַנגעלייגטע, נאָר אַפילו בלויז געווונטשענע געסט? צי וועלן זיי זיך קענען צופּאַסן צו די דאָרטיקע אַרבעטס־ און לעבנס־באַדינגונגען? די אַלע ספקות און פראַגן זענען נישט געווען קיין טעאָרעטישע, נאָר זיי זענען אַרויסגעפלאָסן אויפן סמך פון אינפאָר־מאַציעס, וואָס מיר האָבן געהאַט וועגן דער לאַגע אין רוסלאַנד. איז דאָך פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען, אַז אין רוסלאַנד איז ביז היינט צו טאָג דער נידעריקסטער לעבנס־סטאַנדאַרט, אַז די אַרבעטס־באַ־דינגונגען אויף די פאַבריקן זענען אַזעלכע, אַז אַפילו דער רוסישער אַרבעטער, וואָס שטאַמט פון דאָרף, וואַנדערט פון איין אָרט צום צווייטן, זוכנדיק בעסערע באַדינגונגען. צי האָט מען זיך דעריבער אַפילו איין מינוט געקענט איינרעדן, אַז פאַר די דאָזיקע עטלעכע צענדליק טויזנט אַרבעטער (אין אַזאַ צאָל האָט זיך עס געהאַנדלט), וואָס די מאַכט שיקט זיי צופעליק, געצוווּנגענערהייט (איך מיין די געצוווּנ־

געגעשאַפט לגבי די שיקער) אויף אַרבעט קיין רוסלאַנד, אַז פאַר זיי וועלן געשאַפן ווערן אויסנאַמסוויז גוטע אַרבעטס־באַדינגונגען?

ווי געזאָגט, איז מיין שטעלונג געווען אַן אויסגעשפּראָכן נעגאַ־טיווע. איך האָב אָבער די חברים, וואָס האָבן זיך מיט מיר בעראַטן, קיין קאַטעגאָרישע עצות נישט געוואָלט געבן. פאַרוואָס? ווייל נישט שטענדיק און נישט צו יעדן איינעם קענט איר אָנווענדן לאָגישע אַר־גומענטן און זאַכלעכע פעסטשטעלונגען. עס זענען פאַראַן געוויסע לעבנס־אומשטענדן, ווען די לאָגיק איז אין אַ גאָר שאַרפער סתירה מיט דער פסיכאָלאָגיע און זאַכלעכע פעסטשטעלונגען — מיט דער זאַכלאַגע. אַז אַ קראַנקער, אַ שווער קראַנקער, וויל פּלוצים פאָרן צו אַ באַשטימטן דאָקטאָר, האָבנדיק דערביי די לייכטסטע, לאָמיר זאָגן, האָפענונג געגעזן צו ווערן, צי מעגן מיר אים קאַטעגאָריש אָפּעצהן, וויסנדיק אפילו אויף זיכער, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַן אילוזיע? בפרט נאָך, אַז מיר זענען דעמאָלט נישט אין שטאַנד געווען, יעדנ־פאַלס אין דעם מאָמענט, וועגן וועלכן איך רעד דאָ, צו געבן וועלכע עס איז נישט ממשותדיקע, אפילו קליינע הילף. איך האָב פאַר־שטאַנען נאָך עפּעס: פּונקט ווי פון אַ קינד, אַזוי אויך פון אַ דער־וואַקסענעם, טאָר מען נישט פאַרלאַנגען זאַכן, וואָס זענען איבער זיי־נע כוחות אויסצופירן. צו קענען אויסהאַלטן דעם נסיון, די אילוזיע, וואָס האָט אַזוי געלאָקט, וואָס האָט אויסגעזען אַזוי העל אין דער פינצטערניש פונעם היינטיקן טאָג, — מען האָט געדאַרפט האָבן זיי־ער אַ שטאַרקן כאַראַקטער און אויסדויער־קראַפט, אייגנשאַפטן, וואָס זענען אַ דאַנק די אומברחמנותדיקע לעבנס־באַדינגונגען אַלץ מער און מער ביי אונדז אַלע ניוועלירט געוואָרן.

איך דערמאָן זיך אין פאָלגנדיקן טראַגישן עפּיזאָד:

איינמאָל, שפּעט אין אָוונט איז עס געווען, ווען אונדזערע חברים האָבן מיט מער פרייהייט געקענט זיך באַוועגן אין גאַס, די פינצ־טערניש האָט געהיטן, איז איינמאָל, פאַרקירעווענדיק זיך אויף שטש. גאַס, ווו איך האָב געוווינט, הער איך אַ באַקאַנטע שטימע, וואָס רופט

מיך. איך דערנענטער זיך און דערקען דעם ח' ד״ן. איך האָב זיך זייער דערפרייט צו טרעפן אים, ווייל איך האָב שוין אַ לענגערע צייט נישט געהאַט אים געזען. ער איז אָבער, זעט אויס, געווען אין זייער אַ געדריקטער שטימונג. איך האָב זיך צוריקגעהאַלטן פון רעדן, און אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ פּײַנלעך שטילשווייגן. איך בין זיכער געווען, אַז עפּעס האָט ער מיר צו זאָגן, נאָר ער וואַקלט זיך נאָך. ענדלעך גיט ער שנעל אַ זאָג, ווי ער וואָלט עס שוין מער נישט געקענט האַלטן אין זיך, — איך האָב זיך היינט פאַרשריבן אויף אַרבעט קיין רוסלאַנד. דעם אמת געזאָגט, האָט אויף מיר די ידיעה געמאַכט אַ שווערן, זייער אַ שווערן איינדרוק. אַז ח' ד״ן האָט נישט אויסגעהאַלטן — האָב איך זיך געטראַכט — וועט קיינער פון די חברים נישט אויסהאַלטן. נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען מיט אים צו שמועסן אין יענער צייט, שטענדיק האָב איך געהאַט אַ נחת־רוח אויסצוהערן די זאַכלעכע, גוט דורכגעטראַכטע אויספירן זיינע. ער אַליין איז קיינמאָל נישט אַריינגעפאַלן אין קיין יאוש און ער האָט אויך אַנדערע באַרואיקט. אין די טעג, ווען מען האָט פאַרפאָלגט אונדזערע חברים אויף די גאַסן אָדער ווען עמיצער איז דורכגעפאַלן, פלעגט ער שטענדיק טענהן, אַז מען דאַרף נישט פאַרצווייפלט ווערן, לאָמיר עס אָננעמען פאַר נאָך אַ רינגעלע אין אונדזער קאַמף, — אין קאַמף פאַר אונדזער סאָציאַליסטישן אידעאַל.

אין ערשטן מאָמענט איז דער איינדרוק געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב געשוויגן. און ער האָט ווייטער גערעדט: איר האָט דאָך געזען, ווי איך בין די גאַנצע צייט געווען רואיק. איך האָב זיך באַמיט אַלץ צו פאַרשטיין און איבערווינדן, אָבער ווי לאַנג קען מען אַזוי לעבן? מען ווערט זיך אַליין מיאוס פון טאָג צו טאָג. פאַרפאַלן, מען דאַרף פרווון. איך מאַך זיך נישט קיין שום אילוזיעס, איך בין ווייט דערפון, אָבער מען מוז ענדערן די לאַגע אַפילו צום ערגערן, אַזוי ווייטער איז אוממעגלעך. איך האָב געטראַכט וועגן אומקערן זיך קיין וואַרשע אָבער... איך האָב אַלץ ליקווידירט, פאַרקויפט — און דער

עיקר — וועגן דעם טאַקע וויל איך מיט אייך באַזונדערס רעדן. איך האָב געהערט, אַז מיין חברטע האָט זיך געקליבן אין וועג אַרייַן, מעג־לעך, אַז זי ליגט שוין דאָרט אין „קיינעמס לאַנד". איך האָב ביז איצט אָפּגעהאַלטן זיך פון פאַרשרייבן, וואַרטנדיק אויף איר. אַזוי ווי אָבער עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז מען וועט אָפּשטעלן די רעגיסטראַ־ציע, האָב איך שוין לענגער נישט געקענט וואַרטן. איך האָב אָבער אויך זי פאַרשריבן. האָב איך צו אייך פאָלגנדיקע בקשה: אַז זי וועט קומען, זוכט זי אויף און גיט איר איבער וועגן דעם. זי וועט זיך דאַרפן ווענדן אין אַרבעטס־ביוראָ, פאַררופן זיך אויפן נומער פון רע־גיסטראַציע־בויגן און בעטן, אַז מען זאָל זי אויך שיקן אויפן זעלביקן אָרט.

איך האָב ווייטער געשוויגן, וואָרים וואָס זאָל איך דען רעדן? זאָל איך אים אַרויסזאָגן מיינע ספקות, זאָל איך אים צונעמען אפילו די אילוזיע, אַז דאָרט אין אַרבעטס־ביוראָ וועלן זיי געדענקען דעם רעגי־סטראַציע־נומער און זיי וועלן זיין אַזוי גוט און פרום און שיקן זיין געליבט מיידל אויף דעם זעלביקן אַרבעטס־אָרט, וווּ מען האָט אים געשיקט? זאָל איך אים ווידער זאָגן, אַז ער דאַרף זיך פאַרטראַכטן, אַז פאַר זיין מיידל, וואָס האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרייַן, וואָס האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך אַלע נאָענטע, אַז פאַרן דאָזיקן מיידל קען דאָ, אין עמק־הבכאָ, זיך שאַפן אַ פאַרצווייפלטע לאַגע, אין וועלכער זי וועט זיך פילן באַזונדערס עלנט און פאַרלאָרן? האָב איך אים גע־קענט דאָס אַלץ זאָגן? —

מיר האָבן זיך געזעגנט, זייער האַרציק געזעגנט, איך האָב אים צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ.

דער שמועס מיטן ח' ד־ן האָט ביי מיר איבערגעלאָזט אַזאַ פּייַנ־לעכן איינדרוק, אַז איך האָב די גאַנצע נאַכט נישט געקענט צומאַכן קיין אויג. איך האָב נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל איבערגעטראַכט דעם גאַנצן ענין. דערמאָנט זיך אין פאַרשידענע מאָמענטן פון אונדזער שמועס, אין אויסדרוק פון זיין פּנים, אין זיין אָנעקגיין מיט אַ גע־

בויגענעם קאפ. און צום וויפלטן מאל האב איך זיך געשטעלט די פראַ־גע, צי האב איך גוט געהאנדלט, צי האב איך נישט באדארפט זיין איפריכטיק און זאגן אים, וואס איך טראַכט וועגן דעם ענין? אין דער צעהיצטער פאנטאזיע האט זיך מיר פארגעשטעלט, ווי אזוי דאס מיידל קומט אן אין דעם וויסטן ביאליסטאק (ווי די פליטים רופן עס) זי הייבט אן נאכפרעגן, זוכן, א טאג נאך א טאג, און אן דערפאלג. זי איז אליין אין א פרעמדער שטאט, אן פריינט, אן קרובים און אן מיט־לען מסתמא, און דער, צו וועלכן זי איז געקומען, איז נישטא, פאר־שווונדן געווארן. איך האב אים פארגעסן צו פרעגן צומאל, צי ווייסט זי אן אדרעס אויף וועלכן זיך נאכצופרעגן. איך האב באשלאסן צו־מארגנס אומבאדינגט אים אויסזוכן און נאכאמאל באטראַכטן די גאנ־צע זאך.

צומארגנס גאנץ פרי בין איך אוועק אים אויסזוכן. זוך אהין, זוך אהער, נישטא. איך האב אויף אלע ערטער, ווו ער פלעגט זיין אדער אריינקומען איבערגעלאזט צעטלעך, אז איך דארף אים זייער נייטיק, אז ער זאל אומבאדינגט צו מיר קומען. אומזיסט האב איך אויף אים געווארט א גאנצן אוונט. אויך אויפן צווייטן טאג האב איך אים נישט געקענט אויפזוכן.

פארשטייט זיך, אז איך וואלט אויך אין דעם עפיזאד ווי אין א סך אנדערע געהאט פארגעסן. איז דאך אונדזער לעבן דעמאלט פול געווען מיט אזוי פיל טרויעריקע עפיזאדן, אז איינער, דער שפעטער־דיקער האט פארטושט דעם פריערדיקן. איז אבער באשערט געווען, אז א צווייטער עפיזאד זאל מיר גאר אין קורצן דערמאנען אין אלץ.

פארבייגייענדיק אין שבת פון דער זעלביקער וואך דעם גע־מיינדע־פלאץ, דערהער איך א געוויין, א הארצרייסנדיק געוויין. מילא, צו געוויינען איז מען צוגעוווינט געווען אין יענע טרויעריקע טעג, בפרט נאך אויפן געמיינדע־פלאץ. דאס דאזיקע געוויין אבער איז געווען באזונדערס רירנדיק. איך בין צוגעגאנגען נענטער, נייגי־ריק צו וויסן, וואס דא איז געשען. און וואס מער איך האב זיך דער־

בענטערט, אַלץ מער בין איך דורכגענומען געוואָרן פון דעם געזויך. דאָס איז נישט געווען קיין היסטעריש געוויין, אַ געוויין פון צערייצטע נערוון, אַן אַפילו דערשיינונג אין יענער צייט, נאָר אַ טיף מענטשלעכס, אַ מין אויסגעווײנטער צער, צוזאַמען מיט פּראָטעסט, מיט אַ בינ׳ער באַקלאָגן זיך. צוקומענדיק נענטער, האָב איך דערזען — אַ יונג מיידל, אָנגעשפּאַרט ביי אַ פענצטער, האַלטנדיק זיך מיט ביידע הענט ביים קאָפּ, און וויינט. אין דער גאַנצער פּאָזע, אין דער באַוועגונג פון דער האַנט, אין דער אָנבויגונג פון קאָפּ איז געווען אַזוי פיל טראַגישעס; דאָס פּנים האָט אויסגעדריקט אַזוי פיל אומענדלעכן צער, און די אויגן... אמת־קינדישע אויגן, וואָס באַקלאָגן זיך ווי פאַר אַ מאַמען. איך האָב גלייך דערקענט, אַז דאָס איז אַ „גרינע", אַן ערשט נישט לאַנג געקומענע, זי האָט נאָך געהאַט ביי זיך אַ קליין האַנטוואַליזקעלע און אַנדערע פּעקלעך.

עפּעס האָט מיר אַ דריק געטאָן ביים האַרצן. איך בין גלייך צו צו איר, געפּרווט זי באַרואיקן און פאַרגעלייגט צו פירן זי לויט אַן אַדרעס, אויב זי האָט אַזעלכן. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָט וואָס: זי איז היינט 12 אַ זייגער אָנגעקומען מיטן ברודער פון זאַרעמבע־קאָשטשעלנע, וווּ זי איז געלעגן אַ גאַנצע צייט קראַנק, נאָך דער „רייזע" פון וואַרשע. דער ברודער איז צוגעפאָרן קיין לידע, אַרומקוקן זיך צי מען קען פאָרן קיין ווילנע. זי איז אַראָפּ אין שטאָט אַריין איבערוואַרטן אַ טאָג אָדער צוויי. זי האָט זיך געפילט זייער מיד און געזוכט אַן אָרט איינצוואָרדענען זיך. פאַרשטייט זיך, אַז אומעטום האָט זי באַקומען דעם זעלביקן ענטפער — ניין און ניין. ביז זי איז צוגעקומען צו דער דאָזיקער שטוב. אין דער שטוב האָט מען אחוץ „ניין", געהאַלטן פאַר נייטיק צוצוגעבן, אַז מען נעמט נישט אַריין צו זיך קיין „גניבהשע פּליטים". איך האָב זי באַרואיקט, דערציילנדיק איר, אַז אין דער לעצטער צייט זענען ווירקלעך געשען פאַלן פון גניבות, אַז עס איז געווען אומפאַרמיידלעך, אַז צווישן צענדליקער טויזנטער פּליטים זאָלן זיך נישט געפינען אַ היפּש ביסל טונקעלע עלעמענטן.

אויסער דעם איז די היגע באַפעלקערונג זייער פאַרביטערט צוליב זייער אייגענער לאַגע, און דער דורכשניטלעכער מענטש קלערט נישט איבער וואָס און ווי אַזוי אויסצולאָזן זיין כעס און פאַרביטערונג. איך האָב זי אָוועקגעפירט צו די עלטערן פון מיינעם אַ באַקאַנטן, אַ לערער פון אונדזערע ביאַליסטאָקער פאַלקשולן, דאָרט האָט מען זי זייער פריינטלעך אויפגענומען, און פאַרזיכערט, אַז די וועלט באַשטייט נישט נאָר פון הוילע „גרוביאַנעס", ווי די בעל־הבתטע פון שטוב האָט זיך אויסגעדריקט.

דער דאָזיקער עפּיזאָד, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דעמאָלסדיקער לאַגע פון די פּליטים, פאַר די קעגנזייטיקע באַ־ציונגען צווישן די פּליטים און אַ גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג אין יענער צייט, האָט מיך נאָך אמאָל אומגעקערט צו דער געשיכטע ד״ן. איך האָב קיין רו נישט געקענט געפינען. איין מאָל פאַר אַלע מאָל, האָב איך באַשלאָסן — מוז איך זיין מיידל אויפזוכן.

איך האָב אָנגעזאָגט אַלע נאָענטע און באַקאַנטע, איך האָב איבער־געלאָזט צעטעלעך, די אַזוי גערופענע „אָפענע בריוולעך" אין אַלע קאַפעען, נאָכגעפרעגט זיך ביי אַלע אָנגעקומענע, און גאָרנישט, אָן שום דערפאָלג. דערווייל האָבן זיך אונטערגערוקט פרישע געשעענישן, וואָס האָבן צוריק געלענקט מיין אויפמערקזאַמקייט אין אַן אַנדער ריכטונג.

## צוריק קיין וואַרשע...

צו יענער צייט האָט זיך די רעגיסטראַציע אויף אַרבעט שוין לאַנג געהאַט אָפּגעשטעלט. די גאַסן האָבן שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן אין דעם פריילעכן געזאַנג פון די צום וואָקזאַל אָפּמאַרשירנדיקע „אַר־בעטער־בריגאַדעס", ווי די פּרעסע האָט זיי אָנגערופן. דער קורצער טומל איז אַריבער, עס האָט זיך צוריק אָנגעהויבן דער „איינדערוואָכן" פון ביטערן פּליטים־לעבן. די צאָל גליקלעכע, וואָס האָבן באַקומען אַרבעט, האָבן אויסגעמאַכט אַ גאַנץ קליינעם פּראָצענט פון דער אַל־געמיינער צאָל פּליטים. מיטן אָפּפלוס פון די אַרויסגעפּאָרענע פּליטים, האָט זיך די אַלגעמיינע לאַגע פון די פּליטים לחלוטין נישט פאַרבע־סערט. דער ווינטער איז שוין געווען אויפן האַלדז. וואַנדערן אויף די גאַסן האָט מען שוין נישט געקענט, אַפילו אין די שולן און בתי־מדר־שים האָט מען נישט געקענט אויסהאַלטן פון קעלט. אויפן וואָקזאַל האָט די מיליץ און די באַן־פּאָליציי נישט דערלויבט זיך צו זאַמלען. דער יקרות פון פּראָדוקטן איז געשטיגן פון שעה צו שעה און דער גילדן אין קעשענע האָט זיך געמינערט פון מינוט צו מינוט. אין יע־נער צייט האָט אַ טיפער יאוש, אַ שרעקלעכע פאַרצווייפלונג אַרומ־געכאַפּט דעם פּליטים־כלל. אין עפנטלעכע ערטער, אין די קאַפּעען, אין די שולן, אין די בתי־מדרשים, מיט איין וואָרט אומעטום האָט זיך דערהערט דער רוף צו גיין צוריק אַהיים, קיין וואַרשע. אין די ערשטע טעג נאָך האָבן אַ סך דאָס אויפגענומען ווי ווילד און משוגע. וואָס, צוריק קיין וואַרשע, צו די אומברחמנותדיקע הענקער, צו די

ווילדע דייטשן, נאָך דעם ווי מען האָט זיך קוים אַרויסגעריסן, דורכ־געמאַכט אַזאַ שווערן וועג מיט טויט־געפאַרן?

אָבער וואָס ווייטער, אַלץ מער זענען אַנטשוויגן געוואָרן די נײַן־זאַגעדס. דאָס צוריקפאָרן קיין וואַרשע, פונקט ווי פריער דאָס קומען פון וואַרשע און דאָס אַרויסנעמען פון דאָרט קרובים און פריינד, איז געווען די אַקטועלע טעמע פון טאָג.

אַרײַנקומענדיק איינמאָל, אין אַ פרימאָרגן, אין אַ קאַפע אויף פּיל־סודסקי גאַס, וווּ עס פלעגן זיך, געוויינלעך, זאַמלען זייער פיל פּלי־טים, האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַזאַ אויסטערליש בילד: אַלע טיש־לעך ביי די זייטן פון גרויסן זאַל זענען ליידיק, נישט פאַרנומען. אַלע געסט זענען קאָנצענטרירט אין מיטן זאַל, ווער ביי טישלעך, ווער אויף שטולן, אַנדערע שטייענדיק, אָבער שטיל איז אין זאַל, אַלע הערן זיך איין ווי איינער לייענט אַ בריוו. צום גליק בין איך פונקט אָנגעקומען צו דער ריכטיקער צייט, צום אָנהייב לייענען. אַ פאָטער שרייבט צו זיין זון אַזוי: (איך ציטיר פון זכרון, אָבער כמעט פּינקט־לעך, ווייל די אומשטענדן און די אטמאָספער, ביי וועלכע דער בריוו איז געלייענט געוואָרן, ווי אַזוי ער איז געלייענט געוואָרן און ווי אַזוי ער איז אויפגענומען געוואָרן, האָבן דעם טעקסט טיף, טיף איינגע־קריצט נישט נאָר אין זיכרון, נאָר אין האַרצן, אין דער נשמה.)

„טייערער אהרן!

דאָנערשטיק בייטאָג האָט אונדז בערל איבערגעגעבן דיין בריוול. נאָכן איבערלייענען האָב איך עס געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון דער מאַמען. דו ווייסט דאָך, אַז זי איז קראַנק די גאַנצע צייט און זינט דו ביסט אַוועקגעפאָרן פון דער היים, שלאָפט זי נישט גאַנצענע נעכט און וויינט זיך אויס די אויגן. ווי אַזוי ווייזט מען איר אַזאַ בריוו. זי האָט דאָך אָבער געוווּסט, געזען אַריינברענגען דאָס בריוול, אינגאַנצן אויסבאַהאַלטן האָב איך נישט געקענט, האָב איך איר אין קורצן דער־ציילט דעם אינהאַלט. האָט זי אָבער, זעט אויס, אַרויסגעפילט פון מיין דערציילן, אַז איך פאַרטייע פון איר עפּעס, און מיט גרויס געוויין גע־

בעטן מיך, איבערצוליײַענען פאַר איר דעם גאַנצן בריוו, זי וויל הערן דײַנע רייד, דײַנע ווערטער, קיין שום צרות קענען זי שוין נישט אָפּ־שרעקן. מילא, וואָס האָב איך געקענט העלפן? בקיצור, איך האָב איר פאַרגעליײענט דײַן בריוול וואָרט בײַ וואָרט. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? תשעה־באב איז געווען אין שטוב, די מאַמע און מלכהלע האָבן גע־וויינט אַ גאַנצן אָוונט און נישט געקענט באַרואיקן זיך. עס זענען אַריינגעקומען שכנים און דערוויסנדיק זיך דעם אינהאַלט פון בריוו דײַנעם האָבן זיי אויך ביטער געוויינט. וואָרעם ווערלכע יידישע שטוב איז געבליבן גאַנץ, בײַ ווערמען זענען קינדער נעבעך, נישט פאַרטריבן געוואָרן אין דער פרעמד. ערגער פון אַלץ איז, וואָס איך קען דיר גאָרנישט עצהנען און אוודאי און אוודאי מיט גאָרנישט העלפן. דאָ איז דערווייל שטיל, עס רעדט זיך אַזוי שטיל, מען כאַפּט יעדן טאָג אויף אַרבעט, מען קאַטעוועט בײַ דער אַרבעט צום טויט, אין אָוונט שיסט מען אין די גאַסן אויף מענטשן, ווי מען שיסט אויף משוגענע הינט, להבדיל. און דער עיקר מען ריכט זיך אויף ערגערס און ערגערס. מען לעבט אין כסדרדיקער טויט־שרעק.

נאָר צי איז דען בײַ אײַך פיל בעסער? בײַ אונדז יידן האָט מען שטענדיק געהאַלטן, אַז נע ונד זײַן איז די גרעסטע צרה, וואָס אַ מענטש מוז איבערהאַלטן, בפרט נאָך אַזאַ נע ונד־זײַן ווי אײַערס. דײַן בריוו איז נישט דער ערשטער, מיר האָבן שוין געהאַט געהערט טרויעריקע גרוסן, אָבער דײַן בריוול האָט אונדז אין גאַנצן פריטשמעליעט. אָט דאָס איז עס דער גן־עדן, צו ווערלכן מען האָט אַזוי זיך געריסן, צוליב וועלכן מענער האָבן פאַרלאָזט פרויען און קינדער, קינדער האָבן פאַר־לאָזט עלטערן? איך מיין דיר, חלילה, קיין שום פאַרוואָרפן נישט צו מאַכן. יעדער איינער פון אונדז דאָ וואָלט זיך געפילט גליקלעך, ווען איר זאָלט זײַן געראַטעוועט, ווען אײַער לעבן זאָל חלילה וחס, נישט פאַרלוירן גיין. זעט אויס, אַז אין די היינטיקע אומגליקלעכע צײַטן איז אין ערגעץ נישטאָ קיין גן־עדן פאַר מענטשן, בפרט נאָך פאַר יידן. גלייב מיר, איך ווייס נישט וואָס איך זאָל דיר זאָגן און ראָטן. מיר

אַלע דאָ זענען צעבראָכן, דערשלאָגן און אומגליקלעך, און ווי קען איין אומגליקלעכער העלפן דעם צווייטן. די מאַמע האַלט, אַז דו זאָלסט צוריק קומען און אפשר איז זי גערעכט. ווי לאַנג — טענהט זי — קען מען זיך וואַלגערן אויף די גאַסן, שלאָפן אויף די וואָקזאַלן, זעלטן אַ העמד איבערטאָן. און באמת, ווי לאַנג קען מען שלעפּן אַזאַ לעבן, אַ וויסט הינטיש לעבן. דערווייל זיצן מיר נאָך אין אונדזערע שטובן, מען שלאָפט אין אַן אייגן בעט, מיט איין וואָרט מען האָט אַן אייגן ווינקל. מען לעבט טאָקע אין טויט־שרעק, אָבער מען וועט זיך דערצו אויך גאַנץ גיך צוגעוווינען, אויב עס איז אונדז באַשערט צו לעבן אַ ביסל, לאָמיר כאָטש זיין צוזאַמען, צו וואָס זיך מוטשען, מיר דאָ באַזונדער און דו דאָרט. מלכהלע טרייסט דער מאַמען, אַז מיר זענען נישט די איינציקע יידישע פאַמיליע, אַז אַ סך, זייער אַ סך יידישע פאַמיליעס זענען פאַרלאָזט געוואָרן פון זייערע קינדער. צי קען מען זיך דען טרייסטן דערמיט, אַז יעדער הארץ פילט זיין ביטערקייט, יעדער מאַמע מיינט, אַז איר קינד ליידט אַממייסטן, אַז דווקא איר קינד קען אמווייניקסטן אַריבערטראָגן די צרות.

איך ענדיק מיין שרייבן און דו טו ווי דו פאַרשטייסט. די מאַמע, נו, איך האָב דיר שוין געשריבן, וואָס די מאַמע זאָגט, מלכהלע זאָגט, אַז אַלע מאַמעס זאָגן דאָס זעלביקע. זיי ווילן האָבן די קינדער לעבן זיך. וואָס זשע זאָל אַ מאַמע אנדערש וועלן, און די טאַטעס ווילן עס נישט? נאָר מען זאָגט נישט, עס איז אַ גרויסע אחריות צו זאָגן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן לעבן פון אַ מענטש, בפרט נאָך פון אַן אייגן קינד. מיר שיקן דיר אַלע הארציקע גרוסן און וואַרטן אויף בשורות טובות.

דיין פאָטער זלמן".

דער איינדרוק פון בריוו איז געווען אַ קאַלאַסאַלער. יעדער איינער האָט פון דעם בריוו אַרויסגעלייענט דעם אייגענעם טאַטנס ווערטער, אַרויסגעהערט דאָס געוויין פון דער אייגענער מאַמען און געזען פאַר זיך דאָס טרויעריקע פנים פון דער אייגענער שוועסטער. אזעל־

כע בריוו האָבן, איבריקנס, אָנגעהויבן אָנצוקומען אַלץ אָפטער און מ׳האָט זיי איבערגעגעבן פון האַנט צו האַנט. דאַכט זיך, נישט מער ווי איין מאָנאַט אָדער זעקס וואָכן זענען פאַרביי, ווי מען האָט געהערט דאָס געזאַנג און דאָס יובלען אויפן וועג צום גרענעץ־שטעטעלע זאַ־רעמבע־קאָשטשלענע, ווי מען האָט געזען די פריילעך־אויפגערעגטע פּנימער פון די געקומענע אויף פּילסודסקי גאַס, וואָס האָט געפירט פון באַנהויף! ווי לאַנג איז דען, אַז מען איז געשטאַנען אין די רייען אויף שיענקעוויטשאַ און פּילסודסקי גאַס, כדי צו קענען אַריינקומען אינעווייניק אין די קאַפּעען, צו פאַרנעמען אַ טישל און דערציילן ביי אַ גלעזל טיי אָדער קאַווע וועגן די ניסים פון „יציאת מצרים״. פון אַנטלויפן פון וואַרשע! דאָרטן זענען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן עקס־פּעדיציעס קיין וואַרשע ארויסצונעמען קרובים, פּרויען, זאַכן אאַז״וו. די ווענט ביי די קאַפּעען זענען געווען באַהאַנגען מיט בריוולעך פון אַזאַ מין אינהאַלט, ווי למשל: „איך בין גליקלעך אָנגעקומען, איך גע־פין זיך דאָ און דאָ״. „ווער עס וויל אַרויסנעמען קרובים פון וואַרשע, אָדער ווערט־זאַכן, קען זיך מיט מיר פאַרשטענדיקן אין קאַפּע... צווי־שן דער און דער שעה. פרעגן זיך אויף איקס״.

גאַנץ אַנדערש האָבן איצט אויסגעזען די פּנימער פון די מענ־טשן. געענדערט האָט זיך אויך זייער פאַרהאַלטן זיך אויף די גאַסן, אין די קאַפּעען. אַ שווערע דעפּרעסיע, אַ מאַסן־דעפּרעסיע האָט גע־הערשט איבעראַל. מען האָט זי געקענט אַרויספילן אומעטום, אויף שריט און טריט. עס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן די אומעטיקע, דערשלאָגענע פּנימער אויף די גאַסן, די זעלביקע מאַסנהאַפטיקע באַ־וועגונג אויף די גאַסן, אָבער אַן לעבן, אַן טומל. אויב פריער האָט די באַלעבטע באַוועגונג אויף די גאַסן געמאַכט דעם איינדרוק, ווי די גאַסן וואָלטן געשטראָמט אין אַ דעמאָנסטראַציע, — האָט עס איצט אויסגעזען, ווי מען וואָלט זיך לאַנגזאַם באַוועגט אין אַ לויה־צוג. דער איינציקער סימן פון דער פריערדיקער לעבהאַפטיקייט זענען געווען

די הייזעריקע גאַסן־מעגאַפאָנען, וואָס האָבן נאָך אַלץ אַרויסגעזונגען „קאַטיושא".

אין די קאַפּעען האָט שוין לאַנג אויפגעהערט דער פרייִלעכער טומל. מענטשן זיצן אָדער שטיל, אָדער מען שמועסט צווישן זיך זייער שטיל, כמעט מיט אַ געפּליסטער. איינס איז אָבער זיכער, סרוב זענען פאַרנומען מיטן געדאַנק וועגן צוריקפאָרן. עס זענען נאָר פאַראַן צוויי קאַטעגאָריעס: איינע, וואָס האָט זיך שוין דעצידירט און האָט באַשלאָסן צוריקצופאָרן, אַ צווייטע, וואָס וואַקלט זיך נאָך, וויל נאָך אָפּוואַרטן אויף ידיעות פון די ערשטע עקספּעדיציעס.

אויך צווישן אונדזערע חברים האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צוריקצופאָרן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז עס זענען נאָך געבליבן אַ היפּשע צאָל חברים, וואָס האָבן אָדער נישט באַוויזן זיך צו פאַרשרייבן אויף אַרבעט, אָדער וואָס האָבן לכתחילה נישט געוואָלט זוכן קיין גליקן אין רוסלאַנד. צו יענער צייט זענען אויך אָנגעקומען די ערשטע ידיעות פון וואַרשעווער חברים: מען האָט אָנגעהויבן צוביסלעך קומען צו זיך, מען גרייט זיך צו פירן אַן אַרבעט, מען גרייט זיך צו אַן אונטערערדיש פאַרטיי־לעבן; אין די שול־לאָקאַלן האָט מען אָרגאַניזירט קיכן פאַר די שול־קינדער; דערוויַיל געפינט זיך אַלץ אין סטאַדיע פון אָפּוואַרטן, פון אויסטאַפּן דעם גרונט, אָבער מען איז דעצידירט און גרייט אויף אַלעם.

פון די קליינע בריוולעך מיט די קורצע אָפּגעהאַקטע ידיעות האָט זיך אַרויסגעפילט ערנסטקייט, טיפער גלויבן און קאַמפּסלוסטיקייט. דער אינהאַלט פון די בריוולעך האָט זיך, הגם פאַרזיכטיק, אָבער בליץ־שנעל פאַרשפּרייט צווישן די חברים. אין קורצן האָט זיך אָרגאַניזירט די ערשטע גרופּע צוריק קיין וואַרשע, זי האָט געזאָלט זיין די ערשטע אויסשפּיר־גרופּע, נאָך איר האָבן געזאָלט נאָכקומען אַנדערע גרופּעס. צום אומגליק איז די ערשטע גרופּע דורכגעפאַלן, דערביי איז דער ח' מאַריץ דערשאָסן געוואָרן דורך דער דייטשער גרענעץ־וואַך. כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלסדיקע שטימונגען

איז דאָס, וואָס הגם דער דערמאָנטער אומגליקס־פאַל מיטן ה׳ מאַריץ האָט געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק, האָט ער אָבער דאָך נישט אָפּגעשוואַכט די שטימונג צוריקצוגיין קיין וואַרשע. איבעריקנס, זענען שוין געהאַט אָנגעקומען ידיעות פון אַנדערע גרופּעס, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן קיין וואַרשע.

צו יענער צייט איז צוגעקומען נאָך איין פאַקטאָר, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צו די וואַקלונגען. עס זענען נעמלעך אָנגעקומען די ערשטע ידיעות פון די אַרויסגעפאָרענע קיין רוסלאַנד, און געווען זענען דאָס אמתע איוב־ידיעות. אומעטום, אין אַלע שטובן, אין קאַפעען, אין אַלע עפנטלעכע ערטער האָט מען גערעדט דערפון. הגם די ביזאיצטיקע דערפאָרונג און לעבנספּראַקטיק האָבן יעדן איינעם אויסגעהיילט פון וועלכן עס נישט איז אָפּטימיזם און אילוזיעס, האָבן דאָך די דאָזיקע ידיעות פּיינלעך איבעראַשט, ממש דערשטוינט. און אין איינעם אַ טאָג האָט מען איבערגעגעבן פון מויל צו מויל, אַז עס זענען שוין אָנגעקומען די ערשטע אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד.

לכתחילה האָט דאָס יעדן אויסגעזען אומגלויבלעך: איז דען מעגלעך, האָט מען געפרעגט, פון דאָרט צו אַנטלויפן, בפרט נאָך פאַר אַ פּליט? זעט אָבער אויס, אַז גריט ברעכט אייזן. אַ דאַנק דעם דאָזיקן לעבנס־געזעץ האָט מען אויסגעהאַלטן אויף „קיינעמס לאַנד”, האָט מען זיך אומגעקערט קיין וואַרשע, איז מען אויך אַנטלאָפן פון די אַרבעטס־לאַגערן אין רוסלאַנד. אויך איך וואָלט עס נישט געגלויבט, ווען איך זאָל די אַנטלאָפענע נישט זען מיט מיינע אייגענע אויגן. און דאָס, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

וואָס און וועמען האָב איך געזען?

צווישן די אַנטלאָפענע פון וואַרשע אין די ערשטע חדשים איז געווען דער פּלייצע־טרעגער ג., איינער פון די פּאָפּולערסטע טוערס אין טרעגער־פאַראיין. איך האָב אים געקענט פון זיין מיטאַרבעט אין עלטערן־קאָמיטעט פון דער יידישער פאָלקסשול אויף קראָכמאַלנע

36. אַ טיפּישער יידישער פאָלקס־מענטש, אַן ערלעכער אַרבעטס־מענטש און איבערגעגעבענער חבר. געקומען איז ער כמעט מיט דער גאַנצער משפּחה קיין ביאַליסטאָק און שוין אין די ערשטע טעג זיך געפונען אין אַ שווערער סיטואַציע. נישט נאָר איז ער נישט אין שטאַנד געווען צו שאַפן זיך אַ דירה, דאָס איז שווער געווען אפילו פאַר אַ יהיד, נאָר ער האָט געהאַט גאַנץ קאַרגע מיטלען אויף דורכ־צולעבן אַפילו אַ קורצע צייט. דער מענטש איז פון טאָג צו טאָג גע־וואָרן אַלץ מער פאַריאושט. ער האָט זיך נישט געקענט מוחל זיין, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן אַזאַ „פאַרברעכערישע לייכטזיניקייט", ווי ער האָט עס אַליין באַצייכנט: אַליין אומגעברענגט אַ שטוב, געלאָזט זיך אין וועג מיט ליידיקע הענט, אָבער מיט עטלעכע קינדער; אויף וועמען האָט ער זיך פאַרלאָזט, אויף וועמענס הילף האָט ער געהאָפט?

ווען מען זאָל קענען געגנוי אויספאָרשן די זאַכן, וואָלט זיך זיכער אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געווען דער ערשטער פון די צענדליקער טויזנטער פּליטים, ביי וועלכע עס איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק אומצוקערן זיך קיין וואַרשע. „אַזוי שלעכט ווי מיר איז דאָ, קען שוין אין ערגעץ נישט זיין" — פלעגט ער זיך באַקלאָגן — „דאָרט וועל איך כאָטש האָבן מיין אייגן ווינקל. מער וואָלגערן זיך אַזוי, ווי איך מיט מיינע קינדער וואָלגערן זיך, איז אוממעגלעך, שוין ליבער דער טויט". און דאָ האָט זיך געמאַכט די מעשה מיטן פאַרשרייבן זיך אויף אַרבעט קיין רוסלאַנד. לאַנג האָט ער זיך געוואַקלט מיט דער דעה: ווי לאָזט מען עס אַוועק צוויי יונגע קינדער אין דער פרעמד. געווען איז ער אַן איבערגעגעבענער טאַטע און זייער צוגעבונדן צו די צוויי יינגלעך, צוליב וועלכע ער איז, אגב, אויך אַוועק פון וואַרשע, ווייל מען האָט זיי אַלעמאָל געכאַפּט אויף אַרבעט. לאַנג וואַקלען זיך האָט ער נישט געקענט: ערשטנס, האָט מען מורא געהאַט, אַז דאָס גליק וועט פאַרשווינדן, צווייטנס, די קינדער אַליין האָבן זיך געריסן אַוועק, אַוועק. — זיי אַליין האָבן שוין נישט געקענט אויסהאַלטן דעם וויסטן מצב זייערן, און נאָך מער, האָבן זיי נישט געקענט זען דעם

טאָטנס צער. בקיצור, זיי האָבן זיך פאַרשריבן און אָװעקגעפאָרן. די ערשטע טעג איז דער טאַטע אַרומגעגאַנגען ווי אַ צעמישטער. „גאַנצע נעכט שלאָף איך נישט, — פלעגט ער זיך באַקלאָגן, — איך קען קיין רו נישט געפינען, דאָס האָב איך אַליין דערצו געבראַכט. וואָס בין איך צום טיוּול געלאָפן, אַלע מיינע פריינד, קרובים און חברים זע־נען געבליבן, נאָר מיר איז באַפאַלן אַ משוגעת צו לויפן. און וואָס וועל איך זאָגן דער פרוי, וואָס וועל איך ענטפערן אויף דער פראַגע, ווו זענען די קינדער״.

האָרט פאַר זיין אָפּפאָרן צוריק קיין וואַרשע זענען זיינע צוויי יינגלעך צוריקגעקומען אַלס „אַנטלאָפענע״ פון רוסלאַנד. וואָס זאָל איך אייך זאָגן, וואָס זאָל איך אייך שילדערן? איך בין זיכער, אַז פיל פון די „גליקלעכע״, וואָס זענען געפאָרן קיין רוסלאַנד אויף אַרבעט אין יענע טעג, וועלן, מן הסתם, אַליין באַשרייבן די דאָזיקע נסיעה, זייערע פּאַסירונגען, געשעענישן און איבערלעבונגען. איך וויל נאָר אונטערשטרייכן, אַז עס איז גענוג געווען אָנצוקוקן די צוויי יינגלעך אין זייער איצטיקן מעמד, כדי צו באַגרייפן די גאַנצע טראַגעדיע פון די דאָזיקע, ערשט מיט צוויי חדשים צוריק מאַרשירנדיקע, אַרבעטער־בריגאַדעס, וואָס האָבן מיט געזאַנג און פריילעכן טומל פאַרהילכט די ביאַליסטאָקער גאַסן. „אָט זעט, וואָס פון מיינע יינגלעך איז גע־וואָרן״ — האָט דער פאַרצווייפלטער פאָטער גערדריקט זיך מיט די פויסטן ביי די שלייפן. און דאָס וואָס מיינע אויגן האָבן געזען, איז געווען ווירקלעך עפּעס שרעקלעכס: די גאַנצע הויט פון די יונגע קערפּערס איז געווען באַדעקט מיט אייטערדיקע ווונדן. מען האָט זיי דאָרט, חלילה, נישט געשלאָגן, קיין אַרבעטער שלאָגט מען דאָרט נישט, נאָר דאָס האָבן דאָרט אין די באַראַקן, אין די ארבעטס־באַראַקן, פאַרשידענע ווערים, לייז, וואנצן זיי אויפגעפרעסן לעבעדיקערהייט. איך האָב אַ בליק געטאָן אויף זייערע פּנימער, אַ שווידער האָט מיך דורכגענומען. ווי מענטשלעכע פּנימער קענען זיך ענדערן... ווי שווער און פיינלעך עס איז צו זען אויף יונגע, כמעט קינדישע, פּנימער, אַז

אויסדרוק פון רעזיגנאַציע ,פון שטילן יאוש. זיי האָבן ווייניק גערעדט, מען האָט באַדאַרפט ביי זיי ציען יעדעס וואָרט, אָבער זייערע אויגן האָבן גענוג גערעדט, די דאָזיקע יונגע, אָבער שוין פריצייטיק אויס־געלאָשענע אויגן.

— אַ שיינע מתנה וועל איך אוועקפירן מיין פרוי — זאָגט דער פֿאָטער מיט פאַרביטערונג — אַוועקגעפירט צוויי יונגע בליענדיקע קינדער, און אָט וואָס פון זיי איז געבען געוואָרן אין אַזאַ קורצער צייט. 35 יאָר אַרבעט איך אַלס פּלייצע־טרעגער, געדזשוויגעט די שווערסטע משאות, פאַרדינט גראָשנס, נישט געקענט זיך פאַרגינען אָפּצועסן, און דאָך אויסגעהאַלטן, — אויסגעהאַלטן ביז אַ בעסערער צייט. ביז דער פאַראיין האָט אויסגעקעמפט בעסערע באַדינגונגען. מען האָט זיך אָפּילו געקענט פאַרגינען צו שיקן די קינדער אין שול. און דאָ איז אין אַזאַ קורצער צייט א תל געוואָרן פון צוויי געזונטע יונ־גען. —

## וואַרשע אָדער ווילנע

די צאָל פון די אַנטלאָפענע איז געוואָרן אַלץ גרעסער, און צו־זאַמען דערמיט זענען געוואַקסן די גרויל־געשיכטעס וועגן זייערע איבערלעבונגען דאָרט. ווי געזאָגט, האָט דאָס מיטגעווירקט, אַז די שטימונג אומצוקערן זיך צוריק קיין וואַרשע איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג אַלץ שטאַרקער. אויב עס האָט זיך דעמאָלט נישט אָנגעהויבן קיין מאַסן־עמיגראַציע אויף צוריק, איז עס געווען צו פאַרדאַנקען צוויי אָפּהאַלט־פאַקטאָרן: די אומגעהייערע שוועריקייטן און די גרוי־סע געפאַר, וואָס איז דערמיט געווען פאַרבונדן, און די גאָר נישט פריילעכע ידיעות פון וואַרשע.

אויך אין די רייען פון אונדזערע חברים איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ צעמישונג פון דעות און שטימונגען. אַ טייל זענען געווען דעצידירט ביי אַלע באַדינגונגען צוריקפאָרן קיין וואַרשע, אַנדערע האָבן גע־האַלטן, אַז מען זאָל נאָך צוואַרטן. פאַרוואָס און נאָך וואָס וואַרטן? אין יענער צייט האָט מען אַלץ אָפטער און אָפטער אין פאַרשידענע קריי־זן אָנגעהויבן דערמאָנען ווילנע. ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, ווען מען האָט נישט קיין גענויע ידיעות און עס איז שווער צו קאָנ־טראָלירן די פאַרשפרייטע קלאַנגען, קומט אויס זיך אָנצושטויסן אויף זייער פיל גוזמאות, אומפּינקטלעכקייטן, אויף מעשיות אויסגעטראַ־גענע אין דער פאַנטאַזיע און שטימונגען. לכתחילה האָט מען זיך גע־שושקעט אין די אויערן וועגן אַ פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווילנע נאָכן אַוועקגיין פון דער רויטער אַרמיי און דערביי האָט מען איבערגעגעבן אויסטערלישע גרויל־געשיכטעס. שפּעטער האָט מען

איבערגעדרייט דעם שטעקן און מען האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן ישועות און נחמות, אַז די פליטים לעבט זיך ווי אין גן־עדן, אַז דער פּאָגראָם איז לא דובים ולא יער, אַז עס איז נישט מער ווי אַן אויס־טראַכטעניש.

אַזוי ווי די דערפאַרונג האָט שוין געהאַט גענוג אויסגעלערנט, אַז מען דאַרף זיך באַציען זייער פאַרזיכטיק צו קלאַנגען, איז מען גע־ווען זייער איינגעהאַלטן. אויסער דעם, איז דאָס וואָרט ווילנע געווען טריף ווי חזיר, פּאָליטיש פּשוט אַ פאַרברעכן. מילא, צוריקפאָרן קיין וואַרשע, ד״ה צוריק אַ היים, אַפילו צו היטלערן, איז נישט אַזאַ גרויסער חטא קעגן דער סאָוויעטן־מאַכט, אָבער וועלן אַוועקפאָרן אין אַ פרעמד לאַנד — דאָס האָט זיך שוין גערעכנט פאַר אַ פּאַטש אין פּנים אַריין, — פאַר אַ צו שאַרפן אויסדרוק פון אומצופרידנקייט.

אויך מיר, הגם מיר זענען געשטאַנען אין כסדרדיקער פאַרבינדונג מיט ווילנע, האָבן קיין אַנונג נישט געהאַט, וואָס עס טוט זיך דאָרט. פאַר די אָנפירנדיקע חברים אין ווילנע איז ביאַליסטאָק געווען דער פאַרמיטלונגס־פּונקט, דער דירעקטער פאַרמיטלונגס־פּונקט מיט וואַרשע; מיט די חברים אין ביאַליסטאָק האָט מען זיך אינטערעסירט אויף אַזוי פיל, וואָס מען האָט פאַר זיי צוגעשיקט פון צייט צו צייט מאַטעריעלע שטיצע. די בריוולעך און איסנטרוקציעס פון ווילנע, וואָס זענען, פאַרשטענדלעך, געווען זייער קורץ און לאַקאָניש, האָבן ווייניק, כמעט אין גאַנצן נישט, דערמאָנט די ביאַליסטאָקער חברים. דאָס איז אָבער לחלוטין נישט געווען קיין צופעליקייט, דאָ איז געווען אַן אויס־דריקלעכע טענדענץ. מען האָט בפירוש נישט געוואָלט, אַז די ביאַ־ליסטאָקער חברים זאָלן קומען קיין ווילנע; פאַרקערט, מען האָט גע־שטרעבט דערצו, אַז זיי זאָלן זיך אומקערן קיין וואַרשע צו פאַר־שטאַרקן די פּאַרטיי־אַרבעט, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט געהאַט אָנגעהויבן.

אין ווילנע האָט מען גאַנץ גוט געוווּסט אין וואָסערער שווערער אומדערטרעגלעכער סיטואַציע עס געפינען זיך אונדזערע חברים אין

ביאַליסטאָק, אַז לענגער דאָרט בלייבן װעלן זיי נישט קענען. זיי האָבן אויך געװוּסט װעגן דער טענדענץ אומצוקערן זיך קיין װאַרשע. האָט מען װעגן װילנע בכיוון פאַרשװיגן, כדי די װייטערדיקע אַנטװיקלונג פון די געשעענישן זאָל גיין אין דער געװוּנטשענער ריכטונג ד״ה, װאַרשע.

צי איז די דאָזיקע טאַקטיק געװען אַ ריכטיקע, פון געזעלשאַפט־לעכן שטאַנדפּונקט אַ באַרעכטיקטע? איך האָב דאָ נישט בדעה אַרויס־צוטראָגן קיין אורטייל.

אין דער זעלביקער צייט װען די רעליגיעזע און בירגערלעך־נאַ־ציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן יאָ אָנגענומען אַלע מיטלען, כדי אַרויס־צונעמען װאָס מער מענטשן קיין װילנע, האָבן אונדזערע אָנפירנדיקע קרייזן עקשנותדיק געשװיגן. און נאָך עפּעס: אין די בריװעלעך פון װאַרשע האָט מען נישט אונטערגעהאַלטן די טענדענץ פון אַ מאַסן־רעעמיגראַציע קיין װאַרשע, מען האָט זיך געגרייט און שוין געהאַט אָנגעהויבן די אונטערערדישע אַרבעט, מען האָט זיך אָבער קיין שטאַרקע אילוזיעס װעגן פאַרנעם פון דער דאָזיקער אַרבעט נישט געמאַכט. װאָס מען האָט יאָ דערמאָנט אין די בריװעלעך, אָבער אויך נישט קאַטעגאָריש, איז דאָס, אַז עס װאָלטן געװוּנטשן געװען גענײטע, פּאָליטיש־אויסגעשולטע טוער.

איך אַליין האָב זיך גאַנץ צופעליק דערװוּסט װעגן דער לאַגע אין װילנע. װי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, בין איך פון װילנע צו־ריקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק מיט דער דעה אומצוקערן זיך קיין װאַרשע. אַלע בריװעלעך אָבער, װאָס איך האָב באַקומען פון װאַרשע פון מיינע נאָענטע, האָבן מיר קאַטעגאָריש אָפּגעעצהט פון אומצוקערן זיך. „דאָ לעבט מען װי ביים אָפּגרונט און מען ריכט זיך אויף נאָך ערגערס״, — האָט מיר מיין שװעסטער געשריבן. האָב איך אַלץ גע־װאַרט און געװאַרט, ביז עס איז געקומען צופאָרן פון װילנע ח׳ צ־ן. דאָס איז שוין געװען אין יענע צייטן, װעגן װעלכע איך האָב שוין דערמאָנט אויבן, די צייטן פון אומקערן זיך קיין װאַרשע. ח׳ צ־ן איז

געפאָרן אין שליחות פון דער פאַרטיי קיין וואַרשע, האָב איך דורך אים באַפוילן, אַז איך האָב בדעה צוריקצוקומען אין די נאָענטסטע טעג. אין צווישנצייט, איידער דער ח׳ צ־ן איז צוריקגעקומען פון וואַר־שע, האָב איך ווידער באַקומען אַ קאַטעגאָרישן ענטפער, אַז נייען ערשט דעמאָלט האָב איך זיך אָנגעהויבן פאַרטראַכטן.

איך האָב קודם כל באַשלאָסן צו וואַרטן אויפן ח׳ צ־ן און פאַר־שטענדיקן זיך מיט אים וועגן דער לאַגע פון די ביאַליסטאָקער חברים און וועגן ווילנע. אז ח׳ צ־ן איז צוריקגעקומען פון וואַרשע, האָב איך זיך גלייך מיט אים צונויפגערעדט וועגן אַלץ און איך מוז זאָגן, אַז הגם צ־ן האָט טיילווייז געוווּסט און געקענט די לאַגע פון אונדזערע חברים אין ביאַליסטאָק, האָבן מיינע שילדערונגען געמאַכט אויף אים אַ שטאַרקן איינדרוק און ער האָט אויפן אָרט אויסגעדריקט זיין פאַרוווּנדערונג, פאַרוואָס די ווילנער חברים מאַכן א סוד וועגן זייער לעבן אין ווילנע. „עס איז גאָר נישט קיין פאַרגלייך צו מאַכן, — מיט די ווערטער האָט ער זיך אויסגעדריקט, — אויב עס איז מעגלעך אין קריגס־צייט און אין דער פרעמד זיך איינצואָרדענען, קען גאָר קיין בעסערס נישט זיין. איך פאַרשטיי אייך נישט, פאַר־וואָס איר מאַטערט זיך דאָ בחינם, זייענדיק דערביי אָנגעוויזן אויף פאַרשידענע, גאַנץ ערנסטע געפאַרן".

איך האָב באַשלאָסן, אַז הגם איך האָב נישט קיין אָנווייזונגען פון ווילנע, אַזוי ווי איך האָב אָבער אויך נישט געהאַט קיין נעגאַטיווע אָנווייזונגען פון דאָרט, וועל איך האַנדלען אַזוי ווי איך פאַרשטיי פאַר בעסער. אויך ח׳ ז־ן און ח׳ ד־קי האָבן אונטערגעהאַלטן מיין שטע־לונג, און איך האָב דעריבער תיכף אָנגעהויבן פאַרשטענדיקן זיך צום ערשטן מיט איינצלנע חברים און שפּעטער מיט קליינע גרופּעס וועגן פאָרן קיין ווילנע.

צו יענער צייט פונקט האָט מען געהאַט אַרעסטירט דעם ח׳ גאָלד־בערג פון פריזירער־פאַראיין (דאָס איז געשען לויט א מסירה). הגם מען האָט אים אין קורצן באַפרייט, איז דאָס אָבער געווען אַן אָנזאָג

פאַר אונדזערע חברים, אַז עס הייבט זיך אָן אַ נייער קרייץ־צוג. איך האָב דעריבער געהאַלטן פאַר נייטיק צוצואיילן זיך מיט מיין נסיעה קיין ווילנע.

פון די רעליגיעזע און ציוניסטישע קרייזן האָב איך זיך דער־ווּסט, אַז דאָס אַריבערגיין קיין ווילנע איז נישט פאַרבונדן מיט קיין גרויסע הוצאות און שוועריקייטן, מען דאַרף נאָר די זאַך ווי געהעריק אָרגאַניזירן. מען דאַרף באַשטימען מענטשן אויף די פּונקטן וואָל־קאָוויסק־לידע, וואָס זאָלן אויפנעמען די עמיגראַנטן פון ביאַליסטאָק און אָרגאַניזירן זייער אַריבערגיין די גרענעץ. איך האָב זיך פאַר־שטענדיקט מיטן ח׳ גאָלדבערג, אַז ער זאָל זיך איינאָרדנען אין וואָל־קאָוויסק. ער האָט מיט גרויס צופרידנקייט מסכים געווען אויף מיין פאָרשלאָג. נאָכן אָרעסט איז ער גרייט געווען צו אַנטלויפן, אַפילו ווי דער שוואַרצער פעפער וואַקסט. איז געבליבן די פראַגע וועגן אַ מענטש אין לידע און דער עיקר — צו שאַפן די געהעריקע געלט־מיטלען כדי צו קענען די זאַך אָרגאַניזירן אין אַ ברייטערן מאַסשטאַב. איך האָב זיך פאַרשטענדיקט וועגן דעם מיט די ח״ח ז. און ד. און מיר זענען געקומען צום איינשטימיקן אויספיר, אַז איך מוז אַליין אַריינ־פאָרן קיין ווילנע פאַרשטעלן דעם גאַנצן ענין ווי געהעריק און אי־בערצוצייגן די חברים אין ווילנע ענדלעך צו ענדערן די טאַקטיק. דעם אמת געזאָגט, איז פאַר מיר פּערזענלעך שוין לאַנג געווען די העכסטע צייט צו ענדערן מיין זיצאָרט, וואָרעם גראָד אין יענער צייט איז געקומען צו מיר איינער פון מיינע נאָענטסטע פריינד אין ביאַ־ליסטאָק, אַ קאָמוניסט, און מיר געעצהט, איך זאָל אָפּפאָרן פון ביאַ־ליסטאָק.

עס איז אָבער גרינג צו זאָגן „פאָרן". איך האָב געמוזט פריער דערליידיקן אַ גאַנצע ריי פּערזענלעכע ענינים, ווי די דירה (איך האָב דאָרט געהאַט איינגעאָרדנט אַ צענדליק חברים), מיין פאַרבינדונג מיט וואַרשע. איך האָב געהאַלטן מיין רייזע קיין ווילנע ווי אַ מין אָריענ־טאַציע־רייזע, איך האָב נאָך געהאַט בדעה אומצוקערן זיך און, עווענ־

טועל, ווידער זיך צו פאַרבינדן מיט וואַרשע און אויב מעגלעך אפילו אַריינפאָרן אַהין. איך האָב בשום אופן נישט געקענט נישט נאָר שלום מאַכן מיטן געדאַנק נאָך מער זיך דערווייטערן פון וואַרשע, נאָר שוין דאָס אוועקפאָרן פון ביאַליסטאָק האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין בענקשאַפט. איך האָב זיך שוין צו שטאַרק געהאַט צוגעוווינט צו די אַפטע גרוסן און בריוולעך פון וואַרשע. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב די רייזע מיינע אויסבאַהאַלטן פון די סאַמע נאָענטסטע, נישט גע־זעגנט זיך מיט קיינעם, סוף כל סוף האָב איך דאָך געהאַלטן ביי צו־ריקקומען. איך האָב זיך פאַרשאַפן אייניקע אדרעסן פון געוויסע ציוי־ניסטישע טוער אין לידע, וואָס האָבן אָרגאַניזירט דאָס אַריבערפאָרן פון די חלוצים, און גענומען זיך גרייטן אין וועג אַריין.

איינמאָל, באַלד אינדערפרי, דאָס איז געווען עטלעכע טעג פאַר דעם טאָג, אין וועלכן איך האָב געהאַט באַשטימט מיין רייזע, פרעגט מען זיך צו מיר און עס קומט אַריין אַ פויערטע. איר קענט זיך פאַר־שטעלן מיין גרויסע פאַרוואונדערונג. אויף אַלץ האָב איך זיך געריכט, נאָר נישט אויף אַזאַ גאַסט. שמייכלענדיק, זעט אויס, פון מיין פאַר־לוירנקייט, נעמט זי אַרויס פון בוזים אַ בריוועלע און דערלאַנגט מיר. איך כאַפּ עס שנעל און דערזע יידישע אותיות, אַ יידיש בריוול הייסט עס. געווען איז עס אַ בריוועלע פון ווילנער ח' דאַווידאָוויטש צום ברודער, אַז מען שיקט צו אים אַ ספּעציעלן שליח, די איבערגעבערין פון דעם בריוול טאָקע, וואָס וועט אים איבערפירן די גרענעץ.

כדי צו פאַרשטיין און פילן אונדזער פריילעכע איבעראַשונג, מוז איך אויף אַ קליינע ווײַלע אָפּווייכן פון דער טעמע און באַקענען אייך מיט פאָלגנדיקן דאַווידאָוויטש־עפּיזאָד: איינמאָל, פאַרנאַכט, אומקערנ־דיק זיך פון מיינע גאַסן־וואַנדערונגען צו זיך אַ היים, דערזע איך פון דערווייטנס די באַקאַנטע, אַ ביסל איינגעהויקערטע פיגור, פון ח' דאַ־ווידאָוויטש. פון יענעם מאָמענט אָן אויף אונדזער וואַנדער־רייזע, ווען מיר זענען אַלע אַוועק אויף פּרוזשאַנע, נאָר ער מיט קושנירן זענען פאַרלאָפן פאָרויס אויפן וועג קיין קאָברין, האָב איך זיין שפּור פאַר־

לוירן. נישט אין בריסק און נישט אין ווילנע האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן צו טרעפן אים. און דאָ פּלוצלונג, דאַווידאָוויטש, ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן. עס איז אָבער געווען גענוג איך מינוט אים אָנ־צוקוקן, כדי זיך איבערצוצייגן, אַז ער קומט נישט פון קיין הימלען, נאָר אַז ער וואַלגערט זיך נעבעך אויף אונדזער זינדיקער ערד. אַזאַ פּנים און אַזאַ אויסזען האָט ער געהאַט. ער איז געהאַט נאָר וואָס גע־קומען פון לאָמזשע, ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי זיינס אַ שוואָגער און איז געווען אויף גרויסע צרות. נישט לאַנג געטראַכט, האָב איך אים גלייך אויפן אָרט פאַרגעלייגט, אַז ער זאָל אָוועקפאָרן קיין ווילנע, אויף וואָס ער האָט גלייך איינגעשטימט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז שוין צומאָרגנס זאָל ער אָפּפאָרן. מיר זענען אַרויף צו מיר אין שטוב אויף אָוונט־ברויט און אַרומגערעדט אַלע פּרטים פון דער ריי־זע. אַזוי ווי איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געטראַכט וועגן פאָרן קיין ווילנע, האָב איך אים איבערגעגעבן אַ גאַנצע ריי ענינים צו דער־לידיקן, און פאַרשידענע אינפאָרמאַציעס וועגן דער לאַגע פון אונ־דזערע חברים אין ביאַליסטאָק. ער האָט אויך געדאַרפט מיר צושיקן די נייטיקע אינפאָרמאַציעס וועגן דער לאַגע אין ווילנע, וועגן די עמי־גראַציע־מעגלעכקייטן אאַז"וו.

די טעג נאָך זיין אָוועקפאָרן האָב איך איבערגעלעבט אין גרויס שפּאַנונג און אומגעדולדיקער דערוואַרטונג. און אַזוי זענען פאַרביי אַ 6 טעג, דוכט זיך, און איך האָב זיך געריכט, אַז אָט אָט וועל איך באַקומען אַ ידיעה. איינמאָל, אַ פרימאָרגן, מען קלאַפּט. ווער קלאַפּט עס? אַלע מיינע היגע חברים און פריינד האָבן געוווסט, אַז באַלד אין דער פרי קען מען נישט אָפּשטאָטן קיין וויזיטן; איז דאָס גאַנץ וואָר־שיינלעך אַ נייער גאַסט, נישט קיין היגער. מיט האַרצקלאַפּונג דער־נעגטער איך זיך צו דער טיר און איך עפן אויף. עס קומט אַריין ח' דאַווידאָוויטש. שטיל און רואיק, מיט זיין געוויינלעכן שמייכל. —וואָס איז געשען? שריי איך אויס איבעררראַשט. „איך האָב בשום אופן נישט געקענט אַריבער". — ענטפערט ער אַן אומעטיקער און דערביי דער־

ציילט ער מיר, אַז ער איז נישט באַלד צוריקגעקומען, ווייל ער האָט אַלץ געהאָפט, טאָמער וועט זיך אים דאָך איינגעבן דורכצורייסן זיך. אַזוי ווי אַלע פרווון זענען דורכגעפאַלן, איז ער צוריקגעקומען. אגב, איז אויך דאָס געלט ביי אים אויסגעגאַנגען און אָן געלט האָט ער שוין אוודאי נישט געהאט אויף וואָס אויסצושטעלן. פאַרשטייט זיך, אַז פון דער גאַנצער געשיכטע איז מיר גאַרנישט פריילעך געוואָרן אויפן האַרצן. „ווער ווייסט, האָב איך געטראַכט, צי וועט שוין גאָר מעגלעך זיין אהין צו פאָרן", דאָס הייסט נאָך איין רעטונגס־מעגלעכקייט אָנגעווירן.

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז ער זאָל זיך אָפּרוען אַ טאָג־צוויי, און ווידער זיך לאָזן אין וועג אַריין. אגב האָט דאַווידאָוויטש אַליין אי־בערגעגעבן, אַז אַנדערע האָט זיך יאָ איינגעגעבן, אַז די עמיגראַציע־באַוועגונג קיין ווילנע פאַרשטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג. וואָס זאָל איך דאָ לאַנג מאַריך זיין, ער איז אַ צווייט מאָל געפאָרן און ווידער צוריקגעקומען. וועט איר שוין איצט פאַרשטיין אונדזער פריילעכע איבעראַשונג מיטן אָנקומען פון אַ ספּעציעלן שליח.

איך האָב דאַן באַשלאָסן אויסצונוצן די געלעגנהייט און אויך מיטפאָרן. אין זעלביקן טאָג טאָקע האָבן מיר זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין. געפאָרן בין איך נישט אַליין. אויסער דאַווידאָוויטשן האָבן געזאָלט פאָרן צוזאַמען מיט אונדז די ח"ח פישמאַן מיטן זון און יע־זשיק גאָלדהאַמער. כדי נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון זיי־טיקע אומגעוווינטשענע אָבסערוואַטאָרן, האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז דאַווידאָוויטש זאָל פאָרן צוזאַמען מיט דער פּויערטע — דעם שליח, און מיר וועלן פאָרן באַזונדער און דאָרט, אין לידע, וועלן מיר זיך טרעפן ביי דער פאַמיליע ב־צקי. אַזוי ווי דאָס באַקומען בילעטן און אַריינבאַקומען זיך אין צוג איז דאַן געווען פאַרבונדן מיט גרוי־סע שוועריקייטן און עס האָט געקענט געמאָלט זיין, אַז דאַווידאָוויטש מיט זיין באַגלייטערין אָדער אונדזער גרופּע זאָלן זיך פאַרשפּעטיקן אויף אַ טאָג אָדער צוויי, האָט מען זיך אָפּגערעדט צוצוואַרטן אין לי־

י. ראָטנבערג

דע איינער אויפֿן צווייטן. הגם דער צוג איז אָפּגעגאַנגען אַ זייגער איינס ביינאַכט, האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצוגיין צום צוג מיט עט־לעכע שעה פֿריער. פֿון מיין שטוב האָט מען געזאָלט אַרויסגיין צו־זאַמען; אַקעגן, האָט דאַווידאָוויטש געדאַרפֿט זיך טרעפֿן מיט דער באַגלייטערין זיינער ביי אַ קרובה און פֿון דאָרט קומען צום צוג.

# איך פאָר קיין ווילנע

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, איז מיין אַוועקפאָרן גע־האַלטן געוואָרן בסוד. און עס איז מיר, אגב, געווען לייכט אויסצובאַ־האַלטן אפילו פאַר מיינע באַלעבאַטים, ווייל איך האָב מיט זיך גאָר־נישט מיטגענומען אויסער אַ קליין וואַליזקעלע. איך האָב דאָך גע־האַלטן ביי צוריקקומען, און אַלע זאַכן איבערגעלאָזט. דעם מיטווווי־נער מיינעם, ח' טרונק, האָב איך אָנגעזאָגט, אַז אויב מען וועט זיך אויף מיר פרעגן זאָל ער זאָגן, אַז איך בין צוגעפאָרן אין זארעמבע. נאָך וואָס עס זענען נייטיק געווען די דאָזיקע פאַרזיכטיקייטן, וועט שפּעטער קלאָר ווערן, ווען עס וועט מיר אויסקומען זיך אָפּצושטעלן אויף דער געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער אַרבעט פון דער סאָוויעטן־מאַכט אין ביאַליסטאָק.

אַז מיר זענען אַרום 7 אַ זייגער אין אָוונט אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל, האָבן מיר, ווי געווײנלעך, מיט כוח געמוזט זיך דורכזעצן אַ וועג כדי צוצוקומען צו דער ריי, וואָס איז געשטאַנען ביי איינער פון די בילעטן־קאַסעס, וואָס האָט פאַרקויפט בילעטן אין דער ריכטונג פון וואָלקאָוויסק־לידע. מיר האָבן מיט גרויס מי און אָנשטרענגונג אויס־געזוכט דעם סוף פון דער ריי, וואָס האָט זיך ספּיראַלמעסיק פונאַנ־דערגעוויקלט איבערן גאַנצן וואָקזאַל. זעט אויס, אַז אַנדערע זענען געווען מער פאַרזיכטיק פון אונדז און זענען אהער געקומען מסתמא באַלד נאָך מיטאָג און אפשר נאָך פריער. די וואָס זענען געווען נענ־טער צו דער קאַסע, נישט האָבנדיק שוין אַ פּנים קיין כוח איינצו־שטיין אויף די פיס פון לאַנגן וואַרטן, האָבן זיך איינגעאָרדנט אויף

י. ראָטנבערג

דער שמוציקער פאַדלאָגע אַרום די טשעמאָדאַנעס, אַנדערע האָבן, אָנ־שפּאַרנדיק זיך אויף דער וואַנט, געדרעמלט שטייענדיקערהייט.

פאַרנומען אַן אָרט אין דער ריי, האָבן מיר געהאַלטן פאַר נישט פאַרזיכטיק צו שטיין אַלע צוזאַמען, האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט די־זשורן און זיך אויסבאַהאַלטן אויף די פּעראָנען, אין די טונקעלע ווינקלען פון וואָקזאַל. דערווייל איז די ריי הינטער אונדז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער און דאָווידאָוויטש איז נאָך אַלץ נישטאָ. מיר האָבן דורכגעשפּאַצירט אַלע מאָל די ריי, געזוכט אים אָדער די באַגלייטערין זיינע, נישטאָ זיי. דערווייל האָט מען אָנגעהויבן געבן בי־לעטן. מיר האָבן זיך אַלץ מער דערנענטערט צו דער קאַסע און געזוכט מיט די אויגן דאָווידאָוויטשן, אָבער בחינם. און אָט זענען מיר שוין די גליקלעכע, מיר שטייען שוין ביי דער קאַסע און באַקומען בילעטן. מיר פאָרן, הייסט עס, אָן דאָווידאָוויטשן מיט דער באַגלייטערין. אַז איינער האָט קיין מזל נישט, איז דאָך נישט שייך צו רעדן, — טראַכט איך מיר. און עס פאַרדריסט מיר אויף זיך אַליין, פאַרוואָס איך האָב דאָווידאָוויטשן אַליין איבערגעלאָזט אויסצוזוכן די פּויערטע. כ'האָב געדאַרפט פאַראויסזען אַלע עווענטואַליטעטן. נאָר גיי שריי חי וקים, עס איז פאַרפאַלן. מילא, האָב איך זיך געטראַכט, וועלן זיי קומען אַ טאָג שפּעטער, האָבן מיר דאָך פריער באַוואָרנט, אַז אין פאַל פון אויסמיידן זיך, זאָל מען איינער אויפן צווייטן וואַרטן אין לידע. און אָט האָבן מיר זיך שוין אַריינגעריסן אין צוג, ממש זיך אַריינגעריסן מיט סכנות־נפשות, און דוקא אַלע צוזאַמען אין איין וואַגאָן, און פאַר־כאַפּט ערטער אויך. דאָס האָבן מיר געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם אומ־שטאַנד, וואָס מיר זענען געפאָרן, ווי מען זאָגט, לויז און ליידיק, אַן פּעקלעך און פּעק, האָבן מיר געקענט לייטיש אַרבעטן מיט די הענט און עלנבויגנס. אין די וואַגאָנען איז, ווי געוויינלעך, אין יענער צייט, געווען פינצטער און קאַלט, אויסער אין די וואַגאָנען, וואָס האָבן זיך געפונען נענטער צום לאָקאָמאָטיוו, פון וועלכן עס איז אַריינגעפלאָסן אַ ביסל פאַרע. צופעליק האָבן מיר טאַקע פאַרבלאָנדזשעט אין אַזאַ

וואַגאָן, איז אונדז געווען וואַרעם אויך. מיט איין וואָרט, ווען נישט די מעשה דאַווידאַוויטש, וואָלטן מיר שוין באַלד געקענט אָנהייבן גלייבן אין אונדזער מזל. ווי האָט געזאָגט ה׳ פּישמאַן, אַז עס וועט אַזוי ווייטער גיין גלאַטיק, וועלן מיר גאַנץ שנעל אָנקומען קיין ווילנע.

קיין לידע זענען מיר אָנגעקומען שפּעט בײַנאַכט. אַראָפּגיין אין שטאָט אַריין און אויסזוכן דעם אדרעס פון ב־קי האָט נישט געהאַט קיין זין. האָבן מיר באַשלאָסן צוצוואַרטן אויפן וואָקזאַל. עס זאָגט זיך נאָר אַזוי צוואַרטן. דאַרף מען דאָך לאָזן. און פּונקט צו יענער צײַט האָט מען אָנגעהויבן אײַנפירן „פּאַזשאָנדקעס" אויף די וואָקזאַלן, נישט לאָזן זיך זאַמלען די אַזוי־גערופענע וואָקזאַל־תושבים, וואָס זענען ס׳רוב באַשטאַנען פון היימלאָזע פּליטים. מיר האָבן, נעבעך, באין ברירה געמוזט אַרויסגיין פון צווייטן קלאַס, וווּ עס איז געווען וואַרעם און ליכטיק, און אַרײַן אין דריטן קלאַס אַרײַן. ענדלעך, האָבן מיר זיך דערוואַרט דעם גרוילעכן פאַרטאָג און גענומען שפּאַנען אין שטאָט אַרײַן. דאָס קנאַקעדיקע פאַרטאָג־פראָסטל האָט טאַקע געצוויקט די אויערן, געבריט דאָס פּנים, ס׳האָט אָבער אויך אויפגעפרישט און אויסגעניכטערט פון דער בײַנאַכטיקער פאַרשלאָפנקייט.

ה׳ פּישמאַן האָט אונדז דערווײַל צוגעפירט צו זײַנס אַ באַקאַנטן צײַטונגס־פאַרשפּרייטער, א צײַטונגס־אַגענט פון „וואַרשעווער עקספּרעס". וואָס האָט געוווינט נאָענט פון דער באַן־סטאַנציע. צו דער פאַמיליע ב־קי וועלן מיר נישט פאַרשפּעטיקן" — האָט ער מיט רעכט געזאָגט. „דערווײַל לאָמיר דאָ אַרײַנכאַפּן, וואָס מען קען". אגב האָט ער געהאָפט צו באַקומען דאָרט נאָכטלעגער אויף די עטלעכע טעג, וואָס עס וועט אונדז אויסקומען צו פאַרברענגען אין לידע אין פאַל, אַז עס וועט אונדז אויסקומען צו וואַרטן. דעם אמת געזאָגט, זענען מיר אַרײַנגעקומען אַ ביסל צו פרי. און, ווי זאָגט מען, פריצײַטיקע געסט זענען אָפטמאָל צולאָסט. די שטוב־מענטשן זענען נאָך געלעגן אין די בעטן, נישט געיאָגט זיך, אפנים, אויפצוהויבן זיך אין די קאַלטע

שטובן. „און צו וואָס, מישטיינסגעזאָגט, אויפצוהייבן זיך? צו די נייע גליקן פון טאָג, וואָס דערוואַרטן אונדז?" — באַמערקט די באַלעבאָס־טע פון שטוב, אַ מיטליאָריקע פרוי מיט א באַחנט יידיש פנים. זי אַליין האָט זיך שוין דוקא יאָ געהאַט אויפגעהויבן, און טאַקע באלד געגומען אויפקאָכן טיי און צוגרייטן פרישטיק פאַר אונדז. — „נו, איך האָב אייך גלייך געזאָגט, אַז איר וועט קיין חרטה נישט האָבן" — פאַלט שוין ה' פישמאַן, ווי זיין שטייגער איז, אַריין אין אַ פריילעכער שטימונג. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אויך דער באַלעבאָס מיטן זון זענען שוין געוואָרן פאַרטיק, אויך מיר האָבן זיך א ביסל אָפּגעפרישט פון וועג, אַרומגעוואַשן זיך. מען האָט זיך געזעצט צום פרישטיק און פאַרשטייט זיך, גלייך אָנגעהויבן שמועסן וועגן דער „פריילעכער" לאַגע.

— וואָס האָט איר געמיינט, אַז דאָ איז אַנדערש, אַז דאָ איז בעסער. אין אַן אָרימער שטוב, זאָגט מען, איז אין אַלע ווינקלעך פינצטער. ביי אונדז איז נאָר נישט אַזאַ אַנגעלויף פון פליטים, ווי אין ביאַליסטאָק, מען קומט און מען פאָרט ווייטער. לעצטנס איז דאָס אריבערפאָרן די גרענעץ געוואָרן פיל שווערער און די צאָל פון די וואַרטנדיקע אויף אַ גינסטיקער געלעגנהייט ווערט פון טאָג צו טאָג גרעסער.

אזוי אַרום זענען מיר אַרויף אויף דער טעמע, וואָס האָט אונדז אַמשטאַרקסטן אינטערעסירט אין דעם מאָמענט. ליידער האָט אונדז דער ה' ק־צקי נישט געקענט געבן קיין שום אינפאָרמאציעס אין דער הינזיכט, ווייל ער, אַלס באַאַמטער פון אַ באַנק, איז ווייניק געווען אין גאַס און האָט זיך בכלל נישט אינטערעסירט מיט דער זאַך. אַרום צען אַ זייגער זענען מיר אַוועק צו דער פאַמיליע ב־קי. דאָרט האָט מען אונדז אויפגענומען, ווי מען נעמט אויף אין אַ היימישער אכסניה. אַלע זענען גלייך אַנגעלייגט, אַלע זענען אַלטע באַקאַנטע געסט. ביים דערמאָנען דאַווידאָוויטשן האָט זיך די פרוי ב־קי מיטליידנדיק צעשמייכלט און באַמערקט: „אַזאַ אומגליקלעכער יונגערמאַן, אַזוי אַדורכ־

פאַלן און דוקא אין אַזעלכע צייטן, ווען עס איז גאָרנישט אַזוי שווער געווען, ווען הונדערטער מענטשן זענען אדורך". זי האָט זיך זייער געפרייט, ווען מיר האָבן איר דערציילט, אַז מיר וואַרטן אויף אים, כדי צו גיין צוזאַמען. וועגן דער באַגלייטערין האָבן מיר פאַרשוויגן, ווייל מיר האָבן געוואָלט ביי זיי זיך דערוויסן וועגן אַנדערע מעגלעכקייטן, צום באַדויערן זענען קיין אַנדערע מעגלעכקייטן דערווייל נישט געווען. מען דאַרף איבערוואַרטן — האָבן זיי אונדז געעצהט — אין עטלעכע טעג אַרום איז אַ מאַרק־טאָג, וועלן קומען באַקאַנטע פויערים פון די גרענעץ־דערפער, וועלן מיר זיך מיט זיי פאַרשטענדיקן.

מילא, אַז וואַרטן איז וואַרטן. דערווייל זענען מיר אַרויס זיך אַרומקוקן אין לידע. נאָך ביאַליסטאָק מיט די ריזיקע מענטשן־שטראָמען אויף די גאַסן, מיט דער טאָג־איין און טאָג־אויסיקער באַוועגונג און טומל, האָט לידע אויסגעזען ווי אַ קליין פראָווינצער שטעטל. און הגם עס האָט זיך דאָ שוין דערמאָלט אויפגעהאַלטן אַ היפּשע צאָל פּליטים, האָט מען זיי נישט אָנגעזען אין די גאַסן. אפּנים, זיי האָבן געהאַלטן פאַר געזינטער און פאָרזיכטיקער צו זיצן אין די שטובן און נישט דרייען זיך אין די גאַסן. אגב, האָט די דאָרטיקע מיליץ זיך אָנגעהויבן זייער שטאַרק צו אינטערעסירן — מיט די אומצופרידענע, וואָס וואַגן צו וועלן אַנטלויפן פון „גן־עדן" אין אַזאַ מישטיינסגעזאָגט לענדל ווי ליטע. „זעט אויס, אַז דאָס יידישע האַרץ האָט זיי פאַרשטעלט די גוישע אויגן", — מאַכט שמייכלענדיק די פרוי ביעליצקי.

— „אַנישט וואָלטן זיי געקענט אָנשאַרן און אָנפילן די טורמע מיט אַזעלכע איבערלויפערס". אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, האָט מען זיך צופיל נישט געדרייט. אויך מיר זענען געווען פאָרזיכטיק און אויסגעמיטן די הויפּט־גאַסן. און שטעלט זיך פאָר אונדזער שרעק, ווען איינמאָל גייענדיק אויף מיטאָג אין אַ פּריוואַטן אָרט, באַגעגנט אונדז אַ „רויטער" נאָדל־אַרבעטער פון וואַרשע, אַ באַקאַנטער טיפּטשיק ווי מען זאָגט, און ער מאַכט טאַקע יעזשיקן דעם אמתן קבלת פּנים. אַזוי ווי „סקוואָז סטראָי" זענען מיר אַדורך און פאַרשווונדן

געוואָרן גיך, גיך אין אַ זייטיק געסל. דאָס ערשטע מאָל האָב איך דעמאָלט דערזען פישמאַנען אין אַזאַ טויט־ערנסטער שטימונג. זעט אויס, אַז שרעק קען אַפילו אַזוינעם ווי ח׳ פישמאַן, וואָס פלעגט אַלץ אויפנעמען לייכט און וויציק, מאַכן טויט ערנסט. ער האָט זיך קוים, מיט גרויסע שוועריקייטן, באַרואיקט. אַפילו ביים מיטאָג איז אים די בלייכקייט נישט אראָפּ פון פּנים.

נאָך אין ביאַליסטאָק האָב איך געוווּסט, אַז די רעליגיעזע קרייזן (ווער און וואָס האָב איך זיך נישט געקענט דערוויסן) און די חלוצים־אָרגאַניזאַציעס האָבן אָרגאַניזירט דאָס אריבערגיין פון זייערע מיטגלידער קיין ליטע. איך האָב זיך, ווי שוין געזאָגט, באַזאָרגט מיט אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צו איינעם פון די ציוניסטישע טוער אין לידע, דעם פאַרוואַלטער פון דער תרבות־שול. איך בין אַוועק צו אים אין שול, ווו ער איז געווען פאַרנומען (אזוי האָט מיר געזאָגט די פּרזי זיינע), אַ גאַנצן טאָג ביז ביינאַכט. אָנגעקומען בין איך אַהינצו אַ זייגער 12 צו דער גרויסער פויזע. די שול האָט זיך געפונען אין אַ שייבער צוויי־שטאָקיקער געביידע און פאַרנומען ביידע שטאָקן. די געביידע איז געווען אַ פרישע, די קאָרידאָרן, קלאַסן־צימערן, רעקרעאַציע־זאַלן, די שטיגן — אַלץ איז געווען פריש און העל. פון אַלע זייטן האָט זיך געהערט דער פריילעכער קינדער־טומל. עס האָט אויף מיר אַ חייע געטאָן מיט אַלטע צייטן, מיט אַנדערע בעסערע צייטן, מיט אייגענע קינדער, שול־קלאַסן.

איך בין אַזוי געשטאַנען אַ לענגערע ווײַלע אין איינעם פון די קאָרידאָרן אויפן ערשטן שטאָק און ווי איינגעאָטעמט אין זיך די הייםישע לופט, אָט די נאָרמאַלע שול־אַטמאָספער. ווו נאָך זעט אַלץ אויס אַזוי היימיש, נאָרמאַל און פרידלעך ווי אין אַ שול צווישן קינדער? די לערער, וואָס האָבן זיך געדרייט הין און צוריק אין די קאָרידאָרן, האָבן מיך, אַ פּנים, באַמערקט און האָבן הפלעך געפרעגט, וואָס איך ווינטש זיך. איך האָב זיך געפרעגט וועגן פאַרוואַלטער. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און איך בין איינגעלאַדן געוואָרן אין לע־

רער־צימער. אַז דער פּאַרוואַלטער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט ער מיך פֿרעגנדיק אָנגעקוקט, ווי איינער זאָגט, מיט וואָס קען איך אייך דינען? איך האָב אים אַלץ איבערגעגעבן. צום באַדויערן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט נישט די מינדסטע אנונג וועגן די ענינים. ער איז טאַקע אַ ציוניסטישער טוער, אָבער דאָס איז אַ ריין־חלוצים־ענין. „איך אַליין, ווי איר זעט, — זאָגט ער מיר מיט אַ שטילן שמייכל, — האָב וויכטיקערע ענינים צו דערליידיקן. מען דאַרף אָדער מען מוז איבערשטעלן די שול אויף אַנדערע רעלסן. עס איז דאָ אַזוי פֿיל ימים־טובים און פֿייערלעכקייטן צו אָרגאַניזירן, אַזוי פֿיל באַריכטן און ראַפּאָרטן צו שרייבן, אַזוי פֿיל פֿאַרזאַמלונגען און קאָנפֿערענצן צו באַזוכן, אַז עס סטאַיעט קוים דער גאַנצער מעת־לעת". ער האָט מיר רעקאָמענדירט צו אַ צווייטן ציוניסטישן טוער, צו וועלכן איך בין שוין אָבער נישט געגאַנגען.

# מיר גנבענען די גרענעץ

דערווייל איז אַריבער אַ טאָג און אַ צווייטער, און דאַווידאָוויטש איז נאָך אַלץ נישט געקומען; עס איז שוין אויך געווען פאַרביי דער מאַרק־טאָג, און פון די באַקאַנטע גרענעץ־פּויערים איז קיינער נישט געקומען. איך האָב איינגעזען, אַז מיר וועלן זיך דאָ אויף גאָרנישט דערוואַרטן, עס וועלן זיך נאָר אָנזאַמלען מער „וואָרטערס" און די לאַגע וועט ווערן ערנסטער. קלאַנגען זענען אַרומגעגאַנגען, אַז אַלע שטעטלעך, וואָס פירן צו דער גרענעץ זענען באַוואַכט און עס איז כמעט אוממעגלעך דורכצורייסן זיך. האָבן מיר דעריבער באַשלאָסן צו פּרווון: אָדער עס וועט זיך איינגעבן, אָדער מיר וועלן פעלן. פון דער פּראַקטיק האָבן מיר געוווּסט, אַז די אָנגעצויגענע און געררייצטע נערוון פון די פּליטים זענען גענייגט צו גוזמאות און זיי, די פּליטים, האָבן א באַזונדערן פיינלעכן פאַרגעניגן אָנצוּוואַרפן אויף אַנדערע אַ שרעק און אויף זיך אַליין אויך. פון דער אַנדערער זייט האָבן מיר אויך געוווּסט, אַז קיין שום זאַך, נישט קיין גוטע און נישט קיין שלעכטע, ווערט דאָ נישט ווי געהעריק אָרגאַניזירט און דורכגעפירט ביזן סוף.

אויפן דריטן טאָג פון אונדזער זיין אין לידע, זענען מיר אַריינגעפאָרן מיטן פאַרטאָגיקן צוג אין נאָענטסטן פון לידע גרענעץ־שטעטל. מיר האָבן נאָך נישט געהאַט קיין שום פּלאַן, מיר האָבן גערעכנט, אַז אויפן אָרט וועלן מיר זיך אָריענטירן. די וואַגאָנען זענען געווען כמעט פּוסטע, אָבער פינצטערע, אַזוי, אַז מיר האָבן געקענט רואיק זיין פאַר אַ בייז אויג. נאָך אַ 15־20 מינוט פאָרן זענען מיר געקומען

אויפן אָרט, אויף אַ באַן־סטאַנציע פון אַ קליין שטעטעלע. אַראָפּ פון צוג דרייסט, מעשה היימישע פּאַסאַזשירן, זענען מיר גלייך אַריין אין וואָקזאַל, כדי אדורכצוגיין צו דער צווייטער זייט, צום אַרויסגאַנג אין דער ריכטונג פון שטעטל. אָבער מיר האָבן נישט באַוויזן צוצוקומען צום מיטן פון וואָקזאַל, ווי עס קומט אונדז אנטקעגן א ייד אין א קורט־קע מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער. — „איר ווילט פאָרן ווייטער, יידן, איך קען עס מאַכן". אין דעם אויסדרוק פון פּנים, אין די אויגן פון דעם יידן איז געווען עפּעס היימישעס, פאַרטרוילעכעס. מיר האָבן זי קיין איין רגע נישט געוואַקלט און געזאָגט: יאָ, מיר ווילן פאָרן ווייטער און וואָס גיכער.

— קומט מיט מיר, איך וועל גיין פאָרויס און איר נאָך מיר, א ביסל אָפּגערוקט, דערווייל וועלן מיר אַריינגיין צו מיר אין שטוב, איך וווין הינטערן שטעטל, נאָענט צום דאָרף צו, דאָרט וועלן מיר שוין אַלץ אָרומרעדן.

עס איז אונדז געוואָרן פריילעך אויפן האַרצן. „עס גייט דאָך ווייטער גלאַטיק — הכמהט זיך פּישמאַן. און אַ מאָדנע זאַך איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר מיר האָבן געהאַט דעם פולסטן צוטרוי צום דאָ־זיקן יידן. עס האָט נאָך אַלץ געגרויט אויף טאָג, מען האָט זעלטן גע־טראָפן אַ מענטשן אויפן וועג. און אויב יאָ — האָט ער זיך אַפילו נישט אומגעקוקט אויף אונדז. דאָס קנאַקעדיקע פרעסטל האָט אַלע־מען געטריבן און נישט געלאָזט אין זינען האָבן פרעמדע געשעפטן.

נאָך אַ 15 מינוט גאַנג זענען מיר אָנגעקומען צום יידס כאַטע, אַן אמתע פויערישע כאַטע, וואָס האָט זיך געפונען בשכנות פון נאָך אַנ־דערע אַזעלכע ענלעכע כאַטעס. אַז מיר זענען אַריין אינעווייניק, האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַן אנגענעמע וואַרעמקייט און פאַרשידענע רי־חות: פון פריש געבאַקן ברויט, זויער־מילך, געבאַקענע קאַרטאָפל, און נאָך אַנדערע היימישע דאָרפישע ריחות האָבן אונדז אָנגעהויבן קיצלען אין נאָז. די כאַטע איז באַשטאַנען פון איין גרויסער שטוב מיט גרויסע ברייטע ווינקלען, וועלכע זענען געווען באַשטימט, זעט

אויס, פאַר פאַרשידענעווירטשאַפט־ענינים. צו איינעם אַזאַ ווינקל, וואָס איז געווען אָפּגעצוימט מיט לייכט־צוגעקלאַפּטע ברעטער, איז דער ייד צוגעגאַנגען. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ שושקען, אַן אונטערהוסטן, אַ העכער רעדן, און אָט האָט אָנגעהויבן אַרויסקריכן פון דאָרטן אַ שאָטן, וואָס איז געוואָרן אַלץ העלער און העלער.

— גוט מאָרגן, יידן! — שטייט שוין פאַר אונדז די יידענע, די באַלעבאָסטע פון שטוב, — איר זענט, מסתמא, אָנגעפרוירן, גלייך שטעל איך צו די מילך, פרישע מילך, צום אָפּוועלן, און איר וועט זיך אָנוואַרעמען. באַלד האָט מען טאַקע דערהערט אַ האַקן האָלץ און דאָס פריילעכע קנאַקן פון שפּענדלעך אויפן פייער. און אײדער מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט, איז שוין געשטאַנען פאַר אונדז אויפן טיש אַ גרויסע ערדענע שיסל מיט פרישער מילך. דאָס פרימאָרגן־ליכט האָט דערווייל אַלץ מער און מער אַריינגעדרונגען דורך די קליינע פענצטערלעך פון דער כאַטע. פון פייערל אויפן פריפּעטשעק האָט זיך געגאָסן אַ ליבע וואַרעמקייט איבער דער שטוב, און צוזאַמען מיט דער מילך אַריינגעגאָסן זיך אין אונדזערע גלידער. מיר זענען אַלע געזעסן אַרום טיש און געמיטלעך געשמועסט וועגן גנבהנען די גרענעץ. אַ דאַנק דער־געמיטלעכער שטימונג האָט אונדז די גאַנצע מעשה נישט אויסגעזען אַזוי שרעקלעך, בפרט אַז דער ייד האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז ער האָט אַ גוטן פירער, אַן אייגענעם פויער, וואָס פירט כסדר, יעדן צווייטן טאָג, און ער האָט נאָך קיין שום דורכפאַל נישט געהאַט ביז איצט. און בכלל, שמייכלט ער, איז מען מגזם, עס איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך, ווי מען מיינט. מיר האָבן אים געגלייבט, און פאַרוואָס נישט, איז ער דאָך, פאַרקערט, געווען פאַראינטערעסירט אָנצווואַרפן אויף אונדז אַ שרעק, כדי צו קענען ציען ביי אונדז וואָס מער געלט.

בנוגע דער פּראַקטישער זייט פון ענין האָבן מיר זיך אָפּגערעדט אַזוי: מיר צאָלן 150 זלאָטעס פון אַ קאָפּ, 50 זלאָטעס פאַרויס און 100 זלאָטעס אויף יענער זייט גרענעץ. 8 אַ זייגער אין אָוונט וועלן מיר צופאָרן צו דעם גרענעץ־דאָרף, וווּ עס וווינט אונדזער פירער. געוויינ־

לעך קומט ער צוריק פון דער אַרבעט אַרום 10־11 אַזייגער ווען מיר צוזוואַרטן ביי אים אין כאַטע ביז איינס אַ זייגער. איינס אַ זייגער איז די בעסטע צייט צו שמוגלען זיך, די וואַכן זענען נישט באַזונדער וואַכזאַם נאָך האַלבער נאַכט, און מען קומט אויך אָן אויף יענער זייט שפּעט ביינאַכט, ווען אַלע שלאָפן נאָך. אַז די פּראַקטישע ענינים זענען שוין געווען דערליידיקט, האָבן מיר זיך געפילט ווי אַנטלאָסטעט פון אַ שווערן עול. עס איז באמת געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן, און ס'איז גאָר קיין חידוש נישט: אַז אַלץ איז געגאַנגען גלאַטיק אָן שום שוועריקייטן. אַזוי ווי אונדז איז נאָך געבליבן אַ גאַנצער טאָג, האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט זיך גוט אויסצורוען און גאַנץ פיין אויסצוגלעטן די אָנגעצויגענע נערוון. די דאָרפישע שטילקייט אין אַ ווינטער־טאָג נאָך דעם ביאַליסטאָקער הו־האַ האָט געווירקט מחיה־נפשות. מיר האָבן זיך געהייסן צוגרייטן אַ גוטן מיטאָג פון הינער־פלייש, אַ זאַך, וואָס מיר האָבן שוין לאַנג נישט טועם געווען, געכאַפּט אַ שפּאַציר אויף די לאָנקעס לעבן דאָרף. די איבעריקע צייט — פאַרבראַכט אין שטובביים פייערל פון פריפּעטשיק, צוהערנדיק זיך צו די מעשיות פון דער באַלעבאָסטע וועגן זייער אָרעם דאָרפיש לעבן צווישן גוים: די קינדער ווילן דאָ נישט זיין, רייסן זיך אין שטאָט אַריין, איבערהויפּט קיין ווילנע. „און וואָס וועט דאָ זיין מיט אונדז, — פרעג איך מיין מאַן — יידן אַנטלויפן, פאַרשידענע יידן, פרומע און קורץ־געקליידעטע, עלטערע און יינגערע, אַלץ לויפט, וואָס זשע וועט זיין מיט אונדז, פרעג איך. ער זאָגט, אַז מען אַנטלויפט אוממערסטן פון שטאָט, ווו דער יקרות וואקסט, קיין געשעפטן קען מען נישט מאַכן. אָבער מיר, זאָגט ער ווינען דאָך אין דאָרף, האָבן אונדזערס אַ שטיקל פעלד, אַ לאָנקע, עטלעכע קי, מיט איין וואָרט — אַ שטיקל באַלעבאַטישקייט. ביינאַכט אָבער אויפן געלעגער הער איך נישט איינמאָל, ווי ער דרייט זיך, קען נישט איינשלאָפן, קרעכצט".

בייטאָג־צו, אַרום אַ זייגער 4, אַרויסקוקנדיק דורכן קליינעם פענצטערל, האָבן מיר געזען פאַרבייגיין עטלעכע יונגעלייט. נאָכקו־

קנדיק זיי, האָבן מיר באַמערקט, אַז זיי פּאַרקירעווען זיך אין איינעם פון די דאָרפס־שטיבלעך נישט ווייט פון אונדז, כמעט אנטקעגנאיבער. דאָס איז אונדז נישט שטאַרק געפעלן געוואָרן. הייסט עס, אַז מיר זענען נישט אַליין, אַז מען זאַמלט זיך דאָ אָן. ביז אָוונט, ווער ווייסט וויפל „וואַרטערס״ עס קענען נאָך אָנקומען. שוין אָפּגערעדט, אַז אַזן גרעסערע גרופּעס איז געפערלעכער אַריבערצוגיין, קענען זיי נאָך מיט זיך מיטשלעפּן „אַ שלעכט אויג״. מיר האָבן געוואַרט אויף אונדזער באַלעבאָס צו טיילן זיך מיט אונדזערע געדאַנקען, עווענטועל אָפּלייגן אונדזער פּאָרן. זעט אויס, אַז אויך ער האָט באַמערקט די חברה און האָט זיך געאיילט אהיימצוקומען, כדי צו דערוויסן זיך וואָס און ווען. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס האָט דער לידער רב געשיקט עטלעכע ישיבה־בחורים צו איינעם פון די יידישע איינוווינער פון דאָרף מיט אַ ביטע, אַז ער זאָל זיי בייהילפיק זיין אַריבערצוגיין די גרענעץ.

מיר האָבן זיך צוריק באַרואיקט און געגעסן דאָס מיטאָג, וואָס האָט זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, מיט גרויס אַפּעטיט. נאָכן מיטאָג האָבן מיר זיך צוגעלייגט אַריינצוכאַפּן אַ דרעמל פאַר דער שלאָפלאָזער נאַכט, וואָס שטייט אונדז פאָר. אין דער וואַרעמער דאָרף־שטוב, נאָכן זאַטן מיטאָג, איז זיך, פאַרשטייט זיך, געשמאַק געשלאָפן. און אָט וועקט אונדז שוין דער ייד, אַז מיר זאָלן זיך מכין זיין אין וועג אַריין, אַז עס איז שוין 7 אַ זייגער. אָוונט־ברויט איז שוין געווען צוגעגרייט, קיין גרויסע פּעק האָבן מיר אויך נישט געהאַט, האָבן מיר זיך נישט געאיילט און נישט דענערווירט. אָפּגעגעסן גאַנץ רואיק און געמיטלעך, האָבן מיר זיך האַרציק געזעגנט מיט דער באַלעבאָסטע פון שטוב, פון וועלכער עס האָט זיך אונדז באמת נישט געוואָלט אַוועקגיין. אינדרויסן איז שוין די פור אונדזערע געשטאַנען גרייט, מיר האָבן זיך אויפגעזעצט און גענומען פאָרן. עס איז געווען אַ טרוקענער ווינטער־אָוונט מיט אַ לייכט פרעסטל. הגם דער הימל איז געווען אויסגעשטערנט, איז דאָך געווען גאַנץ פינצטערלעך. דער ייד האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז טאָמער וועט מען אונדז אָפּשטעלן און פרעגן,

ווהין מיר פאָרן, זאָלן מיר זאָגן — אַז אין שטעטל ג. לכתחילה זענען מיר געפאָרן איינע אַליין. נישט פאַר זיך, נישט הינטער זיך האָבן מיר נישט געהערט קיין שום אָפּקלאַנג, קיין שום באַוועגונג. עס איז אָבער פאַרביי נישט מער ווי אַ 15־20 מינוט, אַז מיר האָבן דערהערט הינטער זיך דעם אָפּקלאַנג פון אַ וועגעלע, וואָס איז געוואָרן אַלץ נענטער און נענטער, און אָט האָבן מיר שוין דערזען גאַנץ האַרט לעבן אונדז דאָס פורל מיט די ישיבה־בחורים.

עס איז אונדז דערפון געוואָרן גאָרנישט פריילעך. מיר האָבן זיך געמאַכט נישט וויסן, קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, געמיינט, אַז זיי וועלן אונדז אויסמיידן און פאָרן ווייטער, אָבער אַ נעכטיקער טאָג... זיי האָבן אָנגעהויבן פאָרן טריט ביי טריט מיט אונדז. אונדזער באַלעבאָס האָט, צו אונדזער גרויס פאַרוווּנדערונג, נישט רעאַגירט, פון וואָס מיר האָבן אַרויסגעדרונגען, אַז ער האָט זיך נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן דער ווענדונג פון לידער רב און האָט מסכים געווען זיי אויך מיטצונעמען.

הגם די זאַך האָט מיך שטאַרק געקרענקט, האָב איך געשוויגן, וואָרים וואָס וועל איך רעדן, וואָס וועל איך טענהן, אַז עס איז פאַרפאַלן. נישט מיר און נישט זיי וועלן דאָך אַוועקגיין פון וועג. זעט אויס, אַז מיין פאַרעקשנט שווייגן האָט אַ ביסל געערגערט דעם ייד, זאָגט ער צו מיר שטיל: „איר דאַרפט נישט בייז זיין, איך האָב אַנדערש נישט געקענט „פּאַסטופּאַיען", מען וווינט צווישן עטלעכע יידן שכנים, קען מען דאָך נישט איינרייסן, בפרט נאָך היינטיקע צייטן. זיי האָבן מיך אַ גאַנצן טאָג געבעטן און איינגערעדט, אַז דער לידער רב אַליין בעט, טאָר מען נישט אָפּזאָגן. איבריקנס, באַרואיקט ער מיך ווייטער — איז פיר אָדער אַכט פּערזאָן איינס און דאָס זעלבע. מען פירט, געווינלעך, פיל גרעסערע פּאַרטיעס, און עס קאָן געמאָלט זיין, אַז דער פויער וואָלט בלויז מיט פיר נישט געוואָלט גיין". אַזוי צי אַזוי, מען האָט געמוזט שלום מאַכן מיט דעם געשעענעם פאַקט. אגב, אַז מען האָט אַ קוק געטאָן אויף די עטלעכע, נאָך גאָר יונגינקע בחורימלעך

מיט זייערע אָרעמע קלומיקלעך, מיט זייער גאַנצער עלנטקייט און פאַרלוירנקייט, מיט זייערע בעטנדיקע בליקן, איז דער כעס אַרײַ־בערגעגאַנגען און מען האָט זיך דערפילט אַחים־לצרה. איז מען שוין געפאָרן צוזאַמען, פאַרזונקען אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט און אין די אייגענע פינצטערע מחשבות. וועגן וואָס האָט מען גע־טראַכט? איך בין זיכער, אַז אַלע האָבן געטראַכט וועגן איינס און דאָס זעלביקע: וועגן די היימען, וואָס מען האָט פאַרלאָזט, וועגן די נאָ־ענטע, וואָס זענען אויך, מסתמא, צעזייט און צעשפּרייט און וועגן איי־גענעם נע־ונד זיין.

אַ האַווקען פון הינט האָט איבערגעריסן די שטילקייט פון דער נאַכט און אויפגעוועקט אונדז פון אונדזערע אומעטיקע געדאַנקען. — מיר זענען שוין נאָענט פון דאָרף — זאָגט דער ייד — זאָלן עטלעכע פון אייך אַראָפּגיין פון פור, מען זאָל נישט זען, אַז אַ גרעסערע צאָל מענטשן פאָרן, און האַלט זיך אַרום דער פור, נאָר ווייטלעך אַ ביסל. איך וועל צוגיין צו דער כאַטע פון פויער און וועל צוריקקומען נאָך אייך.

מיר האָבן געוואַרט נישט לאַנג. דער ייד איז צוריקגעקומען מיט דער טרויעריקער בשורה, אַז דער פויער איז נישטאָ, נאָך נישט צו־ריקגעקומען. — דאָס ערשטע מאָל, זאָגט ער אומרואיק, טרעפט זיך מיט אים אַזאַ זאַך.

— וואָס טוט מען? לאָמיר צוריקפאָרן, זאָג איך. איר האָט דען אַן אַנדער עצה?

— וואַרט אַ רגע, ענטפערט ער מיר, איך האָב דאָ נאָך אַ באַ־קאַנטן פויער, אויך אַ פירער, וואָס האָט לעצטנס געהאט איבערגע־ריסן דאָס פירן איבערן גרענעץ צוליב דער אייגענער ווירטשאַפט, ביי וועלכער ער איז געווען פאַרנומען, אויסער דעם האָט ער זיך פאַר־נומען מיט שמוגלען פראָדוקטן.

— צי קען מען זיך אויף אים פאַרלאָזן? פרעג איך. — אויף הונדערט פראָצענט, זאָל ער נאָר וועלן גיין.

מילא, זאל זיין א צווייטער, צוריקפארן און אפלייגן איז נאך ערגער, ווער ווייסט וואס מארגן קען זיין. חוץ דעם האט מען זיך שוין אזוי געהאט צוגעוווינט צום געדאנק, אז היינט שמוגלט מען די גרע־נעץ, אז עס האט זיך בשום אופן נישט געוואלט אפלייגן.

עס האט נישט לאנג געדויערט, און דער ייד איז צוריקגעקו־מען מיטן פויער צוזאמען און אנגעזאגט די גוטע בשורה, אז ער איז גרייט צו פירן. אזוי ווי אבער ער איז נישט לאנג געקומען פון דארט מיט געשמוגלטע פראדוקטן, וויל ער זיך אפרוען עטלעכע שעה. דער זייגער איז געווען עלף, ארום האלב איינס וועט ער אונדז אריבער־פירן, דערווייל קענען מיר אריינגיין צו אים אין כאטע, א כאטע האט ער א גרויסע, מיר וועלן זיך דארט אלע „פאמיעשטשען". מיר וועלן אויך קענען כאפן א דרעמל פארן גיין.

אין כאטע האבן מיר נאך אמאל ארומגערעדט אלע באדינגונגען. דער ייד האט זיך געזעגנט מיט אונדז, פארזיכערט אונדז, אז מיר קענען זיין פולשטענדיק רואיק, און איז אוועקגעפארן. דער עולם האט זיך גענומען, ווי עס איז נישט איינארדענען. דער פויער האט שוין געהאט געגעבן דעם ערשטן כראפע, אבער איך האב שלאפן נישט געקענט, עס האט מיך געארט, פארוואס איך האב געלאזט דעם יידן אוועקפארן פריער, איך האב באדארפט פאדערן פון אים, ער זאל צו־ווארטן ביז מיר וועלן זיך לאזן אין וועג אריין, ווייל וואס טוען מיר, אז דער פויער הויבט אונדז אן טעראריזירן און פאדערן נאך געלט. שפעטער האט זיך ארויסגעוויזן, אז מיין באאומרואיקונג איז נישט געווען אין גאנצן בחינם. געשען איז אט וואס: איינס א זייגער, ווען דער פויער האט זיך שוין געהאט אויפגעכאפט און זיך גענומען גרייטן און מיר זענען שוין אויך געווען גרייט, הערט מען א גראבלען ביי דער טיר און באלד קומט אריין א לאנגער פויער, זעט אויס, א שכן פון אונדזער פירער. אונדזער פויער, זע איך, באגריסט זיך מיט אים קאלטלעך, מאכנדיק זיך כלא יודעים, יענער רעדט אויך גארנישט, שטייט ביי דער טיר און קוקט. דערווייל גייט אונדזערער ארויס אויפן

הויף און יענער גייט אים נאָך. איך דערנענטער זיך צו דער טיר און הער זיך איין: אונדזער פויער רעדט בייזלעך, שאַרף, און יענער שטיל, ווי בעטנדיק עפּעס. ענדלעך קומט אַריין אונדזער פויער און קומט גלייך צו צו מיר (דער ייד האָט אים אָנגעוויזן אויף מיר, ווי דעם פּי־רער פון דער גרופּע) און דערציילט מיר גאַנץ אָפן, אַז דער שכן זיי־נער, זייער אַן אָרימער, בעט זיך, אַז ער וויל אויך עפּעס פאַרדינען און ער מאַכט מיר דעריבער אַזאַ פאָרשלאָג: אַזוי ווי עס קען זיך דאָך טרעפן, אַז מיר זאָלן דורכפאַלן, אינגאַנצן זיכער קען מען דאָך קיינמאָל נישט זיין, און דאַן אויב מען כאַפּט אונדז, ווערן מיר אַרעס־טירט און עס געדויערט אַמאָל אַ גאַנצע וואָך ביז מען ווערט פריי. ליגט ער דעריבער פאָר, אַז מיר זאָלן מיט זיך נעמען נאָך איינעם, וואָס זאָל גיין אַליין פאָרויס, אָפּגערוקט פון אונדז אויף אַ 50 מע־טער. אין פאַל, אַז ער וועט באַמערקן די גרענעץ־וואַך, וועט ער וועט זי וועט אים כאַפּן, וועט ער אונדז געבן אַ סיגנאַל און מיר וועלן באַוויזן זיך צוריקצוציען באַצייטנס, כדי נישט אַרעסטירט צו ווערן. טייער וועט עס נישט קאָסטן — נאָך 30 זלאָטעס פון אַ מענטש. דער פאָר־שלאָג איז מיר געפעלן געוואָרן, אויך פון פויערס טאָן, פון זיין רעדן מיט מיר און פריער אויפן הויף מיטן שכן — האָב איך נישט אַרויס־געפילט קיין שום שאַנטאַזש־כוונות, האָב איך זיך פאַרשטענדיקט מיטן עולם, וואָס האָט אויך גלייך מסכים געווען.

ענדלעך גייען מיר שוין. פאַרן אַרויסגיין פון הויף, זאָגט אונדז דער פויער אָן, אַז מיר זאָלן זיך פאַרהאַלטן אבסאָלוט רואיק און שטיל, אַפילו איינהאַלטן זיך פון הוסטן. מיר זאָלן גיין אַ ביסל צע־שפּרייט, אָפּגערוקט איינער פון צווייטן, נישט פּאַטשן מיט די פיס אין שניי, אויפהויבן זיי און גיין וואָס לייכטער. אין די ערטער, ווו ער וועט צואײַלן די טריט, זאָלן מיר אויך טאָן דאָס אייגענע.

מיר זענען שנעל אַרויס פון דאָרף, האָבן שוין געלאָזט הינטער זיך די לעצטע כאַטע און מאַרשירן שוין אויף אַ ליידיק פעלד, וואָס פירט צו אַ שיטער וועלדל. די נאַכט איז, דאַכט זיך, אַ ביסל העלער

געוואָרן און אפשר דאַכט זיך עס אונדז אַזוי, ווייל מיר ווילן, אַז עס זאָל זיין וואָס פינצטערער. מיר קלעפּן זיך צו מיט די אויגן צו יעדער בוים, צו יעדן קוסט, אָט־אָט וואַקסט אויס אַ מענטש, נאָך איינער, נאָר שאַ שטיל איז אַרום און אַרום. איך שפּרייז לעבן פּויער, ער באַרו־איקט אונדז שמייכלענדיק, „ניע פּוגאַיטיעס", זיין רואיקייט און זעלבסטזיכערקייט באַרואיקט אונדז טאַקע.

און אָט דערנענטערן מיר זיך צום סאַמע גרענעץ־פּאַס, דער פּוי־ער גיט אַ שטילן סיגנאַל אָפּצושטעלן זיך. ער ווייזט אונדז מיט דער האַנט אויף לינקס. מיר קוקן זיך אָנגעשטרענגט איין. פונדערווייטנס, אַ הונדערט מעטער פון אונדז, טיילן זיך אויס אויף דער ברייטער פּוס־טער פּאָליאַנקע, וואָס איז באַדעקט מיט שניי, עטלעכע געדיכטע מאַ־סיווע שאָטנס. דאָס זענען די געביידעס, אין וועלכע עס האַלט זיך אויף די גרענעץ־וואַך. מיר הערן זיך איין, פּילייכט סיגנאַליזירט אונ־דזער פאַרגייער. ניין, עס איז שטיל, ווי אַלץ וואָלט אויסגעשטאָרבן. אנטקעגנאיבער אונדז, אַ ביסל רעכטס צו, זעט זיך אַ וועלדל. דער פּויער ווייזט אונדז מיט דער האַנט אין יענער ריכטונג און אַליין הויבט ער אָן גיין פאָרויס, שנעל, אָבער לייכט, אויף די שפּיץ־פינ־גער. מיר נאָך אים מאַכן דאָס זעלביקע. עס געדויערט נישט לאַנג און מיר זענען שוין אין וועלדל. מען שטעלט זיך ווידער אָפּ, מען הערט זיך ווידער איין, מען הערט נאָר דאָס אייגענע שווערע אָפּגע־ריסענע אָטעמען. מיר גייען ווייטער, אָבער שוין פּאַמעלעכער. ענדלעך קומען מיר אַרויס פון וועלדל. דער פּויער שטעלט זיך אָפּ און שמייכלט, צולייגנדיק די האַנט צום מויל. מיר פאַרשטייען, אַז עס איז גוט, אַז מיר זענען אַריבערגעקומען די סאָוויעטישע גרענעץ־וואַך. אַז מיר וועלן אַריין אין יענעם דאָרף — זאָגט דער פּויער שטיל, ווייזנדיק מיט דער האַנט אין דער ריכטונג אַנטקעגן אונדז, וועט שוין זיין נאָך אַלע־מען, וועלן מיר שוין האָבן אויסגעמיטן אַלע וואַכן.

מיר גייען ווייטער שטיל, אָנגעשטרענגט, מיר פילן אָבער נישט קיין שום מידקייט. מיר ווייסן, אַז דאָס זענען די לעצטע מינוטן, פון

זועלכע עס איז אַלץ אָפּהענגיק. מיר גייען אַזוי אַ צען, פופצן, צוואַנציק מינוט. פּלוצלונג גיט זיך דער פויער אַ שטעל אָפּ, ער ווייזט אונדז מיט דער האַנט אויף אַ פּלויט. מיר גייען פּאַמעלעך, איינער הינטער דעם צווייטן, צו צום פּלויט. דער פויער הערט זיך איין, באַלד גיט ער זיך אַ ריס פון אָרט, מיר נאָך אים און מיר שניידן דורך אַ ברייטע פוסטע פּאָליאַנקע. עס הייבן זיך אָן אויסצוטיילן קליינע נידעריקע געביידעס. דער פויער גיט זיך האַסטיק אַ דריי אויס צו אונדז מיטן פּנים און גיט פריילעך אַ זאָג: „שוין נאָך אַלעמען, איבערגעקומען". מיר רוען זיך אַ ווײַלע אָפּ, אָטעמען טיף אָפּ. און ערשט איצט דערפילן מיר, אַז מיר זענען באַדעקט מיט שווייס. נאָך אַ קורצער רו־פּויזע זע־נען מיר אַריין אין דאָרף, וווּ דער פויער האָט אונדז אַריינגעפירט אין איינער פון די כאַטעס.

זעט אויס, אַז אין דער דאָזיקער כאַטע איז מען שוין געווען צו־געוווינט צו אַזעלכע ביינאַכטיקע געסט. הגם אין דער כאַטע איז גע־ווען שטאַרק פינצטער, האָבן די פויערים זיך באַלד דערקענט און באַלד טאַקע פאַרפירט אַ שמועס וועגן אונדז. פון דעם שמועס האָב איך אַרויסגעדרונגען, אַז פונקט ווי אונדזער פריערדיקער פירער, דער ייִד, אַזוי וויל אויך דער פויער שוין פטור ווערן פון אונדז און אי־בערגעבן צו אַ נייעם, צו אַ פרישן פיהער. איך האָב זיך אנטקעגנגע־שטעלט, פּראָטעסטירט און געפאָדערט, אַז מען זאָל אונדז תיכף אריינ־פירן אין שטאָט. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַט וואָס: אַזוי ווי די פּאָליציי אין איישישאָק קאָנטראָלירט די פריש־אָנגעקומענע פּליטים, איז גלייכער, לויט זײַער מיינונג, אַז מיר זאָלן צוואַרטן ביז 8 אַ זייגער אײַנדערפרי. אַזוי ווי מאָרגן, דאָנערשטיק, איז אַ מאַרק־טאָג און אַ סך פויערים־פורלעך פאָרן אין שטאָט אַריין, קיין איישישאָק, הייסט עס, וועט אונדז זיין פיל לייכטער אַריינצובאַקומען זיך אין שטאָט אַריין. נאָך וואָס זשע זאָל ער, דער פירער אונדזערער — אַזוי טענהט ער — אומזיסט פטרן צייט און וואַרטן פון 3 ביינאַכט ביז 8 אַ זייגער פאַרטאָג.

איך האָב זיך געלאָזט איבערצייגן, אויסגעצאָלט דעם פויער די איבעריקע געלטער, געגעבן אים אַ צעטל צום ייִד, אַז אַלץ איז געווען אין אָרדענונג; דער פויער פון זיין זייט האָט זיך פאַרשטענדיקט מיטן באַלעבאָס וועגן אַריינפירן אונדז קיין איישישאָק. (דאָס באַנסטע גרעד־בעך־שטעטל אויף דער ליטווישער זייט)

ער האָט זיך געזעגנט און איז אַוועק, און מיר זענען געבליבן וואַרטן אין דער האַלב־פינצטערער שטוב, וואָס איז באַלויכטן געוואָרן דורך אַ קליין קאַגאַנעצל, זעט אויס, לכבוד די געסט. מיר האָבן גע־פרווט אַריינכאַפּן אַ דרעמל. עס זענען נאָך, דאַכט זיך, נישט געהאַט פאַרביי קיין 10 מינוט זינט דער פויער איז אַוועק, ווי מיר דערהערן אַ טאַפּען פון פיס הינטערן פענצטער, אַ געפּליסטער און שושקעריי. מיט שרעק האָב איך זיך אָנגעהויבן איינהערן, אומגעקוקט זיך צום באַלעבאָס, צום פויער, וואָס איז נאָך אַלץ געלעגן אין בעט. אָבער ער רירט זיך נישט פון אָרט. ער האָט נאָר אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָנ־שפּאַרנדיק אים אויף דער האַנט, און אויך זיך איינגעהערט. באַלד הערט מען ווי עמיצער גראַבלט זיך ביי דער טיר, ווי זוכנדיק די קליאַמקע און גיט זי האַסטיק אַן עפן אויף. געווען איז דאָס אַ יונגער פויערים־שגץ מיט אַ שאַרפן חוצפהדיקן פּנים. אַריינגעקומען, האָט ער זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט, באַלד אונדז אָפּגעמאָסטן מיט אַ שפּיציקן בליק פון די אויגן, און צו־געגאַנגען צום באַלעבאָס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שאַרפער ווער־טער־אויסטויש, וואָס, איך האָב מורא געהאַט, וועט אָט־אָט איבער־גיין אין אַ געשלעגע. עס איז צוגעקומען די פויערטע, זי האָט זיי ביידע געבעטן מיט טרערן אין די אויגן, אַז זיי זאָלן זיך באַרואיקן. דער שגץ איז אַרויס, און ווידער האָט זיך דערהערט, אָבער דאָס מאָל שוין, אַ טומל און הויך רעדן. עס איז פאַר אונדז געווען קלאָר אין וואָס עס גייט: די באַנדע אויף דער גאַס האָט געפאָדערט אַ חלק אין פאַרדינסט פון איבערפירן. אונדזער פויער אויך אַן איינלייגער און אַן אַמביציעזער, האָט זיי בשום אופן נישט געוואָלט נאָכגעבן.

איך בין אַרויס מיט זיי אונטערהאַנדלען, געפרעגט, וואָס זיי ווילן. אַז זיי ווילן גאַרנישט מיט מיר רעדן, זיי פאָדערן, אַז ער, דווקא ער, זאָל זיי געבן אַ חלק. איך פּרוּוו אונטערהאַנדלען מיט אים, און זאָג אים צו מוסיף צו זיין נאָך געלט, אָבער ער וויל פון גאַרנישט הערן. איך וועל זיי אָנלערנען, די באַנדיטן — שרייט ער. האָט נישט קיין מורא, קומט, איך וועל אייך שוין פירן. געזען, אַז ער איז אַזוי זיכער ביי זיך, בין איך אַרויס צו יענע און פאַרגעלייגט אַ געוויסע סומע אָפּ־קויף־געלט. ניין, זיי ווילן אויך נישט, זיי ווילן אונדז איבערגעבן דער ליטווינער־וואַך. פאַרפאַלן, זאָג איך, וועל איך איבערגעבן דער מאַכט, אַז איר זענט אונדז באַפאַלן. אין דעם קומט אַרויס אונדזער פּויער און שרייט אויס צו אונדז מיט כעס: „אויב איר גייט נישט גלייך מיט מיר, וועל איך צוריק אַריין אין שטוב און וועל מער אייך נישט פירן".

— חברים, לאָמיר גיין, זאָג איך, סיי ווי סיי איז שלעכט, עס וועט אונדז אָבער זיין ערגער, אַז ער וועט אונדז איבערליפערן אין זייערע הענט. — מיר באַשליסן צו גיין מיט אים. ער פאַרויס און מיר נאָך אים. עס דויערט נישט קיין מינוט, ווי די חברה (5 פּערזאָן זע־נען זיי געווען, דריי עלטערע און צוויי יונגע שקצים) גיט זיך אַ לאָז צו אונדז מיט אַ געשריי און אַ ליאַרעם און צום פירער אונדזערן כאַפּן זיי זיך מיט מעסערס און אויך ער כאַפּט אַרויס אַ מעסער. און ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שחיטה עס וואָלט דאָ פאַרגעקומען, ווען עס קומט נישט אָנצולויפן די פּויערטע מיט אַ געוויין און שלעפּט, ממש שלעפּט אים אַריין צוריק אין כאַטע. זענען מיר געבליבן אַליין מיט דער באַנדע.

— וואָס ווילט איר, פרעג איך, וואָס זענען מיר שולדיק אין אייער קריגן זיך? — גוט, זאָגט דער עלטסטער, וואָס איז דער ערש־טער געהאַט אַריינגעקומען אין שטוב, גיט אונדז צו 50 זלאָטעס פון אַ פאַרשוין, וועלן מיר אייך אַריינפירן אין שטעטל.

מיר האָבן קיין ברירה נישט געהאַט און מסכים געווען.

—פאַרשטײט זיך, אַז דאָס געלט װעלן מיר געבן שפּעטער פאַר דער שטאָט. זײ האָבן מסכּים געװען.

מיר הײבן אָן גײן, מיר דערנענטערן זיך צו אַ שיטער װעלדל. אױפן האַרץ איז גאַרנישט פרײלעך פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, אָבער פאַרפאַלן, מען גײט. אין דעם רוקט זיך צו צו מיר אײנער פון די ישיבה־בחורים און זאָגט צו מיר כּמעט װײנענדיק: „װאָס טוט זיך מיט אײך, זײ קענען דאָך אונדז אױסשעכטן אין װאַלד". אַ מאָדנע זאַך, ביז דעם מאָמענט איז דאָס מיר אַפילו נישט אײנגעפאַלן. מיר בלײבן שטײן און איך פּיל, אַז אַלע זענען באַהערשט פון דער זעלביקער שרעק, פון זעלביקן געדאַנק. די באַנדע קוקט אונדז פאַרדעכטיק אָן, װאָס מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און שושקען זיך. איך זאָג זײ גלײך: „איר װײסט װעגן װאָס מיר רעדן? מיר האָבן מורא, אַז יענער פֿויער זאָל פון בקמה װעגן נישט איבערגעבן אונדז אַלע דער ליטװינער־װאַך. נאָך װאָס דאַרפט איר אונדז אַלע פירן, איר גײט צוריק אין דאָרף היטן, אַז ער זאָל נישט גײן צו דער װאַך, און די צװײ קלײנע זאָלן אונדז פירן. אַ העלפט געלט װעלן מיר אײך געבן פאַרױס, די אַנדערע העלפט פאַר אײשישאָק."

װײזט אױס, אַז מײנע רײד האָבן זײ איבערצײגט און זײ האָבן גלײך אָנגענומען מײן פאָרשלאָג. אַז די דרײ גרױסע דראַבעס זענען אַװעק, האָבן מיר לײכט אָפּגעאָטעמט. די צװײ געבליבענע האָבן מיר שױן געהאַלטן אין די הענט. אַז מיר זענען אַזױ אָפּגעגאַנגען אין אַ שנעלן טעמפּאָ אַן ערך פון אַ האַלבער שעה, האָבן מיר דערזען פון דערװײטנס די שטאָט־געבײדעס. צוגעקומען נענטער, האָבן מיר גע־הײסן די שקצים, זײ זאָלן אױסזוכן די נאָענטסטע געבײדעס, װו עס װױנען ײדן. אַ ברירה האָבן זײ געהאַט, זײ האָבן נעבעך געמוזט פאָלגן, זײ איז נאָך געקומען אַ העלפט געלט. זײ האָבן אױסגעזוכט דרײ ײדי־שע הײזער און צוביסלעך אונדז פונאַנדערגעפירט אהינצו. מיך מיט גאָלדהאַמערן האָבן זײ אַװעקגעפירט די לעצטע. איך האָב זײ באַצאָלט דאָס געלט. אַזױ װי אַלע מקום־מקלטס אונדזערע זענען געװען נאָ־

ענט צווישן זיך, האָבן מיר זיך צונויפגעקליבן אינאיינעם, אין איין געביידע הייסט עס, וואָס איז געווען נענטער צו דער שטאָט. די ישיבה־בחורים זענען גלייך אַוועק, זיי האָבן געהאַט אַדרעסן פון באַקאַנטע און מיר האָבן באַשלאָסן צוצוואַרטן ביז די באַוועגונג אויף די גאַסן וועט ווערן גרעסער. נאָך די ביינאַכטיקע איבערלעבענישן איז אויפן האַרצן געווען אַזוי לייכט, אַזוי פריידיק, אַז עס האָט זיך גאָרנישט געגלוסט ווייטער צו גיין, ווייטער צו זוכן, עס האָט זיך פּשוט געוואָלט זיצן אויף איין אָרט און הנאה האָבן.

— מיר זענען דאָך נישט געקומען קיין אייזישאָק — לאַכט פישמאַן — מען דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן ווילנע. באין ברירה האָט מען זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דאָס הייסט נענטער אין שטאָט אַריין. אַזוי ווי מיר האָבן נאָך געדענקט, וואָס די פּויערים האָבן אונדז אָנגעזאָגט, אַז די ליטווישע פּאָליציי לויערט אויף די גאַסן, כאַפּט און אַרעסטירט אַלע געקומענע, האָבן מיר זיך געשלייכט פּאַרזיכטיק, ביי די זייטן פון די גאַסן.

מיר האָבן אָבער נישט באַוויזן צופיל זיך דערווייטערן פון אונדזער פריערדיקער אכסניה, ווי עס קומען אונדז אנטקעגן צוויי יונגע־לייט, און דערזעענדיק אונדז פון דערווייטנס, הויבן זיי אָן מאַכן צו אונדז מיט די הענט. לכתחילה האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט, צי איז דאָס אָן אָנזאָג, אַ וואָרנונג אויסצובאַהאַלטן זיך, צו פאַרשווינדן. זייערע שמייכלענדיקע פּנימער אָבער האָבן אונדז באַרואיקט. און איידער מיר האָבן צייט געהאַט א סך אַריינצוטראַכטן, שטייען זיי שוין לעבן אונדז און פרעגן: צי זענט איר נישט פון דער גרופּע, וואָס איז היינט פאַרטאָג אָנגעקומען צוזאַמען מיט עטלעכע ישיבה־בחורים? פאַרשטייט זיך, אַז מיר זענען עס, שמייכלען מיר צופרידן. „מיר זענען שוין געווען זייער אומרואיק וועגן אייך, נישט געוווּסט, ווו איר זענט אהינגעקומען. קומט, זאָגן זיי, אין אָפּרו־הויז פון פּליטים־קאָמיטעט, מיר זענען טאַקע די פאַרשטייער פון קאָ־

מיטעט צו באַזאָרגן די פאַרבײַפאַרנדיקע פּליטים". מיר האָבן זיי האַרציק באַדאַנקט און מיט אַ פרײלעך האַרץ אַוועק אין אַפּרו־הויז.

און אָט זענען מיר שוין אין אַפּרו־הויז. עס זאָגט זיך נאָר אַזוי „אַפּרו־הויז". אַן אַפּרו־הויז אין אײַשישאָקער מאַסשטאַב. אָבער יידישלעך, גאַסטפרײַנדלעך און זאָרגפעלטיק אײַנגעאָרדנט. מיר האָבן דאָרט געטראָפן אַ סך פּליטים, וואָס האָבן אָפּגעוואַרט אַריבער־צופאָרן קיין ווילנע. (העכסטנס איז אויסגעקומען צו וואַרטן אַ טאָג), פאַרשטייט זיך, אַז עס איז געווען גאַנץ ענגלעך, אָבער וועמען האָט דאָס געאַרט. די שטימונג איז געווען אַ הייטערע, אַן אמת היימישע, יידי־שע געמיטלעכע שטימונג. עסן און טרינקען איז געווען לרוב, מען האָט נישט געדאַרפט שטיין אין די רייען. אַרום און אַרום צופרידן־שמייכ־לענדיקע פּנימער, מען זיצט ביי די טישן און מען דערציילט זיך די אויסטערלישע פּאַסירונגען ביים שוואַרצן די גרענעץ. מען טוישט וואַלוטע און מען וויצלט זיך דערביי אויף אַן אמת־יידישן שטייגער.

באַטראַכטנדיק דאָס אַלץ, זענען מיר פאַרשידענע געדאַנקען גע־קומען אין קאָפּ אַריין. אין מיין פאַרשטעלונג האָבן אויפגעטויכט פאַר־שידענע בילדער: וואַרשע, ביאַליסטאָק, ווילנע. יידישע היסטאָרישע וואַנדערונגען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. דריי וואַנדער־עטאַפּן אויפן טראַגישן יידישן גלות־וועג. און ווי פאַרשידנאַרטיק איז זייער אויסווירקונג און מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די ליידן פון די צענדליקער טויזנטער אומשולדיקע יידישע מלחמה־קרבנות. זאַרעמ־בע קאַשטשעלנע און דער פּליטים־לאַגער אויף דער דעמאַרקאַציע־לי־ניע און אײַשישאָק. די שיסלעך זופּ אַן לעפל אויפן געמיינדע־פּלאַץ אין ביאַליסטאָק און די טעלער זופּ מיט לעפל, וואָס ווערן מיט אַזאַ וואַ־רעמקייט דערלאַנגט דורך די מיטאַרבעטער פון פּליטים־קאָמיטעט

צו קראַנקע פּליטים, וואָס האָבן זיך אָפּגעפּרוּווירן העגט אָדער פּיס ביים גנבהנען די גרענעץ.

אין איישישאָק האָט מען זיך באַאומרואיקט וועגן דריי פּליטים (דאָס מיינט מען אונדז) און מען האָט זיי אָנגעהויבן אַרומזוכן; אין ביאַליסטאָק האָט מען געלאָזט זיך וואַלגערן הונדערטער טויזנטער אויף די גאַסן און נישט אומגעקוקט זיך אויף קיינעם.

# ו ו י ל נ ע

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען איז מיר אויסגעקומען צו באַרירן די סיבות וואָס האָבן מיטגעווירקט צו מיין אָפּפאָרן פון ביאַליסטאָק קיין ווילנע. איך האָב קודם כל געוואָלט אויפקלערן דעם צ. ק. די שרעקלעכע לאַגע פון אונדזערע חברים אין ביאַליסטאָק, איבער־צייגן זיי אין דער מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן פאַר ווייניק געלט דאָס איבערפירן אַ גרעסערע צאָל חברים פון ביאַליסטאָק קיין ווילנע און פאָרלייגן אַ פּלאַן ווי אַזוי דאָס דורכצופירן.

שוין אין ערשטן טאָג פון מיין פאַרברענגען אין ווילנע, אין די פּליטים־היימען, פּליטים־קיכן, אין די ספּעציעלע אינטערנאַטן פון אונדזערע חברים, און אויף די פרייע געמיטלעכע ווילנער גאַסן, האָב איך זיך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון מיין באַשלוס אַליין צו קומען קיין ווילנע און ווירקן ארויסצוראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך.

דער קאָנטראַסט צווישן לעבן פון אונדזערע חברים דאָ און דאָרט איז געווען אַזאַ שאַרפער, אַז עס האָט זיך פּשוט נישט געוואָלט גלייבן. איז דען מעגלעך — האָב איך ביי זיך געטראַכט — אַז אונדזערע חב־רים דאָ, וויסנדיק, וואָס עס טוט זיך אין ביאַליסטאָק, זאָלן זיין אַזוי רואיק און געמיטלעך? ניין, זיי ווייסן נישט, האָב איך באַשלאָסן, און גוט וואָס איך בין געקומען, איך וועל זיי אַלץ דערציילן.

און איך האָב דערציילט, זייער פיל דערציילט, געווירקט און געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. צום באַדויערן האָב איך געהאַט אַ גרויסן טעות, מיינענדיק, אַז מיינע שילדערונגען פון די חברימס לעבן אין ביאַליסטאָק און מיינע אַרגומענטאַציעס וועלן קענען ברעכן די

שטעלונג, די פאַרעקשנטע שטעלונג פון אַ טייל חברים פון צ. ק. דער ח' וו־ר האָט פון אָנהויב אָן, שוין אויפן וועג פון וואַרשע, מורא געהאַט פאַר אַ גרויסער קאָנצענטראַציע פון חברים: „מיר האָבן קיין געלט נישט, מיר האָבן קיין מעגלעכקייט נישט, ווי קענען מיר זיך אונטער־נעמען אַזאַ זאַך, מיר וועלן זיך אַליין שטעלן אין געפאַר". ח' מ־ן ווידער, וועלכער האָט זיך מיט האַרץ און נשמה געריסן קיין וואַר־שע, צו די חברים אין וואַרשע, צו דער אונטערערדישער אַרבעט, האָט געהאַלטן, אַז מען טאָר נישט אָפּשוואַכן די טענדענץ פון צוריק־פאָרן קיין וואַרשע. פאַרשידענע מאָטיוון, אָבער פאַקטיש די זעלביקע שטעלונג. דער גורל פון די ביאַליסטאָקער חברים איז געווען געחת־מעט.

איך בין אַוועק פון דער זיצונג אין זייער אַ געדריקטער שטי־מונג. די אָנפירנדיקע חברים, וואָס האָבן אין אַזאַ קריטישן מאָמענט געדאַרפט האָבן אַן אָפן אויג פאַר דער ווירקלעכקייט, שטיין אויף דער וואַך אָביעקטיוו און רואיק און מיט אַ געזונטן, דורכדרינגענדיקן חוש אָפּצושאַצן וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט פאַר דער פאַרטיי־מאַסע, האָבן זיך געלאָזט מיטרייסן מיט שטימונגען. איז דאָך די אונטערער־דישע אַרבעט אין פוילן געווען זייער אַ ריזיקאַלישער עקספערימענט, בפרט פאַרן יידישן אַרבעטער, זענען דאָך אין וואַרשע געבליבן פיל טויזנטער בונדיסטן, — האָט מען דען געדאַרפט אויך די עטלעכע הונדערט, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון היטלערישן גיהנום, צו־ריקשטויסן, אַז זיי זאָלן מקריב זיין זייער לעבן?

מען האָט געהאַלטן חברים אין אומבאַוווסטקייט וועגן דער גו־טער לאַגע אין ווילנע, נישט געוואָלט זיי העלפן זיך אַרויסראַטעווען פון ביאַליסטאָקער גיהנום קיין ווילנע, און אַזוי אַרום געשטעלט זיי אין אַ געצוווּנגענער לאַגע פון צוריקפאָרן קיין וואַרשע. וואָס איז גע־ווען דער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער פּאָליטיק? זייער פיל חברים, יונגע טויזנטלעכע צוקונפטיסטן און סקיפיסטן, האָבן זיך סוף כל סוף דורך פאַרשידענע קוועלן דערוווּסט וועגן דער אמתער לאַגע אין ווילנע,

מען האָט זיך אַ לאָז געטאָן מאַסנווײַז קיין לידע, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. די גרענעץ איז שוין געווען פאַרמאַכט אויף זיבן שלעסער, און דאָס גנבענען די גרענעץ איז געווען פאַרבונדן מיט טויט־געפאַר. וועגן דער מאַטעריעלער לאַגע פון אונדזערע חברים אין לידע וואָלט מען געקענט אָנשרײַבן אַ גאַנץ בוך. זײַער ווייניק, אײנ־ציקע און געציילטע האָט זיך אײַנגעגעבן מיט סכנות־נפשות דורכצו־רײַסן זיך קיין ווילנע, אַ גרויסער טייל איז פאַרמאַטערט, אויסגע־שעפּט און צעבראָכן צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. (צי זיי זענען אָנגע־קומען אָדער אומגעקומען — איז נישט באַוווּסט). און די איבעריקע זענען אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון נ. ק. וו. ד.

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, בין איך געקומען קיין וויל־נע מיטן באַשלוס צוריקצופאָרן קיין ביאַליסטאָק און פון דאָרטן עווענ־טועל צוריק קיין וואַרשע. אין יענער פאַטאַלער נאַכט אָבער האָט זיך מײַן באַשלוס אַ וואַקל געטאָן. נאָך וואָס צוריקלויפן קיין ביאַליסטאָק אויב איך קען נישט העלפן די חברים זיך אַרויסראַטעווען פון דאָרט. צוריק קיין וואַרשע? פון מײַנע נאָענטע האָב איך געהאָט קאַטעגאָרי־שע בריוו נישט צו קומען. צו דער פּאַרטיי־אַרבעט? אויך דאָ האָבן זיך פאַר מיר אוועקגעשטעלט ערנסטע ספקות. איך האָב באַשלאָסן צו וואַרטן און ערנסט זיך פאַרטראַכטן. איך האָב זיך דערמאָנט אין אַב־ראַשעס אַן אַלט בריוול, אין וועלכן ער מאַכט אויפמערקזאַם, אַז עס וואָלטן געווען געוווּנטשן געשולטע פּאַרטיי־טוער, פּראַקטיקער. צי וועל איך קענען ברענגען נוצן אין דער הינזיכט?

צו מאָרגנס האָט מיך געטראָפן ה. קאַזשדאַן, האָב איך אים אַלץ דערציילט און אויסגעגאָסן פאַר אים מײַן ביטער האַרץ, אויסגעדריקט פאַר אים אַלע מײַנע ספקות. זעט אויס, אַז ה׳ קאַזשדאַן האָט זיך גאָר ערנסט און אויפריכטיק איבערגענומען מיטן גאַנצן ענין, און מיר האָבן אָפּגערעדט צו טרעפן זיך נאָך אַמאָל דעם זעלביקן אָוונט און ערנסט באַטראַכטן די פראַגע פון מײַן צוריקפאָרן, און מערקווירדיק, אַז איך בין אין אָוונט געקומען צום ה׳ קאַזשדאַן, האָב איך שוין

כמעט געהאַט אַ פּאַרטיקן באַשלוס — נישט צוריקצופאָרן, איך האָב דעריבער אומרואיק געוואַרט אויף ח' קאַזשדאַנס מיינונג.

די ערשטע ווערטער זיינע, אין אַ רואיקן פעסטן טאָן, זענען געווען: איך האַלט, אַז איר דאַרפט נישט צוריקפאָרן קיין וואַרשע, איר האָט קיינמאָל נישט געאַרבעט דירעקט אין דער פּאַרטיי. אַקעגן דאָ קענט איר ברענגען פיל מער נוצן. מיר האָבן דאָ געעפנט אַ שול־אָרגאַניזאַציע, בקרוב אָרגאַניזירן מיר אַ פאַרלאַג, מיט איין וואָרט — עס עפנט זיך פאַר אייך אַ ברייט פעלד פון אַרבעט. איר האָט שוין אייערס אָפּגעליטן 8 וואָכן אין ביאַליסטאָק פון אומלעגאַלע אַרבעט, גענוג פאַר אייך.

איך בין געבליבן אין ווילנע.

נאָכן פאַסן מיין באַשלוס צו פאַרבלייבן אין ווילנע, האָב איך זיך ערשט רעכט גענומען אַרומקוקן, וואָס דאָרט טוט זיך. די ערשטע עטלעכע טעג האָב איך זיך געפילט, ווי איינער, וואָס כאַפּט זיך אויף פון אַ וויסטן, פינצטערן נאַכט־קאָשמאַר אין אַ העלער זוניקער שטוב. ער טאַפּט זיך ביים קאָפּ, רייבט זיך די אויגן און קוקט זיך אַרום. אַזוי האָב איך זיך אַרומגעקוקט. איז דאָס טאַקע ווירקלעכקייט? שמייכלען טאַקע אָט די פאַרבייגייענדיקע מענטשן רואיק און געמיטלעך? ווו זענען עס אַהינגעקומען די רייען? אויף די גאַסן אַ נאָרמאַלע, פרידלעכע באַוועגונג, אַלע געשעפטן, נישט נאָר די שפּייז־קראָמען, זענען אָפן, פול מיט סחורות. די שויפענצטער פון די בעקערייען און קאָנדיטאָרייען זענען פול מיט צוקערגעבעקס און קיינער קוקט זיך נישט אום. מסתמא קריגט מען דאָ אויך שוך־בענדלעך, יאָ, מען קריגט. אַפילו קליינע נעגעלעך קען מען אויך באַקומען. אַ ראַזיר־מעסערל, זייף, אַ בערשטעלע און וואָס נישט. אַפילו אַ פּאָר שיינע שיך, אַ העמד, אַ האַנטוך, אַלע שויפענצטער פון די גאַלאַנטעריע־געשעפטן זענען אָנגעפילט מיט די פאַרשידנסטע סחורות. עס דערוועקט זיך אין דיר אַ גיריקייט אַלץ צו קויפן, אַריינצוכאַפּן, אָבער באַלד באַרואיקסטו זיך: „דו זעסט, קיינער כאַפּט נישט אויס, מענטשן גייען פאַרביי און קוקן

זיך אַפילו נישט אום". און דו פאַרשעמסט זיך פאַר דיין אייגענער גי־ריקייט.

שיינע עטלעכע טעג האָט געדויערט ביז די דאָזיקע גיריקייט איז פאַרשוווּנדן, אינגאַנצן אייגגעשטילט געוואָרן. דער פיזיאָלאָגישער הונ־גער ,ווערט, זעט אויס, פיל שנעלער געשטילט ווי דער פסיכישער. די שפּורן, וואָס געוויסע לעבנס־פאַקטן לאָזן איבער אין אונדזער פּסי־כיק, לאָזן זיך נישט אַזוי שנעל פאַרווישן, און ווער ווייסט, צי זיי פאַר־ווישן זיך אינגאַנצן. די דאָזיקע השערה איז מיר אָפט מאָל געקומען אין זינען אַריין, אָבסערווירנדיק דאָס לעבן פון די פּליטים אין פאַר־שידענע פעריאָדן און אויף פאַרשידענע עטאַפּן.

נאָך אַ קורצן, דרייטאָגיקן אורלויב, אין משך פון וועלכן עס האָט זיך מיר איינגעגעבן אויסצוזוכן אַ שיין, היימלעך צימערל ביי באַקאַנ־טע סימפּאַטישע מענטשן, האָב איך זיך גלייך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט. איך זאָג איינגעשפּאַנט... זעלטן, דאַכט זיך, לעבט אַ מענטש אי־בער אַזאַ שטאַרקן פרייד־געפיל פאַרן צוטרעטן צו דער אַרבעט, ווי איך האָב איבערגעלעבט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָ האָט קיין שום ראָל נישט געשפּילט די אויסזיכט אויף מאַטעריעלן פאַרדינסט. נאָר ווידער דאָס אייגענע: איך האָב זיך ווידער דערפילט ווי אַ נאָרמאַלער, גלייכוואַרטיקער און נוצלעכער מענטש. „אויס הונט, צוריק פרינץ". אויס לעבעדיק באַשעפעניש, אויס בעל־חי, וואָס שרעקט זיך יעדע מינוט פאַרן לעבן, פאַר הונגער, פאַר דאַכלאָזיקייט; וואָס לעבט מיט געשפּאַנטע נערוון און אינסטינקטן ווי אין אַ דזשונגל. צוריק אַ מענטש, אַ מענטש מיט אַ רואיק געמיט, מיט אַ פריי געמיט, וואָס קען שוין טראַכטן וועגן דער וועלט אַרום זיך און אויסער זיך.

איך וועל דעריבער קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם ערשטן טאָג ווען איך בין אַרויפגעקומען אין ביוראָ פון דער אין ווילנע רעסטאָוו־רירטער שול־אָרגאַניזאַציע אויף זאַוואַלנע גאַס. עס איז גראָד גע־ווען אַ העלער זוניקער ווינטער־פרימאָרגן. דאָס צימער, אין וועלכן איך בין אַריינגעקומען , איז געווען פאַרגאָסן מיט ליכט, און דער לי־

בער האַרציקער ה׳ גילינסקי האָט מיר אַנטקעגנגעשיקט דעם אמתן ברוך־הבא. באַלד איז אַריינגעקומען פון צווייטן צימער דער ה׳ קאַזש־דאַן מיט אַ צעשמייכלט פנים, און איך האָב זיך גלייך דערפילט אין אַ היימישער, וואַרעמער, חברישער אַטמאָספער. איך בין געווען טיף גערירט, איך האָב געפילט, ווי אינעווייניק, טיף־טיף אין האַרצן הייבט עפּעס אָן צוריק אויפצוטאָיען. געפילן, וואָס זענען לאַנג שוין געווען דערשטיקט און דערדריקט, האָבן זיך, ווי באַפרייט און צוריק אַרויס־געריסן אויף דער ליכטיקער פרייער וועלט. געפילן פון חברישקייט און ליבע, סימפּאַטיע און בענקשאַפט.

דאָס לעבן אַרום איז געווען צוריק אַזוי פריי, אָפן, ליכטיק. אַרום — מענטשן, מיט וועלכע דו פילסט זיך פאַרבונדן האַרציק און גייס־טיק. פאַרשווונדן זענען די פינצטערע קאָשמאַרן — די מורא פאַרן מענטש, דער פאַרדאַכט, דער אומצוטרוי, די שטענדיקע גרייטקייט, די אומרואיקייט.

— גיט מיר שוין אַרבעט, חברים, אַרבעט און אַרבעט, האָב איך זיך געבעטן. און איך האָב לאַנג נישט געדאַרפט בעטן. דאָ האָט זיך שוין, זעט אויס, פון לאַנג געפירט אַן אַרבעט און דער אומגעהייער אַרבעטזאַמער ה׳ קאַזשדאַן און פאַנטאַזיאָר גילינסקי האָבן זיך אַרומ־געטראָגן מיט צענדליקער נייע אַרבעטס־פּראָיעקטן. קודם־כל האָט זיך די שול־אָרגאַניזאַציע געשטעלט פאַר אַ ציל נישט נאָר איינצוהאַלטן נאָכן חורבן פוילן די יידישע פאָלקסשולן אין ליטע, נאָר צו רע־אָרגאַניזירן, אינטענסיפיצירן, פאַרברייטערן די אָרטיקע שולאַרבעט. די פאָלקסשולן פון ווילנע און פון ווילנער פּראָווינץ, וואָס זענען גע־ווען אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון דער פאָלקשול־נעץ אין פוילן,

האָבן זיך איצט אָרגאַניזאַציאָנעל פאַרבונדן מיט די פאָלקסשולן אין קאָװנער ליטע. פאַרשטײט זיך, אַז אױף דעם געביט איז געװען זײער פיל אױפצוטאָן און צו לײסטן. די שול־אָרגאַניזאַציע האָט אױך גע־האָט באַשלאָסן צו באַנײען די אַרבעט פון קינדער־פאַרלאַג און אױך אַרױסגעבן די „עלטערן־טריבונע". אַ פּעדאַגאָגישע חודש־שריפט, װאָס איז ביז דער מלחמה דערשינען אין װאַרשע.

די פאַרלאַג־אַרבעט האָט זיך שױן געהאָט אָנגעהױבן מיטן צו־גרײטן מאַטעריאַל פאַר אַ פרץ־כרעסטאָמאַטיע און פאַרן ערשטן נו־מער פון דער באַנײטער „עלטערן־טריבונע". האָב איך זיך טאַקע גלײך גענומען גרײטן מיט אַן אַרטיקל און מיט מאַטעריאַל פאַר אַ געװיסער אָפּטײלונג. די אַלגעמײנע רעדאַקציע איז אָנגעפירט געװאָרן פון ח' קאַזשדאַן.

# די אַרבעט גייט אָן . . .

וועגן דער באַציונג פון אַ טייל ווילנער לערער און קולטור־טוער צו דער איניציאַטיוו און לייסטונג פון דער שול־אָרגאַניזאַציע וועט מיר נאָך אויסקומען צו רעדן ביי אַ צווייטער געלעגנהייט. דאָ וויל איך נאָר באַמערקן, אַז אומעטום, אין אַלע קרייזן מיט אַ פּאָזיטיווער באַציונג צו דער יידיש־וועלטלעכער קולטור, צווישן דער פּליטים־שאָפט און איבערהויפּט אין די פּאַרטיי־קרייזן, איז די אַרבעט און איניציאַטיוו פון דער שול־אָרגאַניזאַציע אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס וואַרעמקייט און צופרידנקייט.

בלעטערנדיק די פּרץ־כרעסטאָמאַטיע, וועלכע די שול־אָרגאַניזאַציע האָט נאָר וואָס געהאַט אַרויסגעלאָזט, זאָגט מיר איינמאָל אַן עלטערער וואַרשעווער קולטור־טוער: „פאַר מיר איז נישט נאָר וויכטיק און אומשאַצבאַר די איניציאַטיוו און דער אויפטו גופא אַן און פאַר זיך, ווי דער סימבאָל, וועלכן איך זע דערין. מיר לעבן ווייטער, מיר שאַפן ווייטער, נאָך אַלע חורבנות איז דער לעבנס־ווילן און דער לעבנס־כוח צוריק וואָך. פאַר מיר איז עס אַן אומגעהייערע סאַטיספאַקציע און דערמוטיקונג". אַ געוויסער ד"ר ט. פון טשענסטאָכאָוו, אַן אַסי־מילאַטאָר, אַ פאַרפּוילישטער פון דור־דורות, וואָס האָט זיך שפּעטער אָנגעהויבן לערנען יידיש, נאָכן איבערלייענען מיט מיין הילף (און שפּעטער אַליין, אין משך פון עטלעכע טעג) „אויב נישט נאָך העכער", באַמערקט מיט גרויס באַגייסטערונג: „די אַלמענטשלעכע קולטור איז דער אויסדרוק פון דער העכסטער מענטשלעכער דערגרייכונג; צי קענען מיר זיך אָבער פאַרבינדן, פאַראייניקן און אַריינלעבן זיך אין דער דאָזיקער קולטור, נישט אויסלעבנדיק זיך פריער אין דער איי־

גענער נאַציאָנאַלער קולטור, צי קען מען ליב האָבן אַ מענטשן, נישט זייענדיק געליבט און נישט ליב האָבנדיק אַן אייגענע מאַמע". — „דער שטאַרקסטער סימן פון אַ לעבעדיקער שעפערישער קולטור — באַמערקט אַ צװייטער שילער מיינער, אַ געװיסער אינזשעניער האַלפּערן, אויך אַן אַסימילאַטאָר, — איז, װען אירע שעפער און פּיאָנערן פאַרלאָזן זי נישט, און נישט נאָר זיי פאַרלאָזן זי נישט, נאָר זיי װערן נאָך פון איר סטימולירט צום שאַפן אין די שװערסטע אומנאָרמאַלסטע באַדינגונגען. די דאָזיקע ביכלעך, װאָס אייער פאַרלאַג גיט איצט אַרויס, זענען היסטאָרישע דאָקומענטן, די בעסטע צייגנישן פאַר דער געזונטקייט און שעפערישקייט פון דער יידישער קולטור".

די דאָזיקע מיינונגען, װעלכע מיר איז אויסגעקומען צו הערן פון נאָענטע און װייטע, זענען געװען ערנסטע און אויפריכטיקע. נאָך אַ לענגערער צייט פון נע־ונד זיין, פירנדיק אַ לעבן פון אַ שוצלאָזן, פון אַ היימלאָזן, זעענדיק מיט די אייגענע אויגן, װי מענטשלעכע פאַרמעגנס, אויסגעבויטע במשך פון יאָרן מיט גרויס מי און האָרעװאַניע, מענטשלעכע האָב און גוטס װערן פאַרניכטעט כהרף־עין, — איז יעדער איינער פון אונדז באַהערשט געװאָרן פון שרעק און פון יאוש. עס האָט זיך געדוכט, אַז די װעלט גייט אונטער, פייער און שװערד, מענטשלעכע ברוטאַליטעט און אכזריותדיקייט װעלן אַלץ אומברענגען.

איך האָב שוין דערמאָנט אין די פריערדיקע קאַפּיטלען, װי מיר איז בסדר אויסגעקומען צו הערן פון פּשוטע יידן: „געװאַלט, דאָס פּוילישע יידנטום גייט אונטער", יידישע שטעלעך זענען צעבאָמבט געװאָרן, די באַפעלקערונג איז פאַרטריבן געװאָרן, אָפטמאָל מאַסאַקרירט געװאָרן. פון די גרויסע שטעט, װי װאַרשע, לאָדזש, לובלין זענען אָנגעקומען די שוידערלעכסטע ידיעות. דער קיבוץ־גליות אין ביאַליסטאָק, די לאַגע פון די פּליטים אין די סאָװיעטישע געביטן האָבן מיטגעװירקט נאָך מער צו פאַרשטאַרקן דאָס געפיל פון אונ־

טערגאַנג, פון פאַרלענדונג, איז דען אַ חידוש, וואָס ליטע, אַט דאָס קליינע אַזיסל האָט אַנטשפּאַנט די נערוון, באַרואיקט און אפילו אַנגעהויבן צו וועקן האָפענונגען. איז דען אַ חידוש, וואָס יעדער סימן פון בויען, פון שאַפן האָט געפרייט און געמוטיקט. דאַכט זיך אַ קליי־ניקייט — אַרויסגעבן אַ ביכל, אַ זשורנאַל, אַ כרעסטאָמאַטיע, אין נאָרמאַלע צייטן קומט עס פאַר אומבאַמערקט, פאַרקערט, מען דאַרף ציען דערויף די אויפמערקזאַמקייט מיט פאַרשידענע מיטלען. אין אונדזערע דעמאָלסטדיקע באַדינגונגען איז עס געווען אַן ערשט־ראַנגיקע געשעעניש. ריכטיק האָט באַמערקט דער דערמאָנטער ד"ר מ.: עס איז געווען אַ סימבאָל, אַ סימן פון אַ נייעם אָנהייב, אַן אָנהייב פון אַ ניי לעבן, אָדער אַ פאַרזעצונג, אַ קאָנטינואיטעט פון אַ שעפע־רישן לעבן. עס זענען פאַרברענט געוואָרן די יידישע ביבליאָטעקן אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט, אָבער דאָס יידישע בוך לעבט ווייטער.

ווען דער ערשטער עקזעמפּלאַר פון דער פּרץ־כרעסטאָמאַטיע האָט זיך באַוויזן אין „ייוואָ" האָבן אַלע אָנוועזנדיקע צוגעכאַפּט זיך צו אים, באַקוקט, כמעט געצערטלט, ווי מען צערטלט אַ באַליבט קינד. דערביי האָט איינער געמאַכט זיך אַזאַ וויץ: „עס דערמאָנט מיך אין ערשטן טייבעלע, וואָס האָט פאַרלאָזט נח'ס תיבה נאָכן מבול, דעמאָלט אָבער האָבן זיך נאָר געפרייט גאָט מיט די מלאכים".

דער גרויסער דערפאָלג און וואַרעמער אָפּקלאַנג, וואָס די פּרץ־כרעסטאָמאַטיע האָט אַרויסגערופן האָט, נאַטירלעך, צוגעגעבן מוט, און די שול־אָרגאַניזאַציע איז צוגעטרעטן צו רעאַליזירן די ווייטער־דיקע פּראָיעקטן. עס איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן צונויפצוקלייבן און צוצוגרייטן מאַטעריאַל פאַר אַ גרויסער שלום־עליכם־כרעסטאָ־מאַטיע, וואָס האָט געזאָלט זיין די צווייטע אויסגאַבע פון פאַרלאַג. מיר האָבן זיך אַ לענגערע צייט באַראַטן וועגן אַ קינדער־אויסגאַבע, וואָס זאָל אין זיך אַריינגעמען די בעסטע דערציילונגען פון קינדער־לעבן אין דער וועלט־ליטעראַטור. דער נאָמען פון אַזאַ בוך האָט גע־

זאָלט זײַן „קינדער פון דער וועלט". נאָך דעם ווי איך האָב פאַרענדיקט צוגרייטן מאַטעריאַל פאַר דער ש"ע־כרעסטאָמאַטיע, האָב איך זיך גלייך גענומען צו דער אומגעהייער קאָמפּליצירטער, אָבער זייער אינטערעסאַנטער אַרבעט פון צוגרייטן די געהעריקע מאַטעריאַלן פאַר דער קינדער־אויסגאַבע.

די אַרבעט האָט ביי מיר פאַרנומען אייניקע מאָנאַטן, ווייל איך האָב געמוזט נאָכזוכן די מאַטעריאַלן פון פאַרשידענע ביבליאָטעקן, פיל מאַטעריאַלן איבערזעצן אָדער איבערגעבן זיי צום איבערזעצן. הגם די אַרבעט איז געווען, ווי געזאָגט, זייער אַ שווערע און אָנגע־שטרענגטע, איז זי אָבער געווען מיין ליבלינגס־אַרבעט. איך האָב דאָס דאָזיקע בוך אויסגעטראָגן אין האַרצן ווי אַ מתנה פאַר אַלע אונדזערע שולקינדער, פון וועלכע מיר זענען אויך אַזאַ ברוטאַלן אופן אוועק־געריסן געוואָרן.

איינמאָל, אַרויפקומענדיק אין שול־אָרגאַניזאַציע מיט צוגעגרייטע מאַטעריאַלן, וועלכע ח׳ קאַזשדאַן האָט געזאָלט איבערקוקן (איך האָב די אַרבעט געפירט ביי דער דירעקטער מיטאַרבעט פון ח׳ קאַזשדאַן) באַגעגנט ער מיך מיט אַ שמייכל, זאָגנדיק „אַ גרוס פאַר אייך פון פּראָפעסאָר דובנאָוו". און טראָגט מיר גלייך אונטער אַ קאַרטל פון דובנאָוון, אין וועלכן ער רופט זיך אָפּ זייער וואַרעם וועגן מיין אַרטיקל אין „על־טערן טריבונע" א. נ. „די מלחמה און דאָס קינד". דער דאָזיקער אָפּרוף פון חשובן פּראָפעסאָר האָט מיר, פאַרשטייט זיך, זייער אימ־פּאָנירט און נאָך מער מוט צוגעגעבן אין מיין אַרבעט.

איך געדענק נישט וויפל שעה אין טאָג איך האָב דאַן געאַרבעט. איך האָב געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט, נישט פילנדיק קיין מידקייט. איין שטאַרקן באַגער האָב איך געהאַט — דאָס בוך זאָל וואָס פריִער דערשיינען. איך האָב איבערגעלעבט אַ מאָדנע געפיל פון אומ־רואיקייט, עפּעס ענלעך צום געפיל פון אַ קינד, וואָס שטרעבט און וויל שוין באַזיצן די הייסגעליבטע זאַך, מורא האָבנדיק, אַז מען קען עס אים דערווייל נאָך צוגעמען, אויסכאַפּן.

דעם אמת געזאָגט, האָבן מיר דאָרט, אין דעם קליינעם אָאָזיסל ליטע, קיינמאָל נישט געהאַט דאָס געפיל פון פולשטענדיקער זיכער־קייט און רואיקייט. די סאָוויעטישע מיליטער־באַזעס אין און אַרום ווילנע האָבן כסדר דערמאָנט, אַז היינט איז היינט, נאָר מאָרגן קען ווערן עפּעס אַנדערש. אויך דער שטענדיק פאַרנומענער ח׳ קאַזש־דאַן האָט נישט געשוינט זיין צייט און אַרבעט, געדינט מיר מיט זיינע אָנווייזונגען און קענטנישן און אויך ער האָט זיך געיאָגט און געאיילט.

צו יענער צייט, האָרט פאַרן דערשיינען פון בוך „קינדער פון דער וועלט", האָט דער שול־פאַרלאַג שוין געהאַט אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצע ריי באַראַטונגען מיט פאַרשידענע יידישע פּעדאַגאָגן און וויסנ־שאַפטלער וועגן צוגרייטן אַ גרויסן פּעדאַגאָגישן זאַמלבוך פון אַן ערך 40 דרוק־בויגן. אין דאָזיקן זאַמלבוך האָבן געזאָלט אַריין אַ גאַנצע ריי גרינטלעכע אַרבעטן וועגן דער נייער יידיש־וועלטלעכער שול, וועגן איר אַנטשטיין און אַנטוויקלונג, מהות און כאַראַקטער, דערגרייכונגען און דורכפאַלן, ווייטערדיקע צילן און פּערספּעקטיוון, אָפּהאַנדלונגען וועגן ספּעציפישע געזעלשאַפטלעכע און פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צו אונדזער שול, ווי די שפּראַכן־פראַגע, דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם אאַ״וו.

די פאַרשידענע טעמעס זענען מיט דער גרעסטער ערנסטקייט אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דער פּעדאַגאָגישער ביוראָ אונטער דער אָנפירונג פון ח׳ קאַזשדאַן, און נאָך אַ געהעריקער פאַרשטענדיקונג און מיינונגס־אויסטויש איבערגעגעבן געוואָרן צו די פאַרשידענע אויטאָרן.

די שול־אָרגאַניזאַציע איז אויך צוגעטרעטן צו דער אָרגאַני־זאַציע פון אַ גאַנץ גרויסער נעץ יידיש־קורסן אין די פאַרשידענע פּליטים־היימען. די דאָזיקע קורסן האָבן געהאַט אַן איבעראַשנדיקן דערפאָלג. עס האָבן זיך פאַרשריבן אויף די קורסן נישט נאָר יידיש־שטאַמיקע און יידיש רעדנדיקע פּליטים, נאָר אויך די אַזוי־גערו־פענע „פּרעמדע", אָפּגעריסענע, אַסימילירטע. מיר אַליין איז אויס־

געקומען צו פֿירן אַזאַ יידיש־קורס פֿאַר אָנפֿאַנגער, אויף וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט 23 פּערזאָן, אַלע פּויליש־רעדנדיקע, מיט מיטע־לער און העכערער בילדונג, צווישן זיי עטלעכע דאָקטוירים, אַדוואָ־קאַטן און אינזשעניערן. איך קען זאָגן, אַז די אַרבעט אויף דעם דאָ־זיקן קורס, וואָס האָט געדויערט עטלעכע מאָנאַטן, ביזן אַריינקומען פֿון די סאָוויעטן, האָט מיר פֿאַרשאַפֿט זעלטענע פֿרייד און אַן אומ־געהייערע באַפֿרידיקונג. איך האָב זיך אַן איבעריקן מאָל איבער־צייגט, אַז קיין שום מענטש קען נישט אויסגעוואָרצלט ווערן פֿון זיין נאַציאָנאַלער סביבה, און צוויטנס — ווי סובטעל און אויפֿנאַמספּעאיק די מענטשלעכע נשמה איז פֿאַר שיינקייטן, דערהויבנקייטן, פֿון וועלכע זי איז אָפּגעצוימט, אָפּגעפֿרעמדט און אָפּגעריסן געוואָרן דורך דער דערציונג, סביבה, באַוווסטזיניקע באַווירקונג און איינפֿלוס. מיר איז, פֿאַרשטייט זיך, אויסגעקומען נישט נאָר צו לערנען, נאָר נאָך מער צו שמועסן מיט מיינע „שילער" און די דאָזיקע שמועסן זענען אָפֿטמאָל געווען אַ טיפֿער, רירנדיקער השתפּכות־הנפֿש פֿון נאָענטע מענטשן, וואָס זענען אַ לאַנגע צייט געווען דערווייטערט און האָבן דערנאָך צופֿעליק זיך געפֿונען. איך האָב שוין פֿריער דערמאָנט דעם ד"ר ט., אינזשעניער ה. — מיט וואָס פֿאַר אַ וואַרעמקייט און ענטו־זיאַזם זיי האָבן אויפֿגענומען דאָס דערשיינען פֿון דער פּרץ־כרעס־טאָמאַטיע. יעדע לעקציע איז געווען אַ יום־טוב פֿאַר מיר און נאָך מער פֿאַר זיי. „מיר וואַרטן אויף דער יידיש־לעקציע ווי אויף עפּעס פֿאַר אונדז נישט קיין עקזאָטישעס, נאָר אַ טיפֿע אינערלעכע איבער־לעבונג. „אויב נישט נאָך העכער" פֿון פּרצן דערמאָנט מיך, ווי ניידעריק און פֿלאַך מיר האָבן זיך באַצויגן צו דער יידישער קולטור, מיר האָבן זי געמאָסטן לויט אירע אויסערלעכע מעגלעכקייטן און עפֿעקטן". אָט אַזעלכע געדאַנקען און מיינונגען איז מיר אויסגעקומען צו הערן זייער אָפֿט. און וואָס ס'האָט מיך אַממייסטן פֿאַרוווּנדערט און איבערראַשט, איז די טיפֿע פֿאַרשטענדעניש פֿאַר פּרצן, וואָס די דאָזיקע יידישע קולטור־נעאָפֿיטן האָבן אַרויסגעוויזן. זיי האָבן זיך

פשוט אַנטציקט מיט זיין גייסטרייכקייט און יידישער שאַרפקייט. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן פאָלגנדיקן עפּיזאָד:

עס באַגעגנט מיך איינמאָל איינער פון מיינע שילער, אַדוואָקאַט פ. ער דערפרייט זיך מיט מיר, ווי געוויינלעך. „גוט, וואָס איך האָב אייך געטראָפן, איך האָב קיין געדולד נישט געהאַט צו וואַרטן ביזן אָוונט, ווען איר וועט קומען אויף דער לעקציע".

— וואָס איז געשען? — פרעג איך אים אַ ביסל פאַרוווּנדערט.

— איך האָב נעכטן ביינאַכט אַליין איבערגעלייענט „דריי מתנות" פון פּרצן, איך האָב גוט געהאַרעוועט, איינגעחזרט די העברעישע ווערטער, און צום דריטן מאָל לייענען איז עס מיר שוין געגאַנגען גלאַטיק. איך בין געווען אַנטציקט, אויפּריכטיק אַנטציקט. דאָס איז דאָך יידישע געשיכטע, געפורעמט אין פּרעכטיקע, פּלאַסטישע בילדער. ווי ווייט איך בין געווען דערפון, און ווי נאָענט און ליב דאָס איז מיר איצט".

אָוועקגייענדיק פון מיין באַגייסטערטן שילער, האָב איך זיך געטראַכט: אַזוי איז דאָס לעבן, הונדערטער ביכער און אויפקלערונגס־אַרטיקלען קענען נישט אויפטאָן דאָס, וואָס באַשטימטע לעבנס־פאַקטן און געשעענישן.

# דאָס אויסלעבן זיך פון די פליטים

אויך דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון די פליטים אין ווילנע האָט אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן אָנגעהויבן צו פולסירן. איך זאָג אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן, ווייל אויף די ברעגעס פון קליינעם אַזיסל האָבן, ערשטנס, געקלאַפט גרויסע און קליינע כוואַליעס, צווייטנס, איז דאָס קליינע ליטע געווען דורכויס רעאַקציאָנער, האַלב־פאַשיסטיש און באַצויגן זיך צו די פליטים גאָרנישט גאַסט־פריינדלעך. מען האָט יעדע הנהלע געמוזט אַרויסבאַקומען מיט געלט און דורך שתדלנות. אַ פליט האָט נישט געטאָרט ווינען אומעטום, נישט געקענט זיך פריי באַוועגן אָן אַ באַזונדער דערלויבעניש, נישט געקענט אָננעמען קיין אַרבעט, און שוין אָפגערעדט פון עפנטלעך זיך באַטייליקן אין וועלכער עס איז געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

נישט געקוקט אָבער אויף אַלע שטערונגען און שוועריקייטן האָט די בונדישע פליטים־גרופּע צוזאַמען מיטן אָרטיקן בונדישן קאָמיטעט געפירט אַ גאַנץ אינטענסיווע פאַרטיי־אַרבעט. די פאַרטיי־גרופּן, אויף וועלכע עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשידענע פּאָליטישע פראַגן זענען פאָרגעקומען רעגלמסיק יעדע וואָך. אַ חוץ דעם פלעגן פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט ווערן (נישט עפנטלעך) פאָליטישע רעפעראַטן מיט דיסקוסיעס.

די דאָזיקע רעפעראַטן, וואָס האָבן געפרווּט אין ליכט פון די מלחמה־געשעענישן און זייער אויסווירקונג אַנאַליזירן די ביזאיצטיקע סאָציאַליסטישע טאַקטיק, פאָרויסזאָגן נייע וועגן און פערספעקטיוון,

האָבן אַרויסגערופן ביי אַלע חברים אַ שטאַרקן אינטערעס. דער צ.ק., וואָס האָט זיך געפונען אין ווילנע (נישט אין פולן קאָמפּלעט) האָט אויך צוגעגרייט אַן אַקטועלע פּאָליטישע דעקלאַראַציע, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ לעבהאַפטן אָפּקלאַנג אין די פּאַרטיי־קרייזן און איז לאַנג און הייס דיסקוטירט געוואָרן אויף די פּאַרטיי־גרופּן. אַ באַזונדערע רייפעוודיקייט האָט אַרויסגעוויזן די יוגנט. נישט קענענדיק אויסלעבן זיך אין דער פּאָליטישער אַרבעט, וועלכע, ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, איז געווען שטאַרק באַגרענעצט אין אירע אויסווירקונגס־מעגלעכקייטן, האָט זי זיך מיט ברען אַ וואָרף געטאָן צו קולטור־אַרבעט. אין „יוואָ", וואָס איז דעמאָלט געווען דער צענטער פון יידישער קולטור־אַרבעט, האָט מען צו יענער צייט געקענט טרעפן זייער פיל פון אונדזערע חברים. זיי האָבן דאָרט פלייסיק און ערנסט געאַרבעט אין די שטודיר־צימערן, באַטייליקט זיך אין האַספּיטאַנטן־קורס, אין דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פאַר יוגנט־פּסיכאָלאָגיע אאַז"וו.

די בונדישע פּליטים־גרופּע האָט לכתחילה געהאַט אָרגאַניזירט אירע אייגענע אינטערנאַטן, היימען און קיכן. די לעצטע האָבן זיך שפּעטער צונויפגעגאָסן אין איין צענטראַלער קיך, וועלכע האָט באַדינט אַלע בונדישע פּליטים און אויך אַ גרויסן טייל פון די פּראָגרעסיווע קרייזן פון דער פּליטימשאַפט, איבערהויפּט די אַרבעטער און אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ. די דאָזיקע צענטראַלע קיך, וואָס איז אָרגאַניזירט געווען אויף געזעלשאַפטלעכע יסודות, האָט געטראָגן אַן אויסגעשפּראָכענעם געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. צו דער אַרבעט אין און אַרום דער קיך זענען צוגעצויגן געוואָרן די פּליטים גופא, און מען האָט זיך באַמיט צו שאַפן אַ פרייע אַטמאָספער, אָדער בעסער געזאָגט, אַן אַטמאָספער פריי פון פילאַנטראָפּיע און איינגעבעטנקייט. דאָס איז געווען אַ קלוב־רעסטאָראַן אין געזעלשאַפטלעכן זין פון וואָרט.

עס איז קיין חידוש נישט, וואָס אַלע פּליטים האָבן זיך געריסן, ממש וועלטן איינגעלייגט אַריינצובאַקומען זיך אין דער בונדישער

קיך. פאַרשטייט זיך, אַז אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן זענען די־
טירן אָפן געווען פאַר יעדן געוווּנטשענעם גאַסט, און אַ געוווּנטשע־
נער גאַסט איז געווען יעדער איינער אָן אויסנאַם, וואָס האָט זיך אויפ־
ריכטיק געוואָלט אויסלעבן אין אַ געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער.

די אַלע באַזונדערע היימען און אינטערנאַטן, אָדער קיכן זענען בשום אופן נישט געשאַפן געוואָרן צוליב איזאָלאַציע־טעמים, ווייל מיר האָבן זיך געוואָלט אָפּזונדערן פון די איבעריקע פּליטים, נאָר פשוט צוליב געזעלשאַפטלעך־היגיענישע טעמים. מיר האָבן, אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך געווען, געוואָלט אויסמיידן דאָס פּילאַנ־טראָפּישע געמויזעכץ, וואָס שאַפט זיך געוויינלעך אין אַזעלכע צייטן, ביי אַזעלכע אומשטענדן. מיר האָבן געוואָלט פאַרהיטן אונדזערע חב־רים פון דירעקטן קאָנטאַקט מיט די פאַרשידענע הילפס־קאָמיטעטן, וואָס ווירקן און מוזן ווירקן דעמאָראַליזירנדיק. די אויבנדערמאָנטע בונדישע קיך און איר באַציונג צו די איבעריקע פּליטים איז דער בעסטער באַווייז, אויף וויפל מיר האָבן געוואָלט, געשטרעבט אויך פאַר אַנדערע געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן צו שאַפן אַ בעסערע און ריינערע אַטמאָספער.

איך האָב דאָ פריער דערמאָנט וועגן געזעלשאַפטלעך־היגיעני־שע צילן. צי האָבן זיך די דאָזיקע מיטלען איינגעגעבן? צי איז בכלל מעגלעך איינצוהאַלטן דעם פּליט אויף אַ באַשטימטן גייסטיק־עטישן ניוואָ? אָט דאָס איז די פראַגע, איינע פון די קאָמפּליצירטסטע פּליטים־פראַגן, וואָס איז נאָך ביז היינט צו טאָג נישט געלייזט געוואָרן, צו־גלייך מיט אַנדערע אומגליקלעכע באַגלייט־דערשיינונגען פון דער מלחמה. די פּליטים־פּראָבלעם ווערט על־פּי־רוב באַהאַנדלט, יעדנ־פאַלס אין די געזעלשאַפטלעכע קרייזן, ווי אַ געזעלשאַפטלעך־ווירט־שאַפטלעך פּראָבלעם. די פראַגע פון ברויט און אַ דאַך איבערן קאָפּ — דאָס זענען די הויפּט־מאָמענטן, וואָס ציען די אויפמערקזאַמקייט. ווער האָט צייט, געדולד און פאַרשטענדעניש צו טראַכטן וועגן פּליטס נשמה, וועגן פּראָפילאַקטישע הילף פאַר זיין גייסט. אַז מען דאַרף ראַ־

טעווען דעם מענטש פון הונגער און דאַכלאָזיקייט — דאָס פילן און פאַרשטייען אַלע, אי דער געזעלשאַפטלעכער טוער, אי דער פּליט; אַז מען דאַרף אים אָבער ראַטעווען פון גייסטיקן אונטערגאַנג און מאָראַלישער דעגענעראַציע דאָס פאַרשטייען ווייניק.

מען שטעלט זיך פאָר אַן ענד־ציל צו דערהאַלטן דעם פּליט ביים לעבן עד שיעבר הזעם, ביז די סכנה וועט פאַרביי און ער וועט קע־נען זיך צוריקקערן צו זיין היים און צו זיין באַשעפטיקונג. מען פאַר־געסט אָבער דערביי, אַז על־פּי־רוב וועט ער זיך אומקערן אַ דעגע־נערירטער, גייסטיק און מאָראַליש איינגעבראָכן און נישט פעיק צו קיין געזעלשאַפטלעך־פּראָדוקטיווער אַרבעט.

אַז דאָס איז ריכטיק, קען מען זיך איבערצייגן פון דער ערנסטער וויסנשאַפטלעכער און קינסטלערישער ליטעראַטור, וואָס האָט באַ־האַנדלט די דאָזיקע פּראָבלעם נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, בירגער־קריג און רעוואָלוציעס, וואָס האָבן פאַרטריבן הונדערטער טויזנטער פון זייערע היימען אויף שטענדיק אָדער אויף אַ געוויסער צייט.

מיט וואָס און ווי אַזוי קען מען העלפן — מיט דעם דאַרף זיך פאַרנעמען די געזעלשאַפט, די וויסנשאַפטלער, די פּעדאַגאָגן, פּונקט ווי מען פאַרנעמט זיך (און אפשר נאָך מער) מיט אַנדערע נאָך־מל־חמה־פּראָבלעמען. צוריק געזונט מאַכן אַ נאָך־מלחמה־גענעראַציע, איז זיכער נישט ווייניקער וויכטיק, ווי צוריק געזונט מאַכן אַ נאָך־מלחמהדיקעווירטשאַפט.

איך האָב אויבן געשטעלט די פראַגע: צי האָבן זיך אונדזערע באַמיִונגען וועגן געזעלשאַפטלעכער היגיענע איינגעגעבן? איך האַלט, אַז אין אַ געוויסער מאָס, מעגלעך, אַז אין אַ קליינער מאָס, יאָ. די גע־זעלשאַפטלעך־פּאָליטישע אַרבעט פון איין זייט, די קולטור־אַרבעט פון דער צווייטער זייט און דאָס מיטווירקן, אַז די חברים זאָלן וואָס ווײ־ניקער קומען אין אוממיטלבאַרן קאָנטאַקט מיט די פאַרשידענע פּי־לאַנטראָפּישע קאָמיטעטן און סוב־קאָמיטעטן, דאָס אַלץ צוזאַמען

האָט קעגנגעווירקט די שלעכטע איינפלוסן, דער אַזוי־גערופענער עמי־גראַנטישער אינפעקציע, אַן אינפעקציע, וואָס איר סם־המות באַשטייט אין אַ פּערמאַנענטער זשעדנעקייט, וועלכע אַנטוויקלט זיך מיט דער צייט אין אַ פּסיכישער קראַנקהייט.

נאָך איין זייער וויכטיקער פאַקטאָר האָט מיטגעווירקט אין אַ גרויסער מאָס צו נאָרמאַליזירן אונדזער פּליטים־לעבן (און נישט נאָר אונדזער, נאָר פון אַלע פּליטים) — דאָס וואָס מיר זענען אַריינגעפאַלן אין ליטע, אין אַ לאַנד מיט אַ פאַרוואָרצלטן יידישן ישוב, מיט יידישע טראַדיציעס, מיט אַ געזונטער פולבלוטיקער יידישער סביבה, און מיט אַ מאָדערנער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, — וועגן ווילנע גופא איז דאָך איבעריק צו רעדן.

קאָוונער ליטע האָט אַרויסגעוויזן אַן אומגעהייערע גאַסטפריינד־לעכקייט און געזעלשאַפטלעכע פאַרשטענדעניש און טאַקע לגבי די פּוילישע פּליטים. און ווילנע איז דאָך עפּעס געווען אַן אייגענע נאַ־ענטע שטאָט, אין וועלכער מען איז פאַרפאָרן, פּונקט ווי מען פאַרפאָרט צו אַן אייגענעם נאָענטן קרוב. דאָס געפיל פון היימלאָזיקייט, דאָס פּייניקלעכסטע געפיל פון יעדן פּליט, האָט זיך דעריבער נישט געלאָזט אַזוי ווייטיקלעך פילן.

דאָס פאַראָרעמטע ווילנע, האָט, נאַטירלעך, נישט געקענט אַרויס־וויַיזן די ברייטע בשפעדיקע גאַסטפריינדלעכקייט, וואָס קאָוונע, אָדער ריכטיקער געזאָגט, די קאָוונער פּראָווינץ. אָבער מען האָט זיך דאָך געפילט ווי אין אַן אייגענער היים. די דאָזיקע נאָענטקייט, כמעט קרוי־בהשאַפט, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, האָט ווי אָפּגעווישט די גרענעצן צווישן פּליט און תושב. מען קען זאָגן, אַז עס איז פאַרגעקו־מען אַן אינפוזיע־פּראָצעס. כמעט יעדער פּליט האָט זיך געהאַט זיין פאַמיליע, מיט וועלכער ער האָט זיך נאָענט און האַרציק צונויפגע־לעבט.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן איז פאַרגעקומען אַ שטאַרקער און קעגנזייטיקער

באַווירקונגס־פּראָצעס. ווילנע מיט איר טיף־פאַרוואָרצלט יידיש לעבן, יידישע טראַדיציעס, דאָס וויגעלע פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור, פון מאָדערנער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, האָט געהאַט וואָס צו געבן, מיט וואָס צו באַאיינפלוסן, צו סטימולירן.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָבן די מיטגלידער פון ציִשאָ ביי דער ערשטער גינסטיקער מעגלעכקייט אָנגעהויבן פירן אַן אַרבעט, אַ ברייטע קולטור־אַרבעט. אַחוץ דער פאַרלאַג־אַרבעט האָט מען זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו רעאָרגאַניזירן די יידישע פאָלקשולן אין ווילנע און אין קאָוונער ליטע, און צונויפגיסן זיי אין איין איינהייטלעכער שול. עס זענען דעמאָלט אויך אַרויסגעשוווּמען אַ גאַנצע ריי שול־פּראָבלעמען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רעאַקציאָנערער שול־פּאָליטיק, וואָס עס האָט געפירט די האַלב־פאַשיסטישע ליטווישע רעגירונג, פּראָבלעמען פון אַ געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן כאַראַקטער. די שולמאַכט האָט אַוועקגעלייגט איר גראָבע לאַפּע אויף די יידישע פאָלקשולן, באַמיט זיך וואָס מער צו פאַרשמעלערן די יידיש־פּראָגראַם, אַריינגעמישט זיך אין אינערלעכן שוללעבן אויף שריט און טריט.

מען האָט דאָ געמוזט מיט פאַרשידענע מיטלען און זייער פאַרזיכטיק רעאַגירן און קעגנווירקן. און דערצו איז נייטיק געווען אַן איינהייטלעך שול־וועזן.

די שול־אָרגאַניזאַציע האָט אויסגענוצט אַלע אירע איינפלוסן און מעגלעכקייטן כדי אונטערצוהאַלטן און צו שטאַרקן די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע קולטור־אינסטיטוציעס, וועלכע דאָס פאַראַרעמטע ווילנע איז ניט אין שטאַנד געווען אויסצוהאַלטן. זייער פּאָפּולער איז דעמאָלט צווישן דער עלטערנשאַפט פון די יידישע פאָלקשולן געווען די קיך פאַר די יידישע פאָלקשולן, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן נאָך בעת דער איבערגאַנגס־צייט, ווען די סאָוויעטן זענען דאָס ערשטע מאָל אַריין אין ווילנע. געשאַפן געוואָרן ביי דעם צ.ב.ק. דורך דעם פּאָפּולערן שול־טוער ח׳ ב., וואָס האָט פיל מי און ענערגיע

אַריינגעלייגט אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע, איז ער אָבער נישט אין שטאַנד געווען צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון דער קיך און צו דערפירן זי צו אַ געווונטשענעם ניוואָ.

די שול־אָרגאַניזאַציע, איבערהויפּט דער ח׳ גילינסקי (געוועזע־נער דירעקטאָר פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע), פאַרשטייענדיק די אומגעהייערע נויטווענדיקייט פון דער אינסטיטוציע פאַר די יידישע קינדער פון אונדזערע פאָלקסשולן, האָט געמאַכט די מעגלעכסטע באַ־מיונגען ביים „דזשאָינט" אויפן אָרט און אין אַמעריקע, כדי אַרויס־צובאַקומען די געהעריקע פאָנדן. און די דאָזיקע באַמיונגען האָבן גע־האַט אַ פולשטענדיקן דערפאָלג. דער „דזשאָינט" האָט באַשטימט אַ שטענדיקן חודשדיקן בודזשעט פאַר דער קיך און אויך אַ גרויסע סו־מע אויף צו דינגען אַ שיינעם און פּאַסיקן לאָקאַל, וואָס זאָל צוגע־פּאַסט זיין נישט נאָר פאַר אַ קיך, נאָר אויך פאַר אַ קינדער־קלוב.

די רעאָרגאַניזאַציע פון דער קיך און דאָס שאַפן אַ קינדער־קלוב האָט אַרויסגערופן דעם וואַרעמסטן אָפּקלאַנג צווישן די עלטערן. און עס איז גאָר קיין חידוש נישט, ווייל עס איז געווען גענוג געווען צו מאַכן אַ באַזוך אין די היימען פון די קינדער, כדי זיך איבערצוצייגן אין וואָס פאַר אַ שווערע, פּשוט אומדערטרעגלעכע, באַדינגונגען זיי לעבן. בעת אַזאַ באַזוך האָט ח׳ גילינסקי גאַנץ ריכטיק באַמערקט: „דאָס זענען דאָך אייביקע פּליטים־קינדער, זיי זענען אַלע זייערע קינדער־יאָרן אָן אַ היים". אַזאַ עלנט און דחקות איז מיר אַפילו אין די אָרעמסטע אַרבעטער־קוואַרטאַלן אין וואַרשע נישט אויסגעקומען צו זען.

למען האמת מוז דאָ געזאָגט ווערן, אַז די לאַגע פון אַ געוויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ווילנע, איבערהויפּט פון די אַרבעטער, איז געווען אין מאַטעריעלן הינזיכט פיל ערגער ווי די לאַגע פון די פּליטים. נאָך פאַרן אויסברוך פון קריג, אָדער ריכטיקער געזאָגט, די גאַנצע צייט פון פּוילנס הערשאַפט האָט ווילנע געהערט צו די אָרעמסטע שטעט. נאָך ווייסרוסלאַנד האָט ווילנע און די ווילנער פּראָווינץ זיך גערעכנט צו די אָרעמסטע געגנטן אין פּוילן. נישט אייג־

מאָל איז אויסגעקומען צו לייענען אין דער פּרעסע, אַז אין ווילנער פּראָווינץ הונגערט מען. נאָכן אויסברוך פון קריג, אין די פאַרשידנס־טע איבערגאַנגס־פּעריאָדן, איז ווילנע נאָך מער פאַראָרעמט געוואָרן דאָס פּאַראייניקן ווילנע מיט קאָוונער ליטע האָט לחלוטין נישט געענ־דערט די עקאָנאָמישע לאַגע. פאַרקערט — די ווירטשאַפטלעכע סטאַג־נאַציע האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט. די איינציקע האָפענונג איז געווען, אַז ווילנע וועט ווערן די הויפּט־שטאָט און עס וועלן זיך אַהין אַריבערטראָגן די מלוכה־אַמטן.

דערווייל האָט דאָס אָרעמע ווילנע מקנא געווען די פּליטים, וועל־כע לעבן זיך גאַרנישט שלעכט, אַפילו גאַנץ בכבודיק. אַזוי איז שוין דער מענטש — וואָס נאָענט צום אויג, איז נאָענט צום האַרץ. מען האָט געזען די פּליטים־קיכן, די גוט־איינגעאָרדנטע היימען, אָנשטענדיק געקליידעטע פּליטים — וואָס דאַרף מען דען מער. דער אָרעמער מענטש, אין זיין טאָג־טעגלעכן כסדרדיקן שווערן לעבן, האָט נישט דעם פאַרגעניגן פון זיין אייגענער היים, פון לעבן צווישן זיין אייגע־נער פאַמיליע, פאַרקערט — ער פּילט נאָר דעם שווערן יאָך, דעם אָפטמאָל אומדערטרעגלעכן באַלאַסט פון מוזן באַזאָרגן די דאָזיקע אייגענע היים, די אייגענע פאַמיליע. „פאַרשטייט זיך, זאָגט מיר אַ יידישער אַרבעטער, קיינער מיינט עס נישט ערנסט מיט דער דאָזי־קער קנאה צו די פּליטים, אָבער גלייבט מיר, אַז עס זענען פאַראַן זייער פיל מאַמענטן, ווען די אָרעמע שטוב און די אויגן פון אויסגע־הונגערטע ווייב און קינדער פאַריאָגן אייך פון אייער היים, ווו נאָר די אויגן טראָגן אייך".

עס איז דעריבער געווען זייער אַ פיינער אויפטו פון אונדזערע פּאַרטיי־קרייזן צו אָרגאַניזירן אַ קיך פאַר די אָרטיקע אַרבעטלאָזע און ווינציק־פאַרדינענדיקע. צוליב דעם, וואָס אַזאַ אונטערנעמונג האָט געפאָדערט גרויסע פאָנדן און די פּאַרטיי־קרייזן זענען אַליין נישט גע־ווען בכוח אַזוינע פאָנדן צו שאַפן, איז אויסגעקומען זיך צו ווענדן צום „דזשאָינט". און הגם די אויפגאַבע פון „דזשאָינט" איז געווען

צו אָרגאַניזירן הילף פאַר די מלחמה־פּליטים, האָבן אָבער די פאַר־שטייער פון ווילנער „דזשאָינט" פאַרשטאַנען זייער אויפגאַבע פיל ברייטער און, ווי אין אַנדערע פאַלן, אויך דאָ אַרויסגעוויזן אַ סך גע־זעלשאַפטלעכן טאַקט און פאַרשטענדעניש.

דאָס איז געווען אין דער ערשטער ריי צו פאַרדאַנקען דעם פּר־טאָראַשטאַנסקי, דעם דירעקטאָר און פירער פון דער פליטים־הילף אין ווילנע. אויף דער פייערלעכער דערעפענונג פון דער אַרבעטער־קיך האָבן זיך באַטייליקט פאָרשטייער פון אַלע אָרטיקע פּאַרטיי־אינס־טיטוציעס, ווי אויך פאָרשטייער פון די פאַרשידענע פליטים־אָרגאַני־זאַציעס.

:: :: ::

און דאָס לעבן אין ווילנע, דאָס לעבן פון די פליטים איז זיך דער־ווייל געפלאָסן רואיק און נאָרמאַל. פון צייט צו צייט האָבן זיך דורכ־געריסן ידיעות פון די סאָוויעטישע געביטן, די פליטים־פּראָבלעם איז דאָרט געלייזט געוואָרן אויף אַ פּשוטן און ראַדיקאַלן אופן. זעענ־דיק, אַז די פליטים ווילן נישט ווערן קיין גליקלעכע בירגער פון סאָ־וויעט־רוסלאַנד, אַז זיי כאַפּן זיך פון איין זייט קיין ווילנע און פון דער צווייטער זייט צוריק אין אָקופּירטן פּוילן, האָט מען זיי אָנער־קענט פאַר שונאים און מען האָט זיי אַנגעהויבן פאַרשיקן קיין טיף־רוסלאַנד, קיין סיביר, קיין קאַזאַכסטאַן א"א פאַרוואָרפענע מקומות.

וועגן די איבערלעבונגען, צרות און ענוים־קשים פון די דאָ־זיקע אומגליקלעכע פאַרשיקטע, האָבן מיר זיך דערוווּסט פון די ווינ־ציקע בריוו, וואָס האָבן זיך צו אונדז אַדורכגעריסן. אַ טייל בריוו זע־נען געווען געשריבן אין דער פאָרם פון אַלעגאָריעס, אַנדערע גאַנץ אָפן און קלאָר. אין אַלע האָט זיך געפילט אַ שרעקלעכער כעס, פאַרבי־טערונג, רעזיגנאַציע און יאוש. עס דערמאָנט זיך מיר פאָלגנדיקער כאַ־ראַקטעריסטישער אָפּזאַץ אין אַ בריוו פון אַ וואַרשעווער צוקונפטיסט: „אָבער מיינט נישט, חלילה, אַז איך האָב שוין אָנגעווירן די האָפע־נונג צוריק צו זען די ליכטיקע פרייע וועלט. מיט דער האָק אין דער

האַנט אין די כמורנע סיבירער וועלדער שטיי איך אָפּטמאָל און טראַכט: „אָט צו וואָס מען קען זיך אַלץ דערוואַרטן אין לעבן, איך אַן אַרבעטער פון דור דורות, אַ סאָציאַליסט, וואָס האָב מיין גאַנץ לעבן פֿאַרבונדן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג, געטרוימט וועגן דער באַפרייונג פון אַרבעטער־קלאַס, בין פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר דורך דער „איין און איינציקער סאָציאַליסטישער מלוכה". אויב אַזוי, קען מען זיך אפשר דערוואַרטן אויף נאָך סיורפּריזן. מיט דער האָפענונג לעב איך נאָך. דו וועסט זאָגן, אַ קנאַפּע האָפענונג, אַ ברירה האָב איך, אָן דעם בלייבט מיר נאָר איבער מיט דער האַק דעם קאָפּ זיך צעשפּלאָטן".

אויך די גרוסן פון פּוילן זענען צו יענער צייט געווען זייער טרויעריקע, אָבער נישט שרעקלעכע. פון די אָפּטע בריוו, וואָס יעדער איינער פון אונדז פלעגט דערהאַלטן, האָט מען געקענט אַרויספילן אַן אומרואיקייט, עפּעס אַ טונקל פאָרגעפיל, אַז עס גרייט זיך עפּעס, אַז עס רוקט זיך עפּעס אָן. די אָרגאַניזאַציע פון געטאָ איז שוין געווען פֿאַרענדיקט, דאָס לעבן איז געוואָרן אַלץ שווערער און ענגער און מען האָט גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ווייט נישט די לעצטע גזירה, אַז דער קאַלטער און ברוטאַלער שונא וועט ווייטער עפּעס צוגרייטן. „מיר לעבן — שרייבט מיר מיין שוועסטער פון וואַרשע, אין אַ פֿאַרשטעלטער פאָרם — אין כסדרדיקער שרעק און אומרו, וואָס זויגט אויס דעם מאַרך פון די ביינער. עס איז אַ גליק און אומגליק, וואָס ביי אַלע באַדינגונגען און אומשטענדן, איז דער מענטש נאָך פֿאַרנומען מיט קלייניקייטן, מיט קליינע דאגות, מען דאַרף עסן, באַזאָרגן עסן אאַז"וו. אָן די קליינע דאגות וואָלט מען פון זינען אַראָפּ, א סוף געמאַכט צום לעבן". אין אַ צווייטן בריוו: „ווען וועלן מיר זיך זען? ווי אָפּט מיר דערמאָנען אייך. מיר און איר — צוויי וועלטן, ניין, איר וועט דאָס קיינמאָל נישט פֿאַרשטיין. אייגנטלעך האָב איך דאָך אויך געקענט זיין מיט אייך, גליקלעכע, נאָר איך האָב נישט געהאַט קיין האַרץ, קיין מוט זיי אַלע דאָ איבערצולאָזן. מעגלעך, אַז דאָס איז נישט געווען ראַציאָנעל, אָבער פֿאַרפֿאַלן..."

דער כסדרדיקער בריוו־אויסטויש מיט פּוילן (אַ בריוו פון וואַר־שע קיין ליטע און צוריק האָט געדויערט קנאַפּע 8 טעג), די מעגלעכ־קייט צו שיקן שפּייז־פּעקלעך און געלט — האָט ביי יעדן איינעם פון אונדז אָפּגעשוואַכט דעם באַוווסטזיין וועגן דער שווערער לאַגע און געפאַרן, וואָס לויערן אויף אונדזערע נאָענטע. אַ מענטש איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, מען לעבט מיט האָפענונג און זעלבסטנאַרע־ריי. יעדער איינער פון אונדז האָט טיף אין באַוווסטזיין געוווסט, אַז אַזוי גלאַטיק וועט עס לאַנג נישט אָנגיין, אַז דער ברוטאַלער שונא וועט לאַנג נישט דולדן דעם פאַקט, וואָס די פאַרהאַסטע יידן באַקומען הילף פון דרויסן, און יעדן אָנגעקומענעם בריוו פלעגט מען עפענען מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, טאָמער, ווער ווייסט... עפּעס אַ נייע גזירה.

עס זענען אויך אָנגעקומען בריוו פון די וואַרשעווער חברים־בונ־דיסטן, בריוו, פון וועלכע דאָס האַרץ האָט געציטערט פון פרייד און שטאָלץ. אַנטשלאָסנקייט און מוט, אויסדויער און גרייטקייט — דאָס אַלץ האָט זיך אַרויסגעפילט פון יעדן וואָרט. די אונטערערדישע אַר־בעט האָט זיך געשטאַרקט און פאַרברייטערט מיט יעדן טאָג, מען האָט זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע מיטלען דורך שריפט און וואָרט אויפצוהאַלטן דעם מוט ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין געטאָ. מען איז געשטאַנען אין כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט די פירער פון דער פוילישער אונטערערדישער אַרבעט. די חברים אין אויס־לאַנד און ליטע האָבן דורך פאַרשידענע קאַנאַלן געשיקט הילף פאַר די וואַרשעווער חברים.

אָט די אַלע פאַקטן און געשעענישן האָבן אַ ביסל געטרייסט און דערמוטיקט. און אונדזער לעבן אין ווילנע איז זיך, ווי שוין געזאָגט, געפלאָסן רואיק, נאָרמאַל און נישט זעלטן אויך געמיטלעך. מען דאַרף נאָך דערביי צוגעבן, אַז אַ גרויסע טייל פּליטים האָבן זיך אויסגעע־זוכט באַשעפטיקונג, מיטגעאַרבעט אין די פאַרשידענע קאָמיטעטן. ס'רוב מיטגלידער פון דער ליטעראַטן־גרופּע, למשל, זענען געווען טייל־ווייז באַשעפטיקט: אַ טייל האָבן מיטגעאַרבעט אין די אָרטיקע צייטונ־

גען, אַנדערע אין די אַמעריקאַנער און אַנדערע אויסלענדישע אויס־גאַבן. זיי האָבן אויך אָנגעפירט מיט דער „קאָמיסיע צו פאָרשן די געליטענע פון דער היטלערישער אָקופּאַציע אין פּוילן", אַ קאָמיסיע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורכן „דזשאָינט" כדי אויפצונעמען פון די אַנטלאָפענע פּליטים מאַטעריאַלן וועגן די דיסקרימינאַציעס און אכזר־יותדיקע מעשׂים פון די היטלעריסטן לגבי דער יידישער באַפעלקע־רונג אין די פאַרנומענע געביטן.

די בונדישע פּליטים־גרופּע האָט געשאַפן אַן אייגענעם שניידער־וואַרשטאַט, אין וועלכן עס זענען געווען באַשעפטיקט אַלע אונדזערע חברים־שניידער. דער דאָזיקער שניידער־וואַרשטאַט, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפירט געניטע פאַכלייט, איז געווען זייער פּאָפּולער צווישן דער פּליטימשאַפט און ער האָט נישט נאָר געאַרבעט פאַר דעם פּלי־טים־הילפס־קמיטעט, נאָר אויך אָנגענומען פּריוואַטע באַשטעלונגען פון פּליטים.

אויך אַלע אונדזערע חברים לערער־פּליטים זענען געווען באַ־שעפטיקט טיילווייז אויף די יידיש־קורסן, ווי אויך אין דער קינדער־קיך, וועלכע איז זיך שנעל פונאַנדערגעוואַקסן און באַשעפטיקט אַ היפּשן לערער־פּערסאָנאַל. דערמאָנענדיק די קינדער־קיך און איר שנעלע אַנטוויקלונג, וועל איך זיך דערלויבן אָפּצושטעלן אַ ביסל לענ־גער, כדי איבערצוגעבן געוויסע פאַקטן און באַלייכטן באַשטימטע גע־זעלשאַפטלעכע דערשיינונגען.

ווען די שול־אָרגאַניזאַציע האָט איבערגענומען די קינדער־קיך, האָט די קיך זיך געפונען אין אַן אומגעהייערער שווערער לאַגע און געאַר־בעט אין די ערגסטע באַדינגונגען. דער לאָקאַל איז געווען אַן ענגער און פאַרוואָרלאָזטער, נישט מער ווי איין עס־צימער, אָן אַ גאַרדעראָב, אָן אַ וואַש־צימער, מיט איין וואָרט, אַ „ביליקע קיך" אין געוויינלעכן זין פון וואָרט. דערצו נאָך האָבן די קינדער זיך דאָרט פאַרזאַמלט און געגעסן אָן דער געהעריקער אויפזיכט פון לערער.

ווען מיר האָבן דאָס ערשט מאָל באַזוכט די דאָזיקע קיך, זענען

מיר געוואָרן טרויעריק און פּיינלעך איבעראַשט. מיר האָבן גוט גע־וווּסט מיט וואָס פאַר אַ מסירת נפש די דאָזיקע קיך איז געשאַפן גע־וואָרן, אין יענע, שווערסטע פאַר ווילנע, צייטן, בעת דער ערשטער סאָ־וויעטישער אָקופּאַציע, ווען אַלע לעבנסמיטלען זענען ווי אויסגע־טרוקנט געוואָרן, מען האָט געמוזט שטיין אין די רייען טעג און נעכט כּדי צו באַקומען אַ שטיקל ברויט און אַ ביסל קאַרטאָפל. אין יענע צייטן איז אָט דאָס שאַפן די קינדער־קיך באמת געווען אַן אויסערגע־וויינלעכער אַקט פון מסירת־נפש. און נישט נאָר מסירת־נפש, עס האָט זיך געפאָדערט אַן אומגעהייערע מאָס פון ענערגיע און עקשנות, כּדי אַזאַ זאַך דורכצופירן.

דער פּאָפּולערער שול־טוער און פאָרזיצער פון צ.ב.ק. דער ח׳ ב. דער אייגנטלעכער איניציאַטאָר פון דער קיך, האָט דעמאָלט באַוויזן אַן אמתן וווּנדער שבעווונדער. אָבער יענע שווערע צייטן זענען שוין געווען פאַרביי און ווייטער פירן אַ קינדער־קיך ביי אַזעלכע באַדינגונ־גען, ווי מיר האָבן איבן דערמאָנט, איז געווען אומדערלאָזבאַר. „אַזוי קען עס ווייטער נישט בלייבן, מיר טאָרן אַזאַ קינדער־קיך נישט האָבן״ — איך געדענק נישט וועמענס ווערטער דאָס זענען געווען, דאַכט זיך, אַז געזאָגט האָט עס ח׳ גילינסקי, און מיר אַלע האָבן מסכּים געווען דערצו.

אויף אַ באַראַטונג מיט ח׳ ב. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך היינט צו טאָג קומט אים אַליין אויס אויסצוטראָגן די גאַנצע אַרבעט. דער צ.ב.ק. איז כּסדר פאַרנומען מיט רעאָרגאַניזירן די שולן אין צו־זאַמענהאַנג מיט די נייע ליטווישע שול־געזעצן און שול־גזירות. די מאַטעריעלע לאַגע פון די היגע שול־אַנשטאַלטן איז געווען זייער אַ קלאָגעדיקע און עס איז פּשוט נישט געווען, נישט קיין געדולד אוז נישט קיין מאַטעריעלע מעגלעכקייטן צו אָרגאַניזירן די קינדער־קיך. פאַרשטייט זיך, אַז דער איינציקער אויסוועג איז געווען, אַז די שול־אָרגאַניזאַציע זאָל איבערנעמען די אַפּוטרופּסות איבער דער קינדער־קיך. אַזוי איז טאַקע געשען, און ח׳ גילינסקי האָט זיך אַ נעם געטאָן

צו דער אַרבעט מיט ברען און באַגייסטערונג. ער איז אַריין אין זיין סטיכיע.

איך וועל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף קיין פּרטים, דערציילן און באַשרייבן די מיטלען און אָנשטרענגונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן. גענוג איז, אַז אין אַ גאַנץ קורצער צייט האָט זיך די קינדער־קיך איבערגעטראָגן אין אַ גרויסן 8־צימערדיקן לאָקאַל, וואָס איז פריער ווי געהעריק רעמאָנטירט און אויפגעפרישט געוואָרן. א חוץ דריי גרויסע עס־זאַלן, זענען אויך געווען איינגעאָרדנט וואַש־צימערן, גאַרדעראָבן, אַ רעקרעאַציע־זאַל אאַז״וו; פאַר דער קיך איז באַשטימט געוואָרן אַ גרויסער ליכטיקער צימער, ווו עס זענען אינסטאַלירט גע־וואָרן גרויסע קאָך־קעסלען, צוגעפירט געוואָרן דירעקטע וואַסער־ליי־טונג און אַנדערע נייטיקע זאַכן. עס איז אויך רעאָרגאַניזירט געוואָרן דער טעכנישער פּערסאָנאַל און עס איז אנגאזשירט געוואָרן אַן אָנט־שפּרעכנדיקער לערער־פּערסאָנאַל מיט אַ פּאַרוואַלטער. דער שרייבער פון די שורות טאַקע האָט איבערגענומען די פּאַרוואַלטערשאַפט אי־בער דער קיך.

מיט גרויס צופרידנקייט זענען מיר צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. פאַר אונדז לערער־פּליטים, איז דאָס געווען די ערשטע גליקלעכע געלעגנהייט צוריק צו אַרבעטן ווי לערער און דערציער. די אַרבעט איז געווען, דעם אמת געזאָגט, אַ גאַנץ שווערע, אָבער אינטערעסאַנ־טע און באַלערנדיקע. אויב דערפאַרונג איז ביי יעדער אַרבעטס־גע־ביט אַ זייער וויכטיקער פאַקטאָר, איז עס אויפן גע־ביט פון פּעדאַגאָגיק — פון ערשטראַנגיקער באַדייטונג, און הגם אונ־דזער גאַנצער לערער־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון לערער מיט אַ לאַנגיאָריקער פּראַקטיק, מיט אַ רייכער פּעדאַגאָגישער דערפאַרונג, האָבן מיר זיך אָן איבעריקן מאָל איבערצייגט, אַז ווי לאַנג דו לעבסט, האָסטו וואָס צו לערנען.

קינדער זענען טאַקע אומעטום קינדער, אָבער ווילנער קינדער זענען דאָך אַנדערש פון וואַרשעווער, ווייל אייגנאַרטיקע לעבנסבאַ־

דינגונגען, סביבה, לעבנס־שטייגער און געוווינהייטן לייגן אַרויף זייער שאַרפן חותם אויפן קינד. חוץ דעם האָט די גאַנצע, קורצע, פאַרהעלטניסמעסיק, צייט, וואָס די קינדער האָבן געגעסן אין דער פרייערדיקער קיך אָן דער אויפזיכט פון לערער, צוגעקלעפּט צו זיי אַזעלכע אומקולטורעלע געוווינהייטן און מאַניערן, פון וועלכע עס איז זיי לכתחילה געווען גאַנץ שווער אָפּצוגעוווינען. אָבער עס איז אַלץ כדאי געווען. די אַרבעט האָט אונדז אַלץ מער און מער באַפרידיקט און אָפּטמאָל אַפילו פאַרשאַפן פרייד אויך. זי האָט אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס מיטגעווירקט, אַז מיר זאָלן נישט אַזוי שאַרף אָפּפילן אונדזער היימלאָזיקייט און אומנאָרמאַל לעבן. די גרויסע מעלה פון לערערישער אַרבעט, איז די, וואָס זי איז אוממיטלבאַר פאַרבונדן מיטן מענטש, מיטן אייגנטלעכן מענטש — מיטן קינד.

די דענקער און פילאָסאָפן האָבן נאָך ביז היינט נישט אָפּגעפּסקנט, צי דער מענטש איז גוט אָדער שלעכט, אָבער די לערער פון אַלע דורות האָבן יאָ פעסטגעשטעלט, אַז דאָס קינד איז גוט. און זייער ריכטיק באַמערקט איינער אַ העלד ביי טשעכאָוון, אַז דאָס קינד האַלט ביי אים אונטער דעם גלויבן אין מענטשן. ווי געזאָגט, האָט אויך אין אונדז דער קאָנטאַקט אונדזערער מיט קינדער אַריינגעבלאָזן אַ שטיקל רוח החיים, מיר האָבן צוריק אָפּגעלעבט, אָנגעהויבן אָטעמען מיט אונדזער לופט.

אַז די קינדער־קיך האָט זיך שוין געהאַט אינגאַנצן איינגעאָרדנט, און אַלץ איז געגאַנגען כשורה, האָבן מיר זיך אַרומגעזען, אַז נאָך נישט דאָס איז דער עיקר. אמת טאַקע, די קינדער באַקומען אַ פיינעם מיטאָג אין אַ פיינער סביבה, אָנשטענדיק, קולטורעל, אָבער... דאָס ביסל גוטס מאַכט פאַר זיי שווערער דאָס מוזן זיך אומקערן אויף אַ גאַנצן טאָג אין די פינצטערע ענגע היימען, ווו זיי האָבן נישט נאָר קיין אָרט, ווו די לעקציעס צו מאַכן, נאָר עס איז בכלל פאַר זיי קיין אָרט נישטאָ. און דאָ בלייבט נאָך מיטאָג פריי אַ שיינער לאָקאַל מיט 8 גרויסע ליכטיקע צימערן, איז דען אַ יושר־

דאָס נישט אויסצונוצן? און ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן באַראַטונ־
גען, קאָנפערענצן און קאָנפערענצן, ווידער האָט ח' גילינסקי אָנגע־
הויבן לויפן צום „דזשאָינט" און צו די פּאַרטיי־אינסטאַנצן. ער האָט
נישט גערוט ביז עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן ביי דער
קיך אַ קינדער־קלוב, ד"ה איינגנטלעך פאַרוואַנדלען די גאַנצע אינ־
סטיטוציע אין אַ קינדער־היים אין ברייטסטן זין פון וואָרט.

געערדט און געטאָן. עס איז דורך דער שול־אָרגאַניזאַציע צו־
זאַמען מיט די לערער אויסגעאַרבעט געוואָרן אַן אַרבעטס־פּלאַן מיט
אַ בודזשעט, וועלכע זענען פאַרגעשטעלט געוואָרן אין די געהעריקע
אינסטאַנצן, צום „דזשאָינט" און צ.ב.ק. און גלייך באַשטעטיקט גע־
וואָרן. אַזוי אַרום איז די אַמאָליקע קליינע ענגע קינדער־קיך פאַר־
וואַנדלט געוואָרן אין אַ פריילעכע ליכטיקע קינדער־היים, ווו די
קינדער האָבן נאָך דער שול פאַרבראַכט דעם גאַנצן טאָג אונטער
דער אויפזיכט פון לערער, געהאַט זייער לעקציע־צימער, לייען־זאַל
און שפּיל־זאַל א"אַנד.

פאַר אונדז לערער איז די אַרבעט געוואָרן אַ סך אָנגענעמער
און אינטערעסאַנטער, מיר האָבן געהאַט אַ ברייטע מעגלעכקייט פאַר
דערציערישער אַרבעט. און נישט איינמאָל, זיצנדיק אין לעקציע־זאַל,
ווו די קינדער האָבן זיך רואיק געמאַכט זייערע לעקציעס, אָדער
אַריינקומענדיק אין לייען־זאַל, ווו די קינדער האָבן גענומען ביכלעך
פון דער קינדער־ביבליאָטעק און אַוועקגעזעצט זיך געמיטלעך לייע־
נען, איז נישט איינמאָל האָב איך זיך דעמאָלט דערמאָנט אין אונ־
דזערע אומגליקלעכע קינדער אין וואַרשע, וואָס קענען נאָר קומען
אין שול נאָך אַ ביסל זופּ, זיי טאָרן אָבער נישט לערנען, נישט לייע־
נען און אפילו הויך נישט רעדן. וואַרשע, ווילנע, דאַכט זיך אַזוי נאָ־
ענט פון זיך און דאָך ווי ווייט, צוויי וועלטן, אַ פינצטערע און אַ ליכ־
טיקע.

אויף קאַרמעליצקע 29 נאָכן אָפּעסן די זופּ, מורמלען די קינ־
דער שטיל א לידל, שטיל, זייער שטיל, אַז מען זאָל חלילה נישט

דערהערן אויפן גאס, און דא אויף זאוואלנע, זיצט דער לערער טרו־פיאנסקי, וואס האט ערשט נישט לאנג געארבעט אויף קארמעליצ־קע און ער פירט אן מיט א מוזיקאלישער קינדער־אודיציע און עס איז פריילעך און געמיטלעך אין אלע ווינקלעך.

ווי ברוטאל און אומברחמנותדיק דאס לעבן איז אפטמאל, עס איז שווער צו געדענקען וועגן דעם כסדר, אבער עס איז נאך שווע־רער צו פארגעסן...

# עס רוקט זיך אָן . . .

און דער זומער 1940 איז שוין געווען אין זיין פולן גלאַנץ. יו־ני־חודש אין אונדזערע קאַנטן, אין פוילן און ליטע, איז דער חודש פון ליכט, ריחות און פאַרבן. די נאַטור איז אין איר פולער בליעכץ, און איר שפּרודלדיק לעבן דערוועקט אויך אין מענטש אַן אינער־לעכע אומרואיקייט, באַגערן און פאַרלאַנגען, עס ווערט שווער און לאַנגווייליק דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן אין דער גרויער שטאָט, און עס ציט אין פעלד, אין וואַלד אַריין צווישן גראָזן און ביימער.

ווילנער געגנט איז הערלעך שיין. „ווילנע האָט זיך אויסגעזוכט אַן אָרט, וווּ עס געפינען זיך אַלע שיינקייטן פון דער נאַטור, בערג און היגלען, וועלדער און טייכלעך, מאָלערישע טאָלן און פּאָליאַנ־קעס, — אָוועקגעלייגט זיך און געזאָגט: „דאָ בלייב איך". — אַזוי האָט מיר אַמאָל אַ יידישער פּאָעט גאַנץ הומאָריסטיש געשילדערט די אומגעגנט. האָבן מיר טאַקע גענומען פון גאָטס שיינער וועלט מיט דער פולער האַנט. געמאַכט אויספלוגן, געקלעטערט אויף בערג, געטוליעט זיך אין גראָז אין די שאָטנדיקע וועלדער און געבענקט אַהיים און דערמאָנט זיך אין פאַראַיאָריקן יוני, ווען קיינעם איז גאָר־נישט איינגעפאַלן, אַז אַ בייזער שטורעם רוקט זיך אָן.

און מערקווירדיק — מען האָט נישט געטראַכט, נישט פאַר־טראַכט זיך וועגן דעם, וואָס ווייטער? צי האָט מען קיין מוט נישט געהאַט צו טראַכטן? צי האָט מען אָפּגעוואָרט אויף נייע גרויסע גע־שעענישן? (עס איז דאַן געווען אַ גרויסע אָטעם־פּויזע צווישן אַנ־

פאַל אויף פּוילן און דער אַפּענסיווע אויף מערב־אייראָפּע). אַ פאַקט איז, אַז אַ טיף פאַרשטאַרקטע אומרואיקייט האָט אויף קיין איין מי־נוט נישט אויפגעהערט צו נאָגן ביים האַרצן. זעט אויס, אַז אין באַ־שטימטע לעבנס־סיטואַציעס אנען מיר און פילן אָפּ אַ סך מער דאָס אַנקומענדיקע, ווי מיר וואָלטן פאַרשטאַנען און זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, פּונקט ווי בעלי־חיים, ווען עס הייבט זיך אָן אָנרוקן אַ נאַ־טור־קאַטאַסטראָפע.

דאָס אידילישע לעבן האָט לאַנג נישט געדויערט. היטלערס זיגרייכע אָפענסיווע אין מערב־אייראָפּע אין יוני 1940 האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. די טיף פאַרבאָרגענע האָפענונגען, אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך גרייטן אַ טויט־קלאַפּ פאַר היטלערן, זענען מיט אַמאָל אויסגערונען. אַ הוילקייט, אַ פּיינלעכע נאָגנדיקע הויל־קייט האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ, שאַרפע ספקות האָבן גענומען עג־בערן אין מוח. עס האָט אַ ווייע געטאָן מיט קאַלטער שרעק און יאוש. ווער ווייסט, צי איז נישט אַלץ פאַרלוירן, צי וועט היטלער נישט איינגעמען די וועלט: בעלגיע קאַפּיטולירט, פראַנקרייך אויך קאַפּי־טולירט. די וויסטע איוב־ידיעות האָבן זיך מיט אַמאָל אַ שאָט גע־טאָן, עס איז ממש שווער געווען איבערצוטראָגן.

„נאָר נישט פאַלן ביי זיך" — פלעגט טרייסטן און באַ־רואיקן ה' קאַזשדאַן אין יענע טעג — אַ וועלט גייט נישט אונטער. נאָך קיינמאָל אין דער געשיכטע האָט אַ באַנדיט נישט באַהערשט די וועלט אויף לאַנג, עס איז נאָך דאָ ענגלאַנד און אַמעריקע". אָבער געפילט האָב איך, אַז דאָס רעדט ער נישט נאָר צו מיר, נאָר מער צו זיך אַליין.

דאָס לעבן איז זיך ווייטער געגאַנגען, מען האָט ווייטער אויס־געפירט די טאָג־טעגלעכע אַרבעט. איך האָב דאַן געהאַט פאַרענדיקט מיין צוגרייטונגס־אַרבעט צו דער צווייטער טייל פון דער שלום־עליכם כרעסטאָמאַטיע, וועלכע איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דרוק. עס איז שוין אויך געווען כמעט פאַרטיק צום דרוק דאָס גרויסע פע־

ראַגאַגישע זאַמלבוך. אָבער עס איז ווייט נישט געווען דער טעם אין דער אַרבעט, וואָס פריער. די אינערלעכע אומרואיקייט איז געוואָרן אַלץ שאַרפער, מען האָט געלעבט פון היינט אויף מאָרגן, מיט געשפּאַנטער אומגעדולדיקייט געוואַרט אויף נייעסן און גלייכצייטיק זיך געשראָקן פאַר זיי. אין דער אמתן, וואָסערע גוטע נייעסן קענען שוין אָנקומען, קיין ניסים געשעען נישט. היטלער גרייט צו אַ גראַנדיעזן לופט־אָנגריף אויף ענגלאַנד, אַ פּאָרשפּיל צו אַ דעסאַנט אויף די ענגלישע ברעגעס. צי וועט ענגלאַנד אַליין אין שטאַנד זיין צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם אלמעכטיקן שונא? און דערפון איז דאָך אָפּהענגיק דער גורל פון דער וועלט, פון דער גאַנצער מענטשהייט.

שווערע טעג, אוי שווערע טעג זענען דאָס געווען. דאָס האַרץ האָט געפלאַטערט צווישן האָפענונג און שרעק. צי קען לאַנג אָנהאַלטן אַזאַ צושטאַנד? און ער האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. ווי זאָגט אַ פאָלקסווערטל, אַז עס איז באַשערט קומט עס אומגעריכט. אין איינעם אַ טאָג פון חודש אויגוסט 1940 האָט גאַנץ ליטע פאַרגעסן, אַז עס איז אַ וועלטקריג. אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט האָט צוגעצויגן אַ קורצע אָבער שאַרפע נאָטע פון דער סאָוועטישער רעגירונג צו דער ליטווישער וועגן עפּעס אַן אינצידענט, ביי וועלכן מען זאָל וועלן, אָדער מ׳האָט דערמאָרדעט א רויט־אַרמייער.

די אומקלאָרקייט און נעפלדיקייט פון די אינצידענט־אומשטענדן און די קלאָרקייט און שאַרפקייט פון דער נאָטע, האָבן ביי אַלע דערוועקט אַ געוואַלדיקע אומרואיקייט. זעט אויס, אַז מיט דער צייט קריגן מענטשן אַ פאַרשאַרפטן חוש, און דער דאָזיקער חוש האָט מיט איין מאָל, ווי מיט אַ כישוף־שטעקעלע, אוועקגעריסן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון מערב אויף מזרח. און דאָ, זעט איר, האָט מען נישט לאַנג געדאַרפט זיך צאַפּלען צווישן האָפענונג און שרעק. איידער מען האָט זיך ארומגעקוקט איז עס שוין געשען.

# די רויטע אַרמיי אָקופּירט ליטע

די רויטע אַרמיי האָט אָקופּירט ליטע. געוויסע צייטונגען האָבן אונטער גרויסע קעפּ געשריבן וועגן דער גרויסער פרייד פון ליטווישן פאָלק, וועגן די גרויסע גליקן, וואָס שטייען אים פאָר. און אַלע — גרויס און קליין, אַלט און יונג, און אַפילו פּליטים אָקאָרשט אַנטלאָפן־נע פון ביאַליסטאָק, לידע, אַלע האָבן זיך געמוזט פרייען אָדער לכל הפּחות נישט אַרויסווייזן, אַז זיי פרייען זיך נישט. עס האָט זיך ווי־דעראַמאָל אָנגעהויבן איבערחזרן די זעלביקע טראַגיקאָמישע שפּיל: אויף די גאַסן האָט מען געלאַכט, אין די הייזער האָט מען געוויינט. אויף די ווענט אין די גאַסן זענען געהאָנגען פּלאַקאַטן מיט די שענס־טע הבטחות. אָנהייבנדיק פון פרייהייט ביז אַרבעט. עס האָבן זיך גע־צויגן קילאָמעטער־לאַנגע דעמאָנסטראַציעס, די אויגן פון טויזנטער יוגנטלעכע האָבן געשטראַלט פון פרייד, לייענענדיק די לאָזונגען, וואָס האָבן אין פאַרשידנקאָליריקע און פאַרשידנפאָרמיקע אותיות אַראָפּ־געשריגן פון די טראנספּאַרענטן, וועלכע זיי אַליין האָבן, אין זייער נאַיוון גלויבן און רירנדיקן אידעאַליזם, צוגעגרייט. זיי האָבן געיובלט מיט אויסגעשרייען פון גלויבן און האָפענונג. און אין די הייזער האָט געפּרעסט אַן אומעט און מען האָט שטילערהייט געפרעגט זיך, וואָס וועט זיין?

אויף די גאַסן האָט זיך געטומלט, יעדן טאָג האָט מען אַן אַנדער יום־טוב געפּייערט, אָבער אין די שטובן האָט מען אין דער שטיל זיך גענומען גרייטן צו שווערע צייטן, וואָס קומען אָן. אויף די הויפּט־גאַסן האָט מען פּאַראַדירט, אויף די זייטן־געסלעך זענען אויסגעוואקסן

רייען, וואָס זענען פון טאָג צו טאָג געוואָרן געדיכטער און גרעסער. די העלע פּלאַקאַטן אויף די ווענט האָבן קאָנטראַסטירט מיט די פּוס־טע גרויע אויסגעליידיקטע שוי־פענצטער. איינער האָט מיט אַ באַלעבט פּנים געלייענט דעם פּלאַקאַט, דער צווייטער האָט אַ פאַרכמורעטער געקוקט אין ליידיקן שוי־פענצטער.

און דאָס צווייאיקע, טאָפּלפּנימדיקע לעבן האָט אויף קיין איין מינוט נישט אויפגעהערט. די אויסערלעכע גרילצנדיק־שרייענדיקע גאַס, האָט קיין מינוט נישט אויפגעהערט טומלען, ווי מורא האָבנדיק פאַר דער שטילקייט. די שטילע, אין זיך איינגעשרומפּענע שטוב, האָט זיך געטאָן דאָס איריקע — מען האָט זיך געגרייט, כסדר געגרייט. אַ טייל האָבן קוים געהאַט די מעגלעכקייט אָנצוגרייטן דאָס נייטיקסטע — אַ ביסל מעל, זאַלץ, נאַפט, בוימל, אַנדערע האָבן שוין אַפילו גע־האַלטן ביי האַרנאַדלען און שיך־בענדלעך.

און אַז די יוגנטלעכע זענען נאָך אַ גאַנצן טאָג יום־טובן אַהיימגעקו־מען אין די גרויע פּראָזאַישע שטיבער, ווו די עלטערן האָבן זיך ארומ־געדרייט מיט ערנסטע באַזאָרגטע פּנימער, זענען זייערע אויגן נאָך געווען פאַרבלענדט פון בייטאָגיקן ליכט און פרייד, האָט מען נישט געזען, וואָס אין שטוב טוט זיך אָדער געמאַכט זיך נישט זעענדיק און מען האָט זיך געלייגט שלאָפן, אנטשלאָפן געוואָרן אין ליכטיקע חלו־

מות און ווידער אויפגעשטאַנען מיט ליכטיקע האָפענונגען.

אָבער לאַנג האָט דאָס דאַזיקע שפּיל פון גאַס און שטוב נישט געקענט אָנהאַלטן. דער טומל פון דער גאַס איז ביסלעכווייז ווי איינ־געזויגן געוואָרן אין דער אייזקאַלטער שטילקייט פון די שטובן, דאָס לעבן קען, זעט אויס, נישט וואַרטן אויף קיין צוגעזאָגטע גליקן. „אויב דו ווילסט עסן, מיין קינד, שטעל זיך אין דער ריי נאָך ברויט, גענוג געהוליעט אויף דער שמחה, איך בין שוין מיד", — אַזוי האָבן גע־טענהט מאַמעס, געדולדיקע אַלץ פאַרטראַגנדיקע מאַמעס, און טאַטעס האָבן אָנגעכמורעטע, מיט צעשראָקן־בייזע אויגן צוגעוואָרפן: „מיר

וועלן זען, וואָס ס'וועט ווייטער זיין, ווי לאַנג די שמחה וועט ביי זיי דויערן".

און זיי זענען געווען גערעכט. די שמחה האָט לאַנג נישט אויסגעהאַלטן.

מענטשן לערנען טאַקע נישט פון דער דערפאַרונג אַלץ און אַזוי פיל, וויפל זיי וואָלטן געקענט און געדאַרפט לערנען, אָבער עפּעס לערנען זיי יאָ. די ווילנער האָבן יאָ עפּעס געלערנט פון דער ערשטער אָקופּאַציע, און דעריבער האָט די שמחה אַזוי לאַנג נישט אָנגעהאַלטן.

און ביי די פּליטים האָט די שמחה גלייך נישט אָנגעהויבן זיך. „מיר זענען געלאָפן פון רעגן אונטער דער רינע", האָט יעדער פון אונדז געטראַכט ביי זיך. מיר האָבן זיך קיין שום אילוזיע נישט געקענט מאַכן, פאַרקערט, מיר האָבן זיך געגרייט אויפן ערגסטן. ווייטער צו לויפן איז נישט געווען וווהין, און אומקערן זיך צוריק קיין וואַרשע איז אויך אוממעגלעך געווען. צו איין זאַך האָט זיך יעדער איינער פון אונדז זיך אָנגעהויבן גרייטן: פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר". עס איז לייכט אַוועקצולייגן אין אַ ווינקל, אין אַ זייט, אַ רוקזאַק מיט אַ ביסל וואַרעמע וועש, מיט אַ ביסל קאָנסערוון, אָבער עס איז זייער שווער אָפּצוזאָגן זיך פון אייגן לעבן, פון פרייהייט, פון האָפענונגען, פון נאָענטע און ליבע מענטשן, פון אַ לעבעדיקער וועלט.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן פיינלעכע טעג און שווידערלעכע נעכט, טעג, אין וועלכע דו האָסט זיך געשראָקן פאַר דער ליכטיקער שיין, און נעכט ווען דער לייכטסטער גערויש האָט געמאַכט אויפציטערן. אין די טעג האָבן מיר געזוכט די טונקלקייט פון דער נאַכט, אין די נעכט דעם טומל פון טאָג.

איז דען מעגלעך איבערצוגעבן אין ווערטער די שטימונג פון די פּליטים אין יענע טעג? יעדן טאָג האָבן זיך פאַרשפּרייט אַנדערע קלאַנגען, פון די אינטערנאַטן און פּליטים־היימען האָבן אָנגעהויבן יעדן טאָג צו פאַרשווינדן אַנדערע פּליטים, דאָס האָט אָנגעוואָרפן נאָך מער מורא אויף די פאַרבליבענע. מען איז געלאָפן ווו די אויגן האָבן

געטראָגן — קיין קאָוונע, פּאָדבראַז. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אי־נערלעכע וואַנדערונג פון שטאָט צו שטאָט, מען האָט מורא געהאַט לאַנג אָנצוואַרעמען אַן אָרט. אממיינסטן האָט מען אויסגענוצט די דאַטשע־ערטער הינטער ווילנע, קאָוונע א"אַ, ווו מען האָט זיך געקענט אויסהיטן פון יעדער קאָנטראָל.

די פּליטים־לאָקאַלן און אַנדערע עפנטלעכע ערטער, ווו די פּלי־טים פלעגן אמאָל זיך טרעפן זענען פון טאָג צו טאָג געוואָרן פוסטער. מען האָט אַריינגעכאַפּט דאָס עסן, אָפּגעטרונקען אַ גלאָז טיי און מען איז אַוועק. ערגער איז אָבער געווען די לאַגע פון יענע פּליטים, וואָס האָבן צוליב זייער ביזאיצטיקער אַרבעט, וואָס זיי האָבן אויסגעפירט אָדער פּאָסטנס, וואָס זיי האָבן פאַרנומען, נישט געקענט זיך אָפּרוקן אין אַ זייט, באַהאַלטן זיך אין שאָטן.

צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע האָב אויך איך געהערט, איך און דער גאַנצער לערער־פּערסאָנאַל פון דער קינדער־קיך. אונדזער לאַגע איז געווען באַזונדערס שלעכט, ווייל, ווי עס איז שוין אויסגעקומען צו דערמאָנען, זענען די שולן, קינדער־אַנשטאַלטן, קולטור־אינסטיטו־ציעס געווען פון די ערשטע אָביעקטן, וואָס זענען אונטערגעפאַלן אונ־טער דער קאָנטראָל פון דער מאַכט. דאָס איז געשען צוליב צוויי סי־בות: א) די אָרטיקע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן גוט געקענט די דאָזי־קע אַנשטאַלטן און נאָך פריער געהאַט אַ געוויסע שייכות צו זיי, האָבן טעכניש פאַרלייכטערט דאָס איבערנעמען און קאָנטראָלירן די דאָזי־קע אינסטיטוציעס; ב) די דאָזיקע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן באַדינט טויזנטער קינדער און יוגנטלעכע, האָבן געקענט גלענצנד אויסגענוצט ווערן ווי פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַטן. אין די אַלע מיטינגען און דעמאָנס־טראַציעס, וואָס האָבן געזאָלט שאַפן שטימונג, ענטוזיאַזם, באַגייסטע־רונג האָט זיך שטענדיק באַטייליקט אַ גרויסע צאָל קינדער און יוגנט־לעכע. וואָס ווייטער, ווען די שווערע שטוב־דאגות האָבן אַלץ מער אַוועקגענומען די דערוואַקסענע פון די גאַסן־פּאַראַדן, זענען די יוגנט־לעכע און קינדער געווען די איינציקע פּאַראַד־מאַכערס, אויסער אין

פאַרשידענע יאָרציַיטן און פֿייערלעכקייטן, ווען אַלע, פֿאַרשטענדלעך, אַלע, האָבן געמוזט אַרויס אויף די גאַסן צו „פֿייערן".

עס איז זיך לייכט פֿאַרצושטעלן אונדזער לאַגע אין יענע טעג, ווי לערער אין קינדער־קלוב און אין קיך. שוין אין די ערשטע טעג זענען די קינדער מיטגעריסן געוואָרן מיט דער שטימונג פֿון דער גאַס. שוין אָפּגערעדט פֿון די „פּיאָנערן", נאָר אויך די אַנדערע קינדער זענען כסדר געווען אין אַן אויפֿגערעגטן צושטאַנד. קינדער זענען קינדער, זיי האָבן ליב טומל, פֿרייד, פּאַראַדן, יומטובדיקייט. זיי האָבן געוווסט, אַז מיר זענען נישט קיין קאָמוניסטן, אָבער אין זייער פֿריידיקער אויפֿרעגונג האָבן זיי געמיינט, אַז אַלץ און אַלע פֿרייען זיך. אַלע צימערן זענען פֿול געווען מיט געזאַנג פֿון רוסישע לידער, וועלכע מען האָט געהאַט זיך אויסגעלערנט נאָך פֿריער, בעת די רויטע אַרמיי האָט דאָס ערשטע מאָל פֿאַרנומען ווילנע. די נאָרמאַלע אַרבעט איז געשטערט געוואָרן נישט נאָר צוליב דער אומנאָרמאַלער שטימונג און אויפֿגערעגטקייט פֿון די קינדער, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס די קינדער האָבן שוין געהאַט אויסצופֿילן פֿאַרשידענע אינסטרוקציעס, ווי באַזוכן פּאָליטישע קלובן, גרייטן זיך צו פֿאַרשידענע פֿייערונגען, אָנטיילנעמען אין רעפּעטיציעס. פֿאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע אינסטרוקציעס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אָן אַ פֿריערדיקער פֿאַרשטענדיקונג מיט אונדז און זיי האָבן אָפֿטמאָל קאָלידירט מיט אונדזער צייט־ און אַרבעטס־פּלאַן.

וואָס האָבן מיר געקענט טאָן? מיר האָבן געשוויגן. כדי עס זאָל זיך אָבער נישט שאַפֿן קיין פֿולשטענדיקע אַנאַרכיע, האָבן מיר טאַקטפֿול און פֿאַרזיכטיק אונטערגעשטראָכן די סיבות פֿון כאַאָס און אומאָרדנונג, פֿון וועלכע די קינדער האָבן אויך אין נישט קיין קליינער מאָס, געליטן. ביסלעכווייז האָבן די קינדער אַליין אָנגעהויבן צו רעאַגירן און צו רעגולירן די באַציונגען צווישן זייער אויסערן־וועלט און דעם קלוב. מיר האָבן דאָס אויפֿגענומען מיט צופֿרידנקייט און

מיט אַ גרויסער שרעק, מיר האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס זאָל נישט ציען די אויפמערקזאַמקייט צו אונדז.

אונדזער שרעק האָט קיין איין מינוט נישט אויפגעהערט. אַרום אונדז איז געוואָרן אַלץ פוסטער, חברים און פריינד זענען אַלץ מער פאַרשוואונדן פון ווילנע, און מיר האָבן געמוזט דרייען זיך, ווי אייגער פון אונדזערע חברים האָט זיך אויסגעדריקט, ביי דער טיר פון שטייג. יעדן טאָג, קומענדיק צו דער אַרבעט, האָבן מיר זיך געריכט אויף סיורפריזן. פון די ווענט זענען פאַרשוואונדן אַלע שול־בילדער, קינדער־צייכענונגען, אַקעגן האָבן אַראָפּגעשריגן פון די ווענט פאַרשידענע לאָזונגען, געצייכנט מיט שרייענדיקע פאַרבן, לעבן די בילדער פון מענדעלע מוכר־ספרים, שלום־עליכם און פרץ האָבן זיך באַוויזן די בילדער פון סטאַלין און לענין. מיר האָבן כסדר געזוכט אַ געלעגנהייט, ווי אַזוי אַליין אַוועקצוגיין פון דער אַרבעט, איידער מיר וועלן פאַרטריבן ווערן, און דאָס לעצטע איז געווען אומפאַרמיידלעך.

אין יענע טעג האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די רעוויזיעס און אַרעסטן. אייגנטלעך איז דאָס פאַר אונדז נישט געווען קיין גרויסע איבעראַשונג, מיר האָבן זיך כסדר געריכט דערויף. פון דער פריערדיקער דערפאַרונג האָבן מיר געוווסט, אַז נאָך די פאַראַדן און פייערונגען אויף די גאַסן, וועלן זיך אָנהייבן די קאַשמאַרע סצענעס פון אַוועקכאַפּן מענטשן ביינאַכט פון די שטובן. מען האָט געקענט כמעט מיט אַ געוויסער גענויקייט אָנווייזן, ווען דאָס וועט זיך אָנהייבן. אָנגעהויבן האָט זיך עס פונקט ווי אין פינסק, בריסק און ביאַליסטאָק נאָך דעם, ווי די טומלדיקע געשרייען פון דער גאַס האָבן אויפגעהערט צו פאַרטייבן די געמיטער, און די געדריקטע שטימונגען פון די שטיבער האָבן זיך אַרויסגעריסן אויף דער גאַס, אין די רייען, אין די עפנטלעכע ערטער און אפילו אין די פאַראיינען.

מען האָט אָנגעהויבן זוכן שעדיקער, ווי געוויינלעך, צווישן די פּליטים, און מ'האָט געפונען. אַ פּאַניק, אַ שרעק האָט באַהערשט אַלע, אַ שרעק אַ שטילע, אין זיך איינגעהאַלטענע. עס האָט זיך אָנגעהויבן

די צייט פון שווייגן. אויף די גאַסן, אין עפנטלעכע ערטער, אין קאַ־פעען האָט מען ווייניק גערעדט, מען האָט מער געשוויגן, פאַרשוויגן דאָס, וואָס האָט אָממיינסטן געדריקט אויפן האַרצן.

נישטאָ קיין אַרבעט, נישטאָ קיין ברויט, נישטאָ קיין מעדיקאַ־מענטן, נישטאָ קיין שיך, קיין טשוועקל, קיין פאָדים, קיין שיך־בענד־לעך, — אָבער וועמען ליגן אין זינען אַזעלכע קלייניקייטן. אבי נישט אוועקגעכאַפּט צו ווערן בייִנאַכט פון דער אייגענער שטוב, פון פרוי און קינד, און אַריינגעשליידערט צו ווערן אין טורמע, אָדער פאַר־שיקט צו ווערן אין סיביר. איבריקנס, דערווייל קען מען נאָך אַלץ קריגן, פאַר גרויסע געלטער אפילו, אָבער... מילא, וואָס מאָרגן וועט זיין... האָט מען צוליב שרעק פאַרן מאָרגן אָנגעהויבן לעבן מיטן היינ־טיקן טאָג.

קומענדיק אין איינעם פון יענע טעג צו דער אַרבעט אין קלוב, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער טעכנישער פאַרוואַלטער ח' ג. אונ־דזערס אַ חבר פון וואַרשע, איז בייִנאַכט, צוזאַמען מיט אַנדערע פּלי־טים־בונדיסטן אַרעסטירט געוואָרן. די דאָזיקע ידיעה איז פאַר אונדז געווען ווי מיט אַ שטיק אייזן איבערן קאָפּ. עס איז קלאָר געווען, אַז די געפאַר, וואָס האָט אונדז ביז איצט באַדראָט, דערנענטערט זיך. און הגם ח' ג. איז אַרעסטירט געוואָרן אַלס אַ געוועזענער בונדיסט, אַ יוגנט־טוער, קען מען דאָך צוליב זיין צוזאַמענאַרבעטן מיט אונדז דאָ אין קיך, לענקען די אויפמערקזאַמקייט אויך אויף אונדז.

מיין לאַגע אַלס פאַרוואַלטער איז געווען אַ באַזונדערס שווערע, איך האָב געדאַרפט מיט אַלע כּוחות איינהאַלטן מיין אייגענע גלייכגע־וויכט און רואיקייט, איינהאַלטן און באַרואיקן די חברים לערער און זוכן אַ שנעלן אויסגאַנג צו דער סיטואַציע, אין וועלכער מיר האָבן זיך געפונען. עס איז נישט נאָר אוממעגלעך געווען, ביי אונדזער שטי־מונג, צו אַרבעטן, נאָר עס איז אויך אויפגעשוווּמען די פראַגע ווי אַזוי די קינדער וועלן רעאַגירן און וואָס פאַר אַ שטעלונג זיי וועלן אָננע־מען צו אונדז. נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָבן מיר באַשלאָסן דער־

ווייל צוצוטרעטן צו דער אַרבעט אָן דעם חבר מ״טש, וועלכער האָט לחלוטין זיך נישט געקענט באַהערשן.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די איבעריקע מיטגלידער פון לערער־פּערסאָנאַל — די ח'טעס ראַפּאָפּאָרט און גומינער, וואָס האָבן אין יענער קריטישער צייט פון אונדזער אַרבעט ארויסגעוויזן אַזויפיל מוט, אויסדויער און פּעדאַגאָגישן טאַקט. נאָכן אַרעסט פון ח' ג. האָבן מיר אוודאי און אוודאי נישט געטאָרט איבעררייסן די אַרבעט, דאָס וואָלט דאָך געווען אַן אָפענער אַרויסרוף. מיר האָבן געמוזט בלייבן ביי דער אַרבעט, אַפּוואַרטנדיק אויף אַ גינסטיקער געלעגנהייט.

מיט אומגעהייערער נערוון־געשפּאַנטקייט און זעלבסטבאַהערשונג בין איך אַריין יענעם טאָג צו די קינדער אין לייען־זאַל. אויך ביי די קינדער האָט געהערשט אַ גרויסע אויפרעגונג, מען האָט דאָס געקענט באַמערקן אין גאַרדעראָב, אין די קאָרידאָרן, אומעטום. ווען איך בין אַריין אין זאַל, האָבן די קינדער שנעל פאַרנומען די ערטער זייערע ביי די טישן, עס איז שנעלער ווי געוויינלעך געוואָרן שטיל און רואיק. איך האָב געפילט, אַז זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווענדט אויף מיר. הגם די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע אויפמערקזאַמקייט האָט מיך אין ערשטן מאָמענט אַ ביסל צעטומלט, האָט זי אָבער ביי מיר אַרויסגערופן אַ לייכטן שמייכל, און דאָס האָט געראַטעוועט די סיטואַציע. איך ווייס נישט ווי אַזוי די קינדער האָבן אָפּגעפילט דעם שמייכל, נאָר זיי האָבן אַליין אָנגעהויבן צו רעדן און צו דערציילן. און איך האָב דערווייל צייט געהאַט צו אָריענטירן זיך, ווי אַזוי די קינדער האָבן דאָס אויפגענומען.

אַלע קינדער האָבן מיט וואַרעמקייט גערעדט וועגן אַרעסטירטן, מיט קיין וואָרט אַפילו נישט געפּרוווט דערטראַכטן זיך די סיבות פון אַרעסט, אַפילו די עלטערע קינדער האָבן דאָס אויסגעמיטן. איך האָב זיך באַמיט אונטערצוהאַלטן זייערע שמועסן, אריינוואַרפנדיק אַ וואָרט צו דער אָדער יענער גרופּע, כדי אויסמיידן די נויטווענדיקייט פון אַ לענגערער אויפקלערונג, וואָס איך וואָלט זיי געמוזט געבן אין פאַל

ווען איך בלייב פּאַסיוו. איך האָב געוואָלט זיך אַרויסגליטשן פון דער, אַזוי געוויינלעכער, ביי קינדער, פראַגע: און וואָס זאָגט דער לערער? צוהערנדיק זיך צו די דאָזיקע שמועסן פון די קינדער, אין וועלכע עס איז, אומבאוווסט פאַר זיי אַליין, געקומען צום אויסדרוק זייער באַציונג צום דאָזיקן געוואַלט־אַקט, האָב איך זיך ווידעראַמאָל (צום וויפלטן שוין?...) איבערצייגט ווי לייכט און אויבערפלעכלעך דערוואַקסענע אורטיילן וועגן קינדער. „קינדער זענען קינדער" — טענהן אַ סך דערוואַקסענע, — „זיי זענען נאַיוו און לייכטזיניק, לאָזן זיך שנעל באַאיינפלוסן אאַז"וו. דאָס אַלץ איז טאַקע אויבנאויפיק ריכטיק, אָבער אין תוך פאַלש. קינדער זענען נאַיוו און לייכטגלויביק, ווען מיר אַפּעלירן צו זייער שכל און פאַרשטאַנד, אַנדערש איז אָבער, ווען זיי באַגעמען זאַכן און דערשיינונגען מיט געפיל און פאַנטאַזיע, דאַן וועט איר זיי אַזוי לייכט נישט באַאיינפלוסן. אַ קינדס ליבע און צוגעבונדנקייט, געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט וועט איר אַזוי לייכט נישט אויסוואָרצלען. איר קענט אַ קינד אָפּנאַרן, מיטרייסן, פאַרפירן, אָבער נישט אויף לאַנג און ביים ערשטן נסיון קומט עס צו זיך. מען דאַרף דעריבער זיין זייער פאָרזיכטיק ביים מאַכן טעאָרעטישע אָדער פּראַקטישע אויפירן פון די איינדרוקן פון קינדס אויפפירונגען אָדער האַנדלונגען.

די קינדער האָבן במשך פון יענעם טאָג אָפּט דערמאָנט דעם ח' ג. און שטענדיק מיט סימפּאַטיע און מיטלייד. זיי האָבן אויך אים נישט אויפגעהערט צו דערמאָנען אין די שפּעטערדיקע טעג. די דאָזיקע איינשטעלונג פון די קינדער האָט אונדז, לערער, צוגעגעבן מוט און באַרואיקט. מיר האָבן געקענט זיך אַליין באַרואיקן, אַז מצד די קינדער דערוואַרטן אונדז נישט קיין אומאנגענעמע סיורפּריזן. אין קעגנטייל, עס איז אונדז, זעט אויס, באַשערט געווען אין די לעצטע עטלעכע טעג פון אונדזער לערערישער אַרבעט אין ווילנע איבערצולעבן אויך פיל באמת פריידפולע מאָמענטן און אַרויסטראָגן זייער רירנדיקע איינדרוקן פון אונדזער צוזאַמענלעבן מיט די קינדער. אַזוי ווי אַפּ־

פּילנדיק אונדזער שווערע לאַגע, האָבן די קינדער אין יענע טעג אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע סובטעלקייט און וואַרעמע באַציונג צו אונדז. דער טומל און כאַאָס פון די ערשטע טעג האָט אויפגעהערט און אָן באַזונדערע אינסטרוקציעס אָדער אָנווייזונגען פון אונדזער זייט, האָבן זיי זיך באַמיט צו רעגולירן די צייט און ארבעטס־פאַרטיילונג צווישן דעם פּיאָנערן־קלוב (קאָמוניסטישע קינדער־אָרגאַניזאַציע) און אונדזער קינדער־קלוב. די דאָזיקע רעגולירונג מצד די קינדער אַליין, וואָס האָט גאַנץ אויסדריקלעך באַוויזן, אַז די קינדער פאַוואָריזירן אונדזער קינדער־קלוב, האָט אָבער ווידעראמאָל אונדז באַאומרואיקט...

כדי צו אילוסטרירן די סובטעלקייט און פאַרשטענדעניש פון די קינדער פאַר אונדזער לאַגע, וועל איך ברענגען פאָלגנדיקע פאַקטן: פּונקט ווי אין די גאַסן, אַזוי אויך אין די שטובן האָט מען אין יענע טעג געמוזט הערן דאָס געזאַנג פון די פּאָפּולערע רוסישע לידער, ווי „קאַטיושאַ", „סטראַנאַ מאַיאַ ראָדנאַיאַ" א"אַ. אַוועקזעצנדיק זיך ביי די טישן צום מיטאָג, פלעגן די קינדער, פאַרן דערלאַנגען דאָס עסן, זייער טומלדיק זינגען. דערנענטערנדיק זיך צו איינעם פון די טישן, הער איך ווי די קינדער זאָגן איינס צום צווייטן: הערט אויף צו שרייען, דעם לערער דענערווירט דאָס. לאָמיר זינגען עפּעס אַנדערש, פון די שול־לידער. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב ביז דעמאָלט קיינמאָל נישט אויפמערקזאַם געמאַכט וועגן דעם און אויך נישט אַרויסגעוויזן די מינדסטע דענערווירונג.

זיי פלעגן באַוווסטזיניק אויסמיידן צו באַרירן מיט אונדז פּאָליטישע פראַגן, אַ זאַך, וואָס פלעגט אין די פריערדיקע נאָרמאַלע צייטן זייער אָפט געשען. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר וועלן מורא האָבן פריי צו רעדן און צו ענטפערן אויף זייערע פראַגן. אַזוי ווי עס איז דאַן געווען זומער־פעריען, פלעגן מיר די גאַנצע צייט פאַרברענגען אין אַ גאָרטן. אין דער רו־צייט פלעגן די קינדער שלאָפן, די עלטערע האָבן געקענט אינדיווידועל לייענען אָדער שטיל שמועסן. איך בין צוגעקומען צו איינער אַזאַ שמועסנדיקער גרופּע, — ווענדט זיך צו

מיר האַסטיק אַ קינד, אַן עלטער יינגל, מיט דער פראַגע: „וואָס זאָגט איר, לערער, דערצו..." די איבעריקע קינדער האָבן אים אָבער נישט געלאָזט פאַרענדיקן — „דריי נישט קיין קאָפּ, זאָל דער לערער בע־סער אונדז דערציילן ווייטער וועגן דער רייזע וואַרשע־ווילנע".

הערמאָנענדיק די דאָזיקע דערציילונג, איז כדאי צוצוגעבן, אַז אויך די דאָזיקע דערציילונג האָט זיך געהאַט איר „אייגענע געשיכ־טע", אַזוי צו זאָגן, אין צוזאַמענהאַנג מיטן אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי קיין ווילנע. פון אָנהייב אָן איז אין דער אַרבעטס־פּאַרטיילונג פון קלוב אויך געווען באַשטימט 3 מאָל אַ וואָך צו 40 מינוט פאַר פאָרלייענען אָדער דערציילן. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע קינדער, די עלטסטע ווי די יינגסטע, האָבן ליבער געהאַט דאָס דערציילן ווי דאָס פאָרלייענען. דאָס דערציילן איז געווינלעך לעבעדיקער, אוממיטלבאַ־רער און אינטימער. אָבער וואָס דערציילט מען? האָט מיר איין גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון די קינדער פון די עלטערע קלאַסן, קורץ און שאַרף געזאָגט: „דערציילט פון אייער רייזע, פון וואַרשע ביז ווילנע". עס איז אַן איינפאַל, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, און איך האָב אָנגע־הויבן צו דערציילן.

לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז עס וועט קלעקן אויף עטלעכע מאָל, אָבער צוגרייטנדיק די נאָטיצן און אויפמישנדיק אין זיכרון אַלע געשעענישן, איבערלעבונגען און איינדרוקן, האָב איך איינגעזען, אַז איך וועל מוזן מאַכן אַ געוויסע סעלעקציע פונעם מאַטעריאַל, אַז די דערציילונג זאָל זיך ווידער נישט צו לאַנג פאַרציען. איך האָב גע־ווּסט פון דער דערפאַרונג, אַז קינדער האָבן ליב נייעס, פרישעס, אַז לאַנג־דויערנדיקע זאַכן ווערן זיי דערעסן, בפרט אין המשכים. אַרויס־געוויזן האָט זיך עפּעס אַנדערש. די אויפגעטויכטע אין מיין זיכרון געשעענישן, בילדער און איינדרוקן, אָקאָרשט געזעענע, איבערגע־לעבטע, פריש־צאַפּלדיקע, די שילדערונג פון באַקאַנטע און נאָענטע מענטשן, פון לויפנדיקע מחנות, פון ברענענדיקע שטעט און שטעט־לעך, האָבן אויף די קינדער געמאַכט אַן אומגעהייערן איינדרוק. זעלטן

איז מיר אויסגעקומען צו אָבסערווירן ביי קינדער אַזאַ געשפּאַנטקייט און אינטערעס.

די דאָזיקע שטימונג פון די קינדער האָט זיך נאַטירלעך איבער־געטראָגן צו די איבעריקע גרופּעס, וואָס האָבן אויסגעפּועלט, אַז אויך זיי זאָלן קענען הערן דעם „לערערס מעשה". עס זענען אויך אַריינ־געפלאָסן ווענדונגען פון עלטערע ברידער און שוועסטער צו קענען קומען „הערן". מיט איין וואָרט — די דערציילונג „וואַרשע־ווילנע" איז געווען זייער פּאָפּולער. איז דאָך דאַכט זיך גוט, אָבער... ווען איך האָב געהאַלטן ביי בריסק־ביאַליסטאָק איז אָנגעקומען די רויטע אַרמיי...

ווען בריסק האָב איך שוין געהאַט אָנגעהויבן צו דערציילן, און צוריקציען זיך האָב איך שוין נישט געקענט, פאַרשוויגן ביאַליסטאָק האָב איך אַוודאי נישט געקענט, ווייל וואָס מער איך האָב זיך דערנענ־טערט אין מיין דערציילונג צו די היימישע פאַר זיי ערטער, אַלץ מער איז געוואַקסן זייער אינטערעס. איך האָב געפּרוווט אָפּשלעפּן, נישט געקומען צו דער צייט, פאַרענטפערט זיך, אַז איך בין פאַרנומען, אָבער לאַנג אָפּציען האָט עס זיך נישט געלאָזט, עס האָט אויך געקענט דער־וועקן אַ געוויסן חשד ביי די עלטערע קינדער.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין פּעדאַגאָגישער פּראַקטיק בין איך גע־שטאַנען פאַר דער פּיינלעכער אויפגאַבע צו פאַרשטעלן, אָדער לכל הפּחות, נישט דערזאָגן, דעם גאַנצן אמת פאַר די קינדער. איין אויסגאַנג איז מיר געבליבן: אַרויסצוטיילן פון אַלע געשעענישן, פאַקטן און באַ־אָבאַכטונגען נאָר די געזעלשאַפטלעכע יידישע און אַלגעמיין־געזעלשאַפטלעכע מאָמענטן, אויסמיידנדיק אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך די רויטע, מיט וועלכע ס׳רוב געשעענישן און פאַקטן זענען געווען דירעקט און אומדירעקט פאַרבונדן. פאַרן אַריינגיין אין זאַל האָב איך געזאָגט דער ח׳טע ג. „איך בין שוין לאַנג נישט געווען אַזוי אומרואיק פאַרן אַריינגיין צו די קינדער ווי דאָס מאָל, איך האָב דאָס געפיל פון אַ קונצנמאַכער, וואָס דאַרף באַלאַנסירן אויף אַ שטריק ביי

אַן אָפּגרונט". זי האָט מיך באַרואיקט: „איר וועט זיך זיכער אַן עצה געבן, שטעלט איך פאַר די לאַגע פון אונדזערע חברים, וואָס אַרבעטן איצט אין אונדזערע פאַלקסשולן".

אַז איך בין אַריינגעקומען אין זאַל, האָב איך באַלד באַמערקט, בעסער געזאָגט — דערפילט, אַז די קינדער וואַרטן שוין מיטן גרעסטן אומגעדולד. איך האָב שנעל אַ טראַכט געטאָן: דאָס אָפּשטעלן איז נאָר געווען אַ פּאַליאַטיוו, וואָס האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם אינטערעס פון די קינדער.

איך האָב אָנגעהויבן מיט שילדערן דעם חורבן פון די שטעטלעך אַרום ביאַליסטאָק, אויספירלעך זיך אָפּגעשטעלט אויפן חורבן פון דלוגאָשאַדלע, ווו מיר האָבן געהאַט אונדזער ווארשעווער קינדער־קאָלאָניע, באַשריבן דעם עטאַפּ־פּונקט פון די פּליטים אין זאַרעמבע־קאָשטשעלנע, איבערגעגעבן די שווידערלעכע דערציילונגען פון די וואַרשעווער וועגן די מעשים־רעים פון די היטלער־בעסטיעס. אין פּראָצעס פון דערציילן, ווען אַלע געשעענישן האָבן פריש אויפגע־טויכט אין מיין זיכרון, זעענדיק פאַר זיך די געשפּאַנטע און צוטרוי־לעכע פּנימלעך פון די קינדער, האָב איך ביסלעכווייז, אַליין נישט וויסנדיק דערפון, אָפּגעווייכט פון מיין פריער אויסגעאַרבעטן פּלאַן. ביים פאַרענדיקן דאָס דערציילן (מיט אַ המשך אין דער נאָענטסטער צייט), האָב איך זיך גלייך איבערצייגט דעריק, ווען די קינדער, אַרומ־רינגלענדיק מיך נאָך דער לעקציע, האָבן געפּרוווט טרעפן, אַז אין דער נאָענטסטער דערציילונג וועל איך זיכער שילדערן די לאַגע פון די פּליטים אין ביאַליסטאָק, אונטער דער הערשאַפט פון די רויטע. הייסט עס, איך בין דורכגעפאַלן, אז איך וועל זיך בשום אופן נישט אַרויסדרייען.

צום גליק, האָט מיין זאָרג לאַנג נישט געדויערט. צו יענער צייט האָט די שטאָט־מאַכט, מיט דער הילף פון די אָרטיקע קאָמוניסטן, אָנ־געהויבן צו רעאָרגאַניזירן די הילפס־אַרבעט פאַר די פּליטים. מען האָט, ווי דער שטייגער איז, אָנגעהויבן באַשטימען קאָמוניסטן, וואָס

האָבן, מכלומרשט, געדאַרפט איבערנעמען די פּאַרצוווייגטע הילפס־אַרבעט אין זייערע הענט, אָבער פּאַקטיש איז דאָס געווען אַ פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון דער הילפס־אַרבעט, פון אַלע הילפס־אינסטיטוציעס מיטן „דשזאָינט" בראָש.

די קינדער־קיך האָט גלייך דערפילט דעם טעם פון דער דאָזיקער רעאָרגאַניזאַציע, עס האָט אָנגעהויבן אויספעלן געלט, דער דעפיציט איז געוואַקסן און מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן רעדוקציעס. און דאָס מאָל, — ווי זאָגט ש"ע, צום שלים־מזל דאַרף מען אויך האָבן מזל, — האָבן מיר שלימזלדיקע פּליטים, געהאָט מזל, מען האָט אונדז די ערשטע רעדוצירט. מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. ענדלעך, ענדלעך פטור געוואָרן פון דעם כסדרדיקן טאָג־טעגלעכן קאָשמאַר און פיינלעכער שרעק. ענדלעך באַפרייט געוואָרן פון דער שווערער אומדערטרעגלעכער לאַגע, אין וועלכער מיר האָבן זיך געפונען אַלס לערער אין די לעצטע עטלעכע וואָכן, ווען אונדזער צוזאַמענלעבן מיט די קינדער האָט געמוזט אָנווערן די פרייהייט, נאַטירלעכקייט און אומיטלבאַרקייט, ווען אונדזער, די לערערס, אומרואיקייט און שרעק פון איין זייט און די קינדערס איינגעהאַלטנקייט און פאַרזיכטיקייט פון דער צווייטער זייט, האָבן אָפטמאָל געשאַפן אַן אוממעגלעכע, קינסטלעכע אַטמאָספערע.

# די בהלה צווישן די פּליטים . . .

און די שרעק און מהומה צווישן די פליטים איז אַלץ מער געוואַקסן. די געשיכטע האָט זיך איבערגעחזרט. מ'האָט צוגענומען די אונטערשטיצונג פון די פליטים, געוואָלט, זעט אויס, „גלייכשאַלטן" זיי מיט די אָרטיקע איינוווינער, אַלע גלייך — קיינער זאָל נישט האָבן. דער טומל וועגן געבן אַרבעט, וועגן פאַרשאַפן אַרבעט פאַר אַלע אַרבעטסלאָזע, האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו צעטומלען און צו פאַרפירן. פון אַלע הבטחות האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. אַ קליינער, זייער קליינער, פּראָצענט האָט באַקומען אַרבעט. דערפאַר האָט זיך אומגעהייער פאַרגרעסערט די צאָל פרנסהלאָזע — אַלע קראָמען האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו ליקווידירן, אויסער א טייל שפּייזקראָמען, וואָס האָבן, אויסנוצנדיק דעם וויסטן כאַאָס, געהאַט אַ געלעגנהייט צו טרייבן ספּעקולאַציע, פאַר וועלכער מען איז זיי, אגב, געוווען דאַנקבאַר, ווייל אָן דעם, וואָלט דער מאַנגל אין פּראָדוקטן אין שטאָט געווען נאָך גרעסער.

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, האָבן די פליטים אָנגעהויבן וואַנדערן. מען איז געלאָפן פון איין אָרט צום צווייטן, מען האָט אַליין נישט געוווסט, ווו עס איז בעסער. דער עיקר — מען האָט מורא געהאַט לאַנג אָנצוואַרעמען איין אָרט און מען האָט געהאַלטן אין איין טוישן די אַדרעסן. דער הויפּט־פונקט אָבער ווהין אַלע זענען געלאָפן, איז געווען קאָוונע. דאָן זענען די פאַרשידענע קאָנסולאַטן געווען די איינציקע, קליינע פאַרשפּאַרטע פענצטערלעך צו דער אָפענער פרייער וועלט; טאַקע פאַרשפּאַרטע, פאַרמאַכטע אויף אַלע זיבן שלעסער, אָבער

דאָך, אפשר, אפשר וועט געשען אַ נס, עס איז דאָך אַזוי שלעכט, עס מוז געשען אַ נס. איינצלנע, געציילטע גליקלעכע, האָבן אַרויסבאַקו־מען וויזעס קיין אַמעריקע, קיין שוועדן, זיי האָבן אויך באַקומען טראַנזיט־דערלויבענישן פון נ.ק.וו.ד., הייסט עס, אַז מען קען האָפן, אַז אַ נס קען געשען.

אין יענע טעג האָט אַ שטראָם געטאָן אַ מבול דעפּעשן קיין אַמע־ריקע און אין דער גאַנצער וועלט מיט איין געשריי: „יידן, ראַטעוועט, טוט וואָס איר קענט, ראַטעוועט, מיר ווילן נאָך ווייטער לעבן". פאַר־שטייט זיך, אַז אין די דעפּעשן האָט מען דאָס דייטלעך נישט געשריבן, אָבער זעט אויס, אַז די טויטע דעפּעשן פון ליטע האָבן פאַר דער יידישער וועלט אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער אויסגעשריגן אַ האַרצרייסנדיקן ס.אָ.ס. — פון מענטשן, וואָס קלאַמערן זיך מיט די לעצטע כוחות ביים אָפּגרונט. מען האָט דעם ס.אָ.ס. דערהערט און אויפגענומען מיט גרעסטן מיטגעפיל. עס זענען באַלד אָנגעקומען ענטפערס פון יידישע אָרגאַניזאַציעס, קרובים און פריינד. א גרויסע צאָל פון אונדזערע חברים און מיטגלידער פון „פּועלי־ציון", שרייבער און זשורנאַליסטן האָבן באַקומען רעקאָמענדאַציע־וויזעס קיין אַמערי־קע אַדאַנק דעם „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט" אין ניו־יאָרק. עס האָט אָבער אויך געדאַרפט זיין נאָך איין ענטפער, דער וויכטיקסטער, דער דעצידירנדיקסטער — דער ענטפער פון נ.ק.וו.ד. אַרויסלאָזן אָדער נישט.

דאָס איז געווען די טראַגישסטע צייט אין לעבן פון די פּליטים. זיין אָדער נישט זיין — צי וועט די נ.ק.וו.ד. אַרויסלאָזן אָדער נישט? וועגן די המצאות און איינפאַלן פון די פּליטים ביז יענעם לעצטן דע־צידירנדיקן מאָמענט, וואָלט מען געקענט אַ בוך אָנשרייבן. מנחם מענדל אַליין, וואָלט זיך, במחילה, פאַרשעמט פאַר זיינע שפּעטערדי־קע קרובים, וואָס זענען אים ווייט, ווייט אַריבערגעשטיגן אין זייער דערפינדערישקייט. עס איז נישט געווען קיין וויזע פון וועלכן עס איז

לאַנד אין דער וועלט, אַז דער אָדער יענער פּליט זאָל זי נישט האָבן, אָדער האַלטן ביים באַקומען.

וועט מען אַרויסלאָזן אָדער נישט? אָט דאָס איז געווען די הויפּט־פּראַגע. דאָ האָבן שוין קיין שום חכמות נישט געקענט העלפן. ביז איצט, ביים פאַרשאַפן זיך אַריינפאַר־וויזעס אין די אָדער יענע לענ־דער, האָבן מיר געהאַט צו טאָן מיט מענטשן, איצט שטייען מיר פאַר אַ פּאַטום ,וואָס דאַרף זאָגן יאָ אָדער ניין וועגן אונדזער לעבן — האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט אונדזער לאַגע אין יענער צייט דער ח׳ ט־קי. און דאָס וואַרטן האָט לאַנג געדויערט, עס זענען פאַרביי טעג, וואָכן און חדשים. אַלע מאָל זענען געבוירן געוואָרן נייע קלאַנגען, נייע גרויל־געשיכטעס. די אַרעסטן האָבן נישט אויפגעהערט, די געדריקטע שטי־מונג ביי דער באַפעלקערונג איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. אַלע אי־לוזיעס זענען שוין געהאַט אויסגערונען, אפילו ביי די נאַיווסטע און גזר גלויביקע.

זייער פיל פּליטים האָבן זיך נאָך געוואַלגערט אויף די דאַטשעס, הגם דער זומער איז שוין לאַנג געהאַט אַוועק און אויך דער האַרבסט האָט שוין געהאַלטן ביים סוף. איך האָב דעמאָלט געוווינט אויף אַ דאַטשע הינטער ווילנע צוזאַמען מיט די חברים פישמאַן און מעלאַמ־דאָוויטש. פאַר מיטאָג פלעגט איינער פון אונדז צופאָרן אין שטאָט אַריין, דערוויסן זיך עפּעס נייעס, און נאָכמיטאָג, אָדער פאַרנאַכטצו, אומקערן זיך אין באַהעלטעניש.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אָט די האַרבסטיקע פאַרנאַכטן אויף דער דאַזיקער פּוסטער דאַטשע. אונדזער ווין־דאַטשע איז אייגנט־לעך געווען אַ טייל פון אַן אומגעהייער גרויסן וואַלד־שטח, שיטער־לעך באַוואַקסן מיט יונגע סאָסנע־ביימלעך. מען האָט דעריבער זייער גרינג געקענט זען די הונדערטער לייכטע דאַטשע־געביידעס, וואָס זע־נען געווען פונאַנדערגעוואָרפן איבערן גאַנצן שטח.

אין יענעם מאָמענט, סוף האַרבסט, זענען ס׳רוב, כמעט אַלע גע־ביידעס, שוין געווען פּוסט, און שפּאַצירנדיק אין די פאַרנאַכטן צווישן

די פּאַרלאָזטע געבײַדעס האָט מען געהאַט דעם אײַנדרוק, ווי מען וואָלט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ וויסטער, פאַרלאָזענער שטאָט. מיר האָבן ווינציק געזען אין יענע פאַרנאַכטן. די פאַרהאַקטע לאָדנס פון די דאַטשעס, דאָס שטילע ברומען פון ווינט צווישן די ביימער־צווייגן, די אומעטיקע, אומענדלעכע פוסטקייט אַרום, וואָס איז ביסלעכווייז אָנגעפילט געוואָרן מיט דער נאַכט־פינצטערניש, האָבן געמאַכט שווייגן, אין דער שטילקייט אַרום האָבן מיר ווי אַרויסגעפילט דעם אָפּקלאַנג פון אונדזער גאַנצן געמיט־צושטאַנד, אונדזער אומעט און צער האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיטן צער פון דער וועלט אַרום. שטיל, ווי שאָטנס, פלעגן מיר זיך אַרײַנשלײַכן אין פינצטערן צימער, און געלייגט זיך שלאָפן.

דאָס דערנעטערן זיך פון ווינטער, האָט אויך אונדז געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די דאַטשע. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס פּײַנלעכע לעבן פון אונטערוועגנס, צווישן ווילנע און קאָוונע. געפאָרן איז מען בלומרשט צו דערוויסן זיך נײַעס וועגן טראַנזיט־וויזעס, די הויפּט־סיבה איז אָבער אָפטמאָל געווען די מורא צו נעכטיקן ביי זיך אין שטוב. אָבער אויך צו שרעק, זעט אויס, קען זיך אַ מענטש צוגעוווינען, און ביסלעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז מ׳וועט פאַרשיקט ווערן... און מ׳דאַרף רואיק וואַרטן. אָבער די האָפענונג אויף טראַנזיט־וויזעס האָט אויף קיין איין מינוט נישט אויפגעהערט, און יעדן טאָג האָט מען זיך געריכט אויף נײַעס און מען איז גרייט געווען צו גלייבן אין די משונהדיקסטע קלאַנגען.

אין יענע ווינטער־אָוונטן פלעגט מען זיך כמעט יעדן אָוונט צונויפקומען ביי מיר אין צימער. געוווינט האָב איך דאַן אויף ווי־ווולסקע גאַס ביי באַקאַנטע אין אַ וואַרעם צימער, אַ גלעזל טיי האָט אויך נישט געפעלט. די ח״ח קאַסטעלאַנסקי און טרונק זענען געווען די שטאַם־געסט, עס פלעגן אויך זייער אָפט קומען די ח״ח פישמאַן, דאַווידאָוויטש, מעלאַמדאָוויטש און אַנדערע. יעדער איינער איז געקומען הערן נײַעס, אָדער געבראַכט אַ ביסל נײַעס, דער עיקר האָט מען גע־

וואָלט פטרן דעם אָונט, פאַרברענגען דעם אָונט, פאַרברענגען אים צוזאַמען. ה' טרונק האָט זיך געוויצלט, און צום הונדערטסטן מאָל גע־שטעלט איינע און די זעלביקע פראַגע, צי וועלן מיר פאָרן אָדער נישט, און דערביי אַזוי געקוקט אייך אין די אויגן אַריין, ווי פון אייער ענט־פער וואָלט אַלץ זיין אָפּהענגיק. ה' קאָסטעלאַנסקי האָט גערייכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן צווייטן און איז כסדר געווען פּעסימיסטיש, ער האָט זיך מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו יעדער גוטער נייעס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ „מען זאָגט". ה' פיש־מאַן האָט זיך נישט אויפגעהערט צו וויצלען און אויסגעזען זאָרגלאָ־זער פון אַלע, ווי איינער זאָגט: וואָס קען מען העלפן, לאָמיר האָפן, אַז עס וועט זיין גוט. מיר אַלע האָבן, דאַכט זיך, געוואַרט אויף די אָונטן, ווען, בשבת אחים גם יחד, איז דאָס געמיט געוואָרן אַ ביסל לייכטער, די שטימונג אַ ביסל הייטערער. איך געדענק נישט ווער עס האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט אין אַ וויץ, אַז מיר וועלן זיך דאַרפן באַמיען, מען זאָל אונדז אַלע צוזאַמען פאַרשיקן אין איין אָרט.

„איר וואַרט כאָטש אויף עפּעס... אַז איר וועט אַרויס, וועט איר דאָך זיין די גליקלעכסטע אויף דער וועלט, — אויף וואָס האָבן מיר צו וואַרטן?" אָט אַזעלכע ווערטער איז דעמאָלט אויסגעקומען זייער אָפט צו הערן אומעטום, אין יעדער יידישער שטוב, ווו איר פלעגט פון צייט צו צייט אַריינקומען. „איר, פּליטים, האָט די גאַנצע צייט מזל", פלעגן אַפילו אנדערע מיט קנאה טענהן. און מען האָט זיך גאָרנישט געהיט ארויסצוזאָגן אַזעלכע טריפּענע געדאַנקען.

ביסלעכווייז האָט אַ מין דערדריקנדיקע אַפּאַטיע, וואָס גרע־נעצט מיט רעזיגנאַציע, באַהערשט אַלעמען: וואָס איז דאָ דאָ מורא צו האָבן, אַז דאָס לעבן איז סיי ווי קיין לעבן נישט. ווען עס הערשט טרויער אין די שטובן, וויינען די גאַסן — זאָגט אַ פאָלקסווערטל. דאָס האָט מען געקענט דעמאָלט זאָגן וועגן ווילנע. מענטשן לעבן מיט איינדרוקן, אָפּטמאָל דאַכט זיך אונדז (און אָפּטמאָל ווילט זיך אונדז דאַכטן!) אַזוי אָדער אַנדערש, און דאָס דאַזיקע „דאַכט זיך אונדז" דאַ־

מינירט אין געוויסע מאָמענטן אין אונדזערע שטימונגען, איבערלע־בונגען און פאַרשטעלונגען. וואָס איז דען די אָביעקטיווע מאָס אין מענטשלעכן לעבן? אונדז אַלע האָט זיך געדאַכט דאָס אייגענע: נישטאָ ווילנע, דאָס אַמאָליקע יידיש־היימלעכע, משפּחהדיק־געמיטלעכע וויל־נע איז פאַרשוווּנדן. פאַראַן אַן אַלט־כינעזיש פאָלקס־וואָרט: „דאָס ליכט פון דער זון און דאָס געוויש פון די טייכלעך באַלעבן גאַנס וועלט, דער שמייכל און דאָס געלעכטער — דאָס מענטשלעכע לעבן".

— „ווייסט איר, פאַרוואָס ווילנע זעט היינט אַזוי אויס, זאָגט מיר מיט אַ טיפן אומעט דער ח' ג. פלודערמאַכער, איינער פון די אינ־טערעסאַנטסטע געשטאַלטן פון ווילנע, ווייל מענטשן האָבן אויפגע־הערט שמייכלען און לאַכן. „איר זענט גליקלעכע מענטשן, איר פאָרט אַוועק, פלעגן די ווילנער תושבים מיט פאַרביטערונג זיך קלאָגן, — אָבער וואָס וועט זיין מיט אונדז?"

אָט די דאָזיקע זאָרג, די מורא פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, האָט אויף קיין איין מינוט נישט אויפגעהערט צו פייניקן יעדן איינעם, האָט געלייגט איר פינצטערן חותם אויף דער גאַנצער שטאָט. אומעטום, אין יעדער שטוב, אין יעדן שפּייז־געוועלב, וואָרשטאָט האָט זיך גע־פילט די מורא.

— איר האָלט, אַז איך רעכן אייך צו טייער פאַרן ברויט, פאַרן זאַלץ, הלוואַי עס זאָל נאָך מאָרגן זיין פאַר געלט, — האָט זיך פאַר־ענטפערט די קרעמערין.

— כאַפּט אַריין אַ פּאָר זילן — האָט צוגערעדט אַ באַקאַנטער שוסטער — ווער ווייסט וואָס מאָרגן וועט זיין.

איז דען אַ חידוש, וואָס גאַנץ ווילנע האָט מקנא געווען די פּלי־טים, וואָס האָבן כאָטש אַ שטיקל האָפענונג זיך אַרויסצוקריגן? דעם אמת געזאָגט, האָט מען זיך אַ ביסל געשראָקן פאַר דער דאָזיקער קנאה, נישט צוליב אַן עין־הרע, נאָר צוליב אַ שלעכט אויג פון נ.ק.וו.ד., פון וועלכער אונדזער אַרויספאָר איז געווען אָפּהענגיק. מיר האָבן

דעריבער אויסגעמיטן צו רעדן וועגן אונדזער ארויספארן, כדי זיך נישט ארויסכאפן מיט אן איבעריק ווארט.

צי איז אונדז אבער באמת געווען וואס מקנא צו זיין? עס זענען פארביי טעג, וואכן, חדשים, און גארנישט. הונדערטער פליטים האבן זיך ארומגעדרייט אין קאָוונע, מען האט אנגעפילט די גאסן, וואס פירן צו פארשידענע אמטן, איבערהויפט צום פליטים־קאמיטעט. מען האט אריינגעקוקט אין די פענצטער, געקוקט יעדן באאמטן אין פנים אריין, געווארט אויף א בשורה־טובה און צוריק אהיימגעגאנגען א מידער, א דערשלאגענער מיטן פעסטן באשלוס מער נישט צו פארן... מער ווי עטלעכע טעג האבן מיר, פארשטייט זיך, נישט אויסגעהאלטן, און מען איז ווידער געפארן, ווייל יעדן איינעם האט זיך געדוכט, אז ער קען נאך עפעס פארשפעטיקן, אז ער קען, חלילה, דורכלאזן א גליקלעכן צופאל, ווארים פארלאזן זיך אויף עמיצן אנדערש, אפילו אויף א פריינד, א חבר, איז געווען, דעליקאט גערעדט, צו נאיוו און לייכטגלויביק. נישט איינמאל האט מען זיך אליין געזאגט, אז דער גאנצער ענין איז נישט מער ווי א שפיל פארן טייוול, נאר א ברירה האט מען געהאט, אן דעם שפיל, מיטן קליינעם ביסל האפענונג צו געווינען, וואלט דאס לעבן געווארן נאך מער אומדערטרעגלעך.

יא, אין יענע צייטן זענען פריינדשאפט און קרובהשאפט אויסגעשטעלט געווארן אויף נסיונות, און צום באדויערן גאנץ זעלטן אויסגעהאלטן. עס איז זיכער נישטא קיין איין פליט, וואס זאל נישט האבן אויף עפעס צו באקלאגן זיך אין דער הינזיכט, כמעט יעדער איינער האט געהאט זיין ביטערע דערפארונג. הייסט עס, אז אלע זענען שולדיק, אז פריינדשאפט און חברשאפט, אט די דאזיקע מענטשלעכע אוצרות, האבן קיין ממשות נישט, אז זיי זענען נישט מער ווי אן איינרעדעניש, א זעלבסטנארעריי און אן אפנארעריי פאר אנדערע? נישט איינמאל איז אויסגעקומען צו ראנגלען זיך מיט אט די ביטערע געדאנקען און ספקות, אבער איז דען מעגלעך צו לעבן און נישט צו

גלייבן, איז דען מעגלעך נישט ליב צו האָבן, איז דען מעגלעך צו זען אין יעדן מענטשן א שונא?

נישט איינמאָל איז מיר אַליין אויסגעקומען צו באַרירן דאָ די דעמאָראַליזירנדיקע און דעגענערירנדיקע פאַקטאָרן אין לעבן פון פּליט. מיר מוזן אָבער זיין זייער פאָרזיכטיק און איינגעהאַלטן ביים אורטיילן און פאַראורטיילן. אונדזער באַציונג צו די אָדער יענע דער־שיינונגען דאַרפן זיין וואָס מילדער און פאַרגעבנדיקער. פאַרשטייט זיך, אַז מיר דאַרפן אויך לערנען פון דער ביטערער דערפאַרונג און מאַכן אויספירן.

פונקט ווי פריער, בעתן לויפן פון וואַרשע, בעתן לויפן פון ביאַליסטאָק, ווילנע, אַזוי אויך איצט האָבן אַ טייל אָנפירנדיקע חב־רים נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. אין די געהעריקע מאָמענטן, אין די דעצידירנדיקע מאָמענטן האָט זיי אויסגעפעלט אָריענטאַציע, פאַראַנטוואָרטלעכקייט און חברישקייט. און אממערסטן פיינלעך און ווייטיקלעך איז דאָס, וואָס איינצלנע (איך באַטאָן דאָס), וועלנדיק פאַרזאָרגן נאָר זיך אַליין, אייגן ווייב און קינד, האָבן אפילו געהאַנדלט בפירוש צום שאָדן פון כלל. אונטערן מאַנטל פון קאָנספּיראַציע און מלוכרשטער „זעלבסטבאַדראָטקייט" האָט מען אַלץ אָפּגעטאָן אויף אייגענער האַנט, נישט באַראַטן זיך און נישט אָנגעפרעגט די מיינונג פון חברים און אָפטמאָל אפילו זיך באַנוצט מיט ליגן. צום באַדויערן זענען שוין דאָ נישט געהאַט אַוועק פון ליטע יענע אָנפירנדיקע חברים, וואָס וואָלטן זיכער געווען קעגנגעווירקט די אויבנדערמאָנטע טענ־דענצן.

אָבער, ווי געזאָגט, איז דאָס געווען די שולד פון איינצלנע אָנ־פירנדיקע חברים. בכלל גענומען, האָט דאָס אָרגאַניזאַציע־לעבן און אפילו דאָס סאָלידאַרישע צוזאַמענלעבן פון אונדזער גרופּע קיין אין מינוס נישט אויפגעהערט. צו יענער צייט איז די הילפס־אַרבעט פאַר פליטים שוין פון לאַנג געהאַט ליקווידירט געוואָרן, און די פאַר־טיי־קאָמיסיע האָט געמוזט אָרגאַניזירן און פירן די הילפס־אַרבעט

פאַר די חברים אויף אַ קאָנספּיראַטיוון אופן. זי האָט אויך מיטגע־
האָלפן די חברים מיט פאַרשידענע דאָקומענטן און צייגענישן, וואָס
זענען נייטיק געווען (אָדער מען האָט געמיינט, אַז זיי וועלן נייטיק
זיין) ביים באַמיען זיך וועגן פאַרשידענע וויזעס אָדער טראַנזיט־ווי־
זעס. עס זענען אָנגענומען געוואָרן פאַרשידענע מיטלען, כדי צו קו־
מען אין אַ געוויסן קאָנטאַקט מיט די אַרעסטירטע חברים, און עס איז
אויך אַלץ געטאָן געוואָרן כדי צו באַרואיקן און צו מילדערן דעם צער
פון זייערע משפחות. מען האָט אויך ביז אין דער לעצטער מינוט אונ־
טערגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די חברים פון וואַרשע און באַ־
זאָרגט פאַר זיי שפּייז־פּעקלעך.

מיט איין וואָרט, טראָץ פאַרשידענע אָביעקטיווע שוועריקייטן
און נישט געקוקט אויף מערערע אינערלעכע דיסאָנאַנסן און רייבונ־
גען, האָט אונדזער גרופּע נישט אויפגעהערט אויף קיין איין מינוט
צו דערפילן אירע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס און יעדער איינער פון
אונדז האָט געפילט, אַז ער איז נישט אַליין, אַז ער איז אַ מיטגליד פון
אַ קאָלעקטיוו, וואָס זאָרגט פאַר אים, אַ מאָל מער אַ מאָל וויניקער,
בעסער אָדער ערגער, אָבער אינגאַנצן פאַרלאָזן און עלנד איז מען
נישט, אַ זאַך, וואָס אין פּליטים־לעבן האָט עס געהאַט אַן אומגעהייע־
רע באַדייטונג.

## א גליק איז געשען

אין איינעם אַ טאָג פון דעצעמבער חודש (נאָכמיטאָג איז עס געווען) האָט ווי אויפגעטרייסלט דאָס גאנצע פליטים־וועלטל די בשורה־טובה, אַז מ'וועט געבן טראַנזיט־וויזעס. די בשורה־טובה איז אָנגעקומען פלוצים, אומגעריכט, ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן. נישט איינער האָט זיך שוין געהאַט מיאש געווען פון גאַנצן ענין, נאָר מ'האָט געוואָרט, אַ ברירה האָט מען געהאַט, האָט מען דען געקענט האָבן כוח און מוט צו פאַרוואַרפן נאָך דאָס ביסעלע האָפענונג? עס איז דעריבער קיין חידוש נישט, וואָס די פרייד פון די פליטים איז געווען אין לשער. איינער צום אַנדערן איז געלאָפן אָנזאָגן די בשורה, מ'האָט זיך גע־דריקט די הענט, געקוקט אין די אויגן אַריין: איז דאָס טאַקע אמת? האָט מען זיך טאַקע דערוואָרט דעם נס? אויף די גאַסן איז עס גלייך געווען צו דערקענען. די פרייד און אויפלעבונג פון די פליטים האָט זיך איבערגעטראָגן אַפילו אויף די תושבים. פעסימיסטן, שוואַרצ־זעער האָבן אָנגעהויבן וואָרנען, אַז מען זאָל זיך איינהאַלטן און באַ־הערשן, נישט צופיל אַרויסווייזן די פרייד, ווייל טאָמער... מען קען נאָך צוריקציען. „ביי זיי" איז אַלץ מעגלעך...

ווי אַזוי און ווער האָט עס זיך דער ערשטער דערוווסט די בשו־רה־טובה, — וועגן דעם זענען ארומגעגאנגען פאַרשידענע לעגענ־דעס, צווישן אַנדערע האָט מען אויך דערציילט, אַז איינער אַ קאָוונער יונגערמאַן, וואָס האָט געאַרבעט אין ווילנער נ.ק.וו.ד. איז אהיימגע־פאָרן צו זיינע באַקאַנטע, וואָס האָבן געהאַט נאָענטע באַקאַנטע צווישן די פליטים, אַריינגעפאַלן מיט אַ פרייד און גדולה און אויסגעשריגן

בזה־הלשון: „איך האב פאר איך אַ גוטע בשורה, די ייִדן האָבן גוט אויסגעבעטן, פון מאָסקווע איז אָנגעקומען אַ באַפעל אַרויסצולאָזן די פּליטים. מ׳קען שוין, ממש די אותו מינוט, קומען און אָנגעבן די פּאַפּירן".

פאַרשטייט זיך, אַז די פּליטים האָבן לאַנג נישט געוואַרט, מ׳האָט אָנגעהויבן לויפן פון אַלע זייטן. די גאַס, וואָס האָט געפירט צום פּליטים־ביוראָ אין ווילנע איז געווען שוואַרץ פון מענטשן. אין ביוראָ גופא זענען שוין די קאָרידאָרן געווען געפּאַקט, עס האָבן זיך געבילדעט לאַנגע רייען, וואָס האָבן זיך נישט איבערגעריסן טאָג און נאַכט. מען האָט מורא געהאַט, חלילה, נישט צו פאַרשפּעטיקן. אויף יעדן איינעם, וואָס האָט באַוויזן אַריינצוטראָגן די פּאַפּירן פריער, האָט מען געקוקט ווי אויף אַ גליקלעכן. מען האָט אים געקוקט אין די אויגן אַריין, באַשאָטן מיט פראַגן לאַגישע און אומלאָגישע. יעדער איינער האָט מורא געהאַט, אַז דוקא מיט אים וועט זיך טרעפן אַ דורכפאַל. איינער האָט זיך געישובט מיטן צווייטן, וואָס צו שרייבן אין דער ביטע, וועלכע מאָטיוון אָנצוגעבן, און יעדער איינער ווידער האָט מורא געהאַט צו דערציילן, טאָמער וועט עס אים, חלילה, שאַדענען. די וואָס האָבן שוין געהאַט דערליידיקט די פּאַפּירן און עס איז אַדורך גלאַטיק, זענען ארומגעגאַנגען מיט אויפגעהויבענע קעפּ, ווי גרויסע אויפטוערס, זיגערס גאַנצע; אַקעגן, די וואָס זענען נאָך געשטאַנען אין דער ריי, זענען געווען דערשלאָגן, געפּאַלן ביי זיך. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום טרייסטן, קיין שום באַרואיקן. מען האָט געלעבט בלויז מיט די נערוון, און די נערוון זענען שוין געווען גענוג צעטרייסלט.

אָבסערווירנדיק די מענטשן פון דער זייט און צוהערנדיק זיך צו זייערע אָפּגעהאַקטע שמועסן, צוקוקנדיק זיך צום אויסדרוק פון זייערע פּנימער, צו די נערוועזע גרימאַסן און שאַרף־אויפגערעגטן רעאַגירן אויף דער מינדסטער קלייניקייט, איז געוואָרן זייער און זייער טרויעריק אויפן האַרצן. אָט וואָס פון מענטשן קען ווערן ביי באַ־

שטימטע לעבנס־באַדינגונגען און אומשטענדן... עס הערט אויף צו דאָמינירן דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד, די אינערלעכע מענטשן־ווירדע, דערשטיקט איז דאָס געפיל פון קעגנזייטיקער נאָענטקייט און חברשאַפט, שוין אָפּגערעדט פון אָפּפערוויליקייט. מען איז באַהערשט פון איין אינסטינקט: צו ראַטעווען זיך, צו ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן, דערצו זענען צוגעשפּיצט דעם מענטשנס אַלע געדאַנקען און געפילן...

עס זענען פאַרביי צוויי וואָכן. ס׳רוב פּליטים האָבן שוין געהאַט אָנגעגעבן די פּאַפּירן, און מיט האַרצקלאַפּעניש האָט מען אָנגעהויבן צו וואַרטן אויף אַן ענטפער, אויף אַ „דעציזיע". אַזוי ווי דער הויפּט־אַמט האָט זיך געפונען אין קאָוונע, איז מען זיכער געווען, אַז די וואָס האָבן אָנגעגעבן זייערע פּאַפּירן אין קאָוונע, וועלן פריער באַקומען אַן ענטפער. און אַזוי איז טאַקע געווען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין קאָוונער פּליטים־אַמט די ערשטע רשימות פון די גליקלעכע. איצט האָט שוין יעדער איינער געוואַרט אויף זיין „צעטל" מיט ווייניקער מורא, אָבער מיט מער אומגעדולד. און מען האָט זיך דערוואַרט.

דאָס אַרויסגעבן די וויזעס איז פאָרגעקומען זייער שנעל, זעט אויס, אַז מען האָט די אָנגענומענע פּאַפּירן נישט צו שטאַרק באַטראַכט, מ׳האָט נישט צופיל מדקדק געווען, אבי וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון דעם „נישט געוווּנטשענעם" עלעמענט, פון די פּליטים.

עטלעכע טעג נאָכן אָנגעבן די פּאַפּירן, האָב איך באַקומען די וויזע. שוין לאַנג האָב איך נישט געהאַט איבערגעלעבט אַזאַ פרייד, ווי אין יענער נאַכט, ווען איך האָב באַקומען אויף דער האַנט די וויזע. גייענדיק אַהיים האָב איך כסדר געטאַפּט ביי דער קעשענע, צי איז נישט דער אוצר, חלילה וחס, אַרויסגעפאַלן. ווי אַ קליין קינד בין איך מיט פרייד און אויפרעגונג אַריינגעפאַלן אין שטוב, אָנזאָגנדיק מיינע באַלעבאַטים די בשורה־טובה. „איך וואָלט אין מיין לעבן נישט דערוואַרט, — האָט שפּעטער געזאָגט מיין באַלעבאָסטע — אַז איר,

אַזאַ רואיקער און גלייכגעוויכטיקער, קענט זיך אַזוי עקזאַלטירן".

צומאָרגנס בין איך אַוועקגעפאָרן מיט מיין „אוצר" קיין קאָוו־נע. איך האָב מורא געהאַט צו נעכטיקן ביי זיך אין שטוב, ווער ווייסט, וואָס עס קען זיך נאָך אַלץ טרעפן. אַרעסטירט צו ווערן מיט אַ וויזע אין האַנט און פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר, האָט מיר אויסגעזען מער ווי שרעקלעך...

אין קאָוונע האָב איך זיך לאַנג נישט אויפגעהאַלטן. ערשטנס, האָב איך קיין געדולד נישט געהאַט, עס האָט מיך געיאָגט פון איין אָרט אין צווייטן. צווייטנס, האָט דאָס וואלגערן זיך אין די האָטעלן גע־קענט ווערן נאָך געפערלעכער, בין איך צוריקגעפאָרן קיין ווילנע מיטן פעסטן באַשלוס זיך נעמען אין דער האַנט אריין און צו באַ־רואיקן די אייגענע נערוון. איבעריקנס, איז שוין צייט געווען זיך נע־מען גרייטן אין וועג אַריין, אָנהויבן ביסלעכווייז צו געזעגענען זיך מיט נאָענטע באַקאַנטע. אגב אורחא, איז דאָס דאָזיקע געזעגענען זיך מיט באַקאַנטע געווען די לעצטע פיינלעכסטע אויפגאַבע אין יענע טעג פאַרן אַוועקפאָרן.ביים געזעגענען זיך מיט פריינד און נישט נאָר מיט פריינד, נאָר אַפילו מיט צופעליקע באַקאַנטע, לעבט מען געוויינלעך איבער אַ מאָדנע פריקרע געפיל. אַט זעסטו פאַר זיך אַ מענטש, אַ היימיש פּנים, אַ שמייכל, דו פילסט נאָך דעם וואַרעמען האַנט־דרוק, און פלוצים נישטאָ דער מענטש, אַוועקגעריסן געוואָרן, ווער ווייסט אויף ווי לאַנג, אויף וויפל חדשים און יאָרן און פיללייכט אויף שטענדיק. און נאָך לאַנג, לאַנג נאָכדעם פילסטו ווי אַ נאָגעניש אונטערן האַרצן.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן מיין געזעגענען זיך ביי דער פאַמיליע מאַן, ביידע געוועזענע לערער פון אונדזערע פאָלקסשולן. ווי ווילנער תושבים, האָבן זיי באַקומען אַרבעט אין די דאָרטיקע שולן און זיי האָבן דעריבער די ערשטע צייט מורא געהאַט צו מאַכן באַ־מיאונגען וועגן אַרויספאָרן; שפּעטער איז שוין געווען שפּעט, און זיי האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צוגרייטן אַלע נייטיקע פאַפירן,

ביידע — טיפּישע פֿאָלקסלערער, וואָס האָבן ליב געהאַט די אַרבעט און געוווען איר איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן. די אַרבעט האָט אויסגעפּילט זייער גאַנץ לעבן, אַפּילו דאָס לעבן אין שטוב איז געווען ווי אַ מין דערגאַנצונג צום שול־לעבן. איך פֿלעג דאָרט אַרויפֿקומען פֿון צייט צו צייט אין אָוונט. זיי האָבן גוט געוווסט וועגן אונדזערע באַמיונגען אַרויסצופֿאָרן, און לכתחילה זיך באַצויגן צום גאַנצן ענין זאַכלעך. אַזוי ווי פּליטים קענען נישט קריגן קיין אַרבעט, איז רעכט, וואָס זיי ווילן אַוועקפֿאָרן ערגעץ אַנדערש זיך איינצואָרדענען.

זיי זענען געווען אַ היפּש ביסל נאַיוו און אַזוי פֿאַרנומען מיט זייער אַרבעט, אַז זיי האָבן נישט באַמערקט, וואָס אַרום זיי טוט זיך. איך, פֿון מיין זייט, נישט וועלנדיק זיי אַרויסשלאָגן פֿון זייער אומבאַוווסטזיניקער רואיקייט, האָב זיי אויך נישט דערציילט, אַז נישט נאָר מיר ווילן אַוועקפֿאָרן, נאָר מיר ווילן אַנטלויפֿן אַפּילו ווו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט. איבריקנס, בין איך זיכער געווען, אַז די רואיקייט פֿון די דאָזיקע נאַיווע מענטשן וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן, נאָר וואָס זאָל איך זיין דער בייזער שליח.

און אַזוי איז טאַקע געשען: וואָס ווייטער, אַלץ מער האָב איך זיי שוין געטראָפֿן דערשלאָגענע, כמעט איינגעבראָכענע. איך האָב אַלץ געוואַרט, אַז זיי זאָלן אָנהייבן רעדן. און אין איינעם אַן אָוונט, אַריינקומענדיק צו זיי, איך האָב נישט געהאַט נאָך באַוויזן אַוועקצוזעצן זיך, זאָגט מיר ה׳ מאַן, גלייך, אָן שום הקדמות: „איר ווייסט, איך וויל אויך אַוועקפֿאָרן, איך קען נישט מער, עס איז דאָ אוממעגלעך, פֿאַר אַזעלכע מענטשן ווי איך און מיין פֿרוי איז דאָ קיין פּלאַץ נישטאָ. אַ סך נעכט האָבן מיר געטראַכט און איבערגעטראַכט וועגן דעם און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר האָבן דאָ נישט קיין צוקונפֿט, וואָס רעד איך וועגן צוקונפֿט, עס איז פּשוט שווער, אוממעגלעך יעדן טאָג איבערצוהאַלטן. מיר האָבן שטענדיק געוואָלט אַרבעטן, איר קענט דאָך אונדז, די אַרבעט האָט אונדז פֿאַרשאַפֿן פֿרייד און אינטערעס, אָבער מיר זענען ביז איצט געווינט געווען צו אַרבעטן פֿריי און פֿאַר פֿרייע

מענטשן, אָבער נישט... נאָר נאָך וואָס רעדן שלעכטס, ווער ווייסט ווער ס'איז גערעכט, אָבער איך קען נישט, איך האָב אַ גאַנץ לעבן גע־אַרבעט אין אַן אַנדער גײַזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער". — „פאַר מיר — רופט זיך אָפּ די פרוי מאַן — איז דאָס קלאָסן־צימער שטענדיק געווען אַ קליין וועלטעלע, אָבער אַ מוסטער־וועלט, וווּ מען האָט זיך אויסגעלעבט פרײַ, אויפריכטיק און אוממיטלבאַר. הײַנט האָט עס זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קליין קאַזאַרמעלע, וווּ מען לאַכט, מען שרײַט און מען זינגט לויט אָנווײַזונגען און לויט אַ פּלאַן. איך קען נישט מער, איך שטיק זיך..."

ליידער האָבן די דאָזיקע סימפּאַטישע מענטשן צו שפּעט זיך געכאַפּט, מען האָט שוין דאַן אָנגעהויבן אַרויסגעבן די וויזעס, און זיי האָבן ערשט גערדאַרפט אָנהייבן זיך פאַרשאַפן די פאַרשידענע דאָקו־מענטן, וועלכע זענען זיי אַלס ליטווישע בירגער, באַזונדערס שווער געווען צו באַקומען. מיר האָבן זיי מיט אַלץ געהאָלפן, אָבער אין צווישן צײַט האָט מען אָנגעהויבן באַגרענעצן דאָס אַרויסגעבן וויזעס.

נאָך טראַגישער איז געווען די לאַגע פון ח' ג. פּלודערמאַכער, איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פערזענלעכקייטן אין דער יידישער שול־וועלט. איינער פון די עלטסטע יידישע פאָלקסלערער, איז ער געשטאַנען ביים וויגעלע פון דער יידישער פאָלקסשול און זי נישט פאַרלאָזט אויף קיין איין מינוט. אַ מענטש מיט א סך וויסן, מיט אַ רייכער פּעדאַגאָגישער ערודיציע, האָט ער זיין גאַנץ לעבן, זיינע כו־חות און פעיקייטן געווידמעט דער יידישער שול. באַטייליקט זיך אין אַלע יידישע פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן, געשפּילט איינע פון די הויפּט־ראָלן אויף אַלע לערער־קאָנפערענצן, נישט געווען קיין איין טעאָ־רעטישע אָדער פּראַקטישע שול־פּראָבלעם, וואָס זאָל דורך אים נישט באַרירט ווערן. זיינע געדאַנקען און מיינונגען זענען שטענדיק געווען ערנסט און טיף דורכגעטראַכט, און דערביי שטענדיק וואַגיק און אינ־האַלטרייך.

בעת זיינע אַרויסטרעטונגען אויף די לערער־קאָנפערענצן האָט

ער אימפּאָנירט מיט זיין הויכער פיגור און אינטעליגענטן ערנסטן פּנים. „ווי אַן אַפּאָסטאָל זעט ער אויס, אַן אַפּאָסטאָל פון אונדזער שול־באַוועגונג" — האָב איך אַמאָל געהערט היגטער זיך די באַמערקונג פון אַ יונגער לערערין. ער האָט געהאַט אַן אומגעהייערן איינפלוס אויף דער יונגער לערער־גענעראַציע און סוגעסטירט מיט זיין ערנסט־קייט, מיט זיין ערנסטער באַציונג צו דער שול־אַרבעט, וואָס איז געווען ביי אים נישט גלאַט קיין אַרבעט, נאָר אַן עבודה, אַ הייליקייט. אין זיין גרויסער איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער שול האָט ער שטענדיק געשטרעבט צו זען זי אויף אַ הויכער אַנטוויקלונגס־מדרגה און אין איר פולן גלאַנץ. און ווי יעדער אידעאַליסט, וואָס שטויסט זיך כסדר אָן אין דער ביטערערווירקלעכקייט, האָט ער זיך מיט דער צייט איינגעשאַפן אַן אילוזיע. די ביטערע ווירקלעכקייט פון אונדזער רעכטלאָזן לעבן אין פּוילן, די כסדרדיקע גזירות און באַגרענעצונגען, וואָס האָבן געצילט אומצוברענגען די יידישע שול, האָבן ביים ח' פלודערמאַכער געשאַפן די אילוזיע, אַז ביי די סאָוויעטן שטייט די זאַך בעסער, אַז בײַ זיי האָט אונדזער שול בעסערע פּערספּעקטיוון. מערקווירדיק איז די פּסיכאָלאָגיע פון מענטשן, זי דאָמינירט כמעט שטענדיק, אַפילו דאַן, ווען די גאַנצע לעבנס־דערפאַרונג, לאָגיק און איינשטעלונג איז אין קעגנזאַץ צו איר. נישט נאָר ח' פלודערמאַכער, נאָר אויך אַנדערע ווילנער לערער האָבן געלעבט מיט דער דאָזיקער אילוזיע. אָבער דאָס האַרטע לעבן לאָזט נישט לאַנג אָנהאַלטן קיין אילוזיעס און איז זיך אָפּטמאָל ביטער נוקם אין די אילוזיאָנערן.

מיין געזעגענונג מיטן ח' פלודערמאַכער איז געווען זייער רירנד. מיר האָבן מער געשוויגן ווי גערעדט, יעדער פון אונדז האָט גאַנץ שטאַרק און טיף אַרויסגעפילט דעם צווייטנס געדאַנקען און שטימונגען. קוקנדיק אויף דעם שטאַרק פאַרעלטערטן, כמעט איינגעהויקערטן ח' גרשון פלודערמאַכער, זענען אין מיין פאַרשטעלונג און זכרון אויפ־געשווומען פאַרשידענע עפּיזאָדן פון אונדזער שול־אַרבעט, פון אונ־דזער שול־באַוועגונג. איך האָב זיך דערמאָנט אין געוועזענע שווערע

טעג, שווערע טעג אָבער גליקלעכע טעג. מיר האָבן שווער געאַרבט, גקעמפט, אָבער געגלויבט אין אונדזער קאַמף און פיל, זייער פיל אויסגעקעמפט, און דערגרייכט. איז דען אונדזער שול־קאַמף נישט געווען אַ באַשטאַנד־טייל און זייער אַ וויכטיקער, פון אונדזער אַלגע־מיין־פּאָליטישן קאַמף אין פּוילן, איז דען אונדזער שול־באַוועגונג נישט געווען איינער פון די הויפּט־יסודות פון אונדזער יידישן קולטור־לעבן אין פּוילן? מיר האָבן אין אונדזער קאַמף געהאַט דורכפאַלן און דערגרייכונגען, מפּלות און נצחונות, צרות און פרייד.

באַגלייטנדיק מיך צום אַרויסגאַנג, האָט ער מיך וואַרעם געדריקט די האַנט און געזאָגט: איר וועט נאָך אפשר האָבן דאָס גליק צו אַר־בעטן אין אַ פרייער יידישער שול. איך פאַרגין אייך פון גאַנצן האַרצן. האָט איר כאָטש אַ ביסל גליק.

# מיר פאָרן אין דער וועלט אריין

צוליב פאָרזיכטיקייטס־טעמים זענען מיר געפאָרן נישט פון ווילנע, נאָר פון קאָוונע. פאַרקערט ווידער, אַזעלכע פּליטים, וואָס האָבן געהאַט צופיל באַקאַנטשאַפט אין קאָוונע, זענען אָפּגעפאָרן פון ווילנע. די מורא פאַר „גרויסע אויגן" איז געווען אין לשער; און דער געדאַנק אַ,ז אין סאַמע לעצטן מאָמענט קען מען פאַרלירן דאָס גרויסע גליק פון באַפרייונג, פון עבדות לחירות, ביי דעם דאָזיקן געדאַנק איז קאַלט געוואָרן אונטערן האַרצן.

דעם 12־טן פעברואַר 1941, 7 אַזייגער אינדערפרי זענען מיר שוין געווען אויפן קאָוונער וואָקזאַל ד. ה. איך און נאָך אַ גרופּע נאָענטע חברים און פריינד, וואָס האָבן געזאָלט פאָרן מיטן זעלביקן טראַנספּאָרט. מיר האָבן זיך פריער אָפּגערעדט נישט צו קלייבן זיך אויף איין אָרט אין וואָקזאַל, נאָר אין פאַרשידענע ווינקעלעך, ווידער אַמאָל צוליב דער מורא פאַר „אויגן".

ענדלעך איז מען אַריין אין די וואַגאָנען פון צוג, וואָס האָט אונדז געדאַרפט פירן ביז מאָסקווע, פון מאָסקווע האָבן מיר געזאָלט פאָרן מיטן טראַנססיבירער צוג ביז וולאַדיוואָסטאָק. אַ טייל חברים פון ווילנע האָבן זיך נישט געקענט איינהאַלטן און געוואָגט צו קומען צום ווילנער וואָקזאַל, ווו דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף 15 מינוט. „ווער ווייסט, אפשר זעט מען זיך דאָס לעצטע מאָל, זאָגט צו מיר חבר פ־ן". הגם א סך פון די דאָזיקע חברים האָבן שוין געהאַט די רוסישע אַרויסלאָז־וויזעס און זיי האָבן געוואַרט אויפן נאָענסטן

טראַנספּאָרט, איז אָבער די אומזיכערקייט און מורא געווען אַזוי גרויס אַז מען האָט זיך געריכט אויף אַלץ. אָפּילו מיט די אַרויסלאָז־וויזעס איז מען די לעצטע נעכט נישט געשלאָפן אויפן אייגענעם געלעגער.

„און אַז מען זיצט שוין אין צוג און מען פאָרט שוין, איז מען דען זיכער", ענטפערט איך שטיל מיין חבר, „פאַרגעס נישט, וואָס מיט קאַזדאַנען איז געשען!..." אַלע האָבן נאָך גוט געדענקט די טראַגישע געשעעניש מיטן ח' קאַזדאַן, וועלכן מען האָט אויף זיין דורכרייזע דורך רוסלאַנד, אַרויסגענומען פון צוג און ער האָט על פי נס אויס־געמיטן דאָס אומגליק אומגעבראַכט צו ווערן. יאָ, די שרעק אין האַרצן האָט קיין איין מינוט ניט אויפגעהערט צו נאַגן. צי איז דאָס שוין גע־וואָרן אַ מין פסיכישע קראַנקהייט? איבריקנס, צי האָט מען טאַקע גע־קענט האָבן די זיכערקייט, אַז מיר האָבן שוין פון פריער געהאַט אַזאַ ביטערער דערפאַרונג מיט פאַלשע הבטחות, אָפּנאַרעריי און אַריינגנאַ־רעריי, אַרעסטן, מסירות, פאַרמאַטערנדיקע שמועסן אין נ. ק. וו. ד. פאַרשידענע געשיכטעס זענען אַרומגעגאַנגען פון מויל צו מויל וועגן מענטשן, וואָס האָבן לכתחילה, אין ערשטן פעריאָד, אויפן סמך פון אויסלענדישע אַריינפאָר־וויזעס באַקומען דערלויבענישן און זענען שפּעטער אַרעסטירט געוואָרן אויף די צוגן.

אויך די 15 מינוט, וואָס דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן ווילנער באַנהויף, האָבן אויסגעזען ווי שעהן. „אַ סוף, אַן עק, זאָל מען שוין פאָרן", האָבן מיר געזאָגט איינער צום צווייטן.

ענדלעך האָט דער צוג גערירט. אַ ציטער אין האַרצן פון פרייד, אָבער נישט אויף לאַנג. „מען דאַרף נאָך איבערקומען מאָסקווע" — וואַרפט אַ פעסימיסט אַריין אַ וואָרט, און דאָס איז שוין גענוג געווען אויף צו צעשטערן די פרייד. מיר זענען אַריין צו זיך אין די וואַגאָנען. דער „אינטוריסט" (רוסישע טוריסטן־אַגענטור פאַר אויסלאַנד, וואָס האָט אָרגאַניזירט די רייזע פון די פליטים דורך דער רוסישער טעריטאָריע) האָט באַשטימט ספּעציעלע שלאָף־וואַגאָנען פאַר די פּליטים, פאַר וועלכע מען האָט געמוזט צאָלן מיט אַמעריקאַנער דאָ־לאַרן. אַזוי אַרום זענען מיר ממילא איזאָלירט געוואָרן פון די איבערי־

קע פּאָסאַזשירן. איבריקנס, האָבן מיר פון לכתחילה געהאַט באַשלאָסן נישט צו האָבן קיין שום מגע ומשא מיט פרעמדע און אפילו ביי זיך, אין די פאַרמאַכטע וואַגאָנען, האָבן מיר מורא געהאַט אַ הויך וואָרט אויסצורעדן. ווער ווייסט, אָזנים לכותל...

צומאָרגנס, אַרום 9 אַזייגער אין דער פרי, זענען מיר אָנגעקומען אין מאָסקווע. מיר זענען אַרויס פון די וואַגאָנען צוזאַמען און אַוועקגעשטעלט זיך אויף איין אָרט. מיר זענען כסדר געווען אונטער דער השגחה פון „אינטוריסט”, נישט געטאָרט אַליין אַוועקגיין אָדער רירן זיך פון אָרט, ביז עס וועלן אָנקומען די טראַנספּאָרט־אויטאָס פון מאָסקווער „אינטוריסט” און אָפּפירן אין האָטעל „מאָסקאָווסקאַיאַ”. מיר זענען געווען, אַזוי צו זאָגן, „בכבודיקע אַרעסטאַנטן”.

אויפן פעראָן פון וואָקזאַל איז געווען רואיק, כמעט שטיל. נישט קיין גרויסע באַוועגונג, נישט דער כאַראַקטעריסטישער געמיטלעכער טומל, וואָס מיר זענען געוווינט צו טרעפן אויף גרויסן וואָקזאַלן. די מענטשן אַרום האָבן געקוקט אויף אונדז פון דער זייט, אפילו די באַן־באַאַמטע האָבן זיך נישט דערנענטערט. עטלעכע באַן־טרעגער האָבן זיך לאַנג געשושקעט צווישן זיך: יאָ צוגיין אָדער נישט, איינער פון זיי אַ גאָר יונגער מיט קורצע באָטינקלעך, אַ כוואַטסקע בחור, האָט זיך אַ ריס געטאָן צו אונדז און שמייכלענדיק אָנגעהויבן פרעגן: „אַ וואָס שטאָ אוגאָדנאַ?”. ווי פון דער ערד איז אויסגעוואַקסן איינער, אין ציוויל געקליידעט, און אים אַזאַ זאָג געטאָן „ניע טוואָיאָ דיעלאָ”, אַז יענעם איז דאָס בלוט אָפּגעלאָפן פון פנים און איז באַלד נישט געוואָרן.

אין האָטעל „מאָסקאָווסקאַיאַ”, ווו מען האָט אונדז צוגעפירט מיט אַלע אונדזערע זאַכן, האָט מען קודם כל אונדז רעגיסטרירט און צוגענומען אַלע דאָקומענטן. דער טראַנסיבירער צוג מיט וועלכן מיר האָבן געזאָלט אָפּפאָרן קיין וולאַדיוואָסטאָק, האָט געדאַרפט אָנקומען צומאָרגנס אָוונט. האָבן מיר, הייסט עס, צוויי טעג צו פאַרברענגען אין מאָסקווע. דאַרף מען דאָך עפּעס זען. איז אָבער אַ פראַגע, צי מען וועט מעגן זיך פריי באַוועגן און אויב יאָ דאַרף מען דאָך

אויך זיין פאַרזיכטיק, אַ קשיא אויף אַ מעשה. ווי זאָגט מען: פון צופיל נייגיריקייט קומט קיין גוטס נישט אַרויס, בפרט אין מאָסקווע. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז מיר קענען יאָ זיך פריי באַוועגן. האָט מען אָנגעהויבן שפּאַצירן, פריער אין די נאָענטע גאַסן, שפּעטער אין די ווייטערע, מער פּרינציפּאַלערע גאַסן, אָבער מיר האָבן גלייך אויפגעהערט. אַ גרויסע שטאָט אָן לעבהאַפטן טומל, אָן דער אימ־פּולסירנדיקער באַוועגונג, וואָס איז אַזוי אָנרעגנדיק אין אַלע גרויסע שטעט, מאַכט אַ שווערן איינדרוק, עס שרעקט אפילו... און מיר זענען דאָך אַזוי אויך געווען איבערגעשראָקענע.

אַמפּיינלעכסטן האָבן מיר זיך געפילט אין די טראַמווייען. די מאָסקווער טראַמווייען זענען, זעט אויס, שטענדיק געפּראַפּט, מען מוז לאַנג וואַרטן, ביז מען באַקומט זיך אַריין אין אַ טראַמוויי. און אָט די דאָזיקע געפּאַקטע טראַמווייען הערשט אַ דערדריקנדיקע שטיל־קייט. שטייט צונויפגעקוועטשט אַ מאַסע מענטשן, אַלע ענלעך צו זיך צוליב די זעלביקע אויסגעטראָגענע גרויע מלבושים, וואָס מאַכן אויס־זען גרוי אויך די פּנימער, און מען שווייגט. מען רעדט נישט צווישן זיך, מען שמייכלט נישט, שאַ שטיל. און אַ פרעמדן, וואָס איז נישט געוווינט דערצו, דאַכט זיך, אַז אַלע קוקן אויף אים, אַז אַלע זענען בייז אויף אים, אַז אָט אָט וועט מען אים אַ נעם־טאָן און גוט מקיים פּסק זיין. און עס איז דאָ פאַרוואָס, כאָטשבי צוליב די בגדי־מלכות זיינע, וואָס שלאָגן אָפּ אויפן פּאָן פון דער אַרומיקער מלבושים־גרוי־קייט און רייצן אַזוי די אויגן.

צוליב דעם וואָס גראָד אין דעם אָוונט, וואָס אונדז איז אויס־געקומען צו פאַרברענגען אין מאָסקווע, האָט דאָס יידישע מלוכה־טעאַטער נישט געשפּילט, זענען מיר געגאַנגען אין אָפּערעטע־טעאַ־טער. אויסגעפירט האָט מען אָן אָפּערעטע פון אַלטן רוסישן רעפּער־טואַר. די דעקאָראַציעס זענען, ווי פאַר אַן אָפּערעטע, געווען גאַנץ באַשיידן, אפילו אָרעמע, אָבער אויף דער סצענע איז געווען פריי־לעך. די מוזיק, די טענץ זענען געווען אויף אַ הויכן ניוואָ, איבער־

הויפּט דער כאָר און די פאָלקסטענץ, וואָס דער באַלעט האָט אויס־געפירט. איך האָב זיך געטראַכט, אַז די מאָסקווער מוזן זיין ליידנ־שאַפטלעכע טעאַטער־באַזוכער. אַזאַ שאַרפער קאָנטראַסט צווישן דער גרויערווירקלעכקייט און דער לעבעדיקייט אויף דער סצענע.

צומאָרגנס, דעם זעלביקן טאָג, וואָס אין אָוונט, האָבן מיר שוין געזאָלט אָפּפאָרן, האָבן מיר, אַ גרופּע לערער, זיך געווענדעט צו דער דירעקציע פון „אינטוריסט", אַז מיר, ווי לערער, וואָלטן זייער צו־פרידן געווען צו באַזוכן דאָס פּיאָנערן־הויז אין מאָסקווע, וועגן וועלכן מיר האָבן אַזוי פיל געלייענט אין דער פּעדאַגאָגישער פּרעסע. דער דירעקטאָר האָט אונדז צוגעזאָגט צו פאַרשטענדיקן זיך מיט דער געהעריקער אינסטאַנץ, כדי צו דערמעגלעכן אַזאַ באַזוך, הגם ער האָט אויסגעדריקט זיינע ספקות, צי דאָס וועט זיך אים אין אַזאַ קורצער צייט איינגעבן.

מיר האָבן געהאַט מזל. אַרום 11 אַזייגער האָט אונדז דער דירעקטאָר אַ פריילעכער אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז עס איז פּאָ־זיטיוו דערליידיקט, אַז מיר זאָלן צוואַרטן, ווייל אַ ליאַדע מינוט וועט מען קומען נאָך אונדז. אַזוי איז טאַקע געשען. אַ האַלבע שעה שפּע־טער זענען פאַרפאָרן צום האָטעל צוויי טאַקסעס. מיר זענען געווען אָנגעגנעם איבערראַשט. געפאָרן זענען מיר זאַלבערפינפט, דאַכט זיך, אַלץ לערער פון די צישאָ־שולן.

מיר זענען פאַרפאָרן אויף אַ הויף מיט אַ סך גרויסע און קליינע געביידעס. ביים אַריינגאַנג פון דער געביידע, צו וועלכער מען האָט אונדז צוגעפירט, האָט שוין געוואַרט אויף אונדז אַ באַגלייטערין, אַ יונג, שוואַרצהנעוודיק מיידל. זי האָט זיך מיט אונדז זייער וואַרעם באַגריסט און דערהערנדיק, אַז מיר רעדן רוסיש, האָט זי גאָר אויפ־געשיינט. מיר זענען אַריין אינעווייניק. אין האָל האָבן מיר זיך אַ ווײלע אָפּגעשטעלט און מיר דערציילט, ווער מיר זענען און וואָס מיר ווילן זען. זי האָט אונדז אויפגעקלערט, אַז דאָס דאָזיקע צענטראַלע פּיאָנערן־הויז איז די קולטור־היים פון די מאָסקווער קינדער, אַז דאָס איז

נישט נאר אַ פאַרוויילונגס־הויז, נאָר פאַר אַלץ אַ גראַנדיעזער קינדער־קלוב, ווו די קינדער דערגאַנצן זייער שולאַרבעט, ווו עס ווערן אויך אַדורכגעפירט פון צייט צו צייט פאַרשידענע מעטאָדיש־פעדאַגאָגישע עקספערימענטן.

זי האָט אונדז אָנגעהויבן אַרומפירן איבער די פאַרשידענע צימערן אָדער זאַלן, ווי זי האָט זיי אָנגערופן. מיר האָבן געזען דעם שאַך־זאַל, אַ ספּעציעלער זאַל, ווו די קינדער איבן זיך אין שאַך־שפּילן, קאָנצערט־זאַל, ווו די קינדער אַליין פירן אויס קינדער־קאָנצערטן. דער געאָגראַפיע־זאַל און היסטאָרישער קאַבינעט האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט גאַנץ באַשיידענע צימערן מיט אַ גאָר באַשיידענע אויסשטאַטונג. אַזוי, למשל, האָט זיך אין געאָגראַפיע־זאַל געפונען איין גרויסער גלאָבוס און אַ וואַנט־קאַרטע פון רוסלאַנד. אויף מיין פראַגע, וואָס טוען דאָ די קינדער? האָט די באַגלייטערין מיר געענטפערט, אַז זיי פירן דאָ זעלבסטשטענדיקע פאָרשונגס־אַרבעט. צי קענען זי אונדז ווייזן אַזעלכע אַרבעטן? — ליידער נישט, ווייל די קינדער נעמען זיי צו מיט זיך. דעם זעלביקן איינדרוק האָט אויך געמאַכט דער היסטאָרישער קאַבינעט. מיר האָבן שוין מער קיין פראַגן נישט געשטעלט, ווייל אונדזער באַגלייטערין האָט זיך, זעט אויס, אָנגעהויבן פילן שלעכט. מיר האָבן געוואָלט נאָך זען דאָס ביאָלאָגיע־צימער, דעם פיזיקאַלישן קאַבינעט, ליידער „רעמאָנטירט מען זיי". מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער רעמאָנט איז אַ רעזולטאַט פון אונדזער צופיל פרעגן.

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אונדזער סימפּאַטישער באַגלייטערין, וואָס איז אַ ביסל אומעטיק געוואָרן. און כדי צו פאַרטרייבן דעם אומעט אירן און אפשר אויך איר שרעק, וואָס זי האָט נישט באַוויזן צו סוגערירן די אויסלענדער, האָבן מיר אויסגעדריקט אונדזער „גרויס באַוווּנדערונג און צופרידנקייט". כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס מיר האָבן זיך אַלע גלייך דערמאָנט אין „מעדעם־סאַנאַטאָריע", אַז אַנשטאַלט קודם־כל פאַר קראַנקע קינדער, געבויט דורך אַרבעטער

און פון געזאַמלטע פאָלקס־גראָשנס. און מיר האָבן אָנגעהויבן פאַר־גלייכן... שפּעטער פרעגט מיך דער דירעקטאָר פון „אינטוריסט", „פּאַנראַווילאָס, האַ"? „אַטשען אינטערעסנאַ" — ענטפער איך. „אינ־טערעסנאַ אי זאַמיעטשאַטעלנאַ" — גיט ער צו אַן ערנסטער.

אין אָוונט זענען מיר אָפּגעפאָרן פון מאָסקווע. אויפן הארצן איז געווען אַ ביסל לייכטער. אויב דאָ, אין מאָסקווע, איז נישט געשען קיין שום מכשול, וועט שוין דער ווייטערדיקער וועג אָפּגיין גלאַטיק. און ווער ווייסט — האָט פונדעסטוועגן געזאָגט אַ שרעק — מיר פאָרן דאָך אין סיביר, גלייך דעם וואָלף אין פיסק אַריין. איז מען טאַקע געזעסן אין די „אייגענע" וואַגאָנען און בייטאָג געוואַרט אויף דער נאַכט אַדורכצושלאָפן די צייט און ביינאַכט האָט מען אויסגעקוקט דעם טאָג. אַזוי האָט מען געדאַרפט פאָרן 9 מעת־לעת. די איינציקע „אויסערלעכע וועלט" איז לכתחילה געווען דער רעסטאָראַן־וואַגאָן, וווּ מען האָט געקענט אויך טרעפן נאָרמאַלע פּאַסאַזשירן, נישט קיין פּליטים. האָט מען נאָר געקענט אָנקוקן די פרעמדע פּנימער, שמועסן אָבער האָט מען מורא געהאַט. און, אפנים, אויך זיי, די פּאַסאַזשירן, וואָלטן זיך מיט אונדז נישט אַריינגעלאָזט אין קיין מחזקות. פון אונ־דזער האַלטן זיך, פון אונדזער גאַנצן הולך האָבן זיי באַלד געקענט מערקן, אַז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט „אַ פרעמדן עלעמענט".

וואָס ווייטער אָבער מען איז אַריינגעפאָרן אין די טיפענישן פון רוסלאַנד, וואָס מער מען האָט זיך דערווייטערט פון רוסלאַנדס האַרץ, פון מאָסקווע, אַלץ היימלעכער איז געוואָרן, אַלץ לייכטער האָבן זיך אַלע אָנגעהויבן צו פילן. אפילו די וואַגאָן־פירער זענען געוואָרן באַ־ריידעוודיקער, צוגעלאָזענער און אָנגעהויבן מיט אַ ברייטער האַנט צושטעלן „קיפּיאַטאָק" (געקאָכטע וואַסער) וויפל מען האָט נאָר גע־וואָלט. ביינאַכט האָבן זיי „לינקערהייט" געלאָזט זיך דערלאַנגען אַ כוסה מיט פאַרבייסעכץ. און כטוב לב... ביין, האָבן זיי זיך אויך אָפּ־געגעדט פון זייער ביטער האַרץ. אויף די ערשטע סטאַנציעס, נאָך מאָסקווע, האָבן זיי אונדז, נעבעך, באַדויערט, וואָס מיר פאַרלאָזן אַזאַ

טייער לאַנד, ווי „סאָוויעטסקאַיאַ ראָסיאַ", וואָס ווייטער אָבער, אַלץ מער איז זיך זייער הארץ צעגאַנגען פון רחמנות אויף זיך אַליין. אין אָנהייב האָבן זיי נישט גערן געזען, וואָס מיר גייען אַראָפּ אויף די סטאַציעס, ווען די באַן שטעלט זיך אָפּ. שפּעטער האָבן זיי אונדז שוין אינפאָרמירט, ווי לאַנג דער צוג וועט שטיין. זיי האָבן זיך לכת־חילה אויף זייער שטאַרק געשעמט, ווען צענדליקער קינדער פלעגן צוקומען צו אונדז און בעטן ברויט, מען האָט זיי אפילו געפּרוווט גאַנץ שטרענג פּאַריאַגן. שפּעטער האָבן זיי אויך דאָס דערלויבט. איך דער־מאָן זיך אויף אַ סטאַציע פאַר בירא איז צוגעקומען אַן עלטער ייִנגל, פּירנדיק ביי דער רעכטער האַנט אַ קליין ברודערל און ביי דער לינ־קער אַ פּיצינק שוועסטערל. געוווען איז אַ מוראדיקער פראָסט, ווען פייגל, ווי מען זאָגט, ווערן פאַרפרוירן אין דער לופטן. מיר האָבן זיי געגעבן אַ פּושקע שפּראָטן מיט סוכאַרקעס. דאָס ייִנגל האָט אָנגע־הויבן זיך טרייסלען און ציטערן פון איבערראַשונג. געזען האָט דאָס דער אַלטיטשקער איוואַנאָוו, אונדזער וואַגאָן־פירער, ער האָט אַ שאַרפן מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַריינגייענדיק צוריק אין וואַגאָן, זאָגט ער צו מיר: „פּראָפּאַלי נאַשי גאַלאָוושקי" (אַז אַך און וויי איז צו צו אונדז — י. ר.).

באַזונדערס האָבן מיר אויסגעקוקט דעם טאָג, ווען מיר וועלן פאַרבייפאָרן ביראָבידזשאַן, דאָס אָרט, וווּ אָט אָט עס און וועט זיין אַ יידישע רעפּובליק צוגלייך מיט אַלע אַנדערע סאָוויעטישע רע־פּובליקן. מיר האָבן געוואָלט כאָטש האָבן געזען די באַן־סטאַנציע, וואָס פירט צו דער „יידישער רעפּובליק". הגם יעדער איינער פון אונדז האָט געוווּסט, וואָס פאַר אַ „יידישע רעפּובליק" דאָס איז, אפילו די קאָמוניסטישע פּרעסע האָט אין דער לעצטער צייט מער געשוויגן, ווי גערעדט וועגן איר, זענען מיר געווען נייגיריק און אין האַרצן האָבן מיר געוואָלט, אַז עפּעס אמת זאָל זיין. דערווייל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער צוג וועט זיך נישט אָפּשטעלן אין ביראָבידזשאַן, אַז אויך דער פריערדיקער צוג, וואָס האָט געפירט פּליטים האָט זיך

נישט אָפּגעשטעלט, ווייל מען וויל נישט, אַז מיר, די „פרעמדע", זאָלן זען וואָס עס טוט זיך. אַי, וואָס קענען מיר אין אַ קורצער צייט, אָפּשטייענדיק אויף דער סטאַנציע, זען וואָס עס טוט זיך?! אָבער גיי פרעג קשיות. איך פרעג שטילערהייט איוואַנאָוון, אָבער ער גיט מיר אַן אויסמיידנדיקן ענטפער. „אַמאָל שטעלט מען זיך אָפּ, אַמאָל נישט".

מיר האָבן געהאַט גליק, מען האָט זיך אָפּגעשטעלט. די ניי־גיריקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז הגם אַ טייל חברים פאַרזיכטיקע האָבן געוואָרנט, אַז עס קען נאָך עפּעס געשען, זענען מיר אַראָפּ. און ווי אַזוי האָט מען געקענט זיך איינהאַלטן, אַז מען האָט צווישן אַנדערע אויפשריפטן אויך דערזען דעם אויפשריפט ביראָבידזשאַן אויף יידיש. האָבן זיך טאַקע אַלע אַ לאָז געטאָן אויפן פעראָן זוכן די יידישע רעפּובליק אָדער כאָטש סימנים פון אַזאַ רעפּובליק. און ווי געזאָגט, אַז מען זוכט, געפינט מען. און געפונען האָבן מיר די יידישע וואָקזאַל־פאַרוואַלטערין, אַ דיקלעכע יידענע מיט אַן אָפּגעטראָגן פון פראָסטיקע ווינטן פנים, אַנגעטאָן אין אַ לאַנגער גרויער וואַטעוווקע, פאַרבונדן מיט אַ פּאַסיק. מיר האָבן זי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, ווי זי וואָלט געווען די סאַמע־ראָדנע פרעזידענטין פון דער יידישער רעפּובליק. עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פראַגן פון אַלע זייטן, אַז זי האָט גאָרנישט געקענט קומען צום וואָרט. אין ערשטן מאָמענט האָט זי זיך אַ ביסל פאַרלוירן, באַלד אָבער האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל אויף איר פנים און זי האָט אָנגעהויבן אָפּענטפערן על ראשון — ראשון ועל אחרון — אחרון:

„צי עס זענען דאָ פאַראַן יידן, פרעגט איר? אוודאי זענען דאָ פאַראַן יידן, ווו זענען נישטאָ קיין יידן, מען פאָרט אַהין און אַהער; פון אונדז פאָרט מען אין אוקראַינע און פון דאָרט קומט מען אַהער". „צי עס וועט דאָ זיי אַ יידישע רעפּובליק"? „אוודאי וועט זיין, פאַרוואָס זאָל נישט זיין, עס וועט זיכער זיין". פון אַזעלכע תשובות, באַגלייט מיט אַ „יעכידנעם" שמייכלען און פינטלען פון די אויגן, האָט עולם געשמאַק געקוואָלן, מען האָט הויך געלאַכט און פאַרגעסן אין

אַלע פּאַרזיכטיקייטן. פּלוצלונג איז, ווי פון דער ערד, אויסגעוואַקסן אַ פּאַרשוין (אומעטום האָבן זיי דאָס זעלביקע שטומע־גרויע פּנים מיט אַ פּאַרגליווערטן גלאַנץ אין די אויגן) און געגרוקט זיך אויף איר, ממש געגרוקט זיך ווי אויף עפּעס אַ טויטע זאַך, און זי אַזוי אַרום אַרויסגעשטופּט פון אונדזער קרייז. ערשט דאַן האָבן מיר זיך געכאַפּט, דערמאָנט זיך, אַז מיר זענען אויף דער „פרייער" סאָוויעטישער ערד. מורא־האָבנדיק פאַר קאָנסעקווענצן זענען מיר שנעל אַריין אין די וואַגאָנען.

מיר האָבן זיך אַלץ מער דערנענטערט צו וולאַדיוואָסטאָק און אונדזער אומגעדולד איז אַלץ מער געוואַקסן. אויך די מורא, וואָס האָט זיך בעת דער רייזע שוין געהאַט פאַררוקט אין אַ ווינקעלע, איז צו־ריק אַרויס און גענאָגט און גענאָגט. ווער ווייסט, ווי אַזוי עס וועט אויסזען די לעצטע קאָנטראָל אויף דער גרענעץ? צי וועלן די דאָ־קומענטן זיין אין אָרדענונג? און מען דאַרף נאָך קאָנטראָלירן דעם באַגאַזש. וואָס מער מען האָט זיך דערנענטערט, אַלץ ערנסטער און שטילער איז מען געוואָרן. דער געדאַנק, אַז מען קען אָט דאָ, ביים סאַמע סוף פון דער „סאָוויעטישער באַפרייאונגס־עפּאָפּעע", נאָנט צום ציל, צו דער טיר פון דער אָפענער וועלט, דער געדאַנק, אַז מען קען נאָך דאָ פאַרהאַלטן ווערן, האָט געמאַכט גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. אין אַזעלכע מאָמענטן ווערן מענטשן אפילו אָבערגלויביק. מען האָט אָנגעהויבן פון זיך אויסליידיקן יעטווידער איבעריקע זאַך, ווער שמועסט פּאַפּירלעך, פאַרשריבענע צי אומפאַרשריבענע האָט מען גאָר צעריסן אויף פּיצפּיצלעך. אַנדערע האָבן געזוכט פּטור צו ווערן פון צירונג אפילו. און איין גאָט ווייסט וויפל אַמעריקאַנער דאָלאַרן עס זענען פאַרניכטעט געוואָרן.

דעם 24־טן פעברואַר פאַרמיטאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין וולאַ־דיוואָסטאָק. לויטן פּלאַן וואָס מיר האָבן געהאַט, האָט די שיף געזאָלט אָפּגיין 10 אָוונט. איז אונדז דאָ געבליבן אַ היפּש ביסל צייט, האָבן מיר זיך געגרייט עפּעס צו זען און איינעם פון די גרעסטע רוסישע

פּאַרטן. אָבער אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. מיר האָבן זיך שוין אָנגעהויבן גרייטן צום אַראָפּגיין, פאַרנומען די האַנטגעפּעק, ערשט, אַז עס קומט אָן אַ פאָרשטייער פון „אינטוריסט״ און מעלדעט אונדז, אַז מיר וועלן בלייבן אין די וואַגאָנען ביזן אָוונט און פון דאַנען וועט מען אונדז איבערפירן אין דער צאָלקאַמער צו קאָנטראָלירן דעם באַגאַזש. לכתחילה איז די דאָזיקע בשורה געווען ווי מיט אַ האַמער אין־בערן קאָפּ. מען האָט אָנגעהויבן אויסטייטשן און קאָמענטירן און אייגער האָט שוין אפילו אַ זאָג געטאָן: נו, פאַרפאַלן, מען מוז אויף אַלעם גרייט זיין. דער פאָרשטייער פון „אינטוריסט״ האָט, אפנים, באַמערקט די קאָנסטערנאַציע, וואָס האָט זיך געשאַפן און ער האָט זיך עס אויסגעטייטשט אויף זיין שטייגער. אַז אונדז פאַרדריסט, וואָס מען האַלט אונדז אַרעסטירט אין די וואַגאָנען, האָט ער געפּרוווט אויפקלערן און פאַרענטפערן, אַז צוליב דעם, וואָס מיטן דאָזיקן טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען אַ גרויסער עולם, וויל מען אָנהייבן קאָנטראָלירן דעם באַגאַזש פריער, און עס איז דעריבער נישט געווונטשן, אַז מען זאָל זיך פונאַנדערגיין. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַזאַ דערקלערונג האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט.

ענדלעך, 6 אָוונט, האָט מען אונדז אָנגעהויבן פירן אין דער קאָנטראָל־קאַמער. די לעצטע באַריערע איבערצוקומען. הגם יעדער איינער פון אונדז האָט מיטגענומען דאָס נייטיקסטע, איבערגעלאָזט יעטווידער זאַך, וואָס קען אַרויסרופן דעם מינדסטן חשד, איז די אויפרעגונג און אומרויקייט געווען אומגעהייער, בפרט ביי די פאַמיליע־מענטשן, וואָס האָבן געהאַט מיט זיך אַ גרעסערן באַגאַזש. אויך דאָ איז מען געווען אָפּהענגיק פון גליקלעכן צופאַל. אייניקע אָפּיצירן האָבן עס געמאַכט לייכט, אַנדערע אָבער האָבן אפילו צוגענומען קידושין־רינגעלעך, בודק געווען יעדעס פּיצל פּאַפּיר. אַ זייגער 9 איז מען פאַרטיק געוואָרן. הייסט עס, אַז מען פאַרט שוין טאַקע. אויב אַזוי קענען מיר דאָך שוין אויספירן אונדזער באַשלוס. וואָסערן באַשלוס? נאָך פאַרנדיק אויף דער באַן האָבן מיר געהאַט באַשלאָסן,

אַז אױב אַלץ װעט אַדורך בשלום און דער נס יציאת סאָװיעטן־רוס־לאַנד װעט אין גאַנצן מקוים װערן, װעלן מיר די געלט, װאָס װעט אונדז בלײַבן און די װינטער־זאַכן, װאָס מיר האָבן געהאַט צוגע־גרײט פאַר סיביר, איבערשיקן צו חברים און פרײַנד, װאָס זענען אין די יאָרן 1939־1940 פאַרשיקט געװאָרן אין סיביר. מיר האָבן זיך, אַלזאָ, געװענדעט צום פאָרשטײער פון „אינטוריסט" און נאָך אַ קורצער װאַקלעניש האָט ער מסכים געװען דעם ענין צו באַזאָרגן. צי האָט ער עס באַזאָרגט? עד היום װײסן מיר נישט. פון די חברים און פרײַנד איז קײן באַשטעטיקונג נישט אָנגעקומען. אין זײערע שפּעטערע בריװ האָבן זײ קײן װאָרט װעגן דעם נישט דערמאָנט.

און אָט זענען מיר שױן בײַ דער שיף. דאָס קלײנע דרײַ טױזנט טאָניקע שיפל װיגט זיך אומרואיק, אױפן פּאָן פון די גרױע ים־כװאַ־ליעס זעט עס טאַקע אױס װי אַ מילטערל, אַ קלײן שיפל צו מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער װײַסל. אָבער אין אונדזערע אױגן זעט עס אױס שטאַרק און אַלמעכטיק, װאָרום אָט װעט עס אונדז באַלד אַװעק־פירן צום „געבענטשטן לאַנד". יאָ, פאַר יעדן פּליט איז יאַפּאַן דאַמאָלסט געװען דאָס געבענטשטע לאַנד, דאָס אײנציקע לאַנד, װאָס האָט אַרײַנגעלאָזט צו זיך אומגליקלעכע, פאַרפאָלגטע פּליטים.

אָבער... מען דאַרף נאָך דורכגײן אײן בראַנד, שױן די סאַמע לעצטע. אױפן עק פון לײטערל, דורך װעלכן מיר גײען פון ברעג אויף דער שיף, שטײט נאָך די נ. ק. װ. ד., די לעצטע קאָנטראָל פון די דאָקומענטן װערט דורכגעפירט. צום װיפלטן מאָל?! אַ טױטע שטיל־קײט הערשט. דאַכט זיך, מען הערט דאָס קלאַפּן פון די הערצער, פון יעדן האַרץ באַזונדער. די מינוט, װאָס מען קאָנטראָלירט, זעט

אויס אַן אייביקייט. ענדלעך!... אַדורך. פון גרויס גליק שטעלט זיך אָפּ דאָס האַרץ. נאָך מיר גייט פרוי ג״ן, אויך אַדורך בשלום. זי פאַלט אַריין אין שיף און ברעכט אויס אין אַ געוויין. די געשפּאַנטע נערוון האָבן נישט אויסגעהאַלטן.

אויפן שיף האָבן מיר נאָך געטראָפן די פּליטים־גרופּעס פון פריערדיקע טראַנספּאָרטן. דאָס שיפל, זעט אויס, האָט צוגעוואָרט אויף אַ פולן קאָמפּלעט, עס זאָל זיך לוינען דער עסק. עס האָבן זיך אָנגעהויבן האַרציקע באַגריסונגען, פריידגעשרייען, האַלדזעונישן און קושעונישן. צי האָבן די יידן פון מצרים, לויפנדיק אין געשפּאָלטענעם ים, איבערגעלעבט אַ גרעסערע פרייד? זיכער נישט...

# אַ קורצע רייזע אויפֿן ים

די שיף איז אָפּגעגאַנגען נישט 10, נאָר 12 ביינאַכט. עולם האָט זיך אָנגעהויבן זוכן אַ פּלאַץ, אַ שטיקל פּלאַץ דעם קאָפּ און די מידע גלידער אָוועקצולייגן. מען האָט געדאַרפֿט ממש זוכן, ווייל די פּרי־ערדיקע, גליקלעכערע פּאַסאַזשירן (יעדער פֿריערדיקער טראַנספּאָרט, וואָס איז אָפּגעפֿאָרן פֿון קאָונצע־ווילנע האָט מען געהאַלטן פֿאַר גליק־לעך, ווייל אַ טאָג שפּעטער האָט שוין געקענט זיין אַן אומגליק...) פֿון די ערשטע טראַנספּאָרטן האָבן געהאַט פֿאַרנומען די בעסטע פּלעצער. אָבער אַלץ איז געווען ליב און ניחה, אבי מען פֿאָרט שוין אויפֿן ים, אויפֿן יאַפּאַנישן ים. אויפֿן האַרצן איז געווען אַזוי לייכט, אויפֿן געמיט אַזוי פֿריי. דער ערשטער אָוונט, די ערשטע נאַכט נאָך אַזוי פֿיל נעכט, אָן שרעק, אָן דער מינדסטער שרעק. יעדער איינער האָט געהאַט און געוואָלט דערציילן זיינע נסים, זיינע איבערלעבונגען פֿון דער לעצטער צייט. און דער אמת איז, אַז יעדער איינער האָט געהאַט וואָס צו דערציילן. ווייל, ווי מיר איז שוין אויסגעקומען צו דער־מאָנען, איז וועגן די וויזעס, וועגן די טראַנזיט־וויזעס און נאָך אַנ־דערע צענדליקער פּאַפּירלעך, וואָס מען האָט געדאַרפֿט צושטעלן, וועגן די רייזע־הוצאות, וואָס מען האָט געמוזט איינצאָלן אין אינטור־ריסט אין אַמעריקאַנער דאָלאַרן (צווישן 110־130 דאָל.), וואָלט כדאי געווען אָנצושרייבן אַ באַזונדער בוך, וואָס וואָלט געוויזן צו וואָסערער מדרגה פֿון היפּאָקריזיע, איזדיעקעווען זיך איבערן מענטשן, דעס־פּאָטישקייט און טיראַניי עס קען דערגיין טאָטאַלער ביוראָקראַטיזם פֿון איין זייט און פֿון דער צווייטער זייט — צו וואָס פֿאַר אַ המצאות,

דערפינדערישקייט און שאַרפער אינטעליגענץ עס זענען דערגאַנגען די טויזנטער קרבנות, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער לאַגע פון רעכטלאָזע, שוצלאָזע, שפּיאָנירטע און פאַרפאָלגטע.

אָבער אין יענער נאַכט פון „יציאת־מצרים" האָט מען זיך, ליידער, נישט געקענט אַלץ דערציילן. ווייל אַזוי ווי אונדזער שיף — דאָס מילטערל, האָט אָפּגעאַנקערט פון ברעג און אַ לאָז געטאָן זיך אין ים אַריין, אַזוי האָט עולם, כמעט דער גאַנצער עולם, געמוזט פאַרגעסן אין אַלע געוועזענע ליידן און איצטיקע פריידן, צו דער תּמיד אומרואיקער יאַפּאַנישער ים איז שולדיק געווען, צי דאָס קליי־נע שיפל, וואָס דער „אינטוריסט" האָט אונדז באַזאָרגט, אַנשטאָפּנ־דיק פינף מאָל אַזוי פיל פּאַסאַזשירן, ווי עס האָט געקענט אַריין, אַ פאַקט איז, אַז די ים־קראַנקהייט האָט אַלע אָוועקגעלייגט. זאָגט צו מיר אַן עלטערער ייד, אַ משגיח פון אַ ליטווישער ישיבה: „אַז אַ ייד טאָר זיך נישט צופיל פרייען..." „מילא, די קרענק וועט לאַנג נישט דויערן, אַבי קיין וויזעס און קיין דאָלאַרן דאַרף מען נישט פאַר איר" — רופט זיך אָן איינער פון די ישיבה־בחורים.

און מען איז זי טאַקע איבערגעקומען, ווער פריער, ווער שפּע־טער. צומאָרגנס נאָכמיטאָג האָט מען אָנגעהויבן קומען צו זיך, מען פלעגט אָפּזיצן גאַנצענע שעהן אויפן דעק און קוקן אַלץ אין דער ריכטונג פון יאַפּאַן. אַלע האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן מאָרגנ־דיקן טאָג, ווען צו אָוונט צו האָט מען געזאָלט אָנקומען צום יאַפּאַנישן פּאָרט צירוגאַ. די מאַטראָסן האָבן געזאָגט, אַז אָנקומען וועט מען שפּעט אין אָוונט, אָבער פאַרנאַכט־צו וועט מען שוין זען די פינקלענ־דיקע פייערלעך פון די ים־באַלייכטער, סיגנאַליזאַטאָרן און שיפן.

האָט מען געוואָרט אויף די פּייערלעך. אין צווישנצייט האָט מען זיך דערציילט וועגן יאַפּאַן, און וואָס איינער האָט נאָר געוווּסט איז געווען אַ גוטע סחורה. איינס נאָר האָבן אַלע געוווּסט, אַז דער יידישער פּליטים־קאָמיטעט אין קאָבע, ווו עס וווינען דער רוב מנין פון די יידן אין יאַפּאַן, אַז דער דאָזיקער קאָמיטעט פירט אַ גוטע און אָרגאַניזירטע אַרבעט און פועלט אויס פאַרשידענע אימיגראַציע־פאַרלייכטערונגען פאַר די פּליטים. מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז נישט ביי אַלע פּליטים זענען די אָקומענטן געווען אין אָרדענונג, דער עיקר — וואָס איז נוגע די וויטערדיקע טראַנזיט־ אָדער ענדוויזעס.

# אָנגעקומען אין א מקום-מנוחה

דעם 26־טן פעברואַר 1941 זענען מיר אָנגעקומען אין יאַפּאַ־נישן האַפן צירוגאַ.

גרויס איז געווען אונדזער פרייד, ווען צוזאַמען מיט דער יאַפּאַ־נישער ים־פּאָליציי זענען אַרויפגעקומען צוויי פאָרשטייער פון יידי־שן פּליטים־קאָמיטעט אין קאָבע. צי ליגט דאָס אין דער פּסיכאָלאָ־גיע פון פּליט, צי איז דאָס געווען אַ פּועל־יוצא פון די קאָשמאַ־רע איבערלעבונגען אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט אין ווילנע, אַ פאַקט איז, אַז די שרעק פאַרן אומבאַוווסטן עפּעס... די מורא, אַז אָט קען עפּעס געשען אַן אומגליק, האָט אונדז כסדר פאַרפאָלגט. האָט זיך די שיף אָפּגעשטעלט און פאַראַנקערט ביים פּאָרט, אַ מאָמענט אויף וועלכן מיר האָבן כסדר געוואַרט, צענדליקער שעהן געשטאַנען אויפן דעק און געקוקט אַלץ אין דער ריכטונג פון געבענטשטן ברעג, איז אָבער צוזאַמען מיט דער פרייד, באַפאַלן אַ שרעק פאַר דער יאַפּאַני־שער ים־פּאָליציי. דאָס באַווייזן זיך, דעריבער, פון די צוויי יידישע פאָרשטייער האָט באַרואיקט און צוגעגעבן מוט. אפילו די, ביי וועמען די פּאַפּירן זענען נישט געווען כשורה, האָבן זיך דערפילט זיכערער.

און מיר האָבן טאַקע קיין טעות נישט געהאַט. די באַציונג פון דער יאַפּאַנישער פּאָליציי, דער אופן פון זייער קאָנטראָלירן (אין דער הינזיכט פון קאָנטראָלירן פּאַפּירן האָבן מיר שוין געהאַט „אַ גוטע" דערפאַרונג פון דער סאָוויעטישער „ג. פּ. או.") זייער פריינדלעך, פאַרשטענדיקן זיך מיט די יידישע פאָרשטייער האָט אונדז אַלע אי־

בערצײגט, אַז קײן אומגליקן װעלן שוין דאָ נישט געשען, אַפּילו קײן אומאָנגענעמע סיורפּריזן אויך נישט. אַלע פּליטים, אַפּילו די, װאָס האָבן געהאַט געפעלשטע יאַפּאַנישע װיזעס, אָדער װאָס האָבן נישט געהאַט קײן ענדװיזעס, אַלע זענען אַראָפּגעלאָזט געװאָרן פון שיף. די דערלױבעניש צו פאַרברענגען אין יאַפּאַן איז געװען אַ באַגרענעצטע, נאָר אויף צװײ װאָכן, ביז װאַנען מען װעט אַדורכפירן די נײטיקע פאָרמאַליטעטן אין די קאָנסולאַטן אויף צו פאָרן װײטער, אָבער די דאָזיקע דערלױבענישן זענען, װי מיר װעלן זען װײטער, כסדר פאַרלענגערט געװאָרן. איבריקנס, האָט די יאַפּאַנישע מאַכט גאַנץ גוט געװוסט, אַז פיל פון אונדז האָבן נישט װוהין צו פאָרן אָדער װילן נישט פאָרן אין די ערטער, אויף װעלכע עס איז געװען אָנגעװיזן אין די ענדװיזעס.

אין דער באַגלײטונג פון די 2 קאָמיטעט־פאָרשטײער זענען מיר אָפּגעפאָרן קײן קאָבע. צוליב דעם, װאָס דער יידישער פּליטים־קאָמיטעט אין קאָבע איז פון פריער אינפאָרמירט געװאָרן װעגן יעדן פּליטים־טראַנספּאָרט, װאָס דאַרף אָנקומען, זענען געמאַכט געװאָרן באַצײטנס די געהעריקע הכנות. קודם־כל זענען צוגעגרײט געװאָרן דירות פאַר די אָנקומענדיקע, אַז זײ זאָלן האָבן װו דעם קאָפּ אָװעקצולײגן. דאָס זענען געװען גרױסע קאָלעקטיװע הײמען, װאָס זענען צוגעטײלט געװאָרן פאַר יעדער פּליטים־גרופּע. (ס׳רוב פּליטים האָבן זיך אָרגאַניזירט לױט דער פּאַרטײיִשער אָנגעהעריקײט און דאָס האָט אָנגעהאַלטן כמעט די גאַנצע צײט פון דער װאַנדערונג.) פאַמיליעס האָבן מערסטנטײל באַקומען באַזונדערע װױנונגען. פאַרשטײט זיך, נישט אַלע זענען געװען צופרידן מיט די צוגעטײלטע הײמען, אַ טײל הײמען זענען געװען צו קלײן און ענגלעך, אַנדערע זענען געװען צו װײט פון ראַיאָן, װו עס האָט זיך געפונען דער פּליטים־קאָמיטעט, װאָס איז געװען דער פאַקטישער זאַמל־פונקט פון אַלע פּליטים. דער פּליטים־קאָמיטעט האָט אַלץ געטאָן, כדי צו פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פון די פּליטים, ער האָט אין ס׳רוב פאַלן

אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש, באַציִגן זיך מיט ברידערלעכער וואַ־רעמקייט און אפילו געדולדיק איבערגעטראָגן די קאַפּריזן פון די אָדער יענע גרופּעס און יחידים.

ווי מיר איז שוין אויסגעקומען צו דערמאָנען איז קאָבע געווען דער טרוים פון יעדן פּליט אין ווילנע. קאָבע — דאָס איז געווען פרייהייט, באַפרייאונג פון טערּאָר, פון וויסטער דערנידערנדיקער שרעק, אַ טיר צו דער אָפענער וועלט, ווו מען וועט קענען דורכלעבן די מלחמה. מיר האָבן אויך געהאַט ידיעות, אמת נישט קיין אויספּיר־לעכע, וועגן דער טעטיקייט פון דאָרטיקן פּליטים־קאָמיטעט, אַז ער פירט א גוטאָרגאַניזירטע הילפסאַרבעט, אַז ער זאָרגט דערפאַר, אַז די פּליטים, וואָס קומען אָן פון פאַרשידענע מקומות, איבערהויפּט פון די סאָוויעטישע געביטן, זאָלן דאָ געפונען א מקום־מנוחה.

די ידיעות האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק. שוין דעם ערש־טן טאָג פון אונדזער זיין אין קאָבע, האָבן מיר דערפילט, אַז מיר זענען נישט פאַרלאָזן, אַז עס זענען דאָ מענטשן, וואָס זאָרגן וועגן אונדז, אַז מיר זענען נישט ווי צופעליק אַריינגעפאַלענע. א חוץ דעם וואָס עס זענען צוגעגרייט געוואָרן דירות, האָט יעדער פּליט באַקו־מען טעגלעך אַ האַלבן קילאָ ברויט, און 4 יען. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט געווען גענוג אויף זיך אויסצולעבן. אַזוי אָבער האָט אויסגעמאַכט די שטיצע פון „דשאָינט", וואָס דער קאָבער פּליטים־קאָמיטעט האָט באַ־קומען פאַר די פּליטים. דער קאָמיטעט האָט אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז די פּליטים, וואָס האָבן עמיגראַציע־מעגלעכקייטן, זאָלן קענען וואָס שנעלער אָפּפאָרן און האָט זיי געהאָלפן דורכפירן אַלע נייטיקע פאַר־מאַליטעטן און אין אַ סך פאַלן באַזאָרגט מיט רייזע־הוצאות. מען האָט אויך אויף פאַרשידענע אופנים באַמיט זיך וועגן עמיגראַציע־מעגלעכקייטן פאַר אַזעלכע פּליטים, וואָס האָבן קיין וויזעס נישט גע־האַט. ווי געזאָגט, איז די דערלויבעניש פון דער פּאָליציי צו פאַר־בלייבן אין יאַפּאַן געווען אויסגעשטעלט אויף צוויי וואָכן. פאַרשטייט זיך, אַז קיין שום פּליט האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו דער־

לײדיקן זײַנע ענינים במשך פון צװײ װאָכן. האָט דער קאָמיטעט גע־האַלטן אין אײן פאַרלענגערן דעם אָפּפאָר־טערמין. מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז אַ גרױסער טײל פּליטים האָבן געהאַט װײניק אױסזיכטן צו קענען עמיגרירן װײטער און זײער טערמין פון צװײ װאָכן איז אױסגעקומען צו פאַרלענגערן כּסדר און כּסדר.

נאַטירלעך, אַז אױך דאָ האָט מען נישט געקענט אױסמײַדן רײַ־בײַנגען פון צײַט צו צײַט. דער קאָמיטעט, בײַ זײַן גאַנצן גוטן װילן און פאַרשטענדעניש פאַר די נױטן און אפילו קאַפּריזן פון די פּלי־טים, איז געװען געבױט ביוראָקראַטיש. נישט שטענדיק האָט מען געהאַלטן פאַר נײטיק צו פאַרשטענדיקן זיך מיט די פּליטים װעגן די אָדער יענע ענינים פון דער הילפסאַרבעט, מען האָט אָפּטמאָל אױס־געמיטן צו באַראָטן זיך מיט די פאָרשטײער פון די פאַרשידענע פּלי־טים־גרופּן. דאָס אַלץ איז אָבער נישט געװען קײן רעזולטאַט פון שלעכטן װילן אָדער גרינגשעצונג צו די פּליטים. די דאָרטיקע װײ־ניקע יידן, װאָס האָבן אַלײן, װי מיר װעלן זען װײטער, נישט געהאַט און נישט געפירט קײן געזעלשאַפטלעך לעבן, האָבן פּשוט קײן אַנונג נישט געהאַט װעגן געזעלשאַפטלעכע פאָרמען פון הילפס־אַרבעט. אַחוץ דעם האָבן זײ זיך שטאַרק גערעכנט מיט די אינסטרוק־ציעס פון „דזשאָינט", װאָס װיל נאָך ביז הײַנט צו טאָג, יעדנפאַלס אין אַ סך ערטער, זיך נישט רעכענען מיט דער געזעלשאַפטלעכער מײנונג פון די נעמער, פאַר אים עקזיסטירט נאָר די געזעלשאַפטלע־כע מײנונג פון די געבער און דאָס פון אַזעלכע געבער, װאָס אַנערקע־נען נאָר די פילאַנטראָפּישע פאָרמען פון הילפסאַרבעט. צום גליק האָט דער קאָבער קאָמיטעט געפירט די הילפסאַרבעט זעלבסטשטענדיק, אָן אַ „דזשאָינט"־פאָרשטײער, האָט ער זיך ממילא אַלץ מער גענײגט און צוגעפּאַסט צו דער פּליטים־געזעלשאַפט. און װאָס װײטער אַלץ זעלטענער זענען פאָרגעקומען רײַבונגען.

עס איז כּדאַי צו פאַרצײכענען, אַז די בונדיישע גרופּע, װי אױך די שרײַבער־גרופּע װאָס זענען צוליב די אױבנדערמאָנטע טעמים אַ

י. ראָטנבערג

געוויסע צייט געשטאַנען וויַיט פון דער הילפס־אַרבעט פון קאָמיטעט, האָבן מיט דער צייט אָנגעבונדן אַ נעענטערן קאָנטאַקט און מיטגע־ווירקט אַז עס זאָל זיך ענדערן די באַציונג פון קאָמיטעט צו די גע־זעלשאַפטלעכע גרופּירונגען. גרויס פאַרשטענדעניש האָט אין דער הינזיכט אַרויסגעוויזן דער שפּעטערדיקער פאָרזיצער פון קאָמיטעט ה׳ מאָיסעיעוו.

בכלל גענומען האָט די קליינע צאָל יאַפּאַנישע יידן אַרויסגעוויזן אַן א שיר וואַרעמקייט, ברידערלעכקייט און געזעלשאַפטלעכע אחריות. פאַר די טויזנטער יידן־פּליטים, וואָס זענען געיאָגטע און געפּלאָגטע אָנגעקומען קיין יאַפּאַן, איז די גרויסע מאָראַלישע און מאַטעריעלע הילף פון דער גאָר קליינער צאָל יאַפּאַנישע יידן געווען אַ גרויסע דערמונטערונג און נחת־רוח.

# דאָס אויסלעבן זיך פון די פּליטים אין יאַפּאַן

פּונקט ווי אין ווילנע, אַזוי אויך אין יאַפּאַן, האָבן זיך די פּלי־טים איינגעאָרדנט לויט די גרופּירונגען. יעדע געזעלשאַפטלעכע גרו־פּע האָט זיך באַמיט, אַז אירע מיטגלידער זאָלן זיין קאָנצענטרירט אויף איין אָרט. כמעט יעדע גרופּע האָט זיך געהאַט איר אינטערנאַט, געפירט אַן אייגענעווירטשאַפט און באַמיט זיך דורכצולעבן אויף קאָלעקטיווע יסודות. צוליב דעם וואָס די קאָמיטעט־שטיצע, איז ווי געזאָגט, נישט געווען גענוג אויף צו קענען אויסלעבן זיך, האָבן כמעט אַלע גרופּירונגען זיך פאַרבונדן מיט פאַרשידענע הילפסאָרגאַ־ניזאַציעס אין אַמעריקע, ווי אַרבעטער־קאָמיטעט, ועד ההצלה א״אַ, די בונדישע גרופּע, אָדער, ווי זי פלעגט זיך צוליב פאַרזיכטס־טעמים רופן — גרופּע פון געזעלשאַפטלעכע טוער, האָט באַקומען אַ חודש־לעכע צוגאָב־שטיצע פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק. ס׳רוב פון די פּליטים אָבער פלעגן אויך אויסנוצן אַ טייל פון דער באַקומענער שטיצע, כדי צו קענען שיקן קליינע פּעקלעך שפּייז־פּראָ־דוקטן קיין פּוילן. עס איז נאָר געווען דערלויבט אַרויסצושיקן אַ גאָר קליינעם קוואַנטום אין דער פאָרעם פון אַ סחורה־מוסטער. יעדער איינער האָט געוואָלט אַרויסשיקן וואָס אָפטער און וואָס מער אַזעל־כע פּעקלעך, כדי אַזוי אַרום כאָטש טיילווייז, אין אַ קליינער מאָס צו העלפן די אייגענע, וואָס זענען פאַרבליבן אין היטלער־גיהנום. יעדעס מאָל, ווען מען האָט אָוועקגעשיקט אַזאַ פּעקעלע, איז געווען אַן אי־

בערלעבונג און גרויס איז געווען די פרייד, ווען מען האָט אָנגעהויבן באַקומען בריוו פון פוילן, אַז די פעקלעך זענען אָנגעקומען.

די חברים ח. ש. קאַזדאַן און ש. גילינסקי, וואָס האָבן אויף זייער רייזע קיין אַמעריקע אויך געמוזט זיך אָפּשטעלן אויף אַ שטיקל צייט אין קאָבע, האָבן דערביי געטאָן אַ זייער גוטע זאַך. זיי האָבן זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן אַרבעטער־קאָמיטעט און אויסגעפועלט אַ ספּעציעלע סומע געלט אויף צו שיקן פעקלעך קיין וואַרשע פאַר דער סאַנאַטאָריע, פאַר די לערער פון די „ציש"א"־שולן און פאַר פאַרשידענע חברים און פריינד, וואָס זייערע אַדרעסן זענען געווען אונטער דער האַנט. דער שרייבער פון די שורות איז פונקט צו יענער צייט אָנגעקומען קיין קאָבע און מיר האָבן צוזאַמען אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דעם איינקויף פון פּראָדוקטן און דעם טראַנספּאָרט. אָפּשיקן די פעקלעך האָט מען געקענט נאָר פון אָסאַקאַ, אַ 25 מינוט רייזע מיט דער באַן פון קאָבע און נאָר פון איין באַשטימטער פּאָסט. אין מיין דירה טאַקע איז פאָרגעקומען דאָס פונאַנדערוועגן די פּראָדוקטן, דאָס פאַרפּאַקן. מען האָט געמוזט אויפנייען זעקעלעך פון אַ דינעם יאַפּאַנישן זיידנשטאָף, וואָס זאָל נישט וועגן קיין סך און זיין גענוג שטאַרק אויסצוהאַלטן די „רייזע" פון יאַפּאַן ביז פוילן. איז מען טאַקע גאַנצע טעג געווען פאַרנומען מיט נייען, איינפּאַקן און טראַנספּאָרטירן. מיר האָבן אָבער די אַרבעט געטאָן מיט גרויס פרייד, וויסנדיק, אַז דערמיט פאַרלייכטערן מיר דעם שווערן גורל פון אונדזערע חברים און פריינד. מיר האָבן טאַקע אָנגעהויבן באַקומען זייער פיל דאַנקבריוו. לײדער זענען די פעקלעך נישט צו אַלע דערגאַנגען, ווייל מיר האָבן בלית־ברירה געמוזט זיך באַנוצן מיט אַלטע אַדרעסן פון ווילנע. און ווי באַקאַנט האָבן זייער פיל מענטשן כסדר געביטן די דירות.

די איבערגעשיקטע פעקלעך זענען געווען נישט נאָר אַ שטיקל מאַטעריעלע הילף, נאָר נאָך מער אַ מאָראַלישע הילף און דערמונטערונג. די פאַרמשפּטע צו פאַרבלייבן אין היטלער־גיהנום האָבן שוין

דאַן פאַרגעפילט, אַז עס וועלן נאָך אָנקומען ערגערע און ערגערע צייטן. און יעדער פּעקעלע פון דרויסן, פון אַ נאָענטן האָט געבראַכט מיט זיך וואַרעמקייט, ליבשאַפט און זאָרג. אין אַ בריוו קיין יאַפּאַן פון 31 מערץ 1941 שרייבט מיין שוועסטער רחל פון וואַרשע (זי האָט דאַן געאַרבעט אַלס לערערין אין איינער פון די „צישאָ"־שולן): „ווען איך קער זיך אום אַ היים פון אַ גאַנצן טאָג אַרבעט אין שרעק און אין אנגסטן, איז מיין ערשטע פראַגע: „צי איז דאָ אַ בריוו" אָט די איינ־ציקע טרייסט און נחת איז אונדז פאַרבליבן..." אין אַ בריוו פון 29־טן מאַי שרייבט זי: „וועגן וואָס זאָל איך שרייבן?, עס שטיקן מיר שוין די טרערן. אונדזער לעבן איז אַזוי שווער און האָפענונגסלאָז. קיין שום אָפּטימיזם און האַרציקע באַרואיקונג קענען נישט טרייסטן. נישט קיין צייט היינט פאַר שטימונגען, זיי געהערן שוין צום פאַרמלחמה־דיקן רעקוויזיט. אונדזער היינטיקע ווירקלעכקייט איז אַ האַרטע, אומ־ברחמנותדיקע און אכזריותדיקע. ווי אַזוי מיר לעבן? ווי מען קען, קיין סך כוחות און ענערגיע איז שוין נישט פאַרבליבן. אויב די מל־חמה וועט זיך נישט גיך ענדיקן, וועלן מיר זיך ענדיקן... די פּעקלעך פאַר דער פאַמיליע (דאָס מיינט די לערער) קומען אָן. פאַרוואָס באַ־קומט נישט ד. האָכבערג? איר אדרעס איז — נאָוואָליפּקי 35 — 43".

אין יוני 1941, ווען דער ראַטן־פאַרבאַנד איז אַריין אין קריג מיט היטלערן האָט מען שוין מער קיין פּעקלעך נישט געקענט שיקן. איב־ריקנס, האָט די יאַפּאַנישע מאַכט שוין פריער אָנגעהויבן מאַכן געוויסע שוועריקייטן. אויך די לאַגע פון די פּליטים אין יאַפּאַן איז געוואָרן שווערער. די יאַפּאַנישע פּאָליציי האָט אַלץ שטאַרקער אָנגעהויבן דרוקן אויפן יידישן פּליטים־קאָמיטעט, אַז מען זאָל איבערשיקן די יידישע פּליטים קיין שאַנכיי.

## ווידער אַ געיעג נאָך וויזעס

אומגעאַרמאַלע לעבנס באַדינגונגען פאַרשאַרפן די אינסטינקטן. סוף 1940, אין ווילנע, האָבן מיר, די פּליטים, די ערשטע פאַרגעפילט, אַז אַ נייע קאַטאַסטראָפע רוקט זיך אָן, אַז אָט, אָט וועט אויסברעכן די מלחמה צווישן ראַטנפאַרבאַנד און דייטשלאַנד. נאָכן אויסברוך פון קריג אין יוני 1941, האָבן מיר דערפילט, אַז ס׳איז שוין די העכסטע צייט ווייטער צו לויפן, אַז דאָס מלחמה־פייער רוקט זיך שוין ווידער אָן. הגם קיין אויסערלעכע סימנים זענען נישט געווען, האָט עס זיך דאָך אַרויסגעפילט אין דער אַטמאָספער אַרום. די יאַפּאַנישע פּרעסע האָט גערופן צו ערנסטקייט און וואַכזאַמקייט, מען האָט ווידער אָנגעהויבן צו באַהאַנדלען די יאַפּאַניש־אַמעריקאַנישע באַציונגען. אין די יאַפּאַניש־ענגלישע צייטונגען האָבן זיך אַפילו באַוויזן אַרטיקלען מיט אַזעלכע כאַראַקטעריסטישע קעפּלעך: „צו וואָס וועט דערפירן די אַמעריקאַנישע אויסערן־פּאָליטיק?״ צי איז אַ קריג צווישן יאַפּאַן און אַמעריקע אומפאַרמיידלעך?״. הגם די אַרטיקלען זענען געווען געשריבן אין אַן איינגעהאַלטענעם טאָן, האָט זיך דאָך אַרויסגעפילט, אַז מען וויל שאַפן מלחמה־שטימונג ביי דער באַפעלקערונג און צוגרייטן זי...

האָבן די פּליטים ווידער אָנגעהויבן אַלאַרמירן אַמעריקע, אַרגענטינע, קאַנאַדע, מען האָט געשיקט דעפּעשן צו אָרגאַניזאַציעס, צו קרובים, צו פריינד. זעלטן אָבער איז געקומען אַ פּאָזיטיווער ענטפער, צי האָט מען נישט געוואָלט העלפן? אין אַלע ענטפערס, וואָס זע־

נען אָנגעקומען האָט זיך געפילט אַ הילפסלאָזיקייט, אַ מין אָפּהענטי־קייט, „אימיגראַציע־שווערקייטן, אימיגראַציע־באַגרענעצונגען, מען דאַרף פועלן ביי דעם אָדער יענעם מיניסטער, מען וואַרט אויף אַ באַשלוס פון פּאַרלאַמענט, פון דער עמיגראַציע־קאָמיסיע אאַז״וו״. ווי לעכערלעך האָט דאָס אויסגעזען דער אַזוי באַרימטער „לעגענדאַ־רישער״ יידישער איינפלוס אין דער וועלט. טעלעכע טויזנט געיאָג־טע און געפּלאָגטע פּליטים, אַנטלאָפענע פון געמיינזאַמען ברוטאַלן שונא קענען נישט געפינען קיין מקום־מקלט אין די גרויסע, רחבות־דיקע אַמעריקאַנער לענדער. מען דאַרף זיך ערשט באַטראַכטן, די הויכע מלוכה־מענער דאַרפן ערשט איינזען, צי עס וועט, חלילה, נישט שאַטן זייער אייגן לאַנד. יאַפּאַן, די אָקס־מלוכה, האָט קיין סך נישט געטראַכט און נישט געקוקט אויף די וואָרענונגען פון דייטשלאַנד, האָט זי אָן די מינדסטע שווערקייטן אַריינגעלאָזט טויזנטער יידן; קאַ־נאַדע און אויסטראַליע, אפילו אמעריקע האָבן קוים אַ שפּאַרונקעלע געעפנט.

אַ באַזונדער טרויעריק קאַפּיטל זענען די האַנדלונגען פון אַ סך אַמעריקאַנער קאָנסולאַטן אין יענער טרויעריקער צייט. זייער באַציונג צו די פּליטים־עמיגראַנטן, זייער כאַראַקטעריסטישער קרעטיניזם, טעמפּע גלייכגילטיקייט, וואָס האָט זיך אָפטמאָל געגרענעצט מיט אכ־זריותדיקייט, טאָר נישט פאַרשוויגן ווערן. זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן דער טרויעריק־באַרימטער קאָנסול אין דער אַמעריקאַנער אמבאַסאַ־דע אין טאָקיאָ האַרי טאַמסאָן, וואָס האָט בפירוש נישט געוואָלט דער־לאָזן, אַז אַ יידישער פוס זאָל איבערטרעטן די אַמעריקאַנער ערד. וואָכן גאַנצע און חדשים פלעגט מען זיך וואַלגערן אין די קאָרידאָרן פון דער אמבאַסאַדע, ביז מען האָט זיך ענדלעך דערוואַרט, אַז דער „גרויסער האַר״ זאָל אַריינרופן, כדי מיט אַן אייזקאַלטער שטימע און מיט אַ טעמפּן אויסדרוק פון גלייכגילטיקייט אויפן פנים דיר מעלדן, „אַז עס וועט זיין עפּעס פּאָזיטיוועס, וועט ער אַליין אַרויסרופן״. ער זאָל עס אויך האָבן מיטגעהאָלפן צו דער טרויעריק באַרימטער גזירה

פון „סטייט־דעפּאַרטאַמענט" פון חודש סעפּטעמבער (?) 1941, אַז עמי־גראַנטן־פּליטים, וואָס האָבן איבערגעלאָזט קרובים אין די געביטן פון דער היטלערישער אָקופּאַציע, טאָרן נישט אַריינגעלאָזט ווערן קיין אַמעריקע און זייערע וויזעס ווערן אַנולירט. פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע גזירה האָט מיט איין קלאַפּ פאַרמאַכט די טירן פאַר אַלע פּליטים, ווייל ווער פון די פּליטים האָט נישט איבערגעלאָזט קיין קרוב. דער מאָטיוו פון דער גזירה איז געווען מלחמה־פאָרזיכטיקייט. צו נעמען ערנסט דעם דאָזיקן אומזיניקן מאָטיוו, אַז די קרובים אין די אָקופּירטע לענדער וועלן געצווונגען ווערן אַרויסצובאַקומען מלחמה־סודות פון זייערע קרובים אין די אַליאירטע לענדער, וואָלט געהייסן, אַז מען דאַרף נעמען אַלע פּליטים און אַריינוואַרפן אין ים אַריין.

איז געבליבן פאַר די פּליטים איין רעטונגס־ברעט, צו וועלכן אַלע האָבן זיך געכאַפּט, דאָס איז געווען די פּוילישע אַמבאַסאַדע אין טאָקיאָ. די פּוילישע אַמבאַסאַדע האָט געזאָלט קריגן אַ געוויסע צאָל אַריינפאָר־וויזעס קיין אויסטראַליע און קאַנאַדע און צעטיילן זיי לויט איר איינזען. נו, האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש און אַ יאָגעניש נאָך קאַנאַדישע וויזעס, זענען געפאָרן גרויסע דעלעגאַציעס און קליינע דעלעגאַציעס, מענטשן מיט פּראָטעקציע און יחוס־בריות, עס זענען אויך אַרויסגעשוווומען אויף דער אויבערפלאַך אַ ביסל משומדים און אַסימילאַנטן, וואָס ביים יידישן הילפס־קאָמיטעט האָבן זיי הכנעהדיק געשמייכלט מיט כשר־יידישע פּנימער, אָבער אין די קאָרידאָרן פון דער אַמבאַסאַדע האָבן זיי אָנגעהויבן דרייען פּוילישע וואָנסעס.

און דער פּוילישער אַמבאַסאַדאָר גראַף ראָמער האָט דאָ געפירט די פּוילישע מלוכה ביד רמה. אויפגענומען טאָג־טעגלעך דעלעגאַציעס, אויסגעהערט זייער העפלעך און געמאַכט צוזאָגן. דער אמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ער האָט אין אַ געוויסער מאָס אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס צום לעבן פון די פּוילישע פּליטים. ער האָט זיי אָבער פּאַקטיש מיט גאָרנישט נישט געקענט העלפן. מיט דער קליינער צאָל וויזעס, וואָס ער האָט געהאַט צו זיין דיספּאָזיציע, האָט ער נישט

געקענט באַפרידיקן אַלע, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתע וואקכאנאליע פון אינסינואַציעס, מסירות און אינטריגעס, אין וועלכער דער אמ־באַסאַדאָר אַליין איז אויך פון צייט צו צייט אַריינגעצויגן געוואָרן.

די איינציקע וואָס האָבן זיך באַמיט אויסצומיידן די דאָזיקע וואָקכאַנאַליע איז געווען די בונדישע גרופּע און די שרייבער־גרופּע, וואָס האָבן זיך באַמיט אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן צו אינטערוועניר: פאַר זייערע מיטגלידער. די פאַרשטייער פון די דערמאָנטע גרופּעס האָבן אונטערגעהאַנדלט מיטן אמבאסאדאָר, ער זאָל פון די אָנגעקו־מענע וויזעס (עס פלעגן אָנקומען פון צייט צו צייט אַ געוויסע צאָל) צוטיילן אַ באַשטימטע צאָל פאַר די גרופּעס און זיי וועלן שוין צע־טיילן לויט זייער איינזען. דערביי איז פאַרבאָטן געוואָרן יעטווידן גרו־פּע־מיטגליד צו מאַכן באַמיונגען אויף אייגענער האַנט. די האַנדלונג פון די גרופּעס און זייער געזעלשאַפטלעכע דיסציפּלינירטקייט האָט, נאַטירלעך, געמוזט אַרויסרופן אַ חשיבותדיקע באַציונג אויך מצד דער אמבאסאדע. אָבער צו קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן איז עס נישט דערגאַנגען, דער פּראָטעקציאָניזם, די געניגטקייט צום משומד, צום אַסימילאַנט האָט גובר געווען. די גרופּירונגען זענען אָפּגעקומען מיט שיינע צוזאָגן און הבטחות און געפאָרן זענען די מיוחסים.

## די געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען

ווי מיר איז שוין אויסגעקומען צו דערמאָנען, האָבן אויך דאָ, אין יאַפּאַן, די געזעלשאַפטלעכע גרופּעס אויסגעלעבט זיך, ווי אַזעלכע. אויך דאָ, פּונקט ווי אין ווילנע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס האַלטן זיך צוזאַמען, ווי אַ גרופּע, וואָס איז אידעיש צעמענטירט, איז נישט נאָר אַ פראַגע פון מאַטעריעלער באַקוועמלעכקייט, נאָר נאָך מער, אַ געזעלשאַפטלעך־מאָראַלישע און דערציערישע פראַגע. ווי אַ פאָרשטייער פון דער בונדישער גרופּע איז מיר זייער אָפט אויסגעקומען צו אינטערווענירן אין הילפס־קאָמיטעט און אָפּהאַלטן באַראַטונגען וועגן פאַרשידענע פּליטים־ענינים. כמעט אַלע פאָרשטייער פון קאָמיטעט האָבן ביי יעדער געלעגנהייט זיך אויסגעדריקט מיט רעספּעקט וועגן די געזעלשאַפטלעכע גרופּעס, אַנווייזנדיק דערביי, אַז עס איז זעלטן דער פאַל, אַז אַ מיטגליד פון אַזאַ גרופּע זאָל זיך ווענדן נאָך אינדיווידועלער הילף, זאָל וועלן אויסבעטלען אָדער אויסנוצן עפּעס פאַר זיך. דאַקעגן איז דאָס געווען אַ גאַנץ אָפטע דערשיינונג צווישן פּליטים־יחידים, וועגן וועלכע דער קאָמיטעט האָט געהאַט ידיעות, אַז זיי האָבן געגנוג אייגענע מיטלען צום לעבן.

נישט יעדער גרופּע־מיטגליד האָט ווי געהעריק און אין א פולער מאָס פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט אָט די פּאָזיטיווע ווירקונג פון גרופּע־קאָלעקטיוו און נישט זעלטן זענען פאָרגעקומען פיינלעכע מיספאַרשטענדענישן און אינצידענטן, אַ פאַקט איז אָבער, אַז די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון דער גרופּע און די קאָלעקטיווע מאָראַלי־

שע אַטמאָספער, האָט מיטגעווירקט איינצוהאַלטן יעדן מיטגליד אויף אַ געוויסן מאָראַלישן ניוואָ און בייצושטיין נישט איין שווערן נסיון.

נאַטירלעך האָט דאָ אין אַ גרויסער מאָס אויך געווירקט די פאַר־בינדונג מיט דער הברים־אָרגאַניזאַציע אין דער אויסערן־וועלט. עס איז באמת נישט מעגלעך אָפּצושאַצן די געוואַלטיקע באַדייטונג פון די הילפס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטרעקן אויס אין אַזעלכע קריטישע מאָמענ־טן אַ וואַרעמע מענטשלעכע האַנט. דער פּליט איז פּסיכיש זייער ענלעך צו אַ היימלאָז קינד. די אויסגעוואָרצלטקייט, שוצלאָזיקייט און עלנט־קייט זענען מסוגל אים צו דערפירן צום שרעקלעכסטן. דער אופן, ווי אַזוי די הילפס־אָרגאַניזאַציעס קומען דאָ מיט זייער הילף, האָט זייער פיל צו זאָגן און דאָמינירט אָפטמאָל, אַז די געהאָלפענע זאָלן נישט ווערן גייסטיק און מאָראַליש דעגענערירט. אויף דעם געביט האָט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט מיט זיין לייסטונג און זיינע אייגנאַרטיקע הילפס־מעטאָדן באמת געטאָן אַ גרויסע געזעלשאַפט־לעך־נאַציאָנאַלע אַרבעט.

מיר פלעגן ספּעציעל פאַרלייענען די בריוו פון אַרבעטער־קאָמי־טעט פאַר דער גאַנצער גרופּע. דאָס זענען געווען בריוו נישט קיין אָפיציעלע, נאָר בריוו פון אייגענע, נאָענטע, פון וועלכע עס האָט גע־אָטעמט מיט חברישקייט, פריינדשאַפט און אויפריכטיקן מיטגעפיל. זיי האָבן דעריבער תמיד דערמונטערט און פאַרשאַפט גרויס נחת־רוח. אַזוי קענען נאָר שרייבן אייגענע צו אייגענע.

איך וועל אויך קיינמאָל נישט פאַרגעסן די באַראַטונגען און פאַרזאַמלונגען פון דער שרייבער־גרופּע אין קאָבע. כמעט אויף אַלע באַראַטונגען איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע, ווי אַזוי אַרויסצו־ראַטעווען פון ווילנע די שרייבער און זשורנאַליסטן, וואָס האָבן נישט באַוויזן זיך צו ראַטעווען אין ערשטן עמיגראַציע־פּעריאָד. קיין יאַ־פּאַנישע וויזעס האָט מען שוין דאַן נישט געקענט באַקומען. עס איז געווען אַ ידיעה, אַז שאַנכייער פּערמיטן קענען אויך גילטן ווי ענד־וויזעס צו קריגן אויף זייער סמך רוסישע טראַנזיט־וויזעס. אין ווילאַ־

דיוואָסטאָק ווידער איז געבליבן שטעקן אַ גרויסע גרופּע פּליטים, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין יאַפּאַנישע וויזעס, צווישן זיי אויך אַ גרופּע שרייבער (די ח"ח י. ראַפּאָפּאָרט, מ. עלבוים א"אַ) די פאַר־וואַלטונג פון דער שרייבער־גרופּע פלעגט אָפּזיצן גאַנצע טעג אין הילפס־קאָמיטעט צו אינטערווענירן, די פאָרשטייער פון קאָמיטעט האָבן געמאַכט אַלע מעגלעכע באַמיונגען ביי דער יאַפּאַנישער מאַכט, אָבער אָן רעזולטאַט. אין יענער צייט האָט שוין די יאַפּאַנישע מאַכט אָנגעהויבן פאָדערן, אַז די יידישע פּליטים, וואָס זענען אין יאַפּאַן און האָבן נישט קיין וויטערע עמיגראַציע־מעגלעכקייטן, זאָלן אָפּ־פאָרן קיין שאַנכיי. די מלחמה־שטימונג אין יאַפּאַן איז, ווי געזאָגט, געוואָרן אַלץ געדיכטער.

די שרייבער־גרופּע האָט געהאַט אַ ביסל מער גליק פון אַנדערע גרופּעס און זי האָט ארויסבאַקומען פון דער פּוילישער אמבאסאדע אין טאָקיאָ אַ קליינע צאָל (דאַכט זיך 7) קאַנאַדער און אויסטראַליער וויזעס. די צוגעטיילטע וויזעס האָבן באַקומען י. וו־ן מיט דער פרוי און צוויי קינדער, ס. ב־טש און זיין פרוי. עס איז געווען אַ צוזאָג פון דער אַמבאַסאַדע אויף נאָך וויזעס פאַר די איבעריקע שרייבער, אָבער דערמיט האָט עס זיך, ליידער, געענדיקט. די אָפּגעפאָרענע חברים, וועלכע מען האָט געמאַכט אַ פייערלעכן גע־זעגענונגס־באַנקעט, האָבן אויך צוגעזאָגט צו העלפן דאָרט, אין קאַנאַ־דע, צו שטיין מיט אונדז, לכל־הפּחות, אין קאָנטאַקט. און אויך דער־מיט... האָט עס זיך געענדיקט. אין אַרכיוו פון דער שרייבער־גרופּע געפינט זיך נישט קיין איין בריוו פון די דערמאָנטע חברים, נישט פון פאַרן אויסברוך פון דער פּאַציפישער מלחמה און אויך נישט שפּע־טער. זאָלן מיר די דערמאָנטע חברים מוחל זיין פאַר דער באַמערקונג.

איך דערפֿיל דאָ אַ געװיסן חבֿרישן חובֿ: געװען איז דאָס אין שאַנכײַ אין יאָר 1945, נאָכן סוף פֿון פּאַציפֿישן קריג. מיר האָבן זיך געװאָלט אַרױסראַטעװען פֿון שאַנכײַ, געשיקט דעפּעשן צו חבֿרים אין אַלע לענדער װעגן װיזעס און — אין קול ואין עונה. האָט מיר אײנמאָל דער אומפֿאַרגעסלעכער חבֿר לאַזאַר קאַהאַן געזאָגט מיט פֿאַרביטע־רונג: „איר האָט אַמאָל אַזױ הײס פֿאַרטײדיקט די חבֿרים װו״ן און ב״טש, אַז מען זאָל פֿאַר זײ באַשטימען די קאָנאַדער װי־זעס, צי װעט איר אױך האָבן דעם מוט בײַ אַ געלעגנהײט צו דערמאָ־נען זײ, אַז זײ האָבן אונדז פֿאַרגעסן?״

## מיר פאָרן קיין שאַנכאַי

די יעניקע פון די פּליטים, וואָס האָבן געהאַט וויזעס אָדער סערטיפיקאַטן זענען זיך ביסלעכווייז פונאַנדערגעפאָרן, געבליבן זענען נאָר די, וואָס האָבן אָדער אינגאַנצן קיין וויזעס נישט געהאַט אָדער אַזעלכע, וואָס זייערע וויזעס זענען אַנולירט געוואָרן, ווי למשל, די אַמעריקאַנער „רעקאָמענדיישן־וויזעס" און אַ טייל וויזעס פון די דרום־אַמעריקאַנישע מלוכות. דער הילפס־קאָמיטעט האָט שוין איצט געמוזט אָנהייבן צו אָרגאַניזירן די טראַנספּאָרטאַציע אָדער דעפּאָרטאַציע, ווי די פּליטים פלעגן דאָס מיט פאַרביטערונג אָנרופן, קיין שאַנכיי.

פאַרן קאָמיטעט איז דאָס באמת געווען איינע פון די פיינלעכסטע אַרבעטן. די פּליטים האָבן בשום אופן נישט געוואָלט פאָרן קיין שאַנכיי. אחוץ דעם וואָס מען האָט זיך שוין געהאַט זייער גוט איינגעאָרדנט אין קאָבע, זענען די גרוסן פון שאַנכיי וועגן לעבן פון די דאָרטיקע פּליטים געווען שוידערלעכע. די גרוסן זענען אָנגעקומען פון איינצלנע פּוילישע פּליטים, וואָס זענען אויף זייער עמיגראַציע־וועג אָפּגעשטיגן אין שאַנכיי אָדער פון אַזעלכע וואָס זענען פון יאַפּאַן אייגנווייליק אָפּגעפאָרן קיין שאַנכיי צו מאַכן געשעפטן (געווען אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך פון וואַרשע מיטגעפירט געלט אָדער ווערט־זאַכן). אין שאַנכיי האָבן זיך דאַן געפינען ביי אַ 16 טויזנט יידישע פּליטים פון דייטשלאַנד, וואָס האָבן דאָרט אַהין אָנגעהויבן איינצוואַנדערן נאָך אין 1937. דערציילט האָט מען וועגן עפּעס אַ „שפּילמאַן־קאָמיטעט" (דער אָנפירער פון קאָמיטעט איז געווען אַ געוויסער

שפּילמאַן, אַ שאַנכייער יידישע „פּערזענלעכקייט") מיט הונדערטער באַאַמטע, וואָס זענען דורך און דורך קאָרומפּירט. די פּליטים לעבן אין באַראַקן אין שוידערלעכע באַדינגונגען; הונגער, קראַנקהייטן, דע־מאָראַליזאַציע רייסן אַוועק הונדערטער קרבנות; מען האָט דערפירט די אומגליקלעכע פּליטים צו אַזאַ מצב, אַז זיי האָבן פאַרלוירן יעטווי־דער מאָראַלישע ווידערשטאַנדס־פעיקייט, אַז אַפילו די אונטערוואַק־סנדיקע יוגנט שטרעבט גאָרנישט אַרויסצורייסן זיך פון שוידערלעכן מצב.

איז דען אַ חידוש, וואָס אַזעלכע גרוסן האָבן צוגענומען דעם חשק צו פאָרן קיין שאַנכיי. יעדער פּליט, וואָס האָט איבערגעלייענט זיין נאָמען אויף דער פּליטים־רשימה, אַז ער דאַרף זיך צו אַ באַשטימטן טערמין צוגרייטן צו דער רייזע קיין שאַנכיי, האָט זיך געפילט פּשוט אומגליקלעך. עס האָבן זיך ווידעראַמאָל אָנגעהויבן השתדלותן, פּראָ־טעקציעס, אינצידענטן און אפילו סקאַנדאַלן אין לאָקאַל פון קאָמי־טעט. יעדן איינעם האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז געפאַלן דער ערשטער קרבן. אמת, אַז אַ טייל מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג פון פּראָטעקציע, בדרך כלל אָבער האָט דער קאָמיטעט זיך גערעכנט מיט פאַרשידענע אומשטענדן, ווי למשל, דאָס וואַרטן אויף אַן ענטפער וועגן אַ וויזע, געזונט־צושטאַנד, אאַז״וו.

צוויי פּאַרשטייער פון די פּויליש־יידישע פּליטים זענען אפילו אַרויסגעפאָרן קיין שאַנכיי צו באַקענען זיך מיט דער לאַגע אויפן אָרט. עס האָט זיך דאָך נישט געוואָלט גלייבן, אַז דער „דזשאָינט", וואָס האָט געגעבן די גרעסטע טייל הילפס־געלטער זאָל דערלאָזן אַזאַ סקאַנדאַליעזע הפקרות. אויך דער קאָבער קאָמיטעט האָט געהאַלטן, אַז די אינפאָרמאַציעס וועגן דער שוידערלעכער לאַגע פון די פּלי־טים אין שאַנכיי זענען איבערגעטריבן. אַלע האָבן געוואַרט אויף דעם באַריכט פון די פאַרשטייער. צום באַדויערן האָט דער באַריכט אין אַ גרויסער מאָס באַשטעטיקט די אַלע קלאַגעס. די פאַרשטייער האָבן אַפילו אָנגעהויבן פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער שאַנכיי־

יער יידיש־רוסישער קאָלאָניע וועגן שאַפן אַ ספּעציעלן הילפס־קאָמי־טעט פאַר די מזרח־אייראָפּעישע פּליטים. פאַרשטייט זיך, אַז מען איז דערמיט נישט אויסן געווען זיך אָפּצוטיילן פון די דייטשע יידישע פּליטים. עס איז אָבער קיין אַנדער אויסוועג נישט געווען, ווייל צו רעאָרגאַניזירן און רעפאָרמירן דעם אַזוי גערופענעם שפּילמאַן־קאָ־מיטעט איז געווען אוממעגלעך, איבערהויפּט האָבן דאָס נישט גע־קענט אַדורכפירן די פּליטים אַליין און קיין אַנדערער געזלשאַפטלע־כער כוח, וואָס זאָל וועלן אָנהייבן אַ קאַמף מיט דעם מעכטיקן ביוראָ־קראַטישן אַפּאַראַט פון שפּילמאַן־קאָמיטעט איז נישט געווען.

צוליב די זעלביקע סיבות האָבן אויך די אונטערהאַנדלונגען מיט די רוסישע יידן וועגן אַ באַזונדערן קאָמיטעט לכתחילה נישט דערפירט צו קיין קאָנקרעטע רעזולטאַטן, בפרט נאָך, אַז די צאָל פון די איבערגעפירטע פּויליש־יידישע פּליטים קיין שאַנכיי איז נאָך דאַן געווען זייער קליין. נאָכן אויסהערן דעם באַריכט פון די פאַרשטייער איז אָבער איינס קאַטעגאָריש באַשלאָסן געוואָרן דורך אַלע געזעל־שאַפטלעכע גרופּירונגען: בשום אופן נישט צו רעגיסטרירן זיך אין שפּילמאַן־קאָמיטעט, נישט לאָזן זיך איינאָרדענען אין די באַראַקן, אָנהייבן אַ קאַמף אויף טויט און לעבן מיט דעם דאָזיקן קאָמיטעט און זיינע הילפס־מעטאָדן.

די דעפּאָרטאַציע פון די פּליטים קיין שאַנכיי האָט זיך מער נישט געלאָזט אָפּשלעפּן. אין דער יאַפּאַנישער פּרעסע איז די מלחמה־שטימונג געוואָרן אַלץ מער קענטיק. עס זענען אַרויס אַ גאַנצע רייע פאַראָרדענונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ בפירושע שייכות צו מלחמה־צוגרייטונגען. דאָס באַנוצן פלייש און מעל איז רעדוצירט געוואָרן ביז

אַ מינימום, אויך פאַרשידענע מינים פיש־קאָנסערוון זענען אַרויס־געצויגן געוואָרן פון פאַרקויף. עס האָט זיך געלאָזט באַמערקן אַ נער־וועזע שטימונג ביי די אָרטיקע יידן. „איך וואָלט נישט געוואָלט אי־בערלעבן אַ מלחמה צווישן די יאַפּאַנער, האָט מיר דאַן מיט גרויס זאָרג געזאָגט אַ מיטגליד פון קאָמיטעט. אין מלחמה־צייט זענען זיי שרעקלעך, אומברחמנותדיק...״

אין חודש דעצעמבער 1941 האָבן די לעצטע פּליטים־גרופּעס פאַרלאָזט יאַפּאַן.

# אַ יאַפּאַנישער פּאַרט

אין צירוגע (אַ יאַפּאַנישער פּאַרט) זענען מיר אָנגעקומען אין אָוונט, אַ גאַנצע נאַכט איז פאַרגעקומען די קאָנטראָל פון דאָקומענטן און מיר האָבן געזאָלט אראָפּגיין פון שיף ערשט צומאָרגנס.

זענען מיר, הייסט עס, אין יאַפּאַן, אין לאַנד פון דער אויפגייענדיקער זון, אַרום וועלכן עס וועבן זיך אַזוי פיל לעגענדעס. עס פילט זיך אומרואיקייט, מ׳איז פול מיט דערוואַרטונג. קיינער טראַכט נישט וועגן שלאָפן. אפילו קינדער האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט דער נערוועזקייט פון די דערוואַקסענע. די וואָס האָבן שוין אַלץ איינגעפּאַקט, גייען ארויס אויפן דעק און קוקן אין דער פינצטערער ווייטקייט אַריין, ווו עס בלישטשען און פינקלען בלוי־רויטע פייערלעך. די בליקן זייגן זיך איין אין די דאָזיקע פייערלעך, ווי זיי וואָלטן וועלן אַרויסבאַקומען דעם סוד פון דעם אומבאַוווּסטן, — פון דעם אומבאַקאַנטן...

— ביז היינט — באַמערקט מיר מיינס אַ פריינד — האָב איך נישט פאַרשטאַנען, אָדער בעסער געזאָגט, נישט געפילט דאָס וואָרט „וואַנדערער". איך בין אַזוי אומרואיק, עפּעס אַ מאָדנע בענקשאַפט נאָגט ביים האַרץ, אָבער נישט קיין אומעט, נאָר גיכער אַ מין אומרואיקע דערוואַרטונג.

— עס איז גאַנץ נאַטירלעך, מיר זענען דאָך אַנטלאָפענע. עס ווילט זיך אָפּרוען, אָנשפּאַרן דעם קאָפּ אויף דער בלויזער ערד אָפילו, אָן מורא, אָן אַנגסט. אפשר וועט יאַפּאַן פאַר אונדז זיין דאָס צוגעזאָגטע, דאָס געבענטשטע לאַנד. נאָך די סיבירער וועגן דאַרפן מיר ווי אַ רפואה דאָס לאַנד פון דער אויפגייענדיקער זון.

און אָט הייבט שוין אָן צו טאָגן. אַלע פּאַסאַזשירן זענען אויפן דעק. די בלויע געפלען, וואָס קנוילן זיך פון ים אַרויס און הייבן זיך זיך אַלץ העכער און העכער פאַרשטעלן דעם בליק. נאָר אָט גיט אַ בליאַסק די זון. שטראַלן רייסן זיך אַדורך און פאַר די אויגן אַנט־פּלעקט זיך אַ הערלעך בילד. די בערגקייטן אַרום, אויסגעשטעלטע ווי אין א האלב־קרייז שלאָגן אָפּ די זון־שטראַלן מיט אַ רעגנבויגן פון פאַרשידענע פאַרבן. צופוסנס קנוילן זיך נאָך די טונקל־בלויע געפלען, אין מיטן — שעמערירן בלוי־גרינע קאָלירן, אין סאַמע שפּיץ — אַ בלענדענדיק ווייס ליכט, וואָס פאַלט ביסלעכווייז אַריין אין פּיאַ־לעס.

דו ווענדסט דיין מידן בליק אַראָפּ אונטן צום ים צו, און ווערסט איבעראַשט. אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט איז אַלץ געווען פאַרהוילן. איצט הייבן זיך אָן אַרויסשיילן די סילועטן פון הונדער־טער שיפן און שיפלעך; ווי לאַנג דאָס אויג כאַפּט אויף די ווייטקייט פון בלויען ים — זעגלען, מאַסטן און זעגלען. די מעוועס פליען מיט אַ פריילעכן טומל פון איין אָרט צום צווייטן, ווי זיי וולטן ווען אַלץ און אַלע אויפוועקן צום נייעם ליכטיקן פרימאָרגן.

און ביים ברעג שוויבלט אוןווימלט שוין פון מענטשן. די פּאָרט־אַרבעטער לאָדעווען אויס די סחורות פון די שיפן. אַלע אַרבעטן. עס באַקומט זיך דער איינדרוק, ווי איינער אַ ריז מיט אַ סך הענט וואָלט געאַרבעט. די יאַפּאַנער אַרבעטן, אַזוי צו זאָגן, מיט ריטעם. די באַווע־גונגען פון אַ קלענערער אָדער גרעסערער גרופּע, וואָס זענען פאַרנו־מען ביי איין און דער זעלביקער אַרבעט, זענען קאָאָרדינירטע און קו־מען פאָר אין אַ באַשטימטן טעמפּאָ.

— אויך דאָ אַרבעט מען שווער, — אומעטום איין וועלט — הערן זיך באַמערקונגען.

—מילאָ, מען מוז דאָך אַרבעטן, עס איז נאָר אַ פראַגע, ווי אַזוי מען קען לעבן פון דער אַרבעט.

באַלד לאָזן מיר זיך אַראָפּ פון שיף צום ברעג צו. פאַרקויפער

און פאַרקויפעריגס לייגן פאַר פאַרשידענע פרוכטן, צו וועלכע מיר פאַלן טאַקע צו מיט גרויס חשק. פאַמעראַנצן, באַנאַנען, גרייפן, אַזוי לאַנג דאָס נישט אָנגעזען, וואָס עסט מען פריער?

מען פירט אונדז צום וואָקזאַל. מיר זיצן אין אויטאָבוס און קוקן אַרויס דורכן פענצטער. עס איז אוממעגלעך די אויגן אָפּצורייסן פון דעם אויסטערליש פרעמדן, אָבער אומגעהייער שיינעם, וואָס אַרום און אַרום. דער שמאָלער וועג וויקלט זיך דורך די געסלעך פון דער פאָרשטאָט. קליינע הייזעלעך, ווי פּאָלירטע קעסטעלעך טאַנצן פאַר די אויגן. די הייזלעך אַרומגערינגלט מיט באַמבוס־פּלויטן, אינעווייניק — מיניאַטורע גערטנדלעך, ברונעמלעך, אפילו סאַזשעלקעס. און אַלץ בלישטשעט אַזוי העל און זויבער. דאָ און דאָרטן זעט מען עמיצן שטיין איינגעבויגן איבער דער ערד, אַרויסרייסנדיק ווילד־גראָזן; פרויען ווישן די ווענטלעך פון די הייזלעך און וואַשן די פענצטער. אָט גיט אַ מיניע פאַר די אויגן א מין טעפּיך אויף דער ערד, דאָס זענען געקעסטלטע רייז־פעלדער אָדער טיי־פּלאַנטאַציעס.

מיר זענען שוין אויפן וואָקזאַל. אַ לאַנגער שמאָלער צימער, אָפּגעצוימט אויף דער העלפט. איין זייט — אַ ליידיקע, אין דער צווייטער — בענק צום זיצן. אָבער אויף דער ליידיקער זייט איז גאָרנישט ליידיק. ביי די ווענט זענען אינסטאַלירט קליינע, מיניאַטור־אַרטיקלשטעלעכלעך און קיאָסקן, וווּ איר קענט באַקומען די סאַמע בייטיקסטע זאַכן. אונדזער אָנקומען מאַכט אַ רושם, ציט צו די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. הגם צירוגא אַלס האַפן־שטאָט, איז געוווינט צו אייראָפּעער, אָבער אַזאַ גרויסע מחנה ווי אונדזערע איז, מסתמא, אַ זעלטנהייט. אַ חוץ דעם, וואָס די מחנה איז געווען גרויס, איז דער טומל געווען נאָך גרעסער. און יאַפּאַנער טומלען נישט . . . עס קומען כסדר אָן צוגן, עס גייען אַוועק צוגן, הונדערטער פּאַסאַזשירן קומען אָן און פאָרן אָפּ, אָבער אָן גערויש און טומל. מען הערט נאָר דאָס קלאַפּן פון די טרעפּקעס, פון די האָלץ־שיכלעך, וואָס זיי טראָגן.

און מיר ווייסן נישט אויף וואָס פריער צו קוקן. אַלץ זעט אויס

אַזוי פאַנטאַסטיש, אַזוי נישט רעאַל: די העלבלויע בערגקייטן אַרום, אויף וועלכע דער שפּיל פון ליכט און שאָטן שעמערירט און פינקלט אין די אויגן, די קליינע פאַרבנרייכע לאַנדשאַפטן, וואָס טוליען זיך צו די קעסטל־אַרטיקע הייזלעך. און אויפן פאָן פון דעם אַלעמען די יאַפּאַנערינס מיט די הויך אַרויפגעקעמטע גראַנאַט־שוואַרצע האָר אין די זיידענע, פיל־קאָלירטע קימאָנעס — יעדע יאַפּאַנערין — אַ לעבעדיקע באַוועגלעכע לאַנדשאַפט.

צום אָפּגיין פון אונדזער צוג קיין קאָבע איז נאָך דאָ אַ שעה צוויי, לאָזן מיר זיך מיט דער וואָקזאַל־גאַס צו דער שטאָט צו זוכן עסן. פון ביידע זייטן — געשעפטן און רעסטאָראַנען, אָבער שאַ, שטיל. ס'רוב געשעפטן זען אויס ווי שוי־פענצטער, אין וועלכע מ'האָט אויסגעשטעלט צום ווייזן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. דו גייסט צו, ווילסט עפּעס קויפן, שאַ, שטיל, — קיינער בעט דיך נישט און קיינער רופט דיך נישט; מען זעט אָפּילו נישט קיין פאַרקויפער, און דו הייבסט אָן צו ספקן, צי איז דאָס גאָר אַ געוועלב צום פאַרקויפן סחורה. עס קען אויך גריילעך זיין אַ שיין צוגעפּוצטע שטוב מיט אַ סך זאַכן אינעווייניק. עס באַווייזט זיך אָבער ענדלעך אַ שמייכלדיק פּנים, עס שמייכלט, אָבער עס רעדט נישט. עס גייט אים גאָרנישט אין לעבן צו וועלן וויסן אָדער פאַרשטיין, וואָס איר רעדט. ער איז אָבער העפלעך און וואַרט ביז... ער וועט אייער פּטור ווערן. ערשט, אַז איר ווייזט אים מיט דער האַנט אויף דער זאַך, וואָס איר ווילט, הייבט ער אָן פּאַמעלעך זיך צו פאַרען און צו דערלאַנגען. אונדזערן אַ מענטש זעט עס אויס מאָדנע, מיר זענען צוגעוווינט צו אַן אַנדער מין קרעמער. און אַז דו האָסט זיך שוין קוים דערדעדט, באַקומען די סחורה און ווילסט באַצאָלן, איז סטאָפּ — ער שטייט גאָר און בוקט זיך ביז צו דער ערד און פון דער אַנדערער זייט שטייט אַ צווייטער יאַפּאַנער און בוקט זיך אויך. דו קוקסט אָן דאָס בילד און בלייבסט געפּלעפט, וואָס איז דאָס? צי פירן זיי דאָס אויס, על רגל אחת, אַ רעליגיעזע צערעמאָניע, דאָ אין קראָם, צווישן דערלאַנגען די סחורה און נעמען דאָס

געלט? אין ערשטן מאָמענט זעט עס אויס ווילד, פרעמד און אומ־היימלעך, באַלד גלוסט זיך דיר אויסשיסן מיט אַ געלעכטער. אָבער אָט האָט זיך דער צערעמאָניאַל געענדיקט,ביידע קוקן זיך אָן מיט אויגן, וואָס שמייכלען מיט האַרציקסטער פריינדשאַפט, דער אויס־דרוק פון די פּנימער — טיפסטע אַכטונג און העפלעכקייט. אָט אַזוי הייסט עס באַגריסן זיך יאַפּאַנער!...

צי דאָס איז בלויז אויסערלעכער מאַניער, אָדער שטעקט דערין מענטשלעכע אויפריכטיקייט, אינערלעכע קעגנזייטיקע פריינדשאַפט צווישן מענטש און מענטש?

און אָט זענען מיר שוין אין די וואַגאָנען. די יאַפּאַנישע וואַגאָ־נען זענען אין גאַנצן נישט ענלעך צו אונדזערע, שוין אָפּגערעדט צו די, וואָס זענען אייגנעטיילט אין קליינע קופּעען. זיי זעען אויס ווי גרויסע זאַלן, לאַנגע און שמאָלע, אויסגעשטעלטע מיט צוויי רייען בענק. אין יעדן וואַגאָן זענען דאָ ביז 70־80 ערטער. קיין גרויסע שענקלעך פאַר באַגאַזש אין נישטאָ, נאָר לענגאויס די ווענט ציען זיך געשטריקטע פּאָליצעס פאַר קליינע האַנט־פּעקלעך. די וואַגאָנען זענען דעריבער אויס גרוימער און ליכטיקער, הגם עס געפינען זיך דאָרט ביז 80 פּאַסאַזשירן.

מיר פאָרן שוין ווידער מיט דער באַן. נישט ווילנדיק דערמאָנט מען זיך די ניינטאָגיקע רייזע מיטן טראַנס־סיבירער עקספּרעס, און דער עיקר — דער לעצטער עטאַפּ פון דער רייזע, די רייזע דורך די סיבירער וועגן און סטעפּעס. צוויי וועלטן... אָבער באַלד ווערט דאָס פריערדיקע אָוועקגערוקט אין דער זייט, אין די נעפּלדיקע קעמער־לעך פון זיכרון. דער צוג לויפט זייער גיך, ממש ער פליט. פאַר די פענצטער פליען פאַרביי טויזנטער קאָלירטע קעסטעלעך און טעפּי־כער, עס שווינדלט אין די אויגן פון בלענדנדיקן זונענליכט, אָבער דו קענסט די אויגן פון פענצטער נישט אָפּרייסן. צי איז דאָס חלום, צי ווירקלעכקייט? ווויגען טאַקע מענטשן אין אַזעלכע קליינע הייזלעך, אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע קליינינקע גערטנדלעך? דער צוג דער־

בענטערט זיך צו אַ סטאַציע, הייבט אָן גיין פּאַמעלעכער, די זאַכן אַרום זעען זיך שוין קלאָרער און פּאַרמיקער. האַרט ביים פּלאַנט — אַ קליי־ ניקע פערמע. אין פאָדערגרונט — א קוואַדראַטיש מיניאַטור־הייזל מיט גרויסע פענצטער, כמעט ווי גלעזערנע ווענט, לינקס אין דער הייך — אַ טעראַסע, אויף וועלכער עס זיצן קינדער און צייכענען, אַ פרוי מיט אַ פלעדערוויש ווישט דעם שטויב פון די ראַמען אַרום די פענצטער. פאַר די אָפענע פענצטער שטייען גרויסע טונקל־ברוינע און טונקל־גרינע ערדענע וואַזעס, באַזעצטע מיט קאַקטוסן. פון אײ־ נעווייניק קוקן אַרויס די העל־פּאַרנירטע ווענט און די זויבערע גאָלד־ קאָלירקע מאַטעס. אין הינטערגרונט פון הייזל, אַ גערטעלע מיט אויסגעזעצטע קלומבעס רונד אַרום, וואָס בילדן כמעט אַ קרייז, אַביסל ווייטער — אַ קליין סאַזשעלקעלע און אין סאַמע הינטערגרונט, אויף וויפל דאָס אויג קאָן נאָר כאַפּן, בלישטשעט אַ באַסיין, וואָס וואַרפט אַ העל־ליכטיקן וואַסער־שטראָם צום הימל צו.

די יאַפּאַנישע פּאַסאַזשירן זיצן זיך רואיק און קוקן אויף אונדז מיט ברייט צעשמייכלטע פּנימער. זיי באַטראַכטן אונדז מיט פאַרוווּנדע־ רונג, נייגיר, אָבער איינגעהאַלטן. זיי פאַרשטייען, אַז מיר זענען פרעמ־ דע, אָבער וואָס קוקן מיר אַזוי דורך די פענצטער און קענען זיך נישט אָפּרייסן!... אַנטקעגן מיר זיצן צוויי יאַפּאַנער, איינער אַנגעטאָן איי־ ראָפּעיש, מסתמא א סוחר אָדער אַ סטודענט. זיי באַאָבאַכטן אונדז און באַמערקן, אַ פּנים, אונדזער התפּעלות. דער יאַפּאַנער, וואָס איז אָנ־ געטאָן אין דער קימאָנע, פרעגט מיך, „קירעי"? וואָס דער צווייטער זעצט מיר באַלד איבער אין ענגליש „ביוטיפול".

זיי שמייכלען, זיי זענען זייער צופרידן, פּונקט ווי עלטערן, ווען מען לויבט זייערס אַ קינד, וואָס איז באמת געראָטן. די יאַפּאַנער האָבן אַ טיפן חוש פאַר שיינקייט און זיי האָבן דערפאַר אומגעהייער ליב דאָס לאַנד זייערס. די יאַפּאַנישע לאַנדשאַפט צייכנט זיך באמת אויס מיט איר אייגנאַרטיקער שיינקייט. בערג, בערגלעך, היגלען טוליען זיך צו די האָריזאָנטן, אויף די בערג דראַפּען זיך אַרויף לאַנגע טאָלן,

וואָס בילדן גרויסע שיפּע ליניעס, אויף וועלכע עס זענען באַזעצט און באַאַרבעט טיי־פּלאַנטאַציעס. די אַטמאָספער, וואָס רינגלט אַרום די לאַנדשאַפט איז בלענדנדיק העל און ליכטיק, זי איז דורכגע־זאַפּט מיט פייכטקייט, וואָס קומט פון די צופלוסן פון די וואַרעמע שטראָמען, וואָס רינגלען אַרום דעם אַרכיפּעלאַג. די כסדרדיקע פייכט־קייט צוזאַמען מיט דער שטאַרק העלער ליכט מאַכן די אַטמאָספער אומגעהייער דורכזיכטיק. עס פאַרלירט זיך די ווייטקייט, אַלץ דער־נעענטערט זיך צום בליק, אפילו די הויכע בערג־שפּיצן און די שמאָלס־טע וואַסער־פאַלן.

עס הייבט זיך אָן צו רוקן דער אָוונט. די פאַרבן־טענער ווערן טיפער און טונקעלער. פון די בערג־נידערס הייבן זיך אָן אַרויסקנוילן טונקל־בלויע נעפּלען, דורכגעשטרייפטע פון די זונען־שטראַלן, זיי הייבן זיך אַלץ העכער און העכער, ווי זיי וואָלטן אַרויסגעשטויסן גע־וואָרן פון די העלע זון־פלעקן, וואָס פאַרנעמען זייער אָרט. די זון וואָס באַהאַלט זיך ערגעץ הינטער די בערג־רוקנס, נעמט ביסלעכווייז צו איין פּאַס ליכט נאָכן צווייטן. ליכט און שאָטן פירן זייער לעצטן קאַמף אויף די קליינע צעקעסטלטע טאָלעכלעך און היגלען. אָט גיט נאָך אַ בלישטש א שמאָל טייכעלע, טיי־פּלאַנטאַציעס דראַפּען זיך אויף היגלען מיט העלע פלעקן, דאָס ראָז־העלע ליכט ציט זיך ביסלעכווייז צוריק פון גרויסן טאָל, וואָס איז באַדעקט מיט רייז־קעסטעלעך. ראָז, בלוי, פיאָלעט פלעכטן זיך און וועבן זיך אייניאַנדער און ווערן ביס־לעכווייז פאַרשלינגען אין טונקעלער בלויקייט פון דער נאַכט. צי איז עס נאַכט? אַ ים מיט קליינע און גרויסע שטערנדלעך וואָס בליש־טשען און פינקלען אַרום און אַרום. מיר געוווינען זיך ביסלעכווייז צו צו דער נאַכט־טונקלקייט און הייבן אָן אונטערצושיידן די אמתע שטערן פון די טויזנטער, טויזנטער עלעקטרישע ליכט, וואָס טאַנצן און שימערירן דאָ נאָענט און ווייט.

יאַפּאַן איז אומגעהייער געדיכט באַוווינט, עס זענען כמעט נישט בנמצא קיין פוסטע שטחים. די באַן פאָרט כסדר צווישן שטעט, שטעט־

לעך און דערפער, וואָס זענען כמעט נישט אָפּגעטיילט פון זיך. די דערפלעך, וואָס ציען זיך צווישן די שטעט זענען ווי פאָרשטעט, וואָס פאַראייניקן די גרעסערע שטעט.

מיר פאָרן פאַרביי קיאָטאָ, אָסאָקאָ, ריזיקע וואָקזאַלן, אַ ים ליכט מיטן אויג נישט אַרומצונעמען. אויפן וואָקזאַל אַן אומגעהייערע באַוועגונג. צענדליקער באַנען און אונטערגרונט־באַנען לאָזן אַרויס טויזנטער פּאַסאַזשירן. און דאָך — שאַ, שטיל, אָן טומל, מען הערט נאָר די איינטאָניקע אויסגעשרייען פון די פּרוכטן און עסנוואַרג־פאַרקויפער און דאָס אייגנאַרטיקע קלאַפּן פון די הילצערנע טרעפּקעס.

# אין קאָבע

אַ פּרעכטיקער, העל באַלויכטענער ריזן־וואָקזאַל. אַרום און אַרום הונדערטער שמייכלענדיקע פּנימער, געמיטלעכע פּנימער, מילדע ליבע אויגן, פֿאַרביקע לייכטנדיקע קימאָנעס אויף שלאַנקע, גראַציעזע פּרויען־קערפּערס. מען שטויסט זיך נישט, מען שטופּט זיך נישט, מען לאַכט צו דיר אָדער... פֿון דיר, פֿון דיין פֿרעמדקייט און פֿון דיין צערודערטקייט. מען איז אָבער כּסדר און באַלד גרייט צו דינען, צו העלפֿן אָן געלט, אָן אייגננוץ, נאָר פֿון העפֿלעכקייט, איידלקייט וועגן. דערפֿילסט זיך גלייך היימיש, זיכער און נאָענט צו אָט די פֿרעמדע, וואָס דו פֿאַרשטייסט נאָך אַפֿילו קיין איין וואָרט פֿון זייער שפּראַך נישט. אויפֿן האַרץ ווערט אַזוי גוט און לייכט, דו גלויבסט ס׳וועט גוט זיין.

מיין באַקאַנטער, וואָס האָט מיך אָפּגעוואַרט ביים באַן, זעט מיין געריירטקייט און שמייכלט. אהה, אַ לענדעלע מיט מענטשן! איך זע, אַז דו ביסט שוין צעוואַרעמט, וואַרט, וואַרט, וועסט ערשט הערן און זען. איך בין שוין דאָ אַ שטיקל תּושב און גיי נאָך אַלץ אַרום אַ פֿאַרבלעפֿטער, ווי יענער קליינשטעטלדיקער, וואָס איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין וואַרשע. ווי דו זעסט, איז דאָס שטעטעלע קאָבע גאָר נישט קלענער פֿון וואַרשע און האָט נישט וויניקער מענטשן פֿון וואַרשע, — און שאַ, שטיל. דערווייל וועל איך דיך צופֿירן אין אַ יאַפּאַ־

נישן האָטעל אַריין און רו זיך אויס דיינע ביינער. פאַרוואָס נישט קיין אייראָפּעישן? איז ערשטנס קאָסט צו טייער, צווייטנס, — אייראָפּע קאָנסטו דאָך שוין, דארפסטו זיך ערשט באַקענען מיט יאַפּאַן, הייב זשע גלייך אָן פון אַ יאַפּאַנישן האָטעל.

מיר קומען אַריין אין האָטעל. מען שמייכלט שוין ווידער. אַלע שמייכלען, דער אייגנטימער, די פרוי און די קינדער, זיי קוקן זיך אָן און שמייכלען. מיין באַקאַנטער פאַרשטענדיקט זיך מיט דעם בעל־הבית חצי ענגליש און חצי יאַפּאַניש, דער יאַפּאַנער גיט זיך אַ בייג צו מיר, מיין באַקאַנטער פאַרטייטשט מיר, אַז דאָס באַטייט, אַז איך דאַרף גיין מיט אים. גייען מיר. פאַרן אַרויפגיין אין דער הייך, הייסט ער מיך אויסטאָן די שיך און אָנטאָן טרעפּקעס. איך קלייב אויס אַ פּאָר טרעפּקעס, וואָס האַלטן אין איין אראָפּפאַלן מיר פון די פיס. קוים אַרויפגעקלעטערט אויפן ערשטן שטאָק, פירט ער מיך אַריין אין אַ קליין צימערל, אָבער אַ ליידיקס. נישט קיין בעט, נישט קיין טיש, קיין שטול. ער ווייזט מיר אָן אויף דער פּאָדלאָגע, איך קוק און פאַרשטיי נישט וואָס. ער נעמט און זעצט זיך אַוועק און שמייכלט, ער הייסט מיך אויך אַוועקזעצן. איך זיץ שוין, הייבט ער זיך אויף. זעענדיק מיין פאַרלוירנקייט, צעלאַכט ער זיך געמיטלעך און גייט אַרויס. מיר ווערט אַביסל אומעטיק אויפן האַרץ, וואָס וועט זיין דער תכלית. איך דערמאָן זיך, אַז ביי די יאַפּאַנער איז נישטאָ קיין מעבל אין די צימערן, מען זיצט אויף דער ערד, אויף מאַטעס. אָבער איך בין דאָך נאָך נישט קיין יאַפּאַנער און עס איז מיר קאַלט, און ווו וועל איך שלאָפן?! פון מיינע פינצטערע געדאַנקען האָט מיך ווידער אויפגעוועקט דאָס געמיטלעכע געלעכטער פון יאַפּאַנער, וואָס איז צוריקגעקומען מיט אַ „באָי", וואָס האָט געטראָגן אַ גרויסע ערדענע וואַזע מיט גליענדיקע קוילן־קיילעכלעך, אַ צווייטער האָט געטראָגן אַ קרוג טיי מיט שעלעכלעך. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן מיר, געהייסן וואַרעמען זיך די הענט ביים פייער, אָנגעגאָסן טיי און געשמייכלט. האָב איך אויך אָנגעהויבן שמייכלען, האָט ער שוין אָנגעהויבן לאַכן, הפּנים

צופרידן דערפֿון װאָס איך שמײכל אױף. באַלד האָבן די ײנגלעך אַרײַנגעבראַכט צװײ דיקע גרױסע קאָלדרעס, כמעט פּערינעס, נאָר האַרטע, װאַטענע. אײנע האָבן זײ אױסגעשפּרײט אױף דער פּאָדלאָגע, און די צװײטע צום צודעקן זיך — און צוקאָפּנס, אַ קישעלע פֿון זעגעכץ. נאָכן אױסטרינקען די טײ האָט מען מיך אַרײַנגעפֿירט אין יאַפּאַנישן בעדל, געמאַכט זיך דאָרט יענע הײסע װאַנע, ד"ה געגאָסן אױף זיך פֿון אַ גרױסער הילצערנער װאַנע מיט שעפּעלעך קאָכעדיק װאַסער. אַדורכגעבריטער, אַ מידער בין איך צוריק אַרײַן אין צימער, געלײגט זיך צװישן די צװײ קאָלדרעס אױף די מאַטעס מיטן זעגעכץ-קישעלע צוקאָפּנס און געשמאַק אײַנגעשלאָפֿן.

געשלאָפֿן בין איך געשמאַק, אָבער אױפֿגעכאַפּט האָב איך זיך מיט אַ שטאַרקן קאָפּװײטאָג.

— נישט געזאָרגט, זאָגט צו מיר מײַן באַקאַנטער, װאָס האָט מיך אױפֿגעװעקט, עס איז נישט דאָס לעצטע מאָל. די דאָזיקע פּרעכטיקע װאָזעס מיט די גליענדיקע קױלן-קײַלעכלעך זענען טאַקע אױס זײער פּאָעטיש און געמיטלעך, אָבער צו קאָפּװײטאָג האָט עס נישט.

צומאָרגנס. אַ בלענדנדיקער זונעטאָג, אַלץ אַרום איז באַגאָסן מיט ליכט. ערשט איצט באַװײַזט זיך דער אײגנאַרטיקער צױבער פֿון דער שטאָט קאָבע. פֿון אײן זײַט טוליעט זי זיך צו די הױכע בלױלעכע בערג, װעלכע נעמען זי אַרום, װי אין אַ האַלב-קרײַז און פֿון דער צװײטער זײַט לאָזט זי זיך אַראָפּ צום ים צו. אין צענטער — אַ סך מאָדערנע, מאָנומענטאַלע געבײדעס, איבערהױפּט די װאַרן-הײַזער, װאָקזאַלן, האַנדלס-ביוראָען, עס דאָמינירט אָבער איבעראַל דער יאַפּאַנישער סטיל. די יאַפּאַנישע אױפֿשריפֿטן מאַכן אין ערשטן אױגנבליק דעם אײַנדרוק פֿון בילדערישע צײכענונגען. דער בלױער הינטערגרונט פֿון די בערג, די מיניאַטורע, קעסטלאַרטיקע הײַזקעס, די קימאָנעס, די פֿאַרשידנפֿאַרביקע, קאָלירפֿולע פּרױען-קימאָנעס — אַלץ צוזאַמען זעט אױס אין ערשטן אױגנבליק װי אַ מעשהלע, פֿאַנטאַזיע אין װירקלעכקײט.

און די מענטשן... די יאַפּאַנער אויפן גאַס זעען אויך אויס פאַנ־טאַסטיש, איבערהויפּט די פרויען. די בלייכע צוגעפּאַרבטע פּנימער מיט די שיפּע מאַנדל־אויגן, וועלכע זיי האַלטן כמעט שטענדיק אראָפּ־געלאָזן, די אייגנאַרטיקע פאַרקעמונג פון די גראַנאַט־שוואַרצע האָר

— דאָס אַלץ אויפן פאָן פון דער פאַרביקער קימאָנע דערמאָנט באַלד אין די אָריגינעלע שניצערייען אָדער מאָלערייען אויף די כינעזישע און יאַפּאַנישע פאַרצעלאַנען. עס איז ממש אַ פאַרגעניגן, אַ נחת־רוח צו קוקן אויף אַזאַ לעבעדיק בילד. איך זאָג בילד, ווייל די יאַפּאַנישע פרוי אויף דער גאַס, אין דער עפנטלעכקייט איז מער בילד ווי לע־בעדיקער מענטש. שטיל, איינגעהאַלטן און באַהערשט, באַוועגט זי זיך זאַנפט אָן טומל. רעדט שטיל, לאַכט זעלטן, דערפאַר שמייכלט זי... דאָס שמייכלען פון „י" יאַפּאַנער איז באַרימט אין דער וועלט, מען דאַרף עס אָבער אַליין זען, מיט די אייגענע אויגן זען... און... פילן.

אַ יאַפּאַנישער מאָלער האָט מיר געזאָגט: — דער יאַפּאַנישער שמייכל דאָס איז אַ גויטווענדיקער טאָן אין דער אַלגעמיינער פאַרבן־קאָמפּאָזיציע, וואָס נעמט אַרום יאַפּאַנישן לאַנדשאַפט, פאָלקסטראַכט און פאָלקסאויסדרוק. ווי וואָלט אויסגעזען אָן ערנסטער, פאַרכמורע־טער פּנים אויפן פאָן פון די אַלע העלע ליכטיקע פאַרבן אַרום! אגב, אונדזער לאַנד רופט זיך דאָס לאַנד פון דער אויפגייענדיקער זון. די זון איז ביי אונדז נישט נאָר אַ רעליגיעזער, נאָר נאָך מער אַ היס־טאָרישער פאָלקס־סימבאָל. מיר האָבן ליב אונדזער זונען־לאַנד. די זון באַהעלט און באַשטראַלט נישט נאָר אונדזער נאַטור, לאַנדשאַפט, נאָר אויך די נשמה פון אונדזער פאָלק. די עמאַנאַציע פון אונדזער פאָלקס־נשמה קומט צום אויסדרוק אין אונדזער שמייכל. אייערע פי־לאָזאָפן האָבן געלערנט נישט וויינען, נישט לאַכן, נאָר פאַרשטיין. צי איז נישט שמייכלען אַ העכערע מדרגה? איך מיין אָבער, זאָג איך אים, אַז דאָס איז אויך און אפשר מער אַ פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעם.

— אַהאַ, לאַכט ער, איר אייראָפּעער זעגט באַלד דאָ מיט אייער

פסיכאָלאָגיע. דאָס מאַכט איך באַקוועם אראָפּצוגידערן אַפּט מאָל דעם ווערט פון אונדזערע מעלות.

דער דאָזיקער מאָלער האָט אַלס סטודענט שטודירט אין מינכען און האָט, זעט אויס נישט ווינציק געהאַט אויסצושטיין פון די אין דייטשלאַנד שטענדיקע פּאָפּולערע ראַסן־טעאָריעס.

יאָ, דאָס שטענדיקע שמייכלען פון די יאַפּאַנער איז מערקוויר־דיק און וואונדערבאַר. אין אָנהייב דאַכט זיך, אַז דאָס שמייכלען האָט אַ שייכות צו דיר, ער קוקט דיר נאָך, ער לאַכט פון דיר, דו הייבסט זיך אָן פילן פאַרלוירן, קוקסט זיך אַרום, פּרוווסט קאָנטראָלירן דיינע באַ־וועגונגען. אָבער באַלד איבערצייגסטו זיך אין דיין טעות. דו דאַרפסט ערגעץ צוגיין, דו אָריענטירסט זיך נישט, קוקסט זיך אַרום און אָט שטייט ער שוין לעבן דיר, דער שמייכלענדיקער יאַפּאַנער און איז דיר גרייט צו דינען. און דו באַמערקסט, אַז זיין שמייכל איז נאָך גרעסער און וואַרעמער, ער וויל דיר ממש העלפן, נישט ער וויל זיך אַרויס־דרייען און אָפּפּטרן קורץ און שאַרף, ווי געוויינלעך, ביי אונדז אין אייראָפּע, נאָר פאַרקערט — ער פילט עס פאַר זיין איינערלעכער פליכט דיר אַרויסצוהעלפן, ער וועט נישט אָפּטרעטן, ביז ער וועט אייך אינגאַנצן באַפרידיקן.

איך האָב אמאָל אין טאָקיאָ געוואָלט באַזוכן דאָס אַלטע טראַדי־ציאָנעלע יאַפּאַנישע טעאַטער, געהאַט אַן ענגלישן אדרעס, אָבער בשום אופן נישט געקענט טרעפן צום ריכטיקן אָרט. איך קוק זיך אַרום און זוך אַן אייראָפּעער — נישטאָ. אין דעם זע איך, אַז פון אַ ריזיקער אייראָפּעישער געביידע גייען אַרויס אַ סך מענטשן. דאָ איז זיכער, טראַכט איך, אַ האַנדלס־געזעלשאַפט אָדער אַ באַנק און די באַאַמטע פאַרשטייען ענגליש. איך גיי צו צום ערשטן בעסטן און בעט אים, ער זאָל מיר אויפקלערן, ווו איך האָב צו גיין. ער הייבט מיר אָן צו דערקלערן, נאָר פון מיין פּינטלען מיט די אויגן, האָט ער זיך קענטיק אָנגעשטויסן, אַז איך וועל אַליין נישט דערגיין, און ער האָט מיך אָנגעהויבן פירן. ער האָט מיך געפירט און געפירט, עס האָט

אַזוי געדויערט אַ האַלבע שעה, ביז מיר זענען צוגעקומען צום אָרט, ווו דאָס טעאַטער געפינט זיך. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז ביי־לעטן דאַרף מען קויפן ערגעץ אַנדערש, האָט ער מיך ווידער אָנגע־הויבן פירן. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן דאָס וואָס איך האָב אים געוואָלט איבערצייגן, אַז איך וועל אליין שוין טרעפן, ער האָט מיך גע־מוזט צופירן צום אָרט, באַזאָרגט די בילעטן און מיט אַן אויפריכ־טיק צופרידענעם שמייכל זיך געזעגנט. איך בין גראַדע אויך צו־ריקגעגאַנגען אין דער זעלביקער ריכטונג וואָס ער און געזען, אַז ער איז צוריק אַריין אין דער זעלביקער געביידע, ווו עס זענען אויך שוין אָנגעקומען אַנדערע באַאַמטע, זעט אויס, פון מיטאָג שוין. ער האָט זי־כער דעם טאָג קיין מיטאָג נישט געגעסן.

אַ צווייטן מאָל האָב איך און מיינס אַ באַקאַנטער געוואָלט באַ־זוכן דעם היביער־פאַרק. מ'האָט אונדז געהייסן פאָרן אויף אַ באַשטימטן טראַמוויי און נאָך צען מינוט פאָרן אויסשטייגן. מיר האָבן אַזוי גע־טאָן. אַז מיר זענען אויסגעשטיגן, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן אַרומ־קוקן. געווען איז דאָס אויפן ריזיקן מיקאַדאָ־פּלאַץ, ווו די באַוועגונג איז אַן אומגעהייערע. צענדליקער טראַמוויי־ און אויטאָבוס־ליניעס פלעכטן זיך און קרייצן זיך דורך, און פון די אומצאָליקע זייטיקע גאַסן גיסן זיך אַריין ווי ריזיקע טייכן און פליסן צום מיקאַדאָ־פּלאַץ אומענדלעכע מענטשן־שטראָמען. די קאָאָרדינירטע האַנט־באַוועגונ־גען פון אַ צענדליק גאַסן־פּאָליציאַנטן רעגולירט דאָ די גאַסן־באַוועגונג. אָט שטעלט זיך אָפּ איין ריזיקע שורה פון טראַמווייען, אויטאָ־בוסן, טאַקסיס און מחנות מענטשן, כדי אַדורכצולאָזן אַ צווייטע, אין קווער זיך ציענדיקע שורה געפעלט מיין באַקאַנטן צוגיין צו איינעם פון די פּאָליציסטן. (איך האָב נישט באַוויזן אים אָפּצוהאַלטן דערפון) און ער שטייט שוין און רעדט מיט אים. זעט אויס, אַז זיי האָבן זיך קנאַפּ פאַרשטאַנען. און דער פּאָליציסט האָט אונדז צוגעפירט צו דער טראַמוויי־סטאַציע און אַרויסגערופן דעם קאָנדוקטאָר, ער האָט אָבער נאָך ווייניקער פאַרשטאַנען. און דערווייל האָט זיך אָפּגעשטעלט די

גאַנצע באַוועגונג. שורות פון טראַמווייען, אויטאָבוסן פון אַלע זייטן זענען געבליבן שטיין, עס האָט זיך אויפגעהאַלטן דער ריזיקער מענטשן־שטראָם. אַרום אונדז האָט זיך געשאַפן איין גרויסער, אומ־געהייערער, ריזיקער געזעמל. אַלע בליקן זענען געווענדעט צו אונדז. מיר ווילן זיך שוין אַרויסגליטשן פון עסק, זאָל זיין אָן היביער־פּאַרק. אָבער ניין, דער פּאָליציסט לאָזט נישט, ער פרעגט יעדן איינעם, ס׳גייט נישט. געראַטעוועט האָט אונדז אַ סטודענט, וואָס איז גראדע אָנגעקו־מען, ער האָט זיך געכאַפּט אין וואָס עס גייט און האָט זיך האַרציק צע־לאַכט. איר זענט דאָך ביים היביער־פּאַרק, אָט דאָ אַנטקעגנאיבער איז דאָך דער היביער־פּאַרק. ער האָט אויפגעקלערט דעם איבעריקן עולם און אַלע האָבן אָנגעהויבן לאַכן, האַרציק לאַכן, אַלץ האָט געלאַכט. די באַוועגונג האָט זיך צוריק אָנגעהויבן און מיר, פאַרשעמטע דער־פון, וואָס מיר האָבן דאָ אָנגעמאַכט, האָבן זיך געלאָזט שנעל, שנעל מיטן גרעסטן אימפּעט צום פּאַרק צו.

צי איז דאָס בלויז די העפלעכקייט לגבי די אויסלענדער? ניין, דעם יאַפּאַנערס העפלעכקייט איז אַן אויסדרוק פון אינערלעכער קולטור, דאָס איז בשום אופן נישט די אויסערלעכע, ריין פאָרמעלע העפלעכקייט, די מאַניערן־העפלעכקייט, וואָס ווערט אויסגעלערנט דורך גוווערנאַנטקעס אין די אַריסטאָקראַטישע קרייזן אָדער וואָס ווערט אין בעסטן פאַל אַנטוויקלט ביי אונדז, ווי אַן אויסערלעכע קול־טור־געוווינהייט.

איך האָב געוווינט די גאַנצע צייט, כמעט אַ יאָר, ביי אַ יאַפּאַני־שער פאַמיליע אין קאָבע. דער באַלעבאָס, איטשי־יאָטי, איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ קאָלאָניאַל־געשעפט אין אָסאַקאָ, די פרוי האָט פון צייט צו צייט גענייט און געשטאָפּט קאָלדרעס און ציאַקאַלע — די 17 יאָריקע ציאַקאַלע, אַן אַדאָפּטירט מיידעלע, האָט זיך גע־לערנט אין אַ שול, וואָס האָט צוגעגרייט און געלערנט נייען קימאָ־נעס. פאַר אַ ביסל אָפּגעשפאָרט געלט האָבן זיי אַרענדירט אַ האַלב יאַפּאַניש און האַלב אייראָפּעיש הייזל און דאָס האָט זיי אויך צוגע־

טראָגן אַ ביסל פּרנסה. אַזעלכע אַרבעטער־פּאַמיליעס, דאָס איז דאַכט זיך דער דאָמינירנדיקער טיפּ צווישן דער יאַפּאַנישער שטאָטישער באַפּעלקערונג. דאָס לעבן פון דער דאָזיקער אַרבעטער־פּאַמיליע צייכנט זיך אויס מיט זייער אייגנטלעכן פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער, דאָ זענען נאָך נישט אַריינגעדרונגען די נייע „אינגליש"־מנהגים, ווי זיי רופן עס, דאָ איז נאָך אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעהיטן און איינגעהאַלטן דער אַלטער לעבן־שטייגער.

איך וויל זיך דאָ אָבער אומקערן צו דער אויבנדערמאָנטער יאַפּאַנישער העפלעכקייט. דאָ, דווקא דאָ, ביי דער דאָזיקער פאָלקסטימלעכער יאַפּאַנישער אַרבעטער־פּאַמיליע האָב איך קענען געלערנט די יאַפּאַנישע העפלעכקייט. און נישט נאָר דאָס, נאָר אויך פיל אַנדערע עכט מענטשלעכע, ווונדערבאַרע שטריכן פון יאַפּאַנישן פאָלקס־כאַראַקטער.

ביי דער דאָזיקער יאַפּאַנישער פּאַמיליע טאַקע האָב איך אָפּגעדונגען פאַר מיר און נאָך עטלעכע פריינד די אייראָפּעישע טייל פון הייזל, וואָס איז באַשטאַנען פון פיר צימערן. די אונטערהאַנדלונגען האָב איך געפירט דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ יאַפּאַנערין, וואָס האָט אַמאָל געאַרבעט אַלס ווירטין אין יאַפּאַנישן קאָנסולאַט אין טשעכיש פּראָג. זי האָט געקענט באַלאַקען אַ ביסל טשעכיש. איך פּויליש, זי טשעכיש, מ'האָט זיך צוביסלעך דורכגעשטופּט און פאַרשטאַנען. די צימערן זענען געווען אינגאַנצן ליידיק, איך האָב דעריבער פאַרהאַנדלט וועגן מעבל און אָפּגערעדט, אַז ביז 5 אַ זייגער נ"מ (געענדיקט פאַרהאַנדלען האָבן מיר 10 אינדערפרי) זאָלן מיר זיך קענען אַריינציען. פינף אַזייגער, אַז איך בין געקומען, האָט שוין די באַלעבאָסטע מיט ציאַקאַלען געוואַרט, ביידע צעשמייכלטע, — מיט צעשטראַלטע פּנימער. און אַז זיי האָבן נאָך דערזען, אַז אויך איך שמייכל, אַז איך בין, זעט אויס, צופרידן, זענען זיי געווען גליקלעך. אויפן ווונק פון דער מאַמען האָט ציאַקאַלע באַלד אַריינגעבראַכט די וואַזעס מיט די אייער־קיילעכלעך, אַ קליין טישעלע און אַ קריגל טיי מיט אַ פיינעם

העל־גרינעם סערוויז. מיר האבן זיך אלע אוועקגעזעצט אויף דער אויסגעשפרייטער מאטע. ציאקאלע האט אנגעגאסן טיי און דערלאנגט, זאגנדיק „פליעס”... דאס איז געווען דערוויל דאס איינציקע ווארט וואס מיר האבן אלע פארשטאנען, נישט מער, אבער ווער האט גע־דארפט מער ווערטער. מער האבן זיך אויסגעצייכנט פארשטאנען אן ווערטער. די צעשמייכלטע שטראלנדיקע פנימער, די מילדע ארא־געלאזענע אויגן, וואס האבן זיך נאר פון צייט צו צייט אויפגעהויבן שעמעוודיק און א קוק געטאן אויף דיר מיט אזוי פיל מענטשלעכער, מוטערלעכער און שוועסטערלעכער ווארעמקייט, האבן אפגעווישט יעדע פרעמדקייט... אונטער די ווארעמע בליקן זייערע איז צעגאנגען די טעמפע אפאטיע, די קאלטע הימלאזיקייט און עלנטקייט, די אב־געזאמלטע פארביטערונג. עפעס האט זיך אויפגעעפנט אונטערן לע־פעלע פון הארץ, ווארעם איז געווארן און אזוי מאדנע גוט און בענק־לעך... און מערקווירדיק — זיי האבן מיך פארשטאנען, זיי האבן גע־פילט, וואס איך לעב איבער, אין ציאקאלעס אויגן האבן זיך געוויזן טרערן און די מאמע האט געשאקלט מיטן קאפ.

## א צווייטע היים

פון ערשטן טאָג אָן איז ציאַקאָלע געוואָרן אונדזער ליבלינג, אונדזער ליב, האַרציק שוועסטערל. מיט די הונדערט ענגלישע ווערטער, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט אין שול און מיט איר איידל־קייט און סובטעלקייט, איז זי געוואָרן אונדזער פאַרמיטלערין מיט דער אַרומיקער וועלט, אונדזער איבערזעצערין און וועגווייזערין.

אַ קליינוויקסיקע און שמאַלינקע — האָט ציאַקאָלע נאָך אויס־געזען ווי אַ דערוואַקסן קינד. אַ ברייט געשניצט פּנים, אַ קליינער שטערן, אַ קורץ נעזל און אויגן... צוויי וואַרעמע, ליכטיקע אויגן, וואָס די גאַנצע וועלט מילדקייט און צאַרטקייט ליגט אין זיי. אַז ציאַקאָלע קוקט אויף אייך מיט אירע אויגן, פילט איר זיך אַ ביסל קרעמפּירט, איר מוזט ווערן פאַרזיכטיקער אין ווערטער און באַוועגונגען, אַזאַ אומשולדיקע קינדישע ריינקייט און אויפריכטיקייט שטראַלט אַרויס פון זיי.

אַ האַלבן טאָג איז ציאַקאָלע פאַרנומען אין שול, אַ גרויסע טייל פון צווייטן האַלבן טאָג ווידמעט זי אונדז. זי זאָרגט וועגן אונדז ווי אַ יונג שוועסטערל. אַז מיר קומען צוגיין פון גאַס, דערקענען מיר שוין, אַז ציאַקאָלע איז דאָ געווען. אין די וואַזעס גליען שוין די אייער־קיילעכלעך, וואָס פאַרשפּרייטן אַ ליבע וואַרעמקייט, אויף די טיש־לעך — קליינע בוקעטלעך בלומען, אין יעדן צימער אַנדערע. און ציאַקאָלע האָט ליב בלומען און האָט אַן אויסטערליש פיינעם גע־שמאַק פאַר פאַרבן־האַרמאָניע, יעדער בוקעטל — דאַכט זיך פשוט

און פראָסט, צוויי, דריי בלימלעך, קוקט מען זיך אָבער אויפמערק־זאַם צו — אַ פּרעכטיקע, זאַנפטע פאַרבן־האַרמאָניע. אויפן טישל פון ה׳ ה־ף שטעלט ציאַקאַלע כמעט שטענדיק אַוועק טונקל־גרויע בלימלעך, געשפּרענקלט מיט בלוי. אויף מיין פראַגע פאַרוואָס? זאָגט ציאַקאַלע, מר. פּ. בענקט שטאַרק, ער איז שטענדיק אומעטיק און פאַרטראַכט.

יאַפּאַן ווערט צוביסלעך אונדזער צווייטע היים. מענטשן זענען ווי קינדער, דאָרט ווו עס איז זיי גוט, וואַרעם און אַנגענעם, ווו זיי פילן זיך רואיק און באַשיצט, דאָרט ווערט זייער היים. נאָך לאַנגע חדשים נע־ונד זיין, נאָך שרעקפולע נעכט, ווען מען האָט מורא געהאַט דאָס אויג צו צומאַכן, ווען יעדער שאָרך אָדער רויש פון ווינט, אַ ראַץ אין וואַגט, אַן אָפּקלאַנג אין שויב האָט אָנגעפילט מיט שרעק, ווען שלאָפנדיק מיטן וואַנדערפּעקל צוקאָפּנס, האָסטו געזען די שווי־דערלעכסטע בילדער, ווי דיינע נאָענטע און ליבסטע קורטשען זיך פון צער און ווייטיק, פון פאַרביטערונג און בענקשאַפט דאָרט, ווייט אין די סיבירער מדבריות און טייגעס — איז יאַפּאַן פאַר אונדז גע־וואָרן נישט נאָר אַ היים, נאָר אַ געבענטשטע היים.

אין דער פרי ברענגט אונדז די באַלעבאָסטע אַריין דעם צוגע־גרייטן פרישטיק, זי שטעלט עס אַוועק אויפן טיש, אָבער זי גייט נישט גלייך אַוועק. ווי אַ מאַמע בלייבט זי שטיין מיט פאַרלייגטע הענט און קוקט, ווי מיר עסן, צי עס שמעקט אונדז, צי מיר ווילן נאָך עפּעס. צי דערמאָנט עס נישט אין דער היים, אין אונדזער מאַמען? באַלד אין דער פרי, ווען מיר שלאָפן נאָך, גרייט זי פאַר אונדז צו דאָס יאַפּאַנישע בעדל, אַז מיר זאָלן גלייך נאָכן אויפשטיין קענען זיך וואַשן. און אַלץ ווערט געטאָן אַזוי פּשוט, האַרציק און איבערגעגעבן.

פאַרנאַכט ווערט פאַר אונדז צוגעגרייט רייז מיט מילך. דאָס איז אַ מין פּשרה צווישן יאַפּאַן און אייראָפּע. אין אָנהייב האָט מען פאַר אונדז געגרייט רייז אויפן יאַפּאַנישן שטייגער, מיט פּאַפּריקע, גרעזלעך אָדער געטריקנטע פישלעך, האָט עס אונדז אָבער נישט גע־

שמעקט, איז געבליבן, אַז צו דער רייז זאָל מען צוגעבן מילך. און דאָס איז שוין געווען ציאַקאַלעס טאָגטעגלעכע אַרבעט.

און אַז עס איז געקומען פאַרנאַכט, האָבן מיר שוין אַלע גע־וואַרט און נישט אַזוי אויף דער רייז, ווי אויף ציאַקאַלען. פונקט ווי נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעטן און פאַרהאַוועט זיין אין גאַס, אין געשעפט, אין פאַבריק, גלוסט זיך אַהיים צו קומען וואָס גיכער, צו אייגענע, נאָענטע, זען זייערע ליבע פּנימער, הערן זיי רעדן און לאַכן, אַזוי האָבן מיר זיך נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרומדרייען זיך, וואַנדערן, אויס־פלוגן — פאַרבענקט אַ היים צו ציאַקאַלען. און ציאַקאַלע האָט דאָס געוווּסט און זי האָט געוואַרט אויף אונדז. אַ ריינע, אַ זויבערע, אַ צע־שמייכלטע איז זי שוין געשטאַנען ביים טויער און אונדז אויסגעקוקט.

און וואָס אַ טאָג אַן אַנדער סיורפּריז. איין מאָל זיצנדיק ביים אָוונט־ברויט, באַמערקן מיר, ווי ציאַקאַלע איז אומרואיק, זי האָט נאָך נישט פאַרענדיקט עסן (פאַרנאַכט־עסן און אָוונט־ברויט פלעגט זי עסן מיט אונדז) און וויל אַרויסגיין. מיר בעטן זי, אַז זי זאָל פריער אָפּעסן. זי באַרואיקט אונדז, אַז זי וועט באַלד צוריק אַריינקומען, אַז זי מוז אַרויס־גיין אויף אַ רגע. מיר וואַרטן אַ ווייל. אין דעם דערהערן מיר קלאַנגען פון מוזיק, עס גיט זיך א פראַל אויף די טיר פון צווייטן צימער און מיר דערזען אויפן טיש אַ פּאַטעפאָן, דאָס צימער ווערט אָנגעפילט מיט דער באַנגלעכער מוזיק פון טשייקאָווסקיס פּאַטעטישער סימפאָניע און ציאַקאַלע שטייט און שמייכלט... זי זעט אונדזער אָנגענעמע אי־בערראַשונג און שעפּט נחת. ווייזט זיך אַרויס, אַז זי האָט אָנגעזאַמלט אַ סענט צו אַ סענט, אָפּגעשפּאָרט און אויסגענוצט דאָס פריער אָפּגע־שפּאָרטע און געליען אויף אָפּנוץ־געלט אַ פּאַטעפאָן, מיט אייראָפּעישע פּליטעס, אַלץ פאַר אונדז, אַז מיר זאָלן האָבן הנאה.

און מיט וואָס דאַנקט מען איר אָפּ, דער טייערער ציאַקאַלען? עס ווילט זיך אַזוי שטאַרק מיט עפּעס אָפּדאַנקען, אָבער וועגן דעם טאָר מען אַפילו נישט טראַכטן. מען טאָר איר גאָר נישט דאַנקען, אַפילו מיט אַ וואָרט דערמאָנען וועגן א מתנה. זי ברענגט מיר אַמאָל אַ

באַרג־בלימעלע, אַ זעלטענעם עקזעמפּליאַר, אַ דורכזיכטיק בלוי בלי־מעלע, וואָס אין ליכט פון דער זון שטראַלט עס זיך אויס אין אַ רעגנ־בויגן פון קאָלירן. איך בין געריִרט, זי זעט דאָס און טוליעט זיך צו צו מיר און קוקט מיר מיט אַזוי פיל צאַרטקייט אין די אויגן. איך לייג איר פאָר, זי זאָל ביי מיר נעמען אַ ייִדן טיכל, וואָס איך האָב געקויפט פאַר איר אין טאָקיאָ. זי לאָזט אַראָפּ די אויגן פול מיט טרערן, איך האָב דערפילט, אַז איך האָב זי אין דעם מאָמענט באַ־לייִדיקט, איך האָב פאַרשוועכט אירע אײדעלסטע געפילן. פון דעמאָלט אָן האָב איך זיך אויסגעהיטן אפילו צו דערמאָנען אין אַזאַ זאַך.

אַזאַ איז זי שוין ציאַקאָלע, אַ בלימעלע, וואָס שטראַלט פון זיך אַרויס, מ׳טאָר זיך אָבער נישט גראָב צורירן. זי וויל איך נאָר פאַר־שאַפן נחת רוח און פרייד, אָבער פּרוווט נישט אָפּגעבן, אָפּדאַנקען, די סובטעלע ציאַקאָלע פילט דאָס ווי אַ ווולגאַריטעט, ווי אַ באַליידי־קונג.

מערקווירדיק זענען אירע שטימונגען און ליבע צו מוזיק.

איך לייען עפּעס, זי זיצט דערנעבן און העפּט. עס איז אָוונט־צייט. די שאָטנס רוקן זיך אַלץ מער אַריין אין צימער, נאָר אויף דער וואַנט אנטקעגן פענצטער שלאָגט נאָך אָפּ דער לעצטער אָפּשיין. איך דערהער אַ לייכטן קרעכץ, איך גיב אַ קוק, ציאַקאָלע זיצט, ווי אַ פאַרשטיינערטע, די הענט אַראָפּגעלאָזט, דאָס העפטעכץ אויפן טיש. איך קוק זיך נעענטער איין אין איר פּנים. איך ווער דערשטוינט, אַזאַ אויסדרוק אויף איר פּנים, האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען. אַזאַ גרענעצלאָזער אומעט, אַזאַ פיינלעכע בענקשאַפט. — וואָס איז דיר, ציאַקאָלע? — ריר איך זי אָן ביים אַקסל, — כ׳בענק, ענטפערט זי מיר קוים, פליסטערנדיק שטיל... איך וויל זי נאָך פרעגן, זי גיט אַ שוואַכן, זאַנפטן מאַך מיט דער האַנט און איך דערפיל, אַז יעדער וואָרט, יעדער הויכער קלאַנג שאָקיר׳ט זי, טוט איר וויי, ווי אַ שאָטן הייבט זי זיך אויף, גייט פּאַמעלעך אַרויס. באַלד דערהער איך פון איר צימער די קלאַנגען פון „אַווע מאַריאַ". די רירנדיקע קלאַנגען פון

דער מוזיק צעגיסן זיך אין דער שטילקייט פון אָוונט און אַלץ ווערט אָנגעזאַפּט מיט אומעט און נאָגנדיקער בענקשאַפט. ציאַקאַלע שטייט דאָרט אויבן ביים פענצטער, די אויגן אירע געווענדעט אין דער ווייט־קייט פון דער פינצטערער נאַכט. נאָך וועמען בענקט זי? וואָס טוט זיך דאָרט אין דעם קליינעם צאַפּלדיקן הערצעלע?...

פאַרזונקען אין אומעטיקע געדאַנקען, אַ צעוויטיקטער פון איי־גענער בענקשאַפט, בין איך אַזוי געזעסן אין דער פינצטער און ביס־לעכווייז פאַרגעסן אין אַלץ אַרום. פלוצלינג דערפיל איך, ווי אַ צאַרט וואַרעם הענטל נעמט מיך אַרום ביים האַלדז. איך כאַפּ זיך אויף און גיב אַ ציטער. ציאַקאַלע שטייט לעבן מיר און פליסטערט שטיל: זיי מוחל, אַ בענקשאַפט אַזאַ האָט מיך אָנגעכאַפּט, ס'איז שוין אַריבער. זי האָט אָנגעצונדן ליכט. אַן אַנדער ציאַקאַלע, אַ פריילעך צעשמייכלט פנימל, ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען.

אין דער קימאָנע־שול, וווּ זי אַרבעט, לערנען זיך אַ סך מיידלעך. דאָס איז אייגנטלעך אַ שול און אַן אַרבעטס־וואַרשטאַט. די שילער זענען דאָרט פאַרנומען פון 8 פרי ביז 5־6 אין אָוונט. פאַרן לערנען צאָלט מען, פאַרשטייט זיך, געלט. נאָכן אויסלערנען זיך, דאַרף מען נאָך אָפּאַרבעטן אַ לענגערע צייט, דאַכט זיך צוויי יאָר. די שול מאַכט, זעט אויס, גאַנץ גוטע געשעפטן אויפן חשבון פון די שילער. ווען מען קאָן גוט די מלאכה, האָט מען דאָס רעכט צו פאָדערן עפּעס געלט, אָבער ווייניק געלט, עס פּאַסט נישט, זאָגט ציאַקאַלע. די סאַמע אָרעמסטע בעטן. די פאַרמעגלעכערע אַרבעטן נאָך אפילו מיט זייערע מכשירים. ציאַקאַלע גייט גערן אין שול, ווייל דאָרט, זאָגט זי, איז זייער פריילעך. מען שטיפט, מען פּלאַפּלט און מען לאַכט. די

לערער האלטן זי פאר דער גרעסטער שטיפערין, זיי מאכן זיך שטרענג, אבער זי פילט, אז זיי האבן זי ליב. די לערער ווילן זי פארהאלטן וואס לענגער אין שול, ווייל זי האט א זעלטענעם געשמאק און א פיינעם ראפינירטן חוש פאר פארבן־קאמפאזיציעס.

נישט אלע זענען גליקלעך, דערציילט מיר ציאקאלע, צווישן די עלטערע שילערינס זענען דא פיל, וואס פירן האפנונגסלאזע ליבעס, הינטערן וויסן פון די עלטערן. זיי גייען ארום אומעטיקע, פילן זיך בסדר שלעכט, ארבעטן מיט אומגעדולד. זיי וועלן פארענדיקן זייער לעבן מיט „יאשי"*). עס זענען אויך דא צווישן די ארעמע שילערינס טובערקולאז־קראנקע. במשך פון דער צייט (דריי יאר) וואס זי לערנט זיך, זענען געשטארבן פון טובערקולאז ניין אירע חברטעס. (פון די זעלביקע קלאסן אין וועלכע זי האט זיך געלערנט)

*) ליבעס־טויט און זעלבסטמארד.

# דאָס יאַפּאַנישע פאַמיליע־לעבן

זייער פיל איז געשריבן געוואָרן וועגן דער פאַרשקלאַפונג פון דער יאַפּאַנישער פרוי. אין פלוג, אויבנאויפיק זעט עס אַזוי אויס, אָבער עס איז נישט אין גאַנצן ריכטיק. ווען מען קוקט זיך צו צו דער יאַפּאַנישער פרוי אין דער גאַס אין ,קאַפע, אין צוג, מיט איין וואָרט — אין דער עפנטלעכקייט, שאַפט זיך אַזאַ איינדרוק. זעלטן זעט מען זי אין דער געזעלשאַפט פון מאַן. אין קינאָ קומט זי אַליין, אין קאַפע אויך אָפטער אַליין, זי האַלט זיך שטיל, ווי אונטערטעניק, יעדנפאַלס אַזאַ איינדרוק מאַכט עס אויף אונדז, אייראָפּעער, וואָס זענען צוגעוווינט צו דער צעטומלטקייט, שרייעוודיקייט פון אונדזערע פרויען. נאָך בולטער ווערט די איינגעהאַלטנקייט און מכלומרשטע אונטערטעניקייט פון דער יאַפּאַנערין, ווען זי געפינט זיך אין דער געזעלשאַפט פון מאַן. אויף דער גאַס גייען זיי זעלטן צוזאַמען אין איין רייע. ער גייט פאָרויס, זי הינטער אים, אָפט נאָכטראָגנדיק דאָס קינד אויף דער פּלייצע. אין קאַפע זיצט מען שווייגנדיק, אויב רעדן, רעדט ער, דער מאַן, זי ענטפערט נאָר אויף זיינע פראַגן אָדער שאָקלט צו מיטן קאָפּ. אין טראַמוויי, אין צוג לאָזט מען זי נישט אַריין פריער, שוין אָפּגערעדט, אַז מען טרעט איר נישט אָפּ דאָס אָרט.

אין אמתן איז זי אָבער גאָר נישט אַזוי פאַרשקלאַפט. די דערמאָנטע ריין אויסערלעכע טראַדיציאָנעלע באַציונגען און פאַרהעלטענישן דאָמינירן אבסאָלוט נישט און באַווירקן לגמרי נישט די אינערלעכע באַציונגען אין פאַמיליע־לעבן, זיי ווירקן אויך נישט אויפן

זעלבסטבאַוווּסטזיין און זעלבסטגעפיל פון דער פרוי. אין שטוב, אין אייגנטלעכן פאַמיליע־לעבן זענען די באַציונגען צווישן מאַן און פרוי גלייכע און מענטשלעכע. די יאַפּאַנערין איז די געטרייסטע פרוי אין דער וועלט און די איבערגעגעבנסטע מאַמע. און דער מאַן פילט דאָס און ווייסט דאָס אָפּצושאַצן. דעם יאַפּאַנער, אי פרויען, אי מענער, איז אינגאַנצן פרעמד די אויסערלעכע צערטלעכקייט און סענטימענטאַל־קייט. פּרווו עס אַרויסווייזן אַ יאַפּאַנישער פרוי, ווערט זי, יעדנפאַלס אין ערשטן מאָמענט, צעטומלט און דערשראָקן.

זי באַדינט אים מיט ליבשאַפט, שעפּט נחת, אַז ער איז צופרידן פון די דערלאַנגטע מאכלים. ער הייבט אָן עסן אַליין, וואַרט אָבער מיט אומגעדולד, ביז זי זעצט זיך אויך אַוועק און עסט. און דאָ, אין שטוב ביי זיך, שווייגט מען שוין גאָרנישט. מען רעדט, מען שמועסט געמיטלעך און מען לאַכט. ער דערציילט פון זיין אַרבעט, פון זיינע באַקאַנטע, זי וועגן אירע שכנים און ס׳איז נישטאָ קיין סימן פון דער אויסערלעכער שטייפקייט און אָנגעצויגנקייט. עס קומען אָפט מאָל אַריין די שכנים, וועלכע מען נעמט שטענדיק אויף מיט דער גרעס־טער העפלעכקייט און מען איז זיי מכבד מיט אַלץ וואָס מען האָט נאָר, קודם כל מיט טיי.

אויב מענטשן וואַרעמט אַן אייגן ווינקעלע, איז דער אידעאַל פון אַן אייגן ווינקעלע אַ יאַפּאַנישע דירה. די הויפּט־עלעמענטן — זויבערקייט, ליכטיקייט און קלאָריט. קודם כל נישטאָ קיין מעבל — העכסטנס אַ קליין שענקעלע, אַ וואַנט־שענקעלע אין דער זייט. דאָס וואָס איז יאָ פאַראַן אין יעדער יאַפּאַנישער וווינונג איז אַ קליין בימהלע פאַרן קינדער־גאָט, וועלכן מען דערלאַנגט יעדן אָוונט און פרימאָרגן אַביסל רייז און וואַסער. בלומען־וואַזאַנעס און קוילן־וואַ־זעס. די ווענט פאַרנירטע, העל אָדער טונקל־ברוין, אָפט מאָל טונקל־גרין, אויף דער ערד — העלע מאַטעס, אין דער זייט — קישעלעך. אַזאַ צימערל איז שטענדיק גערוים און אָנגעפּילט מיט לופט און ליכט. אין אַן אָפּגעזונדערטן, זייטיקן צימער שטייען קופערטס, אין

װעלכע עס ליגן די װינטער־קאָלדרעס און די קימאָנעס, דאָס הייסט אייגנטלעך, די מלבושים.

די אַזוי באַרימטע יאַפּאַנישע טיי־צערעמאָניע איז ביים פּשוטן פאָלק פאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַ פאָרעם פון גאַסט־פריינדלעכקייט. װען עס קומט עמיצער אַריין, צי דאָס איז אַ גאַסט, אָדער אַפילו אַ שכנטע, װאָס דרייט זיך אַריין און אַרויס עטלעכע מאָל אין טאָג, װערט באַלד אויפגעקאָכט טיי און מען איז מכבד. די טיי טרינקט מען שטיל־שװייגנדיק און ערנסט. און אַז אַלע טרינקען אָפּ, הייבט מען ערשט אָן צו שמועסן. די העפלעכקייט און גאַסטפריינדלעכקייט דערגייט אָפּט מאָל צו קוריאַזיטעט. מיין באַלעבאָסטע איז איינמאָל אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, זי האָט געדאַרפט אװעקפאָרן אין דער שכנותדיקער שטאָט צו אַ קראַנקער שװעסטער, זי האָט געהאַט װינציק צייט צום צוג, װאָס שליסט זיך מיט זייטיקע צוגן, װאָס פירן אין יענעם שטעטל. זי האָלט שוין דאָס רייזע־פּעקעלע אין האַנט צום גיין. קומט אַריין די שכנטע און הייבט עפּעס אָן צו דערציילן. די באַלעבאָסטע שמייכלט, האַלט רואיק אונטער דעם שמועס, בעט זי זיצן און נעמט פאַרקאָכן טיי. מיין געדולד האָט געפּלאַצט און איך האָב איר דערמאָנט, אַז זי װעט פאַרשפּעטיקן דעם צוג. צומאָרגנס האָט זי מיר אויפמערק־זאַם געמאַכט, אַז איך האָב זיבער באַליידיקט די שכנטע. זי אַליין אָבער האָט טאַקע פאַרשפּעטיקט דעם צוג און געמוזט װאַרטן ביז נאָך מי־טאָג אויף אַ צװייטן.

די יאַפּאַנישע פרוי איז אַליין לחלוטין װייט, נישט אַזוי דער־װייטערט, פון עפנטלעכן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן. זי איז װייט הינטערשטעליק לגבי דעם מאַן אויף אַלע געביטן און דאָס האַלט נאָך מער אונטער די אויסערלעכע מאַן־הערשאַפט, די דיס־טאַנץ צװישן מאַן און פרוי אין אויסערלעכן לעבן. פאַרשטייט זיך, אַז אין די ברייטע פאָלקס־שיכטן איז דער אונטערשייד אין בילדונג און אַנטװיקלונג נישט אַזוי גרויס און די דיסטאַנץ, אויב אַזאַ איז פאַראַן, אַ פיל קלענערע. אָבער אויך די פּראָגרעסיװע פרויען, װי למשל די

סטודענטקעס, ווייזן נישט אַרויס קיין גרויסן אינטערעס צום געזעל־שאַפטלעכן לעבן און שטרעבן גאָרנישט צו באַזונדערע רעכט אָדער ענדערונגען אין זייער לאַגע. „די יאַפּאַנישע סטודענטקעס, — זאָגט מיר מיין באַקאַנטער אַרטיסט־מאַלער, אַן אַבסאָלווענט פון דער טאָ־קיער קונסט־אַקאַדעמיע, — לערנען זיך גוט, זענען ערנסט און אַר־בעטזאַם און זייער שטרעבונג איז צו ווערן געטרייע פרויען און אי־בערגעגעבענע מאַמעס"

אַז מיין באַלעבאָס פאַרבעט זיינע פריינד אויף טיי און „סאַקאַ" און מען שמועסט פּאָליטיק, קומען אַריין די באַלעבאָסטע און ציאַ־קאָלע צו מיר אין צימער און שמייכלען זאָגנדיק: „יאַקאַמאַשע, יאַקאַ־מאַשע" ד"ה אַ טומל, אַ קאָפּדרייעניש. „יוטאַ, יוטאַ", מ'רעדט, מ'פּלוידערט. ס'פאַרשטייט זיך, אַז זיי וועלן דאָס נישט וואגן צו זאָגן הויך פאַר די מענער, אָבער אַזוי איז זייער באַציונג.

די דויערהאַפטיקייט און פּערספּעקטיוון פון אַ פאַלק זענען אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק פון זייער באַציונג צום קינד, אָבער נאָך מער פון דעם אופן, ווי אזוי עס ווערט רעאַליזירט די דאָזיקע באַציונג, צי ווערט די דאָזיקע באַציונג אַ צילבאַוווסטער נאַציאָנאַלער פאַק־טאָר אין לעבן פון פאָלק. אין יאַפּאַנישן פאַמיליע־ לעבן שפּילט דאָס קינד זייער אַ וויכטיקע ראָל און אפשר די הויפּט־ראָל. דאָס קינד איז אַלץ, עס באַרעכטיקט בכלל דאָס פאַמיליע־לעבן. אין דער קינדער־לאָזער פאַמיליע איז די לאַגע פון דער פרוי מער ווי טראַגיש — האָפּענונגסלאָז, זי פילט זיך אומווירדיק און נישט באַרעכטיקט צום לעבן. די יאַפּאַנערין דערפילט זיך ווי אַ פרוי ערשט דאַן, ווען זי ווערט אַ מאַמע. קינדערלאָזיקייט באַרעכטיקט דעם מאַן צו גטן זיך אָדער איינצולאַדן נאָך אַ פרוי צו געבוירן קינדער. דאָס קינד ווערט, פאַרשטייט זיך, געקאַרמעט אויסשליסלעך דורך דער מוטער און דאָס — אַ גאַנץ לאַנגע צייט, אַפילו ביז פיר יאָר.

דאָס געבוירן ווערן פון קינד ווערט באַגעגנט מיט דער גרעס־טער פרייד, איבערהויפּט דורך דער יונגער מאַמען, ווייל איר גאַנץ

װײַטערדיק לעבן איז אָפּהענגיק דערפֿון. גאָר גרויס איז די שׂמחה, אַז עס ווערט געבוירן אַ ייִנגל, עס איז נישט נאָר אַ שׂמחה, נאָר אַ גרויסער כּבוד און ליבעסווירדיקע מתּנה פֿון גאָט אַליין, וועגן וועל־כער מען דאַרף אָנזאָגן דער וועלט, איבערהויפּט די שכנים. איינמאָל, אַרויסגייענדיק פֿון שטוב, האָב איך, פֿון הויף אנטקעגנאיבער, געזען אַרויסשטאַרטשען אַ הויכן, מאַסטאַרטיקן דינעם סלופּ, אויפֿן שפּיץ איז געווען פֿאַרצויגן אַ נעץ פֿון שטריקלעך, אויף וועלכע עס האָבן גע־פּלאַטערט פֿישעלעך, ענלעכע צו קאַרפּן, אויסגעשניטענע פֿון אַ מין קאָלירטן שטאָף. אויף מײַן פֿראַגע, וואָס איז דאָס אַזוינס, האָט מיר ציאקאַלע דערקלערט, אַז נעכטע בײַנאַכט איז ביים שכן געבוירן גע־וואָרן אַ ייִנגל, געפּלאַטערט האָבן פֿיר פֿישעלעך, ד״ה אַז אין דער גליקלעכער שטוב איז געבוירן געוואָרן דאָס פֿערטע ייִנגל. פֿאַרוואָס עפּעס קאַרפּן־פֿישעלעך? ווײַל קאַרפּן זענען ענערגיש און מוטיק, זיי שווימען קעגן שטראָם. דאָס ווינטשט מען זיך אַזוי, אַז אויך די ייִנג־לעך זאָלן אויסוואַקסן ענערגישע און מוטיקע.

מען קען זאָגן, אַז יאַפּאַן איז פֿאַר קינדער אַן אמתער גן־עדן. דאָס קינד ווערט געליבט און געצערטלט דורך אַלע, מען ווײַזט עס אַרויס די גרעסטע אויפֿמערקזאַמקייט. דער פּאָטער אפֿילו באַציט זיך צום קינד אויפֿמערקזאַמער, שוין אָפּגערעדט, אַז צאַרטער, ווי צו דער פֿרוי. דאָס קינד מעג זיך באַוועגן פֿראַנק און פֿרײַ אומעטום, אפֿילו אין מיטן גאַס, ווו סאיז אַ שטאַרקע באַוועגונג. אַלע און אַלץ טרעט אָפּ פֿאַרן קינד. די טאַקסיס ליאַרעמען נישט, דער שאָפֿער וועט נישט וואָגן צו שרײַען. אָדער ער מײַדט זיי אויס, אָדער ער שטעלט אײַן גאַנצן אָפּ די טאַקסי. גאַנצע מחנות קינדער שפּילן זיך אויף די גאַסן אין קלאַסן, וואָס זיי צייכענען אָן אויף דער גאַס גופֿא, ווײַל ביי די שטיבער זענען קיין הייף נישטאָ. דער איינציקער פֿרייער שטח פֿאַרן קינד צום שפּילן איז די גאַס. איך האָב, למשל, געזען אַזאַ בילדל. אַ שאָפֿער האָט געזאָלט אדורכפֿאָרן אַ שמאָל געסל, די קינדער האָבן זיך געשפּילט, ער האָט אָנגעהויבן סיגנאַליזירן און לייכטער פֿאָרן, זיי

האָבן זיך אָבער אפילו נישט אומגעקוקט אויף אים. ער האָט געמוזט זיך אָפּשטעלן, אַרויסגיין און אויפקלערן זיי, אַז ער מוז אדורכפאָרן, ווייל ער קען נישט אויסדרייען אויף צוריק צוליב דער שמאָלקייט פון דער גאַס. ערשט דאן האָבן זיי זיך אָפּגעריסן פון דער שפּיל און געמאַכט אַ פרייען פּלאַץ אויף אדורכצופאָרן. די מאַמעס זענען געשטאַנען ביי די טירן און געשמייכלט, די קינדער האָבן פריילעך געלאַכט און געפּאַטשט מיט די הענטלעך און דער שאָפער א צעשמייכלטער האָט מיט איין האַנט זיי געזעגנט און מיט דער צווייטער פאַמעלעך סיגנאַליזירט.

אָבער נישט לאַנג געדויערט דער דאָזיקער גן־עדן פאַרן יאַפּאַנישן קינד. דאָס יאַפּאַנישע קינד ווערט זייער פרי איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט, איבערהויפּט די מיידלעך. ביז מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרן לעצטן קריג זענען נאָך די עלעמענטאַר־שולן געווען אָרגאַניזירט נאָר פאַר 10 יעריקע קינדער, די יינגערע קינדער האָט מען געקענט פריי קאָנטראַקטירן צו דער אַרבעט. היינט פאַרפליכטעט שוין דאָס שול־געזעץ פון 6־7 יאָר אָן אַזוי, אַז די קינדער־אַרבעט האָט געמוזט באַדייטנדיק רעדוצירט ווערן. דערפאַר אָבער פאַרגרעסערט זיך בסדר די אַרבעט־באַטייליקונג פון דער יוגנט, איבערהויפּט פון מיידלעך, וואָס מאַכן אויס אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן אַ באַדייטנדיקן פּראָצענט, אַ פיל גרעסערן פון די יינגלעך.

# די יאַפּאַנישע מיידלעך

מיר איז שוין אויסגעקומען צו רעדן וועגן די יאַפּאַנישע מיידלעך. ווי געזאָגט רעקרוטירט זיך פון זיי אַ גרויסער טייל פון דער יאַפּאַנישער אַרבעטערשאַפט, זיי געבן אפשר דעם גרעסטן צושטייער צו די קאמפּס־מעגלעכקייטן פון דער יאַפּאַנישער ווירטשאַפטלעכער עקספּאַנסיע אין דער וועלט. און מערקווירדיק זענען די דאָזיקע יונגע אַרבעטערינס, זיי פילן גאָרנישט זייער שלעכטן גורל. זעלטן, זעלטן, אַז זיי זאָלן זיך קלאָגן אויף זייער שווערן לעבן. אויף אַלץ ענטפערן זיי מיט דעם „יאַראָסי״, ס׳איז גוט — הייסט עס. ציאַקאַלעס א חברטע האָט געאַרבעט אין אַ פאַבריק אין אָסאַקאַ. זי האָט אויך געוווינט אין דער פאַבריק, די יאַפּאַנישע אַרבעטער־מיידלעך פאַרלירן די פרייהייט זייערע מיטן אָנהייבן די אַרבעט. זיי טאָרן נישט אַרויסגיין פון די מויערן פון דער פאַבריק אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש. זיי שלאָפן אין גרויסע זאַלן, וואָס זענען איינגעטיילט אין קלענערע צימערן, אין וועלכע עס שלאָפן צו 5־6, יעדע איינע האָט זיך איר באַזונדער געלעגער. פאַרשטייט זיך, אַז עס פעבלט די ריינקייט און זויבערקייט. עס זענען אויך פאַראַן בעדלעך, די אַזוי גערופענע יאַפּאַנישע בעדלעך, און ספּאָרט־פּלעצער, ווו עס ווערט איין אָדער צוויי מאָל אַ טאָג געמאַכט גימנאַסטיק. „מיין חברטע — דערציילט מיר ציאַקאַלע — האָט נאָך אָפּצואַרבעטן צוויי יאָר, איר פאָטער האָט זי פאַרקאָנטראַקטירט אויף 5 יאָר, האָט זי שוין דריי יאָר אָפּגעאַרבעט. זיי זענען זייער אָרעם, דער פאָטער האָט אמאָל געהאַט אַ רייז־פעלד, האָט ער זיך צוליב די שטייערן שטאַרק פאַרחובהט און אַוועקגעגעבן די נחלה,

היינט איז ער אַ פּאַרט־אַרבעטער, ער פאַרדינט אָבער ווינציק, ווייל ער איז נישט געזונט, ער ליידט פון אַ שווערן כראָנישן בראָנכיט. זי וויל גאָרנישט, אַז דער אַרבעטס־טערמין זאָל זיך ענדיקן, ווייל וואָס וועט זי ווייטער טאָן". צואַסיאַ, איר חברטע, הערט זיך צו, ווי ציאָ־קאָלע דערציילט מיר וועגן איר לעבן, און זי שמייכלט... וויפל אומעט, טיפער אומעט, אָבער צוזאַמען דערמיט אַזויפיל מילדקייט, נאָכגי־ביקייט אין דעם דאָזיקן שמייכלען.

איך פרעג ציאקאלען, צי ברעכן נישט אויס קיין שטרייקן אין די פאַבריקן, צי פּראָטעסטירט מען נישט, וואָס מ'האַלט דאָרטן אַרעס־טירט, פאַרמאַכט. ביידע לאַכן, זיי קענען דאָס גאָרנישט פאַרשטיין, מיט גרויס מי און שוועריקייטן גיט זיך מיר קוים איין זיי אויפצו־קלערן, וואָס איך מיין. ביידע קריגן ערנסטע פּנימער און ציאָקאָלע זאָגט מיר שטיל: „נאָ, יוטא", איך זאָל נישט רעדן, ד"ה איך זאָל עס גאָרנישט ברענגען פאַרן מויל.

קיין בעסערער נאָכגיביקער אַרבעטס־עלעמענט, ווי די יאָפּאַ־נישע פרוי קען גאָרנישט זיין. אַזוי ווי די נאַטור וואָלט זי דערצו באַ־שאַפן. פון קינדווייז אָן לערנט זי זיך זיין געהאָרכזאַם, באַהערשט און הכנעהדיק. אין אַ גאָר גרויסער מאָס ווירקט דאָ מיט דאָס כסדרדיקע פאַוואָריזירן די ייִנגלעך פון געבוירן אָן. מען לערנט זי זיין איינגע־האַלטן, נישט אָנהייבן פריער רעדן, ענטפערן העפלעך. אויב זי האָט עפּעס אָפּצוווענדן, דאַרף זי עס מאַכן הכנעהדיק, זי דאַרף אָבער פון פאָרויס אויף אַלץ מסכים זיין, אַזוי איז פיינער און אָנשטענדיקער.

און דאָך איז זי אינערלעך נישט פאַרשקלאַפט, ווייל די אַלע גע־וווינהייטן זענען איר נישט ברוטאַל אָנגעוואָרפן געוואָרן, מ'האָט זי גייסטיק נישט באַצווינגען, זיי זענען אין אַ געוויסער מאָס אַפילו אין איינקלאַנג מיט אירע כאַראַקטער־שטריכן. זי איז פון דער נאַטור מילד, שטיל, איינגעהאַלטן און לחלוטין נישט אַגרעסיוו. זי שמייכלט שטענדיק און דאָס מאַכט זי מענטשלעך, נאָענט און אָפטמאָל רייצנ־דיק. מעגלעך, אַז דער שטענדיקער שמייכל קומט אמאָל אויס מאָדנע,

אַפילו נאַריש, איבערהויפּט ביי די אָרעמסטע און דערשלאָגנסטע פון פוקאַגאַווע, האַניאַ און נאַגאַיאַ*) אָבער בכלל איז אוממעגלעך נישט באַצויבערט צו ווערן פון דאָזיקן שמייכל.

אָפּטמאָל אָבער דריקט דער דאָזיקער שמייכל אויס טיפן ווייטיק, צער און פאַרבאָרגענעם פּראָטעסט. דער שמייכל איז דאָן, ווי אַ פאָרהענגל, צו פאַרשטעלן דאָס, וואָס זי לעבט איבער אין די טיפענישן און פאַרבאָרגענישן פון דער נשמה. פון אַ שמועס מיט ציאָקאַלען איז דאָס מיר קלאָר געוואָרן און עס איז מיר אויך קלאָר געוואָרן די בענקשאַפט־שטימונגען, וואָס באַפאַלן זי מיט אַזאַ האַסטיקייט פון צייט צו צייט און אַפילו גאַנץ אָפט.

ציאָקאַלעס מוטער איז יונגערהייט געשטאָרבן, ציאָקאַלע איז דאַן אַלט געווען 10 יאָר. זי געדענקט נישט און ווייסט נישט געווי פון וואָס זי איז געשטאָרבן. מ'זאָגט, אַז זי איז קראַנק געווען, אָבער איך מיין, — זאָגט ציאָקאַלע, מיט אַ ציטערדיקער שטים — זי איז אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט. דער טאַטע איז געווען אַ מאָלער, ער האָט אָבער נישט געאַרבעט אויף צו פאַרדינען, זעלטן איז ער געווען אין שטוב, ער פלעגט אַרומוואַנדערן אין די בערג גאַנצע וואָכן. אַז ער פלעגט צוריקקומען, האָט די מאַמע אים גאָרנישט געזאָגט, נאָר זי איז געווען אַזוי אומעטיק, די אויגן אירע האָבן געקוקט אויף מיר מיט אַזאַ טרויער, אַז איך פלעג אַרויסגיין פון שטוב, אַוועקלייגן זיך לעבן קאַרשן־ביימל און וויינען אין זיך. ביסלעכווייז איז געוואַקסן אין מיר דער אומווילן צום טאַטן, הגם איך האָב נישט געזען און נישט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ שלעכטס ער טוט. איך האָב אָבער גוט געפילט, אַז ער איז שולדיק אין דער מאַמעס אומגליק. זי האָט אויפגעהערט לאַכן און שמייכלען, זעלטן אָנגעטאָן די יום־טובדיקע קימאָנע, און צווישן די איבעריקע שכנטעס האָט זי אויסגעזען, ווי אַ לעבעדיקער שאָטן. פאַרשטייט זיך, אַז די שכנטעס האָבן נישט גע־

---

*) אָרעמסטע אַרבעטער־קוואַרטאַל אין טאָקיאָ

וואָגט צו באַשולדיקן דעם טאַטן, איז אויסגעקומען, אַז די שולדיקע איז די מאַמע.

און ציאַקאַלאָס מאַמע איז נישט די איינציקע. א סך אַ סך יאַ־פּאַנישע פרויען, איבערהויפּט די יוגנט אין די לעצטע צענדליקער יאָרן, בונטעווען זיך קעגן פיל פאַרגליווערטע מנהגים פון יאַפּאַנישן לעבנס־שטייגער. זיי באַפרידיקט נישט די איינגעהאַלטענע קאַלטע העפלעכקייט, זיי בענקען נאָך מער וואַרעמקייט און צאַרטקייט. די געוואַלטיקע אַנטוויקלונג פון די יאַפּאַנישע שטעט, די גרויסע פרויען־קאָלעקטיוון אין די פאַבריקן, דער עיקר אָבער די אַלץ וואַקסנדיקע צאָל פון דער שטודירנדיקער יוגנט, וועלכע ווייזט אַרויס אַ געוואַל־טיקן אינטערעס פאַר דער מערב־אייראָפּעישער קולטור — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אויפגערודערט און אויפגעטרייסלט דאָס פון דור־דו־רות סטאַביליזירטע און וועגעטירנדיקע נשמה־לעבן פון יאַפּאַנער. עס איז כדאי אָנצווייזן אויף אַזאַ פּרט, ווי די שטאַרקע ליבע צו דער אייראָפּעישער מוזיק, איבערהויפּט צו דער קלאַסישער. בעטהאָווענס ביוסט קען מען באַגעגענען אין יאַפּאַן, דאַכט זיך, נישט ווייניקער ווי די בודאַס.

מיר איז אויסגעקומען צו באַזוכן אין טאָקיאָ, אין יאָקאָהאַמאַ און אין קאָבע צווישן אַנדערע אויך די ווייניק באַקאַנטע צווישן אייראָפּעער, אָבער זייער מערקווירדיקע מוזיק־קאַפעען. זיי געפינען זיך נישט דווקא אין די הויפּט־גאַסן, מערסטנטייל אין די זייטיקע גאַסן און אַפילו געסלעך. קליינינקע יאַפּאַנישע קאַפעען אָן שום אויסערלעכע עפעקטן. באַלד ביים אַריינגאַנג ווערסטו איבער־ראַשט פון דער אייגנאַרטיקער שטילקייט, איך זאָג אייגנאַרטיקער, ווייל אין ערשטן אויגנבליק, זעט עס באמת אויס מאָדנע. ביי אַלע טישלעך זיצן מענטשן און ס'איז שטיל, קיין שאָרך, קיין פּיפּס... פאַר־נעמסט שטיל אַן אָרט און ווערסט באַלד מיטגעריסן מיט דער שטי־מונג. אַ רגע קוקסטו זיך צו מיט פאַרוווּנדערונג צו די אומגעהייער ערנסטע און קאָנצענטרירטע פּנימער, באַלד אָבער ווערסטו ווי איינער

פון זיי און הערסט זיך שוין איין צו דער פּרעכטיקער, מאָנומענטאַ־לער מוזיק פון באַכן, אָדער צו דער מאַיעסטעטישער און שטורמישער מוזיק פון בעטהאָווענס ניינטער סימפאָניע. אַ הייליקע שטילקייט אַרום, קיינער באַאומרואיקט דיך נישט, קיין שום זאַך רייסט נישט איבער דיין דערהויבענע שטימונג און אינערלעכע עקזאַלטאַציע.

ס'רוב באַזוכער פון די דאָזיקע קאַפעען זענען סטודענטן און אַרטיסטן. די זעלביקע פּנימער איז מיר אויסגעקומען אָפט מאָל צו באַגעגענען אין קאַנדי־קוואַרטאַל, ווו עס געפינען זיך די ריזיקסטע בוך־האַנדלונגען און ביכער־לאַגערן. אין פאַרשידענע צייטן פון טאָג איז מיר אויסגעקומען צו זיין, און שטענדיק זענען די ריזיקע זאַלן געווען איבערפולט מיט יונגע מענטשן, וואָס האָבן געבלעטערט, געלייענט און נאָטירט. איך האָב זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט. אַ גאַר גרויסער טייל האָבן געהאַלטן ביכער אין דער ענגלישער שפּראַך, אַרי־גינעלע און איבערזעצונגען. איינער, אַ סטודענט זעט אויס, נאָטירט פון עמערסאָנען. איך האָב געזען בלעטערן סווענען, גאַלסוואָרטין, צווייגן, ניטשען, בערגסאָנען, טאָלסטאָיען, דאָסטאָיעווסקין א"אַ.

עס איז אָן שום ספק, אַז די אייראָפּעישע ליטעראַטור, קונסט און מוזיק האָט געהאַט און האָט נאָך אַלץ אָן אומגעהייערן איינפלוס אויפן פּסיכישן און עמאָציאָנעלן לעבן פון דער יאַפּאַנישער אינטע־ליגענץ. עס איז נאָך, פאַרשטייט זיך, גאַנץ ווייט צו רעוואָלוציאָנערע אויפברויזן, דערווייל קומט צום אויסדרוק די אינערלעכע אומצופרי־דנקייט אין אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער און פּאַסיווער פאָרעם.

אַז ציאַקאַלע וויל מיר אויפקלערן, אַז די אָדער יענע באַקאַנטע אירע, פרויען אָדער מענער, זענען אומצופרידן פון זייער לאַגע, פון זייער לעבן, זאָגט זי „ברוסי" — זיי בענקען, הייסט עס. דאָס בענ־קען איז אַ מין אייגנאַרטיקער עלעמענט אין עמאָציאָנעלן לעבן פון יאַפּאַנער, עס איז ווי דער פּאָקוס פון אַלע עמאָציעס. אַלע אינער־לעכע איבערלעבונגען, געפילן, עמאָציעס עמאַנירן זיך פון בענקשאַפט געפיל. די שאַרפסטע פאַרביטערונג, דער שטאַרקסטער כעס און פיינ־

לעכסטע באַליידיקונג, לעבן זיך אויס אין בענקשאַפט. ציאַקאַלע איז א מאָל באַליידיקט געוואָרן דורכן שול־פּאַרוואַלטער, אהיים קומענדיק איז זי אַריין צו זיך אין צימער און אַ גאַנצן מעת־לעת געפּייניקט זיך פון בענקשאַפט, אוי — „ברויסי" — האָט זי שטיל געקרעכצט.

צי וועט זיך אמאָל די דאָזיקע בענקשאַפט פאַרוואַנדלען אין אַ רעוואָלוציאָנערער ליידנשאַפטלעכער אומצופרידנקייט? צי וועט מיט דער צייט אַרויסשלאָגן פון איר אַ קוואַל פון לעבנסדראַנג און קאַמפּס־לוסטיקייט? עס איז זייער פיל אָפּהענגיק דערפון, וואָס פאַר אַ ווענדונג עס וועט אָננעמען אין די נאָענטסטע יאָרן דאָס יאַפּאַנישע געזעלשאַפט־לעך־פּאָליטישע לעבן.

די אַנטוויקלונג פון יאַפּאַנישן געזעלשאַפטלעכן לעבן קומט פאַר אונטערן צייכן פון געוואַלטיקע אינערלעכע סתירות. פון איין זייט אַ געוואַלטיקע עקספּאַנסיע איבער גאַנץ אייראָפּע, דרום־אַמעריקע און טיילוויז צפון־אַמעריקע און אין רעזולטאַט דערפון אַן אַלץ מער שטייגנדיקער קאָנטאַקט מיט די אויסערלעכע קולטורן און ציוויליזאַציעס, און פון דער צווייטער זייט די יאַפּאַנישע שטרעבונג צו איזאָלאַציע פון דער אויסערלעכער וועלט, אַ געוואַלטיקער קאַמף קעגן יעטווידער אויסערלעכן איינפלוס — געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן אָדער אַפילו געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן.

מיינס אַ באַקאַנטער יאַפּאַנער, וואָס האָט געענדיקט אין איירא־פּע צוויי פאַקולטעטן — הומאַניסטיק און יוריספּרודענץ און וועלכער איז גאָר פריינדלעך געשטימט געווען צו דער ווייסער וועלט האָט מיר אַזוי געזאָגט:

— איר דאַרפט זיך נישט ווונדערן, וואָס אין די לעצטע יאָרן אָדער בעסער געזאָגט, אין דער סאָמע לעצטער צייט, מערקט זיך ביי אונדז אַ שטאַרקע טענדענץ, אַ שאַרפער קורס אַפילו — קעגן מערב. די דאָזיקע טענדענץ האָט אייגנטלעך קיין מאָל נישט אויפ־געהערט ווירקן, אַמאָל מער אויסדריקלעכער און אַן אנדערש מאָל איינגעהאַלטענער, אָפּהענגיק פון די אָדער יענע היסטאָרישע באַדינ־

גונגען. נאָך יעדן פּעריאָד פון אַזוי־גערופענער „איינגעהאַלטנקייט" קומט שטענדיק אַ פּעריאָד פון אַ נאָך שטאַרקערן „ווידערשטאַנד" לגבי די איינפלוסן פון מערב.

— קולטור און ציוויליזאַציע, — באַמערק איך,— פאַרטראָגן דאָך אָבער נישט קיין איזאָלירטקייט, אפילו נאַציאָנאַלע קולטורן ווערן געוואַלטיק באַרייכערט דורך באַרירונג מיט פרעמדע קולטורן, די אייגנטלעכע אַנטוויקלונג פון קולטור און ציוויליזאַציע הייבט זיך דאָך אָן צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן פעלקער און לענדער.

— דאָס איז ריכטיק, מען דאַרף אָבער אונטערשיידן צווישן דרוק און איינפלוס. מיר באַמיען זיך איינצוהאַלטן אונדזער נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט קעגן דעם צו מעכטיקן דרוק פון די מערב־אייראָפּעישע אידעען. און דאָס גיט זיך איין אַ דאַנק אונדזערע אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע כאַראַקטער־שטריכן.

— צי האָט זיך אייך דאָס אויך איינגעגעבן בנוגע די איינפלוסן פון די כינעזישע און אינדישע קולטורן? באַקענענדיק זיך מיט אייער פילאָזאָפיע, רעליגיע און אַפילו פאָלקלאָר, באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז די הויפּט־עלעמענטן דאָרט זענען כינעזישע. אַלע אייערע וויסנשאַפטלער באַשטעטיקן דאָס.

— אויך דאָס איז ריכטיק, אָבער נאָר טיילווייז. פון אייביקע צייטן אָן, האָבן כינעזישע און אינדישע אידעען אַריינגעדרונגען קיין יאַפּאַן, מיר האָבן אויפגענומען פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס און פילאָזאָפישע סיסטעמען. מיר האָבן אָבער אַסימילירט די יעניקע, וואָס האָבן אַנטשפּראָכן די באַדערפענישן פון אונדזער גייסט. דער דאָזיקער אַסימילאַציע־פּראָצעס, די כסדרדיקע אָנשטרענגונגען פון געדאַנק, וואָס איז געווען אַ פּועל־יוצא פון באַמיען זיך, ווי געהעריק אָנצווענדן די פאַרשידענע עלעמענטן פון דער אַזיאַטישער קולטור, האָבן נאָר באַרייכערט די יאַפּאַנישע פילאָזאָפיע.

די דאָזיקע כסדרדיקע גימנאַסטישע איבונג פון געדאַנק,

האָבן מיר טאַקע צו פאַרדאַנקען די לייכטקייט און עלאַסטישקייט, מיט וועלכער מיר נעמען אויף און שאַצן אָפּ ווי געהעריק די יעניקע עלע־מענטן פון דער מערב־אייראָפּעישער ציוויליזאַציע, וואָס זענען אונדז אַממערסטן נייטיק און נוצלעך. מיר ווייסן, ווי אַזוי אויפצונעמען דאָס נייע, נישט אָפּזאָגנדיק זיך פון אונדזער אַלטן. דורך אָננעמען די מערב־מעטאָדן, האָבן מיר נישט געענדערט אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן, ווי אנדערע מיינען.

— מיר דאַכט זיך, אַז איר זענט צו אָפּטימיסטיש, יעדנפאַלס בנוגע די ענדערונגען, וואָס לאָזן זיך באַמערקן אין די לעצטע צענד־ליקער יאָרן. מיינס אַ באַקאַנטער זשורנאַליסט, אַ פעיקער באַאָבאַכ־טער, וואָס האָט אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט אין יאַפּאַן, האָט גע־מאַכט אַזאַ באַמערקונג: ווילט איר וויסן וואָס עס אינטערעסירט די יאַפּאַנישע יוגנט, מאַכט אַ שפּאַציר איבער „קאַנדי״ *) איין מאָל אין נאָך אַמאָל. וועט איר זען, אַז די אייראָפּעישע קלאַסיקער און דענקער פאַרנעמען דעם אויבנאָן. די בוכהאַנדלונגען זענען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן, איבערהויפּט מיט שילער און סטודענטן. מען לייענט אויפן אָרט, מען נאָטירט, מען דערלאַנגט צעטלעך פון ביכער, וועלכע מען וויל אויסלייענען. איך האָב זייער שטאַרק געוואָלט וויסן, וואָס לייענט מען אַממערסטן און האָב עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד צוגעקוקט זיך און פעסטגעשטעלט, אַז דעם אויבנאָן פאַרנעמען ניטשע, בערגסאָן, עמערסאָן, קאַרעלייל, טאָלסטאָי, דיואי, געטע, גאָלסוואָרטי, שאָו און אַנדערע. אויך איך האָב דאָס באַמערקט בעת מיין זיין דאָרט.

— וואָס באַווייזט עס אָבער? אַז אונדזער שטודירנדיקע יוגנט

---

*) באַרימטער קוואַרטאַל אין יאַפּאַן, ווו עס געפינען זיך הונ־דערטער ריזיקע ביבליאָטעקן און בוכהאַנדלונגען.

ווייזט אַרויס אַ שטאַרקן אינטערעס צו די גייסטיקע און קולטורעלע ווערטן פון אַנדערע פעלקער. אַמאָל, אין די עלטערע צייטן, איז דאָס געווען — די כינעזישע און אינדישע, היינט זענען דאָס די מערב־אייראָפּעישע קולטורן. דער זעלביקער עלעקטיזם, וואָס האָט זיך אויסגעקליבן בודא אַלס גייסטיקן און קאָנפוציושן אַלס מאָראַלישן פירער, דער זעלביקער עלעקטיזם נעמט אויף די נייע וויסנשאַפטן, די בלי־ספק אומגעהייערע דערגרייכונגען פון מערב, ווי די אָנזאָגערין פון מאַטעריעלן וווילשטאַנד. דורך באַהערשן און איבערנעמען פאַרשידענע עלעמענטן פון די מערב־ציוויליזאַציעס וואַקסט ביי אונדז דער אינדוסטריאַליזם, אַנטוויקלט זיך די היגיענע און כירורגיע, קאָמוניקאַציע און טראַנספּאָרט און בכלל די באַקוועמלעכקייטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן, וואָס ווערן צוביסלעך אַלץ מער צוגענגלעך פאַר די ברייטע פאָלקסמאַסן.

# יאַפּאַנישער לעבנס־שטייגער

נישטאָ דאַכט זיך נאָך אַזאַ לאַנד אויף דער וועלט, ווו אַלטס און נייס זאָלן זיך אַזוי מישן און צעמישן, ווי אין יאַפּאַן. אין קאָבע, למשל, איז איין טריט פון די מאָדערנסטע קינדער־פּאַרקן און סתם קולטור־פּאַרקן צו די אַזוי טרויעריק באַרימטע יאָשיוואַרי־אינסטיטוציעס.

אייגנטלעך קען מען זיי נישט אָנרופן אַלט, ווייל אויך זיי האָבן אַדורכגעמאַכט אַ געוויסע אַנטוויקלונג. געווען אַמאָל אַ צייט, אַן ערך הונדערט יאָר צוריק, ווען די מיידלעך זענען ארומגעגאַנגען אויף די גאַסן מיט די מאַטעס אויף די פּלייצעס און איינגעלאַדן געסט דאָרט, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט איינאָרדענען אַ צייטווייליק געלעגער. ערשט דער באַרימטער יאַפּאַנישער מלוכה־מאַן טאָקוגאַווא ייעיאַסו האָט אַ סוף געמאַכט צו דעם שענדלעכן מצב. ער האָט אויפגעבויט און געשאַפן די יאָשיוואַרי־אינסטיטוציעס, ווו מען האָט די אַלע פרויען אַריינגענומען און געשטעלט אונטער אַ שטרענגער פּאָליציייִשער קאָנטראָל. (אגב געפינען זיך שוין אויך די באַזוכער אונטער אַ געוויסער אומדירעקטער קאָנטראָל.) אין די ערשטע צייטן זענען זיי געווען אין אַ געוויסער מאָס אַ מלוכה־אונטערנעמונג, ביסלעכווייז אָבער זענען זיי, פּונקט ווי אַלע אינדוסטרי־אונטערנעמונגען אין יאַפּאַן, איבערגעגאַנגען אין פּריוואַטע הענט. יאָשיוואַרי איז געוואָרן אַ קאָנצעסיאָנירטע אינסטיטוציע, ווו עס ווערט אויף אַ שענדלעכן און שווידערלעכן אופן געהאַנדלט מיט מענטשלעכן עלנט און נויט. די צושטעלער פון די אומגליקלעכע קרבנות זענען געווען, און זענען

נאָך ביז היינט צוטאָג, די שרעקלעך פאַראָרעמטע און איבערן קאָפּ פאַרשולדיקטע יאַפּאַנישע פּויערים.

די יאַשיוואַריס שטעלן מיט זיך פאָר באַזונדערע קוואַרטאַלן מיט קליינע און גרויסע געביידעס. די געביידעס, פאַרשטייט זיך, אין יאַ־פּאַנישן סטיל, זענען איינגעאָרדנט אינעווייניק מיט טיי־הייזער און קאַפּעען, אויסנווייניק צו דער גאַס צו, ווי אַ געשעפט, אַ יאַפּאַניש געשעפט מיט אַ שוי־פענצטער. ביים שוי־פענצטער שטייט אָדער שטייען די מיידלעך, וועלכע די געסט באַוויליקן אויסצוקלייבן. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז אפילו לעבן יעדן מיידל געווען אָנגעצייכנט דער פּרייז. די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון די אייראָפּעער און פון אַ טייל פון דער יאַפּאַנישער אינטעליגענץ האָט מיטגעווירקט, אַז די דאָזיקע באַליידיקנדיקע פאָרעם פון האַנדל מיט לעבעדיקער סחורה זאָל בטל ווערן. אַנשטאָט די מיידלעך גופא ווערן אויסגעשטעלט זייע־רע פאָטאָגראַפיעס. מערקווירדיק, אַז דוקא אין טאָקיאָ האָט מען נאָך נישט אין גאַנצן איבערגעריסן מיטן דאָזיקן מנהג. ביים שוי־פענצטער שטייט נאָך פונדעסטוועגן אַ מיידל, וואָס פאַרבעט די פאַרבייגייענדי־קע.

זעט אויס, אַז יעדער שטאָט האָט זיך איר מנהג. איך האָב באַ־זוכט די יאַשיוואַריס אין קאָבע און אין טאָקיאָ. אין קאָבע געפינט זיך דער יאַשיוואַרי־קוואַרטאַל נישט ווייט פון סאַמע באַלעבטן קוואַרטאַל אין קאָבע, פון קינאָ־קוואַרטאַל. דער אָנהייב פון קוואַרטאַל איז אפילו באַוווינט און עס געפינען זיך דאָרט אַ סך געשעפטן. עס שפּאַצירן דאָרט און עס גייען פאַרביי פרויען און קינדער און קוקן זיך אפילו נישט אום.

אין אָוונט, פון זעקס אַ זייגער אָן ווערט דער קוואַרטאַל זייער העל באַלויכטן און עס הייבט זיך דאָרט אָן אַ שטאַרקע באַוועגונג. כ'רוב געביידעס — בעסער געזאָגט, געביידעלעך זענען פיין צוגעפּוצט. פון פראָנט — צוויי גרויסע וואַזאַנעס. אין פאָדערצימער, באַלד ביים אַריינגאַנג, הענגען אין אַ גרויסער ראַם די פאָטאָגראַפיעס פון די

מיידלעך. די פרוי, די אַזוי גערופענע פאַרבעטעריך, קומט גלייך צו צו איר און ווארט, אַז איר זאָלט איר אַנווייזן אויף דער „אויסדער־ווײלטער". די פאָטאָגראַפיעס פון די פאַרנומענע, פון די אַנגאַזשירטע, זענען איבערגעדרייט. אין די רייכערע הייזער זענען דאָ עטלעכע פאָ־דער־צימערן, אָפּגעצוימטע דורך קליינע יאַפּאַנישע פּאַפּיר אָדער פאַר־ניר־ווענטלעך. אויף דער ערד, אין שטענדערס, זענען אַנגעשטעלט פאַרשידנאַרטיקע בלומען, אָפט מאָל געשמאַקפול קאָמפּאָנירט. ווען נישט די שפּיגלען און פאָטאָגראַפיעס אויף די ווענט, וואָלט מען גע־קענט מיינען, אַז מען געפינט זיך אין אַ פיינער בלומען־אָראַנזשעריע.

אין איין אָפּגעזונדערטן, אין דער זייט פאַררוקטן הייזעלע, באַ־לויכטן פון אַ געדעמפּטן ליכט, האָט צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמ־קייט די פאָטאָגראַפיע פון אַ גאָר יונגענקער מיידל. אויפן שמאָלן אוואַל־אַרטיקן פנים האָט ווי געשוועבט דער שמייכל פון אַ יונג קינד, עפּעס א מין אומעט און פאַרלוירנקייט, א קינדישע הילפסלאָזיקייט האָט זיך אַרויסגעפּילט פון דעם דאָזיקן שמייכל. נאָך אַזאַ שמייכל, הייבט אַ קינד אָן צו וויינען. איך האָב זיך געווענדעט צו דער פאַר־בעטעריך, אָנווייזנדיק אויף דער פאָטאָגראַפיע. זי האָט אַ שמייכל געטאָן, אַסאַקאַ־טשאַן, יאַראָסי. זי האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ מין קאַנצעלאַריע, שנעל דורכגעפירט די געלט־טראַנזאַקציע און ארויפ־געפירט מיך אויבן אויפן ערשטן שטאָק, ווו סהאָבן זיך געפינען א סך צימערלעך. צוגעפירט מיך צו אַ צימערל מיט אַ באַשטימטן נומער, האָט זי אַ רוף געטאָן אַסאַקאַ־טשאַן, וועלכע איז באַלד אַרויסגעקומען פון אַזוי גערופענעם וואַרטע־צימער, ווו אַלע מיידלעך וואַרטן. אַרויס־געקומען און גערעדט א פּאָר ווערטער מיט דער באַגלייטערין מיי־נער איז זי גלייך צוגעקומען צו מיר מיט א שמייכל אויפן פאַרגלי־ווערטן פנים. איך האָב געזען, אַז זי איז אויפגערעגט, זעט אויס, נישט געריכט זיך אויף אַן אייראָפּעער. איך האָב געשמייכלט צו איר באַרואיקנדיק, מורמלנדיק עטלעכע יאַפּאַנישע ווערטער, וועלכע זי האָט קוים פאַרשטאַנען. פאַרנייגנדיק זיך עטלעכע מאָל האָט

זי מיך אַריינגעפירט אין איר צימער. אַן עכט יאַפּאַניש צימער, אָפּ־געצוימט מער, ווי אין דער העלפט דורך אַ פּאַפּירן ווענטל, אַזוי אַז עס האָט זיך באַקומען אַ גאַסט־צימער און אַ הינטערצימער. דאָס פֿאָדערשטע צימער איז געווען געדעמפּט באַלויכטן, דאָס מעבל איז באַשטאַנען פון אַ קליין מיניאַטור־טישעלע, אַרום וועלכן עס זענען געלעגן פונאַנדערגעוואָרפן זיידענע קישעלעך. אויפן טישל א טיי־טשייניקל מיט אַ טיי־סערוויז.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט, זי האָט באַלד פּאַרקאָכט טיי און מכבד געווען, איך האָב זי געוואָלט מכבד זיין מיט פּאַפּיראָסן, האָט זי אָפּגעזאָגט. מיר האָבן געטרונקען טיי, אייגנטלעך האָט זי געטרונקען און איך האָב זי כסדר פון דער זייט אָבסערווירט. איך האָב באַמערקט, אַז איר אויפרעגונג איז נאָך נישט אַריבער. אָפּגעטרונקען די טיי, איז זי אַרויס פון צימער און צוריקגעקומען נאָך אַ לענגערער צייט אין אַ באָד־קימאָנע. אַריינקומענדיק, איז זי צוגעגאַנגען צו אַ וואַנט־שענקל, וואָס איך האָב פריער נישט באַמערקט און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ מענער־פּיזשאַמע און דערלאַנגט מיר. איך האָב איר געהייסן צוריק אַריינלייגן, זי האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס — און אַרויס־גענומען אַ צווייטע. איך האָב אויך דאָס מאָל געהייסן צוריק אַריינ־לייגן. ערשט דאַן האָט זי דאָס ערשטע מאָל אויפגעהויבן די אויגן און אַ קוק געטאָן אויף מיר. אויך איך האָב דאַן צום ערשטן מאָל געקענט דערזען איר פּנים, דעם אויסדרוק פון אירע אויגן. אַזוי פיל קינדער־שע הילפסלאָזיקייט, אַזאַ פאַרלוירנקייט. איך בין געווען שטאַרק גע־רירט און צאַרט האָב איך זי אַנגענומען ביי דער האַנט, צוגעפירט צום טישל און געבעטן צו פּאַרקאָכן נאָך טיי. ערשט דאַן האָט זי זיך ביסלעכווייז באַרויקט, זי האָט שוין אַנגעהויבן קוקן אויף מיר. אַן אויסדרוק פון פאַרווונדערונג האָט זיך באַוויזן אויף איר קינדיש פּנימל. מיט אַ ביסל ענגליש, אַ ביסל יאַפּאַניש האָבן מיר זיך, ווי עס איז, צונויפגערעדט. זי איז אַלט זיבעצן יאָר, און שטאַמט פון אַ דאָרף הינטער קאָבע, זי איז אין יאָשיוואַרע דאָס ערשטע יאָר, און זי ווייסט

נאָך דאָ דאַרפֿן זײַן 4 יאָר צײַט. רעדנדיק אַזוי, הייבט זי זיך אויף און גייט צו צו אַ נישט באַלויכטן ווינקל אין צימער און נעמט עפּעס אַרויס פֿון אַ קעסטעלע. זי קומט צוריק און דערלאַנגט מיר אַ פֿאָטאָגראַפֿיע. מיט אַ וואַרעמען שמייכל אויפֿן פּנים, צולייגנדיק די האַנט צום האַרצן, דערקלערט זי מיר, אַז דאָס איז איר יינגל, וואָס וועט וואַרטן אויף איר ביז זי וועט צוריקקומען. איך שמייכל צו דער פֿאָטאָגראַפֿיע, זי פֿאַרשטייט און נעמט עס אָן, אַז ער געפֿעלט אויך מיר. מיט אַ ציטערדיקער שטימע פֿון פֿרייד און געריריטקייט פֿרעגט זי און ענטפֿערט זיך אַליין, אַקאַסזען, יאַראַסי, דזשאַטאָ. איך שאָקל צו מיטן קאָפּ, זי איז גליקלעך, טוליעט זיך צו מיר ווי אַ קינד. עס הערט זיך אַ קלונג. די שעה איז געענדיקט. איך געזעגן זיך מיט איר, זי שמייכלט אַזוי קינדיש און באַגלייט מיך אַרויס אויפֿן קאָרידאָר. זי פֿירט מיך אַפֿילו אַראָפּ ביז אין פֿאָדערצימער, וואַרט ביז איך וועל זיך אָנטאָן די שיך. איך געזעגן זיך מיט איר ווידער, זי שמייכלט טרויערייקער. אַרויסגייענדיק פֿון טיר, האָב איך זיך נאָך אַמאָל אומגעקוקט, זי איז נאָך אַלץ געשטאַנען און געשמייכלט. שווער, ס'איז זייער שווער צו פֿאַרגעסן אַזאַ מענטשלעכן שמייכל.

גאַנץ אַנדערש זעט אויס די יאָשיוואַרא אין טאָקיאָ. דער קוואַרטאַל איז מער אָפּגעזונדערט פֿון אַרום און דער אַרײַנגאַנג איז דורך אַ טויער. עס באַקומט זיך דער איינדרוק, ווי דו וואָלסט אַרײַן אין אַ באַזונדערער שטאָט. און ווירקלעך איז דאָס אַ באַזונדערע שטאָט, אָדער בעסער געזאָגט — אַן אָפּגעזונדערטע שטאָט מיט זייער פֿיל גאַסן און געסלעך און וואָס ווייטער און טיפֿער איר גייט, אַלץ פֿאַרוויקלטער און געדרייטער ווערט דער לאַבירינט און איר הייבט זיך אָן ארומצוקוקן, ווי אַזוי וועט איר פֿון דאנען אַרויס. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז די באַוועגונג אַ פֿיל גרעסערע ווי אין קאָבע, דער עיקר — אַן אומגעהייערער טומל. אין אָנהייב, ביים אַרײַנגאַנג איז פֿאַרהעלטניסמעסיק שטיל, אָבער וואָס ווייטער אַלץ מער וואַקסט דער טומל, דער כאַראַקטעריסטישער טומל פֿון נישט גאַנץ ניכטערע מענער צו־

בויפגעמישט מיטן געשריי און קוויטשעריי פון פרויען. דאָס שרייען אַזוי די „כאַפּעריגס", וואָס זיצן דאָ נישט, ווי אין קאָבע, אינעוויי־ניק, וואַרטנדיק אויפן גאַסט, אַז ער זאָל אַריינקומען, זיי לויפן אַרום אויף דער גאַס און זענען געגוג ווולגאַר, אַגרעסיוו־אַגרעסיוו. נישט נאָר זיי רופן, נאָר זיי כאַפּן אָן ביי די הענט און ציען אַריין. דער „קאָנצעלאַריע־פירער" זיצט אויך אין אָפענעם קאָרידאָר ביי אַ בופעט און נעבן אים, אַ ביסל טיפער אין הינטערגרונט שטייט ביי אַן עפענונג, ענלעך צו אַ גרויס שוי־פענצטער, אַ מיידל, וואָס קוקט אַרויס און רופט אייך. עס איז גענוג אָנצוקוקן די מיידלעך, דעם אויסדרוק פון זייערע פאַרגליווערטע פּנימער, אַז איר זאָלט וועלן אַנטלויפן. אַ מאַסקע, אַ ווייסע טויטע מאַסקע, וואָס לאַכט, מאַכט פאַרשידענע גרי־מאַסן. אַ גרויל, אַ שוידער נעמט אַרום.

פיר זענען מיר געגאַנגען און אַלע האָבן מיר געהאַט דעם זעל־ביקן איינדרוק. דאָס זעלביקע געפיל, אַ שווער פּיינלעך געפיל, ווי מיר וואָלטן אַריינגעפאַלן עפּעס אין אַ קאָשמאַרן־שטאַט. דאָס הייזעריקע שרייען פון די כאַפּעריגס, די געשעפּטלעכע מינעס פון די אייגנטימער, די שטומע העוויות פון די מיידלעך — דאָס איז געווען ערגער ווי אַ וויסטער, בייזער חלום, דאָס איז געווען שוידערלעכע ווירקלעכקייט. לאָמיר אַנטלויפן פון דאַנען, כ'האָב שוין גענוג, האָט געשריגן פריינט ש. אַ באַקאַנטער זשורנאַליסט, וועלכער האָט זיך די גאַנצע צייט גע־ריסן צו זען די יאָשיוואַרע אין טאָקיאָ.

צי פילן דאָס די יאַפּאַנער? נאַטירלעך, אַז נישט. פאַר זיי איז דאָס אַן אָרגאַניזירטע אינסטיטוציע, נאָך מער, אַן אינסטיטוציע, אָר־גאַניזירט דורך די מאַכט־אָרגאַנען און אויב אַזוי איז עס אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט, פּונקט ווי אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס, די פּאָסט, באַן אאַז"וו. יאַפּאַנער זענען די דיסציפּלינירטסטע בירגער אין דער וועלט און פרעגן נישט קיין קשיות. און דאָך... וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז עס איז ווירקלעך אין גאַנצן אַזוי. אויך דאָ האָבן זיך אַריינגעריסן אייראָפּעישע איינפלוסן און במשך פון די לעצטע יאָרן,

האָט זיך אַפילו געשאַפן אַ באַוועגונג קעגן יאָשיוואַרע נישט נאָר צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט, נאָר אויך צווישן פיל מלוכה־מע־נער און זשורנאַליסטן.

די פּאַרטיידיקער פון יאָשיוואַרע פּרוּוון צו באַווייזן, אַז אייגנט־לעך איז די דאָזיקע סיסטעם אַ בעסערע און מאָדערנערע, ווי אין איי־ראָפּע, וווּ די מיידלעך, פּונקט ווי אַמאָל אין יאַפּאַן, לויפן אַליין אַרום איבער די גאַסן און האַנדלען מיט זיך. זיי האַלטן, אַז פּונקט ווי אַנ־דערע געביטן, אַזוי אויך דאָ, קענען זיך די אייראָפּעער נישט באַגיין אָן היפּאָקריזיע, צביעות. זיי מאַכן זיך אַוועקקוקן פון שלעכטס, וואָס זיי קענען נישט און ווילן נישט באַזייטיקן. עס איז אָבער דאָך בע־סער — טענהן די קעגנער פון יאָשיוואַרע — ווי אַרויסצונעמען עס פאַר דער עפנטלעכקייט און אָרגאַניזירן עס ווי אַ לעגאַלן, מיכלומרשט געזעלשאַפטלעכן האַנדל מיט לעבעדיקער סחורה. אין אייראָפּע פילן זיך די עלטערן פון אַזאַ קרבן פאַר די אומגליקלעכסטע, יעדנפאַלס אין ס׳רוב פאַלן איז עס אַזוי. און דאָ קען מען גאַנץ אָפט זען, ווי דער פאָטער קומט צו דער טאָכטער אין יאָשיוואַרע אַדורכצושמועסן זיך גאַנץ געמיטלעך וועגן זייערע ענינים. אָט די דאָזיקע סיסטעם האָט מיט דער צייט געשאַפן די שוידערלעכע איינשטעלונג און געוווינהייט ביי עלטערן צו קוקן אויף אַ טייל פון זייערע קינדער, אויף די מייד־לעך, ווי לעבעדיקע אינוועטאַר־זאַכן, וואָס דאַרפן ברענגען הכנסה אָדער דעקן זייערע חובות. זיי טראַכטן אַפילו נישט, מיט וואָס פאַר אַ בלוטיקער באַליידיקונג, שוידערלעכן פּיין דאָס איז פאַרבונדן פאַר אָט די הילפסלאָזע אומגליקלעכע קרבנות.

כאַראַקטעריסטיש פאַר יאַפּאַן איז דאָס, וואָס אַלע לעבנס־דער־שיינונגען, צי דאָס זענען גוטע אָדער שלעכטע, געוווּנטשענע אָדער אָנגעוואָרפּענע, ווערן אויפגענומען רואיק, כמעט גלייכגילטיק; מען געוווינט זיך צו זיי צו, ווי צו אַ נאָרמאַלער נויטווענדיקייט און מען חידושט זיך נישט, מען פרעגט נישט. הונדערטער טויזנטער יונגע מיידלעך באַדינען די יאָשיוואַרעס, פאַרשידענע טיי־הייזער, קאַפעען

אַרן באַרן. פון 5 אַ זייגער אָוונט הייבט זיך אָן אַ באַוועגונג פון דער
דאָזיקער מיידל־אַרמיי, וועלכע שטראָמט צו איר באַשעפטיקונג. זיי
פאָרן אין אויטאָס, אין ריקשעס, שפּאַצירן צופוס, שמועסן זיך גאַנץ
געמיטלעך און קיינער קוקט זיך נישט אום אויף זיי, ווי מען קוקט
זיך, למשל, נישט אום אויף אַרבעטער, וואָס גייען אין די פאַבריקן,
אָדער אָנגעשטעלטע אין די ביוראָען. מיט דעם מאָמענט אָן, וואָס אַ
געוויסע לעבענס־דערשיינונג ווערט אַ לעבנס־פאַקטאָר, הערט זי אויף
צו זיין פאַרן יאַפּאַנער גוט אָדער שלעכט, שיין אָדער מיאוס, אַזוי איז
עס און ס'איז נישטאָ זיך וואָס צו ווונדערן. כמעט יעדן נאָכמיטאָג
לאָזן זיך אַרויס הונדערטער גיישעס פון באַרימטן גיישא־קוואַרטאַל
שימבאַשין אין טאָקיאָ אויף דער באַלעבטער גינזא־גאַס. זיי גייען אי־
בער די געשעפטן, וואַרן־הייזער איינקויפן אָדער גלאַט אַזוי צו כאַפּן
אַ שפּאַציר צווישן מענטשן. אויסגעפּוצט זענען זיי אין שענסטן און
בעסטן, די זיידענע בונטע קימאָנעס שעמערירן און בלענדן דאָס אויג.
די ווייסע, פיין־געפּאַרבטע, אָפּטמאָל זייער אָריגינעלע פנימער אונ־
טער די הויכע, מאָנומענטאַלע פריזור־געביידעס, דעקאָרירטע מיט זיל־
בערנע פּליטערלעך און דאָזעטעס, מוזן צוציען די אויפמערקזאַמ־
קייט. איך האָב זיי געזען יעדן טאָג במשך פון צוויי וואָכן, און נישט
געקענט נישט באַמערקן זיי. די יאַפּאַנער קוקן זיך אַפילו נישט אום.
זיי קוקן אויף זיי ווי אויף אַלע שפּאַצירנדיקע, אָן שום חידוש.

אָט קומט פּלוצלינג אָן ערגעץ פון אַ געסל עפּעס אַ פּראָצעסיע.
פאַרויס גייען עטלעכע אויסגעפּוצטע „קוליעס" און טראָגן אַזעלכע
טאָוולען געמאָלטע און באַפּוצטע אין רויט פּאַפּיר, נאָך זיי אַ פּאַע־
טאָנדל, באַהאָנגען מיט פּאַפּירענע פליטערלעך און צאַצקעס. אינעווייניק
זיצן צוויי קינדער, די פנימער ווייס באַמאָלטע מיט קרייד, אויף די
באַקן צוויי קיילעכדיקע רויטע פאַרב־פלעקן. הינטערן פּאַעטאָנדל
צוויי מענטשן־קאַרליקעס־קריפּלס — טראָגן צוויי לאַמטערנעס, נאָך
זיי אַ גרופּע יוגנטלעכע, וואָס קאָלערט און שטופּט א מין אייזערנע
פּאַס און מאַכן דערביי אויסטערלישע העוויות און געשרייען, צום

סאַמע סוף — רייטער אויף קוציקלעך אין פאַרשידענע מאָלערישע קאָסטיומען. וואָס וואַרפט זיך אממערסטן אין די אויגן פון צושויער, — איז דער שאַרפער קאָנטראַסט צווישן דער שרייענדיקער מאָלע־רישקייט, ווילדער באַוועגלעכקייט און די ווייסע טויט־פאַרגליווער־טע פנימער. בסך־הכל גייט מען דאָס דערמאָנען דעם גאָט פון רעגן אָדער פון וועטער, אַז עס איז צו הייס און טרוקן. דעם אייראָפּעישן צושויער פון אַזאַ מין ספּעקטאַקל ווערט דערפון קאַלט און נאָס אין אַלע אברים. און די יאַפּאַנער אַרום קוקן דערויף מיט דער זעלבי־קער גלייכגילטיקייט, ווי אויף דעם פאַרנדיקן טראַמוויי, עס גייט זיי גאָר־נישט אָן. עפּעס אַ מין דעטערמיניזם, אַ פאַטאַליזם שטעקט אין דער דאָ־זיקער שטענדיקער רואיקייט און גלייכגילטיקייט, אָפט מאָל ווערט אַזוי מאָדנע אומהיימלעך דערפון. צי נעמט זיך אויך נישט דערפון די לייכטקייט מיט וועלכער זיי פירן אויס כאַריקירי?! עס איז מיר אָפט אויסגעקומען בייצווזיין, ווי באַקאַנטע און קרובים האָבן באַ־גלייט אויפן באַן־הויף זייערע נאָענטע, וואָס זענען אָפּגעפאָרן אויפן פראָנט; (אין דער לעצטער יאַפּאַניש־כינעזישער מלחמה) אַלע האָבן געהאַלטן ווייסע פענדלעך אין די הענט און געשמועסט צווישן זיך, פון צייט צו צייט געזונגען פאַטריאָטישע לידער, געשריגן „באַנדזאַ“, אָבער נישט מער ווי די דאָזיקע גרופּע, אַ קלענערע אָדער אַ גרעסע־רע, וואָס האָט באַגלייט די אָפּפאָרנדיקע. די איבעריקע פּאַסאַזשירן האָבן זיך כמעט נישט אומגעקוקט אָדער פאַרבייגעגאַנגען גלייכגילטיק.

קען מען דאָך מיינען, אַז די יאַפּאַנער זענען פון דער נאַטור אומ־מעטיקע, שווערע געמיטער. הייבט זיך נישט אָן. די יאַפּאַנער קענען געדעכנט ווערן פאַר די פריילעכסטע און געמיטלעכסטע מענטשן. זיי זענען פעיק צו פאַרווילן זיך און צו פרייען זיך ווי קינדער. אַפילו די גרעסטע טייל פייערלעכקייטן און פאַרווייליונגען זייערע זענען פרימיטיוו און אָפטמאָל קינדעריש. ווען איר קוקט זיך צו אין די קינ־דער־יום־טובים, ווען די עלטערן קומען מיט די קינדער אין די פאַר־שידענע פאַרקן זיך שפּילן און פאַרברענגען, איז באמת א נחת צו

זען, ווי אַזוי די טאַטעס פאַרוואַנדלען זיך אין קינדער און ווערן אַריינגעצויגן אין די קינדער־שפּילן אַזוי ערנסט ווי די קינדער.

בכלל איז דער כאַראַקטער פון יאַפּאַנער גאַנץ קאָמפּליצירט, פיל כאַראַקטער־שטריכן זיינע זעען אויס צו זיין זייער סתירותדיק, דערפון נעמען זיך די פאַרשידנאַרטיקע אָפטמאָל נישט ריכטיקע אָפּשאַצונגען און מיינונגען וועגן די יאַפּאַנער. די נשמה פון אַ פאָלק שפּיגלט אָפּט מאָל אָפּ דעם אַרום, די סביבה, אין וועלכער עס לעבט און אַנטוויקלט זיך. יאַפּאַן, דאָס לאַנד פון דער אויפגייענדיקער זון, דאָס לאַנד פון טויזנטער לעגענדעס, ווי די טויזנטער אינדזלען און אינדזלעלעך צווישן וועלכע עס איז פונאַנדערגעוואָרפן, איז אויך פול מיט סתירות. פון איין זייט — פייערשפּייענדיקע ווולקאַנען, אויסגוסן פון ווילדע וואַסער־שטראָמען, טייפונען און ערדציטערנישן, פון דער אַנדערער זייט, אַ לאַנד פון די מילדסטע און זאַנפטסטע לאַנדשאַפטן. אויף לאַנקעס און פעלדער, אויף טאָלן און בערג — בלומען און בלומען, טויזנטער העלע, ליכטיקע בונטע בלומען. אומעטום, ווי דאָס אויג קען נאָר קוקן און דערזען — גערטנער, פאַרשידנפאַרמיקע און מאָלערישע טאָלן. עס גלייבט זיך קוים, אַז די אויבנאויפיק מילדע נאַטור קען זיך פּלוצלינג פאַרוואַנדלען אין אַ ווילדער, שוידערלעכער סטיכיע, וואָס דערפירט אַלץ אַרום צו תוהו ובוהו. פייערשפּייענדיקע ווולקאַנען, ווייסע קאָמעליען און זאַנפטע רויזן נעסטן צוזאַמען. טויט און צעשטערונג, לעבנספרייד און שיינקייט זענען אייביקע שכנים. עס האָט קוים אויפגעהערט דאָס פאַרניכטנדיקע רעווען און הודזשען פון דער פייער־לאַווינע, און עס הערט זיך שוין דער טריומף־געזאַנג פון דער אויפלעבנדיקער נאַטור. נאָר אין אַזאַ לאַנד האָט געקענט געבוירן ווערן דער אַזוי אייגנאַרטיקער שמייכל פון יאַפּאַנער, דער קינדיש־פריילעכער, רואיק־מילדער און אַמאָל האַרציק־אומעטיקער שמייכל מיט וועלכן דער יאַפּאַנער באַטראַכט דאָס לעבן און די וועלט, דער שמייכל, וועלכער איז אייגנטלעך אַ וועלט־פילאָזאָפיע, אַ וועלט־אַנשויאונג.

## גאָט, רעליגיע און שפּיל

גאַנץ יאַפּאַן, אין דער לענג און דער ברייט, איז באַדעקט מיט טעמפּלען, מיט געטער־געצעלטן. און גישטאָ נאָך אַזאַ טאָלעראַנט פאָלק אין דער וועלט ווי די יאַפּאַנער. פאַר זיי איז רעליגיע אַן אויס־טייטשונג פון פאַרשידנאַרטיקע לעבנס־מאָמענטן, אָבער אָן שום מיס־טעריעס. זיי איז דעריבער אויך פרעמד די פאַרשידענע רעליגיעזע דאָגמעס און ריטואַלן. זייערע תפילות און גאָטעסדינסטן זענען פּשוט און איינפאַך. קיין שפּור פון די טונקעלע פייערלעכקייטן און מאסן־צערעמאָניעס, וואָס זענען דער הויפּט־עלעמענט פון דער קאַטוילי־שער קירכע. די רעליגיעזע ימים־טובים, ווי די פרילינגס־ און הארבסט־פעסטיוואַלן זענען אייגנטלעך פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, מאסן פאַרווילונגען, וועלכע קומען פאָר אַרום די טעמפּלען.

אין יאַפּאַן גייט מען נישט אין טעמפּל, נאָר צו די טעמפּלען. אַ יאַפּאַנישער טעמפּל איז אייגנטלעך נישט קיין געביידע, נאָר פיל מער, ער איז אַ טייל פון אַ לאַנדשאַפט, פון אַ מאָלערישער געגנט מיט וועלכע יאַפּאַן איז אַזוי געבענטשט. די גרעסטע טייל יאַפּאַנישע טעמפּלען, יעדנפאַלס די גרעסערע און חשובערע, זענען אויפגעבויט אין די בערג און צעוואָרפן צווישן הערלעכע, מאָלערישע באַרג־טאָלן. יעדער טעמפּל־גרופּע, וואָס איז קינסטלעריש פונאַנדערגעשטעלט אי־בער די פאַרשידענע באַרג־שיפּועים און שפּיצן בילדן מיט זיך קאָ־לירפולע פאַרבן־פלעקן, וואָס האַרמאָניזירן מיט דער לאַנדשאַפט אַרום. נאַטור און טעמפּל — ביידע סוגערירן; דער ציטער אין האַרץ,

י. ראָטנבערג

דאָס געפיל פון יראת־הכבוד און גאָטספאַרכטיקייט קומט פוןביידע. דער טעמפל איז פונקט אַזוי איינפאַך, פרימיטיוו ווי די נאַטור. עס איז מער געצעלט, ווי טעמפל, עס איז מער מישכן ווי מיקדש. דער וועג צו די באַרג־טעמפלען וויקלט זיך צווישן וואַלד־אַלעען, דורך וועלכע עס רייסט זיך אָפט דורך דער גלאַנציקער שימער פון ים־שפיגל. ווייסע שטיינערנע שטיגן פירן צו די בערג־הייכן און איבער זיי הערט זיך דאָס כסדרדיקע איינטאָניקע קלאַפן פון די האָלץ־טרעפּ־קעס פון די יאַפּאַנישע עולי־רגלניקעס. אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ. די שטיגן וואָס ציען זיך הויך אַרויף, אַמאָל אין גלייכע, אַמאָל אין קרומע ליניעס, זענען פאַרשידנאַרטיק באַשאָטנט. אָט שניידן זיי זיך ווי א טונקעלע אַלעע צווישן הויכע ערנסטע קריפּטאָמערי ביי־מער, וואָס פאַכען אויף זיי מיט זייערע טונקל־בלויע שאָטנס, באַלד שיינען זיי העל־ליכטיק אויף צווישן די באַמבוסן מיט זייערע שוים־אַרטיקע בלעטער; גאָר אין דער הייך, קלעטערט אַ שטיגן־קאַסקאַדע איבער אַ ריזיקן באַרג־שפּיץ, וואָס הענגט אַראָפּ איבערן ים און פון אונטן אַרויף זעען דאָרט אויס די מענטשן, ווי קליינינקע באַוועגלעכע פאַרב־פלעקן.

גאָר אויבן, ביים שפּיץ פון דעם שטיגן־לייטער, שטייט דער טויער, דורך וועלכן מען גייט אַריין אינעווייניק, צו די טעמפּלען. עס זענען דאָרט פאַראַן פאַרשידענע טעמפּל־געביידעס: דער גלאָקן־בלאָק, וואַש־געצעלט, דאָס הייליקע באַד־הויז, מזבח־צימער, שטיי־נערנע לאַמטערן געמאָלן אויף רויט, בראָנז, פאַרשידענע האָלץ, ווו עס גייען אַרום די כוהנים, די פּריסטערס. אין פאַרשידענע ווינקלעך, פון צווישן די ביימער אַרויס, שימערירן קליינינקע, אויף רויט־גע־מאָלטע געביידעלעך, פון אונטן ביז אַרויף באַדעקטע מיט וווּנדער־באַרע, גאָלדענע און בורשטינענע שניצערייען פון נאַטירלעכן האָלץ. אַ טייל זענען געמאָלן מיט פאַרביקע, לעבעדיקע בלומען, וואָס מאַכן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן זיך געצויגן צו דער זון.

פון דאַנען, פון סאַמע שפּיץ, ווו די זאָלסט נישט שטיין, עפנט זיך

פאַר דיר א וווּנדערבאַרער אויסבליק צום ים, אויף די אַרומיקע, אין בלויע שאָטנס איינגעהילטע בערג, מיט שניי־באַדעקטע שפּיצן, וואָס זעען אויס ווי קליינינקע, אומבאַוועגלעכע ווייסע וואָלקנדלעך. קליינינקע הייזקעס־קעסטעלעך אָן א שיעור און אָן אן ערך בלישטשען און פינקלען. פון אַלץ שלאָגט אָפּ מיט העלקייט און ליכטיקייט, עס שמייכלט און עס שטראַלט אַרום און אַרום.

אָבער נישט נאָר די טעמפּלען מיט די פאַרשידענע געטער אָרום שאַפן די רעליגיעזע שטימונג. אַלץ אַרום איז שטימונגס־פול. געטלעכע נאַטור־שיינקייט צוזאַמען מיט מענטשלעכע לייסטונגען און שאַפונגסקראַפט, רופן אַרויס די איידלסטע און דערהויבנסטע געפילן פון פּיעטעט, באַגייסטערונג און אַנטציקונג. די שטילקייט אַרום גיסט זיך צונויף מיט דער אינערלעכער שטילקייט פון דער נשמה. א מין לייטזעליקייט און ליבע־בענקשאַפט עמאַנירט און שטראַלט אַרויס צו דער וועלט און די מענטשן אַרום. דווקא אין אָט דער סודותפולער שטילקייט פילסטו נאָך מער און שאַרפער אָפּ די אומענדלעכע שטראָמיקייט פון לעבן. הונדערטער דורות זענען שוין פאָריבער זינט די דאָזיקע באַרג־טעראַסן און טעמפּלען זענען געשאַפן געוואָרן, וויפל געדאַנקען, שטרעבונגען וויפל עמאָציעס און געפילן זענען דאָ דורכגעפלאָסן מיטן אייביקן לעבנספלוס! און דאָ דויערט נאָך אַלץ די אייביקע שטילקייט, די זעלביקע בערג קוקן שטיל אויף דיר, סודותפול רוישן נאָך אַלץ די זעלביקע וועלדער, ווי זיי וואָלטן אויסבאַהאַלטן אין זיך די סודות פון די אַמאָליקע דורות.

עס הערט זיך אַ טיפער, מעכטיקער גלאָקן־קלאַנג. דאָס וועקט מען די געטער פון זייער אייביקער פאַרשלאָפנקייט אין זיך. מען דערמאָנט זיי, אַז די מענטשן זענען וואַך, זיי האָבן אַ שווער לעבן און דאַרפן הילף און טרייסט. אָט קוקן אויף דיר פון די פּילאַרן אַראָפּ די קעפּ פון די גרויזאַמע לייבן און הייליקע סאַטורנס — די באַשיצער פון דזשומע. פאַררוקט באַשיידן אין אַ זייט שטייט די קינדער־געטין יאַרדי, וואָס שפּרייט יוגנטלעכע ריינקייט און מוטערלעכע שוץ אַרום

זיך. און ווו דו זאָלסט נישט שטיין, פּילסטו אויף זיך דעם אייביק זאַנפטן און באַרואיקנדיקן שמייכל פון בודאַ. „וואָס איז דען דאָס לע־בן? אַ כסדרדיקער טויט, די באַגעגעניש — אַ צעשיידונג" — „די אומרואיקייט פון דער אויסערלעכער וועלט, קענסט נאָר איבערווינדן דורך דער רואיקייט פון דיין אינערלעכער וועלט, דורך נירוואַנאַ".

דער יאַפּאַנער דאַווענט נישט בציבור און נישט לאַנג. צוגעקומען צום טעמפּל, אַ קלאַפּ געטאָן מיט די הענט — אויפצוּוועקן דעם גייסט און שוין שטייט ער שטיל און רואיק, איינגאַנצן קאָנצענטרירט אין זיך, אָבער נישט לאַנג, העכסטנס פינף מינוט. דערפאַר אָבער הייבט ער אָן לאַנג אַרומשפּאַצירן אין די זייטיקע אַלעען, ווו עס געפינען זיך די געוועלבלעך מיט פאַרשידענע צאַצקעס, אַנזיכטס־קאַרטלעך פון דער געגנט, אויפנאַמען פון די הייליקע ערטער, פון גרויסן בודאַ, און דער עיקר־אַטראַקציע זענען — די אָפענע, ליכטיקע טיי־האַלעס און קאַפעען, ווו מען קען אָפּפרישן דאָס האַרץ. דער יאַפּאַנער עסט ווייניק, אָבער אָפט און אומעטום, ווו ער זאָל נישט זיין: אין די פּאַרקן, אין די וואַרן־הייזער, מוזעום־געביידעס, טעמפּל־בערג, איז שטענדיק גרייט דער רעסטאָראַן אָדער קאַפע־הויז. און אַ טאָפּלטער, פּאַראַלעלער, נאָר קעגנזעצלעכער שטראָם פלעכט זיך אַזוי הין און צוריק — פון די קאַפעען צו די געטער־טעמפּלען און צוריק.

באַזונדערס פייערלעך און גראַנדיעז זעען אויס די עולי־רגל־פאַרזאַמלונגען אין די אַזוי גערופענע אַלטערטימלעכע הייליקע ער־טער, קאַמאַקוראַ, נאַראַ א"אַ. איך האָב באַזוכט נאַראַ אין אַ געוויינ־לעכן וואָכן־טאָג, ווען איך האָב זיך נישט געריכט אויף קיין גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונגען. איך און אַ גרופּע פריינד האָבן נישט געוואָלט געשטערט ווערן פון אַרומיקן אויסערלעכן טומל. אַז מיר זענען אָנ־געקומען אויפן אָרט, האָבן מיר גלייך פאַרשטאַנען די בטעותדיקע אויס־רעכענונג. אמת איז, אַז קיין יום טוב־טאָג איז דאָס נישט געווען, אָבער אָפילו אין אַ געוויינלעכן טאָג ברענגען די צענדליקער גע־פּאַקטע צוגן טויזנטער באַזוכער און אויספלוגלער, אַזוי, אַז וועגן

אַליין זיין אין שטילקייט קען גאָר קיין רייד נישט זיין. שוין ביים אַראָפּגיין פון צוג זענען מיר געטראָגן געוואָרן פון אַ ריזיקן מענטשן־שטראָם. אַרויסקומענדיק פון וואָקזאַל האָב איך געזען אויך פאַר זיך אַ לאַנגן אומענדלעכן מענטשן־שטראָם, וואָס האָט פּאַמעלעך געפלאָסן אין דער ריכטונג פון דעם הייליקן שטאָט־טייל. עס האָט אויסגעזען ווי אַ מעכטיקע דעמאָנסטראַציע פון מענטשן, דעסטאָ מער, וואָס צווישן די אויספלוגער זענען געווען פאַרשידענע קאָרפּאָראַציעס און פּאַראיינען, שול־קינדער און שילער פון העכערע בילדונגס־אנשטאַלטן, אַרבעטער און האַנטווערקער־צעכן. אַלע מיט זייערע פענער און באַזונדערע אוניפאָרמען. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט דאָס שאַלן פון פּאַנפּאַרן און פאַרשידענע אויסגעשרייען.

מיר זענען צוגעקומען צו די אומגעהייער ברייטע אריינגאַנגס־טויערן. מיר גייען אַריין אין אַ ברייטער אַלעע, וואָס שניידט זיך דורך שיטערע סאָסנע־וועלדלעך. וואָס ווייטער אַלץ שיטערער זענען די וועלדלעך און אַלץ מער פּאַליאַנקעס און באַרג־אינדזעלעך אַנטפּלעקן זיך פאַרן אויג. אָבער וואָס באַוועגט זיך דאָרט אַזוי לעבהאַפט און שפּילעוודיק צווישן דיביימער, וואָס טאַנצט עס דאָרט און שפּרינגט אויף די פּאַליאַנקעס? דאָס זענען די הייליקע הירשן, וואָס פילן זיך אַזוי פריי און היימיש אין זייערע וועלדער־היימען. זיי פילן זיך נישט נאָר פריי, נאָר ווי די אמתע באַלעבאַטים, וואָס נעמען אויף די אָנגעקומענע געסט, די עולי־רגלניקעס, גאַנץ גאַסטפריינדלעך, נאָר מיט דעם אונטערשייד, וואָס אָנשטאָט צו געבן כיבוד, פאַרלאַנגען זיי גאָר כיבוד. און זיי דאַרפן גאָר לאַנג נישט בעטן.

אָט שטייט זיך אַזאַ הירש־באַלעבעסל אָנגעשפּאַרט מיט די פאָדערשטע פיס אויפן אקסל פון אַברייט צעוואקסענעם יאַפּאַנער. דער לעצטער רוקט אים אין מויל אַריין איין מצהלע נאָכן צווייטן (זיי ווערן ספּעציעל אויסגעבאַקן און פאַרקויפט צווישן די עולי־רגלניקעס) און דאָס פּנים זיינס שיינט פון נחת. אַ צווייטער עולה־רגלניק שטייט אַרומגערינגלט פון גאַנצע צוויי הירשן, וועלכע ער טיילט לויט דער

רייע פון אַ קיישל אַרויס, וואָס איז אָנגעשטאָפּט פול מיט אַזעלכע מצהלעך. ער טוט עס גאַנץ ערנסט, ווי אַן עבודה און אויך די הירשן זענען גאַנץ ערנסט, זיי טאַנצן נישט און שפּרינגען נישט, שטייען די גאַנצע צייט אויפן זעלביקן אָרט און קוקן זיך אַפילו צומאָל נישט אום אויף די פאַרבייגייענדיקע.

און וואָס ווייטער אַלץ מער באַגעגנט איר אַזעלכע הייליקע סעוו־דות אין פאַרשידענע פּאָזיציעס און פּאָזעס. זעלטן, אַז דו הערסט אַ העכערן אויסגעשריי אָדער אַ געלעכטער, אַפילו די קינדער האָבן אַ ביסל אַן איינגעהאַלטענערע באַציונג צו די הייליקע חיות.

מיר דערנענטערן זיך צו די הייליקע טעמפּלען. וואָס נעענטער צו די טעמפּלען ווערט דער מענטשן־שטראָם אַלץ דינער, ער צע־שפּליטערט און צעצווייגט זיך אין אַלץ דינערע און שמעלערע שטראָ־מען, וואָס צעפליסן זיך אין די פאַרשידענע וועגן און שטעגן, וואָס פירן צו די טעמפּלען. אויך דאָ בלייבן זיי שטיין אַ ווײַלע און פליסן אין שטראָמען ווייטער. אַ פּאַטש מיט די הענט, אַ בייג אַראָפּ דעם קאָפּ, אַ קורצער חשבון־הנפש און ווייטער געגאַנגען. עס מאַכט דעם איינ־דרוק פון אַ מאַסן־פאַראַד פאַרביי די טעמפּלען. נאָר אָט הייבן זיך אָן צוריק צונויפגיסן די באַזונדערע שטראָמעלעך אין איין ברייטערן שטראָם, וואָס פליסט שוין אין איין ריכטונג. וווהין? שטיל איז אַרום, אַלץ קוקט פאַרויס. נאָר אָט גיט זיך אַ טרייסל די לופט, אַ שווערער מעכטיקער גלאָקן־קלאַנג רייסט דורך די שטילקייט און ווערט צו־ביסלעך איינגעלאָשן אין טיפע ווייטע אָפּקלאַנגען. אַ לענגערע צייט דאַכט זיך, אַז די לופט ציטערט נאָך. די שטילקייט ווערט נאָך טי־פער, דער עולם גייט מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם. נאָך אַ שטיקל וועג און פאַר די אויגן אַנטפּלעקן זיך די קאָנטורן פון דער געביידע. ווו עס איז אינסטאַלירט דער הייליקער ריזן־גלאָק, איינער פון די גרעסטע און אפשר דער גרעסטער גלאָק אין דער וועלט. דער דאָ־זיקער גלאָק דאַרף עס וועקן דעם גרויסן בודאַ פון זיין טיפער נירוואַ־נאַ.

אַ מערקווירדיקע שטילקייט אַרום און אַרום. עס איז מער ווי אַ ריין־אויסערלעכע שטילקייט. נאָך יעדן איינגעלאָשענעם קלאַנגען־אַקאָרד פון ריזיקן גלאָק, ווערן די פּנימער פון די עולי־רגלניקעס ערנסטער און קאָנצענטרירטער. ווען מען קומט צו נעענטער צו די טונקעלע בודאַ־טעמפּלען, הערט מען נישט מער, ווי נאָר דאָס מאָנאָטאָני־שע ריטמישע קלאַפּן פון די טרעפּקעס. קיין וואָרט, קיין פּיפּס, עס גייען טויזנטער און טויזנטער מענטשן, אָבער קיין לעבעדיקער אָטעם. אין ערשטן מאָמענט באַהערשט דיך אַ מאָדנע אומהיימלעך געפיל, ווי דו וואָלסט געווען פאַרבלאָנדזשעט אין אַ שאָטן־וועלט. ביסלעכ־ווייז אָבער וועקט זיך אין האַרצן אַ הייליקער ציטער, אַ ציטער פאַר דער גרויסער וועלט־מיסטעריע, פאַר דעם אומבאַוווּסטן, פאַר דעם אומבאַגרייפלעכן, פאַר דעם סודות־פולן, וואָס איז דער קוואַל פון אונדזער אייביקער בענקשאַפט, צו וועלכן מיר ציען אויס אונדזערע הענט אין שווערע איינזאַמע לעבנס־מאָמענטן.

מיר שטייען פאַר דעם טעמפּל פון גרויסן בודאַ. אַ גרויסער בו־דאַ־טעמפּל. ענלעך אין זיין קאָנסטרוקציע צו אַלע בודאַ־טעמפּלען, מאַכט ער פון אויסנווייניק נישט קיין באַזונדערן איינדרוק. זענען מיר דעריבער שטאַרק נייגיריק, וואָס אַזוינס איז דאָ אינעווייניק. און ווירקלעך — דער ערשטער איינדרוק איז אַן איבעררעאַשנדיקער. באַלד ביים אַריינקום ווערן די אויגן צוגעשמידט צו דער ריזיקער, אומגעהייערער, מאָנומענטאַלער פיגור פון גרויסן בודאַ. אַז דו קוקסט גלייך, אין האָריזאָנטאַלער ריכטונג, זעסטו ערשט די מיטלסטע טייל פון פּיעדעסטאַל, כדי אָבער צו זען די פיגור גופא, איבערהויפּט דאָס פּנים מוזסטו גוט אַרויפציען דעם קאָפּ אין דער הייך צו און אָנ־שטרענגען דעם בליק.

דעם אמת געזאָגט, איז מיר ביז היינט נישט פאַרשטענדלעך די אידעע פון דער גרויסער בודאַ־פיגור. וואָס האָט סטימולירט און וואָס איז מען דאָ אויסן געווען מיטן פאַרקערפּערן דעם מענטשן פון הויכן גייסט, דעם מענטש, וואָס האָט מיט זיין גייסטיקן כוח באַגעוועלטיקט די

מאַטעריע און באַצווינגען אַלע מענטשלעכע ליידנשאַפטן און אינס־טינקטן, מיטן פאַרקערפּערן אים אין אַן אויסערלעך אימפּרעסיאָניסט־ריזן־געשטאַלט? אמת איז, אַז דאָס געשטאַלט מאַכט אַ שטאַרקן איינ־דרוק, עס איז ממש צו שטוינען איבער דער איבערמענטשלעכער מי און לייסטונג, וואָס איז דאָ אַריינגעלייגט געוואָרן. יעדער פּרט, יעדער אַזוי צו זאָגן, עפּיזאָד אין דער דאָזיקער מאָנומענטאַלער פיגור איז אויסגעפירט פּרעציז. ווי, למשל, די האַנט־פלאַכן, וואָס זענען אויס־געדרייט אַרויף מיט די פינגער־שפּיצן, לייכט אַנגעשפּאַרט אין די פאַלדן פון מאַנטל. עס איז שווער זיך אָפּצורייסן פון דער דאָזיקער הענט־קאָמפּאָזיציע, אין וועלכער דער קינסטלער האָט געוואָלט ברענ־גען צום אויסדרוק דאָס אַבסטראַהירן זיך פון גרויסן גייסט פון דער ערדישער וועלט און דאָס פאַרטיפן זיך אין דער אומענדלעכער לעבנס־און וועלט־מיסטעריע. ערשט — דער איבער־ערדישער רואיקער שמייכל אויפן פּנים, וואָס רופט אַרויס אַ מאָדנע געפיל אין האַרצן, אַ געפיל פון וועלכן עס איז אין ערשטן מאָמענט אַפילו שווער זיך אָפּ־צוגעבן אַ דין־וחשבון. איין מאָמענט דאַכט זיך, אַז דער שמייכל איז געווענדעט צו דיר, אָבער וואָס לענגער דו קוקסט, אַלץ שטאַרקער ווערט די סוגעסטיע, אַז דער דאָזיקער שמייכל שוועבט איבער דיר, ווייט אין דער וועלט אַריין און נאָך ווייטער איבער דער וועלט מיט אירע דאגות און האַוועניש. און עס קומען דיר אין קאָפּ אַריין די ווערטער פון אַ צווייטן וועלט־חכם, אַז הכל הבל, הכל הולך, אַז אונ־דזער לעבן איז אַ קליין ברוך־טיילעכל פון גרויסן, מעכטיקן און אייביקן לעבנסשטראָם, אַז קוקן מיר נאָר צו זיך אַליין, זעען מיר אויס ווי אַ שטויבעלע אין וועלטאַל.

צי פילן דאָס אַלע, צי פילן דאָס די טויזנטער עולי־רגלניקעס, וואָס קומען דאָ אַהער פון אַלע עקן פון לאַנד? מיר דאַכט זיך, אַז נישט. פּונקט ווי קינדער שטייען די פרויען מיט פאַרגאַפטע פּנימער און קוקן אויף דער מעכטיקער בראָנזענער פיגור, זיי קוקן נאָר ווי זיי פילן אָדער טראַכטן. נישטאָ די קאָנצענטרירטקייט און ערנסטקייט,

וועלכע עס איז צו באמערקן בעת די תפילות צו אנדערע געטער, צו די קלענערע בודאס. פיל פון די מענער, עולי־רגלניקעס, זענען אפילו טשעקאווע אויסצומעסטן די הייך פון פיעדעסטאל. דערביי הערן זיך גאנץ הילכיקע געלעכטערס, און די שטימונג איז א גאנץ הייטערע, ענלעך צו דער שטימונג אין די לונא־פארקן. און ריכטיק איז געווען די באמערקונג פון מיינס א פריינד, אז פארן גרעסטן טייל עולם איז דער טעמפל פון גרויסן בודא א מין אויסשטעלונג פון גרויסע ריזיקע געטער־פיגורן. אין דערמאנטן טעמפל געפינען זיך א חוץ דעם גרויסן בודא, נאך עטלעכע קלענערע פון אים, אבער אויך גענוג ריזיקע בו־דא־געשטאלטן.

ווי געזאגט איז ביי די יאפאנער נישטא קיין שארפע גרענעצן. די וועלט, יענע וועלט, לעבן און טויט, געטער און מענטשן, טעמפלען, קאפעען און יאשיוואַרע — אלץ איז צונויפגעמישט. ארויסגייענדיק פון בודא־טעמפל פאלסטו גלייך אריין אין אן אלייע אדער בעסער געזאגט — אין א גאס פון שיינע געשעפטן, טיי־האלעס, קאפעען און רעסטאראנען, דו קענסט גלייך פארגעסן אין די געטער, אין די העכערע וועלטן און צוריק ווערן א מענטש... זעט אויס, אז נאכן פאר־ברענגען א שטיקל צייט אין דער געזעלשאפט פון די גרויסע בודאס ווילט זיך צוריק ווערן א פראסט־פשוט קליין מענטשעלע און עס איז דעריבער קיין חידוש נישט, וואס גלייך פון דארט פליסט דער מענ־טשן־שטראם מיט מער האסטיקייט אין די קאפעען, טיי־הייזער, וועל־כע זענען געפאקט און איבערגעפולט.

אזוי איז עס, בודא שמייכלט שטענדיק און דער מענטש לאכט א קורצע ווײַלע, אבער דאס איז אויך גוט, א ביסל חיי־שעה. יא, שיר פארגעסן איבערצוגעבן... זייענדיק אין בודא־טעמפל, האב איך באַ־מערקט, אז גאר גרויסע מחנות זאמלען זיך ערגעץ אין דער זייט דארט, ביי א הויכער פארנירטער וואנט, וואס צוימט אפ דעם טעמפל פון א זייטיקער גישע. עס איז מיר געווען טשיקאווע צו זען, וואס קומט דארט פאר אזוינס, וואס ציט אוועק דעם עולם אפילו פון גרויסן

בודאַ... איך בין צוגעגאַנגען זען. אין ערשטן אויגנבליק האָב איך גאָרנישט באַמערקט, צוקוקנדיק זיך אָבער נעענטער, האָב איך דער־זען אַ מערקווירדיק בילד: אונטן־צו, ווו די וואַנט איז באַהאָפטן צו דער פּאָדלאָגע, איז דאָ אַ קליינע עפענונג און דורך דער דאָזיקער עפענונג קריכן אַדורך קינדער. אין ערשטן אויגנבליק האָב איך געמיינט, אַז דאָס האָבן די קינדער זיך אויסגעזוכט אַ שפּיל להכעיס דעם ערנסטן בודאַ, באַלד האָב איך אָבער באַמערקט, אַז אַלע מאַמעס, וואָס קומען אַריין פירן צו די קינדער צו דעם דאָזיקן שפּאַלט און הייסן זיי אַדורכ־גיין אָדער אַדורכשטופּן זיך דורך דער דאָזיקער עפענונג. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דאָס אַ סגולה, אַז די קינדער זאָלן זיך גוט אַנטוויקלען און אויסוואַקסן געזונט און שטאַרק. געטראַכט האָב איך: שטאַרק איז דאָס לעבן, אוי ווי שטאַרק, אַפילו דאָ, אין דער זייט פון גרויסן בודאַ מיט זיין אויבערשמייכל, וואָס איז מבטל די וועלט און דאָס לעבן, האָט זיך דאָס לעבן אַריינגעכאַפּט דורך אַ שפּאַלט און לאַכט...

פאַרנאַכט־צו זענען מיר צוריקגעפאָרן פון נאַראַ. מיר זענען גע־פאָרן אין אַן אָפענער טאַקסי. מיר האָבן געבעטן דעם שאָפער, אַז ער זאָל מאַכן אַ פאַמעלעכן שפּאַציר אַרום און דורך די הייליקע הירשן־וועלדער, און טעמפּלען־אַלעען. דאָס איז באמת געווען אַ חלום אין אַ זומער־פאַרנאַכט, אין אַ יאַפּאַנישן זומער־פאַרנאַכט אין נאַראַ... שטיל איז געווען אַרום, פאַרנאַכט־דעמערונג האָט מיט אַ נעפּל אַנגעהויבן איינהילן די וועלדלעך. דאָ און דאָרט האָבן ברייטע העלע זון־פלעקן זיך דורכגעריסן צו די פאָליאַנקעס, די לעצטע אָפּשיינען פון דער אונ־טערגייענדיקער זון. דער הימל־לאַזור האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ טונקעלער. די ראָזע און פיאָלעטע זון־רעפלעקסן פלעכטנדיק זיך דאָרט ווייט ווייט, צווישן די דעכער און טורעם־שפּיצן פון די פּאַגאָ־דעס און טעמפּלען, האָבן ווי צויבער־פייערלעך געדופן, געמאַניעט צו זיך...

נאָענט צווישן דיביימער, האָבן זיך ריטמיש באַוויגן עלאָס־

טישע טונקעלע שאָטנס, עס האָט זיך געדוכטן, אַז די יונגינקע סאָס־נעס, אַרויסרײַסנדיק זיך פון דער ערד, אַנטלויפן פאַר דער אָנקומענ־דיקער נאַכט־פינצטערניש. געלאָפן זענען די הייליקע הירשן אין זייַ־ער רו אַרײַן, נאָך דער אַ גאַנץ־טאָגיקער הייליקער אַרבעט זייערער. פון צייט צו צייט האָט אן אויסגעצויגענער זאַנפטער בלאָזן פון אַ טראָמפּייט איבערגעריסן די שטילקייט. דאָס האָט דער וועכטער דער־מאָנט די הירשן, אַז עס איז שוין צייט אָפּצורוען זיך, אַז מאָרגן איז אויך אַ טאָג.

אויך מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון חלום, פון אַ חלום אין אַ זומער־נאַכט אין די הייליקע הירשן־וועלדער פון נאַראַ...

# מיין פריינד קאַמיקוראַ

זעט אויס, אַז קאַמיקוראַ האָט געוואַרט אויף מיר מיט אומגעדולד. אַזוי ווי איך בין נאָר אהיים געקומען, קוים באַוויזן זיך ארומצוואַשן, האָט ער שוין אַנגעקלאַפּט און אַזוי ווי ער האָט נאָר איבערגעטראָטן די שוועל האָט ער העפלעך, מיטן שטענדיקן שמייכל אויפן פּנים א פרעג געטאָן: נו, מיט וואָסערע איינדרוקן זענט איר געקומען פון נאַראַ?

— אין די איינדרוקן דאַרף איך זיך ערשט איבערקלייבן, אָבער די שטימונג מיינע איז אַ גלענצנדיקע. מיר דאַכט זיך, אַז מיין השערה, אַז דאָס יאַפּאַנישע פאָלק איז ווייט פון מיסטיציזם און אַז עס איז נישט איבעריק רעליגיעז, ווייזט זיך אַלץ מער אויס פאַר ריכטיק.

— נו, הייבט איר שוין ווידער אָן מיט איינדרוקן, דאָס אויבן־געזאָגטע איז דאָך מסתמא א פּועל־יוצא פון אייערע לעצטע איינדרוקן פון נארא.

— ריכטיק, איך וויל אייך זאָגן דעם אמת. ווען עמיצער, אַ זייטיקער, זאָל מיך פרעגן, ווו איך האָב פאַרבראַכט היינטיקן טאָג, וואָלט איך וויניקער פון אַלץ געקאָנט זאָגן, אַז איך בין געווען ערגעץ אין הייליקע ערטער, ווו עס געפינט זיך דער גרויסער בודא און פיל אַנדערע טעמפלען, וווהין עס ציען צענדליקער טויזנטער עולי־רגלניקעס

מתפלל צו זײַן פאַרן גרויסן בודאַ און צו פאַרברענגען אין דער הייליקער אַטמאָספער פון די הירשן־וועלדער. גיכער פון אַלץ וואָלט איך געקענט דערציילן וועגן אַ ריזיקן פּאָלקס־פּאַרק, ווו צווישן אַנדערע מערקווירדיקייטן, געפינען זיך אויך פאַרשידענע געטער־טעמפּלען און דער גרעסטער פון זיי אַלע — דער טעמפּל פון גרויסן בודאַ. עס פילט זיך דאָרטן להלוטין נישט קיין שום רעליגיעזע, שוין אָפּגערעדט, אַ מיסטעריעזע שטימונג, אַ ח״ו אין אײַניקע, זייער קורצע מאָמענטן, ווי למשל בעתן דערנענטערן זיך צום גרויסן בודאַ־טעמפּל אונטערן אַקאָרדן־אַקאָמפּאַנימענט פון ריזן־גלאָק. וואָס דו פילסט יאָ די גאַנצע צײַט, פון אָנהייב ביזן סוף, איז אַן אומגעהייערן נחת־רוח. דאָס אויג קען זיך נישט געזעגענען מיט די פאַרשידענע פּראַכטיקע לאַנדשאַפטן און צויבערווינקלעך. דעם אמת געזאָגט, זענט איר אַ קינסטלער־פאָלק: נישט נאָר וואָס איר האָט פאַרשטענדעניש פאַר דער שיינקייט פון דער נאַטור, נאָר איר האָט אויך, אַזוי צו זאָגן, אַן אָפן אויג, אַ קינסטלער־אויג פאַר די סובטעלסטע, ניואַנסירסטע פאַרבן און זון־ און שאָטן־פלעקן, וועלכע איר פאַנגט אַרויס, ווי מיט אַ כישוף־שטעקעלע און אַנטפּלעקט עס פאַרן אויג. דער אופן ווי עס זענען פאַנאַנדערגעוואָרפן די פאַרשידענע קלענערע און גרעסערע טעמפּלען מיט זייערע אייגנאַרטיקע שניצונגען און קאָלירן, די קאָמפּאָזיציע פון אַזעלכע טעמפּל־גרופּעס אויף פאַרשידענע באַרג־הייכן און פלאַכן זאָגן עדות וועגן אַ שטאַרק אַנטוויקלטן קינסטלערישן חוש. נעמען מיר, למשל, אַזאַ ווינקעלע: אַ קליינינקע אָזערע, פאַזע איין ברעג ציט פאַרביי אַ שיטער וועלדל פון יונגע סאָסנעס, אויפן אַנטקעגנאיבערדיקן ברעג וויקלט זיך אַ מילדעקייט פון גאַנץ נידעריקע היגלען, וועלכע דערהייבן זיך אַלץ העכער און העכער און בילדן מיט זיך אויס אַ שיף ליגנדיקן לייטער, וואָס אויף זײַן העכסטן שטאַפּל — אַ פלאַכאַרטיק בערגל, איז אַוועקגעשטעלט אַ קליינינקער מיניאַטור־אַרטיקער טעמפּל פון דער קינדערגעטין יאַירא. דער רואיקער שפּיגל־לאַזור פון דער אָזערע מיניעט זיך אין זײַנע פאַרבן פון העל־גרין ביים אָפענעם ברעג — ביז שמאַ־

ראַגד, דאָרט ווו דער ברעג ווערט מער באַרגיק. פון איין זייט שפּיגלט זיך אָפּ דאָס סאָסנע־וועלדל, פון דער צווייטער זייט — די היגלען און דער טעמפּל. איז דאָס נישט אַ צויבער־מעשהלע?

— הייסט עס, אַז מיר זענען אַ קינסטלער־פאָלק. דאָס איז אין אַ געוויסער מאָס ריכטיק, און עס אימפּאָנירט מיר זייער. אָבער אַ מאָדנע זאַך, יעדער אויסלענדער געפינט ביי אונדז אַן אַנדערע מעלה אָדער אַן אַנדערן חסרון און מען מיידט זיך אַזוי אָפּט מיטן אייגנטלעכן אמת. עס איז נישט ריכטיק, אַז מיר זענען נישט מיסטיש אָדער רע־ליגיעז. ווי ביי יעדן פאָלק איז אויך ביי אונדז דאָס רעליגיעזע געפיל טיף פאַרוואָרצלט אין דער נשמה, פּונקט ווי יעדער פאָלק האָבן אויך מיר געזוכט און זוכן נאָך היינט אַ באַשיידעניש פאַר די רעטענישן פון וועלט און לעבן. עס קען נאָר זיין אַ רייד וועגן די אויסערלעכע אויסדרוקס־פאָרמען. די יאַפּאַנער זענען נישט קיין פרומע, זיי האָבן בכלל נישט ליב צו רעדן וועגן רעליגיע און צו מישן זיך אין יע־נעמס רעליגיעזע ענינים. מיר האַלטן רעליגיע פאַר אַ טיף־פּערזענ־לעכן ענין, פאַר אַ דעליקאַטן נשמה־ענין, פאַר וועלכן יעדער באַרי־רונג, אַפילו די סובטעלסטע, מוז זיך אַרויסווייזן פאַר גראָב. מיר זענען פון שטענדיק אָן טאָלעראַנט און אינטערעסירן זיך נישט מיט יענעמס רעליגיעזע איבערצייגונגען. צו זוכן דעם אמת איז דאָס העכס־טע רעכט פון מענטשן און יעדער איינער קען זיך אויסקלייבן זיין וועג צום אמת. דערפון נעמט זיך אויך, וואָס מיר האָבן נישט אַזעלכע פייערלעכע רעליגיעזע צערעמאָניעס, וואָס זענען אין גרעסטן טייל פאַרבונדן מיט מאַסן־אויפטריטן און פאַראַדן. דאָס רעליגיעזע געפיל אין מענטשן, וואָס ווי אַזעלכעס איז עס טיף־אינדיווידועל — איז ביי אייך פאַרגעזעלשאַפטלעכט געוואָרן. און כדי עס זאָל נישט ווערן פאַרפלאַכט און וואָכעדיק, האָט איר געמוזט אויסזוכן און אָנקומען צו דריין־אויסערלעכע קינסטלעכע מיטלען, ווי טונקעלע קלויסטערס, סודותפולע אָרגל־מוזיק, מאַסן־סצענעס און צערעמאָניעס. מיר דאַר־

פון דאָס נישט, דער יאַפּאַנער קען בעטן גאָט נאָר ביחידות, ווייל נאָר דאַן קען ער זיך קאָנצענטרירן.

— מיר דאַכט זיך, אַז אויך די באַדערפעניש פון תפילה ביחידות איז נישט פאַראַן. עפּעס האָב איך נישט אויסגעפילט קיין שום רעליגיעזע שטימונג. דער איבערגאַנג פון טעמפּל צו קאָפּע־הויז איז עפּעס אַזוי לייכט, ווי לייכט עס איז ממש דורכצומאַכן דאָס קליינע שטיקעלע וועג פון איינס צום צווייטן.

— אָט אין דעם גייט עס טאַקע — אין איבערגאַנג. דאָס געהער אויך צו די אויסערלעכע פאָרמען, וועלכע זענען אָבער זייער כאַראַקטעריסטיש און שפּיגלען אָפּ געוויסע אינערלעכע באַציונגען און היסטאָרישע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן.

— וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן?

— דער רעליגיעזער געדאַנק און דאָס רעליגיעזע לעבן האָט אין יאַפּאַן דורכגעמאַכט אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע אַנטוויקלונג. ווען אונדזער אייגנטלעכע פאָלקס־רעליגיע — דער שינטאָאיזם האָט אין 6־טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן באַאיינפלוסט צו ווערן פון קאָנפוציאָניזם און בודיזם, וואָס זענען אַריבערגעטראָגן געוואָרן צו אונדז פון כינע און קאָרעאַ, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַזוי גערופענער אידעען־קאַמף און אידעען־פאַרבינדונג. צום ערשטן זענען די איינפלוסן (פון בודאַיזם בעיקר) געווען זייער שטאַרק, שפּעטער קומט דער קאַמף קעגן בודיזם, וואָס האָט כסדר זיך געהאַלטן אין זיין ריין כינעזישער פאָרם און האָט באַדראָאט דעם שינטאָאיזם. אין 1000—1100 קומט פאָר דער סינטעז, דער בודיזם אַסימילירט זיך און ווערט שטאַרק באַאיינפלוסט פון יאַפּאַנישן גייסט.

— איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט צו וואָס איר צילט?

— איך מיין צו זאָגן, אַז די אַנטוויקלונג פון רעליגיעזן געדאַנק און זיין רעאַליזירן זיך אין לעבן אין דער פאָרעם פון פאַרשיידענע רעליגיעזע שולן, סעקטעס, טעמפּלען, איז זעלטן באַאיינפלוסט אָדער באַווירקט געוואָרן פון פּאָליטישע פאַקטאָרן, ווי ביי אייך אין אייראָ־

פּע. די קאַטוילישע קירכע האָט שטענדיק זיך געריסן צו פּאָליטי־שער עקספּאַנסיע, די בלוטיקסטע צווישן־פעלקער מלחמות אין איי־ראָפּע, איבערהויפּט אין 16־טן און 17־טן יאָרהונדערט, זענען געווען רעליגיעזע, און אַלע פּאָליטישע קאָנספּיראַציעס און אינטריגעס זע־נען געווען פאַרמישט פויפּסטלעכע פּאַרשטייער. די קאַטוילישע קירך האָט נישט נאָר צוגערויבט די פרייהייט ביי פעלקער, נאָר אויך ביי יעדן יחיד. זי האָט קאָנטראָלירט און רעגולירט זיין גאַנץ פּערזענלעך לעבן. צו דינען דער קירכע איז געווען פּונקט אַזוי אָבליגאַטאָריש, ווי אונדזערע, אָפּט מאָל אומאַנגענעמע, מלוכה־פליכטן. געלט איז גע־ווען אַ גוט און דערפּאָלגרייך מיטל אָפּצוקויפן זיך אַפילו פון עבירות.

איז דען אַ חידוש, וואָס ביי אייך איז אַזאַ שאַרפע מחיצה צווישן רעליגיע און לעבן, צווישן דער אויסערלעכער צערעמאָניאַלישקייט און אינערלעכער פּשטות. פאַרן פּשוטן פאָלק איז רעליגיע, נישט קיין אבסטראַקטע אידעאָלאָגיע, וואָס דאַרף פאַרענטפערן וועלט־ און לעבנס־פּראָבלעמען, פאַרן פאָלק איז רעליגיע א טיפע אינערלעכע איבערלעבונג, אַן אינטים געפיל, אין וועלכן עס קומט צום אויסדרוק זיין באַציונג, זיין איינשטעלונג, כ׳וואָלט געזאָגט, זיין איראַציאָנעלע אויפפאַסונג פון וועלט און אַלע לעבנס־דערשיינונגען.

דער יאַפּאַנער גייט נישט אין טעמפל נאָר אין אַ באַשטימטן טאָג, ווען מען הייסט אים. ווען אויפן האַרצן איז גוט אָדער ביטער, ווען עס ווילט זיך דאַנקען אָדער אויסרעדן דאָס האַרץ לויפט מען אין די טעמפלען. „מאַיאַסאַן" איז שטענדיק פול מיט עולי־רגלניקעס, פונקט ווי די „סאַנאַמיע־קאַפּעען". און עס איז גאַנץ נאַטירלעך — דעם מענטשס העכערע באַדערפענישן און געוויינלעכע געלוסטונגען זענען נישט סעגרעגירט דורך צייט און אָרט.

מיין דייטשער באַלעבאָס אין קעלן פלעגט פּינקטלעך יעדן זונ־

טיק אין דער פרי גיין אין קירכע, 4 אַ זייגער נ"מ — אין ביר־שענק, איך האָב אים אַמאָל געפרעגט, צי גלוסט זיך דיר אַמאָל נישט צו ענ־דערן דעם סדר, האָט ער מיך אָנגעקוקט ווי משוגע. עס איז נישט דערלויבט. און מאָנטיק אָדער דינסטיק פרי ווילט זיך אייך אמאָל נישט גיין אין קלויסטער? נימאלס — איז געווען דער ענטפער. אַזוי איז עס — ביי אייך איז רעליגיע געוואָרן א געוווינשאַפט, אַ פּריוואַ־ליקע אָדער אַן אָנגעוואָרפענע, ביי אונדז איז רעליגיע א נאַטירלעכע, פּערזענלעך־אינטימע איבערלעבונג. טעמפּל און קאַפּע, תפילה טאָן און קאַווע טרינקען ביידע זענען לעבנס־אטריבוטן פון פאַרשידענע מדרגות.

# קינדער-דערציונג

פון ערשטן מאָמענט אָן, וואָס איך בין געקומען קיין יאַפּאַן, האָט מיך שטאַרק אינטערעסירט, ווי איז דאָרט היינט צו טאָג אוועק־געשטעלט די קינדער־דערציונג. טראָץ אָבער אַלע מיינע באַמיונגען האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן צו באַזוכן די יאַפּאַנישע שול. צי האָבן דאָ געשטעקט ביוראָקראַטיש־פאָרמעלע שוועריקייטן, צי האָלטן די יאַפּאַנער זייער שול פאַר אַזאַ מין סאַנקטואַריום, וווּ זיי ווילן נישט דערלאָזן קיין פרעמדן, קיין זייטיקן. מיר האָט זיך אָבער איינגעגעבן אַ דאַנק מיין פריינד אַריינצודרינגען אין אַ שול, בעת עס קומען נישט פאַר קיין לעקציעס. די יאַפּאַנישע שול־געביידעס זענען על־פּי־רוב געבויט אין יאַפּאַנישן סטיל. לייכטע איינשטאָקיקע געביידעס אויף ברייטע אָפענע פּלעצער, מערסטנטיילס — שטאָט־פּאַרקן. די זון קומט צו אין אַלע ווינקעלעך. די קלאַסן־העלע, לופטיקע, די ווענט זענען אייגנטלעך פאַרנירטע ראַמען, אין וועלכע עס זענען אַריינגע־פּאַסט גרויסע, ברייטע שויבן. דאָס איינציקע מעבל — די קליינע בענק, דריי ערטער אויף אַ באַנק. עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז אַלץ פּעכלט פון זויבערקייט. עס זענען דאָ באַזונדערע אַרבעטס־צימערן, גימנאַסטיק־זאַלן, פיזיקאַלישע קאַבינעטן, אַלץ איז גרויס און רח־בותדיק איינגעאָרדנט.

יאַפּאַן האָט ביי אַ דרייסיק טויזנט עלעמענטאַר־שולן, וואָס ווערן באַזוכט פון אַ 13 מיליאָן קינדער. די אַלגעמיינע שול־פליכט איז 4 יאָר, לויטן שול־געזעץ פון 1872 מוזן אַלע קינדער באַזוכן די

שול פון 6־טן יאָר־עלטער ביז 10, שפּעטער איז די שול־צייט פאַר־לענגערט געוואָרן אויף 6 יאָר ד"ה, ביז 12. אַ חוץ דעם זענען אויך פאַראַן אַ היבשע צאָל פאַכשולן, מיטלשולן, לערער־סעמינאַרן, פּע־דאַגאָגישע קורסן, 24 אוניווערסיטעטן און אַ גרויסע צאָל קונסט־אַקאַדעמיעס

אויף מיין פראַגע וועגן לערן־פּראָגראַם אין דער שול, האָט מיר דער פּאַרוואַלטער געענטפערט, אַז בכלל איז ער כמעט ענלעך צום לערן־פּראָגראַם פון די אַמעריקאַנער פּובליק־שולן, אָבער אַלס באַ־זע פון דערציונגס־פּראָגראַם און זיינע צילן גילט נאָך ביז היינט צו טאָג דער באַרימטער דערציונגס־דעקרעט פון קייסער „מעזשי" פון יאָר 1890, אין וועלכן עס ווערט ענדגילטיק באַשטימט און אָנגעוויזן דער גרונט־יסוד פון דער געזעלשאַפטלעך־מאָראַלישער דערציונג פון יאַפּאַנישן פאָלק. דערביי האָט ער מיר מיט גרויס יראת־הכבוד דער־לאַנגט אַזאַ דעקרעט, געדרוקט אויף יאַפּאַניש און ענגליש. אָפּגעבנדיק גרויס כבוד און אַנערקענונג די קייסערלעכע משפחות און די פרי־ערדיקע דורות פאַר זייער מיטהעלפן בויען די יסודות פון דער רומ־רייכער מלוכה, זאָגט זיך דאָרט צווישן אַנדערן: „אונדזערע אונטער־טאַנען האָבן איר הערלעכקייט (דער מלוכהס) פון דור צו דור מיט טריישאַפט און פּיעטעט אָפּגעהיטן. דאָס איז טאַקע דער רום און דער פונדאַמענטאַלער כאַראַקטער פון אונדזער נאַציע און דער קוואַל פון אונדזער דערציונג. איר, אונדזערע אונטערטאַנען, רעספּעקטירט אייע־רע עלטערן, האָט ליב אייערע קרובים, לעבט אין האַרמאָנישער איי־ניקייט און זייט אויך געטריי אייערע פריינד. זייט מילד און באַשיידן און גוטווונטשנדיק צו יעדן איינעם. פאַרשאַפט אייך וואָס מער וויסן און קענטענישן, ווי אויך ליבע און פאַרשטענדעניש פאַר קונסט. אַנט־וויקלט אייערע פּערזענלעכע פעיקייטן און מאָראַלישע פּאָטענצן. אַר־בעט לטובת הכלל און באַמיט זיך צו זיין נוצלעכע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. אכטעט די מלוכה־געזעצן און זייט געהאָרכזאַם. זייט

זיך מקריב פאַר דער מלוכה, ווען די נויט פאָדערט עס פון איך. שיצט דעם קייזערלעכן טראָן..." און אַזוי ווייטער

אַז איך האָב פאַרענדיקט איבערלייענען, פרעגט מיך דער פאַרוואַלטער מיט אַ שמייכל: וואָלט איר געהאַט עפּעס צוצוגעבן, דאכט זיך אַ גענוג ברייטער און רייכער דערציִונגס־פּראָגראַם. איך האָב גאָרנישט געענטפערט דערויף. געווען איז דאָס אין 1941 און איך בין געווען אַ פּליט, אַ בירגער פון אַ פיינדלעכער מלוכה, איך האָב דעריבער געהאַלטן פאַר פאַרזיכטיקער צו שווייגן. מיין באַגלייטער האָט דאָס פאַרשטאַנען און ארויסגייענדיק פון שול, האָט ער איבערגעחזרט די פראַגע. יאָ, האָב איך געענטפערט, עס איז דאָ וואָס צוצוגעבן: אין דער דאָזיקער פּראָגראַם ווערט קיין איין מאָל נישט דערמאָנט דאָס וואָרט מענטש, מענטשהייט אָדער פעלקער, גלייך ווי עס וואָלט אויף דער וועלט עקזיסטירט נאָר איין יאַפּאַניש פאָלק, איין יאַפּאַניש לאַנד. ווייסן דאָך אָבער די יאַפּאַנער, אַז עס זענען דאָ אויך אַנדערע פעלקער, קומט אויס, אַז די אַלע מאָראַלישע געבאָטן האָבן צו זיי קיין שייכות נישט.

— דאָ טרעטן מיר שוין אַריבער אין די גרענעצן פון פּאָליטיק — באַמערקט מיר ערנסט מיין פריינד — און וועגן פּאָליטיק איז גלייכער נישט צו רעדן. איך וויל נאָר אונטערשטרייכן, און דאָס מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז די אַטמאָספער אין אונדזער שול, איך וואָלט געזאָגט די שטימונגס־לופט מיט וועלכער אונדזערע קינדער אָטעמען איז אַ סך מילדער, מענטשלעכער, וואַרעמער און געמיטלעכער ווי אין אייערע שולן, איבערהויפּט ווי אין די דייטשע שולן. נישט אונדזערע לערער, שוין אָפּגערעדט פון די קינדער, טראָגן אין זייערע הערצער אַזויפיל שלעכטע געפילן פון שנאה, און אַגרעסיווע פאַראַכטונג לגבי פרעמדע. אמת איז, אַז אין די לעצטע יאָרן האָט מען אָנגעהויבן פאַרזייען אַזעלכע גיפטיקע קערנדלעך אין באַצוג צו כינעזער און אַמעריקאַנער, אָבער זיי האָבן זיך קנאַפּ וואָס אָנגענומען. עס איז אויך אמת, אַז מיר פּראַקטיצירן אין אונדזערע שולן מיליטערישע

דערציונג, אָבער דאָס איז גיכער אין הסכם מיט דער ,סאַמוראַיער־טראַדיציע, ווו עס ווערט מער אויסגעטיילט דער מאָמענט פון ריטערלעכקייט, פערזענלעכער העלדישקייט און אויסדויער. אין אייערע שולן טראָגט די מיליטערישע דערציונג אַן אויסשליסלעך אַגרעסיוון כאַראַקטער. דאָס קינד נעמט זיך דורך מיטן באַוווסטזיין, אַז מען גרייט עס צו צו מאָרדן אַנדערע פעלקער, שונאים מכלומרשט, און אַלע געפילן פון קינד אונטעראָרדענען זיך איין איינציק געפיל — האַס צום פרעמדן שונא און אַ פאַרלאַנג אים צו פאַרניכטן. איך האָב אָפט געזען און באַטראַכט די פנימער פון די דייטשע קינדער, ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט פון די שולן. דער אויסדרוק פון זייערע פנימער, זייער צעיאכמערטקייט, דאָס חוצפהדיקע פאַרהאַלטן זיך אויף די עפנטלעכע פלעצער, האָט דערוועקט שרעק און אנגסט אין האַרצן. און קוקט זיך, אדרבה, צו צו אונדזערע קינדערלעך, ווען זיי קערן זיך אום 12 אַ זייגער פון די שולן. אין די טויזנטער פאַרפלייצן זיי די גאַסן און מיר די דערוואקסענע, האָבן דאַן דעם גרעסטן פאַרגעניגן זיך צוצוקוקן צו דער דאָזיקער מחנה קליינוואַרג, ווי זיי שפּאַצירן זיך געמיטלעך, און פילן אָן די גאַסן מיט קינדישן געלעכטער. און זיכער מעגט איר זיין, אַז די הערצלעך פון די דאָזיקע קינדער זענען אַזוי קרישטאָל־ריין און פריי פון שלעכטס, ווי די פלאַטערלעך, וואָס שוועבן אַרום זיי, ווי אָט די פליגלעך אַרום די כריזאַנטעמעס.

איבעריקנס, גיט ער צו מיט אַ צופרידענעם שמייכל, האַלט איך פאַר איבעריק אייך צו איבערצייגן דעריין, ווייל איך זע אייך כמעט יעדן טאָג אַרום 12 אַ זייגער שפּאַצירן אויף „יאַמאַ־מאַטי־דאָרי”, ווען די קינדער גייען אַ היים פון די שולן. אין אויסדרוק פון אייער צעשמייכלטן פנים איז צו דערקענען, אַז איר פילט דאָס זעלביקע וואָס מיר, הגם איר זענט אַ פרעמדער. דאָס איז דער בעסטער סימן, דאָס איז אַמיינסטן מאָסגיביק.

—יאָ, דאָס איז אמת, איך האָב אַ גרויסן נחת־רוח צוקוקן זיך יעדן טאָג צו די דאָזיקע ק נדער־מחנות. דער פריילעך־געמיטלעכער

י. ראָטנבערג

אויסדרוק פון זייערע פּנימער, זייער קינדישע באַלעבטקייט דערמאָנט מיר אין אונדזערע יידישע שול־קינדער אויף געוויסע וואַרשעווער גאַסן.

— איז דען מעגלעך אין די דאָזיקע קינדער צו פאַרפלאַנצן שלעכ־טע געפילן פון האַס און שנאה, איז דען נישט אַ גרויס פאַרברעכן צו צעשטערן זייערע רואיקע געמיטער און באַשמוציקן זייער נשמה־ריינ־קייט. איך גלייב און בין טיף איבערצייגט, אז ביי אונדז אין יאַפּאַן וועט נישט קומען דערצו, ווייל אין אונדזער ליבע־געפיל צו די קינדער איז פאַראַן עפּעס איבערנאַטירלעכעס, מיסטישעס. די דאָזיקע ליבע איז אַ מין פאַרגעטערונג, פּיעטיזם און טיפסטע איבערלעבונג. זי איז דער סאַמע אָריגינעלסטער שטריך פון אונדזער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

— און דאָך — טראַכט איך ביי זיך — וואַקסן פון די דאָזיקע קינ־דער אַרויס די טרויעריק־באַרימטע יאַפּאַנישע „סאָלדאַטשינע", וואָס טראָגט מאָרד און פאַרניכטונג איבער שוצלאָזע כינעזישע שטעט און דערפער.

# אינהאלט.

זייט

## אין יאַפּאַן